


באַם מעמאָריאַל פונעם IX־טן פאָרט אין קאָוונע

פאָטאָ — אַלעקסאַנדער פרענקעל

# סאָוועטיש היימלאַנד

ליטעראַריש-קינסטלערישער
כוידעש-זשורנאַל

אָרגאַן פון „שרײַבער־פאַרבאַנד פון פססר"

דערשײַנט פון 1961

פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל"

מאָסקווע



יוני

# אינהאַלט

# צום 100־טן געבורטסטאָג פון דאָוויד האָפשטיין

...און מײַנע אויגן צו אַלעמען —
[illegible]
[illegible]...

זאַלמען ליבינזאָן

## דאָוויד האָפשטיינס וועג צו זײַן ליד „אָקטאָבער"

פון די פילצאָליקע ווערק, וועלכע די גרויסע סאָציאַליסטישע אָקטיאָבער־רעוואָליוציע האָט אַרויס־גערופן אין דער ייִדישער ליטעראַטור, איז געוואָרן אַ קלאַסיש־כרעסטאָמאַטישס דאָוויד האָפשטיינס ליד „אָקטאָבער". דעם דיכטערס באַגײַסטערונג מיט דער וויִשערדיקער סאָציאַלער איבערקערעניש איז איבערגעגעבן אין אַן אויסערגעוויינלעך שטאַרקער פּאַטעטישער פאָרם. די ליד איז אָנגעשריבן אין 1919 און איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אינעם בוך „רויטע בליטן", וועלכער איז אַרויס אין אַ יאָר אַרום. דאָס איז דער דריטער בוך, וואָס דער דיכטער האָט אַרויסגעלאָזט — דער ערשטער איז געווען „בײַ וועגן" (1919) און דער צווייטער — די קליינע פּיעסע „אַ מײַסע מיט אַ כאָלעם", וואָס ער האָט אָנגעשריבן צוזאַמען מיט יעכעזקל דאָברושינען.

אויסערלעך האָט זיך „רויטע בליטן" שאַרף אונטערגעשיידט פון די פריִערדיקע האָפשטיינס ווערק, און פון דעמלט ביז איצט האָט די קריטיק ניט געקאָנט אין דער פולער מאָס אויפקלערן און באַווײַזן האָפשטיינס פּאַטעטישן וועג, וועלכן דער דיכטער האָט אַליין כאַראַקטעריזירט ווי אַ גע־שלענגלטן[1].

ווי געזאָגט, איז האָפשטיינס ערשטער בוך אָנגערופן „בײַ וועגן", דער טיטל קלינגט סימבאָליש. „אין וועג" הייסן בײַ האָפשטיינען שיר ניט אַ צענדליק לידער, און דער דיכטער איז טאַקע ביז זײַן לעצטן אָטעם געווען אין וועג.

געבוירן איז דאָוויד האָפשטיין אין שטעטל קאָראָסטישעוו (קיִעווער געגנט), דער פאָטער איז געווען אַ וואַלד־אָנגעשטעלטער און געלעבט הויפּטזאַכלעך אין דאָרף, ווו ער האָט זיך פאַרנומען אויך מיט ערדאַרבעט, און דערפאַר האָט דער קומענדיקער דיכטער פאַרבראַכט זײַנע קינדער־יאָרן אויפן שויס פון דער נאַטור, וועלכע האָט אים באַצויבערט און באַגײַסטערט. „קינדערשע היים אין קאָרענעם רעמל" — אַזוי איז אָנגערופן זײַנע אַ ליד, אין אַן אַנדערער („מײַן אָנהייב־היים") לייענען מיר: „דאָרט האָבן זיך געקײַקלט טעג פון יונגן גליק". כוץ דעם כיידער, וואָס דאָוויד האָט באַזוכט, האָט אים דער זיידע געלערנט רוסיש און העברעיִש; זייער פרי — בײַ נײַן יאָר — האָט ער אָנגע־הויבן פאַרפאַסן לידער. צום אָנהייב — אויף העברעיִש און רוסיש, ווען־עס־איז — אויף אוקראַיִניש, און סאָפקאָלסאָף — אויף ייִדיש, זײַן שטענדיקער שפּראַך.

אין די יוגנטלעכע יאָרן איז ער אָנגעקומען אין קיִעווער קאָמערץ־אינסטיטוט, אָבער באַלד האָט אים צוגעצויגן דער פילאָלאָגישער פאַקולטעט פונעם קיִעווער אוניווערסיטעט, און מער פון אַלץ פאַרנעמט ער זיך מיט זעלבסטבילדונג.

זײַנע ערשטע לידער האָט דאָוויד האָפשטיין שפּעטער צונויפגעקליבן אין אַ ציקל, וועלכן ער האָט אָנגערופן „אין באַוווּנדערונג". דער יונגער דיכטער איז באַוווּנדערט פון די ברייטע נאַטור־ראַכוועסן, וועלכע ער זעט אַרום זיך. אין קלייניקן לויטן פאַרנעם ביכעלע איז אַרײַן ניט אַלץ, וואָס

[1] זע זײַן פאָרוואָרט צום זאַמלבוך „לידער", קיִעוו — כאַרקאָוו, 1935.



דוד האָפשטיין

ער האָט אָנגעשריבן פאַר קימאַט צען יאָר פון דער שעפערישער טעטיקייט (אין 1924 לאָזט ער אַרויס אין ווילנע אַ פאַרגרעסערטע אויסגאַבע פון דער דאָזיקער זאַמלונג). „ביי וועגן" איז אַן סאַפּעק געווען אַן עכטער קערפונקט אין דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער דיכטונג, וועלכע האָט אין די ערשטע אָקטיאַבער־יאָרן איבערגעלעבט אַן אומפאַרגלייכבאַרן אופשטייג.

עס האָט זיך באַוויזן אַ יונגער דאָר שרייבער, וועלכע האָבן אין נייע פאָרמען אָפּגעשפּיגלט די נאָך־אָקטיאַבער־עפּאָכע און דערמיט גופע באַנייט די יידישע ליטעראַטור. ס'איז גענוג דערמאָנען אַשער שוואַרצמאַנען — דעם טרומייטער פונעם אָקטיאַבער און פון דעם בירגערקריג, לייב קוויט־קאָן — דעם זינגער פונעם „רויטן שטורעם" און פון די מעכטיקע רעוואָליוציאָנערע „טריט", פּערעץ מאַרקישן, וועלכער האָט זיך גלייך אָוועקגעשטעלט אויף די הויכע „שוועלן" פון דער רעוואָליוציע. עס זיינען געקומען אַרן קושנירעוו, איזי כאַריק, איציק פעפער, עזרא פינינבערג, שמואל האַלקין און נאָך און נאָך.

האָפשטיינס אייגנאַרטיקייט האָט נישט געקאָנט ניט באַמערקט ווערן. אָבער פון אָנהייב האָט מען אים געפּרוּווט קעגנשטעלן דעם אַלגעמיינעם שטראָם. מוישע קאַץ (אונטערן נאָמען פ. רייזאַנד) אינעם זשורנאַל „באַגינען" און יעכעזקל דאָברושין אין „אויפגאַנג", רעצענזירנדיק די דריי דעמאָלט נאָרוואָס אַרויסגעגאַנגענע לידער־זאַמלונגען — לייב קוויטקאָס „טריט", פּערעץ מאַרקישעס „שוועלן" און דאָוויד האָפשטיינס „ביי וועגן", באַגריסן די דאָזיקע ביכער, נאָר מערקן אָפּ, אַז פון די דריי דיכטער זיינען די ערשטראַנגיקע — קוויטקאָ און מאַרקיש, זיי זיינען דיכטער פונעם רעוואָליוציאָנערן אויפברויז, האָפשטיין זשע ציט צו מיט זיין פּאַטעטישער ראַפינירטער פאָרם. די דיכטערישע

מײַסטערשאַפֿט פֿונעם יונגן דיכטער האָט זיך טאַקע געוואָרפֿן אין די אויגן, אָבער מיר ווייסן זייער גוט, אַז זײַנע נײַע לירישע פֿאָרמען זײַנען געווען אומאָפּטיילבאַר פֿונעם אינהאַלט, וועלכער האָט זיך אויך שאַרף אויסגעטיילט.

געוויינלעך כאַראַקטעריזירט מען דאָוויד האָפֿשטיינען אַלס אַ ליריקער. ס'איז בעפֿיירעש ריכטיק, אָבער, מיין איך, ניט גענוגנדיק. שוין אין „בײַ וועגן" ווײַזט זיך אַרויס נאָך אַן אייגנשאַפֿט, וועגן וועלכער ער האָט שפּעטער געשריבן אַזוי: „...אין יידישן וואָרט, ווו עס איז פֿאַראַן אַזאַ „עפּעס", וואָס האָט שוין די זיכערע רו און די ברייטקייַט פֿון עפּאָס..." די דאָזיקע עפּישע ברייטקייַט איז איבערגעגעבן אין „בײַ וועגן" ביז גאָר ליריש.

קיינער האָט דאַן ניט געוווּנדט די אויפֿמערקזאַמקייַט אויף דער סטרוקטור פֿונעם בוך — זײַן ציקלישער סטרוקטור. יעדער ציקל איז אין טאָך אַ קליינינקע פּאָעמע, אין וועלכער עס אַנטפּלעקט זיך ניט נאָר און ניט אַזוי די אָדער יענע אינטימע פּאַסירונג בײַ דעם דיכטער, נאָר עס עפֿענען זיך ברייטע האָריזאָנטן פֿון דער גרעסער וועלט. ס'זײַנען פּאָעמעס „וועגן זיך אַליין", וועגן דעם דיכטערס וואַנדערונגען אויף די וואַנדער־וועגן. אַפֿילו ליבע באַקומט אַ קאָסמישן מאַסשטאַב: „כ'האָב דערזען זי בײַם טײַך, אונטער צווײַגן, אונטער גרינעם, מיט הימל פֿאַרלאַטעטן דאַך". אינגאַנצן גענומען, איז „בײַ וועגן" אַן אויפֿריכטיקע לירישע ווידוי פֿון אַ צערודערטן מענטשן, ערעוו און אין דער צײַט פֿון דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע. דער דיכטער ווענדט זיך צו דער גאַנצער וועלט, אָבער שטייט פֿעסט אויפֿן באָדן פֿון דער רעאַלער ווירקלעכקייַט, פֿון זײַנע אייגענע איבערלעבונגען. זײַן אני־מאַמין, זײַן קרעדאָ האָט דאָוויד האָפֿשטיין אָפֿן אויסגעדריקט:

איך האָב מײַן באַוווּסטזײַן אויף וועלט אויפֿגעהאַנגען,
אַ כּוּפּע אָן עק און אָן שטאַנגען —
נאָר כ'קאָן זיך קיין רעגע ניט שיידן
פֿון ערדישע בייטן!
איך הייב מײַנע אויגן
צו שטויבן פֿון שטערן,
נאָר קלאַנגען פֿון ספֿערן
ניט קאָנען פֿאַרטרײַבן
דעם יוּווּל פֿון מענטשלעכע פֿריידן,
די קלאָגן פֿון מענטשלעכע ליידן...

די דאָזיקע פּאָעטישע דעקלאַראַציע גייט אַרײַן אינעם ציקל „טריסטיאַ", וואָס איז אָנגעשריבן שפּעטער פֿון „בײַ וועגן", אָבער זי גיט איבער די צוויי דאָמינירנדיקע געפֿילן, וועלכע האָבן פֿאַר־כאַפּט דעם דיכטער: פֿרייד פֿונעם שימערירנדיקן באַגינען און לייד פֿון די אומצאָליקע קאָרבאָנעס, וואָס האָבן באַגלייט דעם באַגינען. שפּעטער וועט ער זיי פֿאָרמולירן נאָך פּאָעטיש קאָנקרעטער: ווײ און מוט.

ווען מע דערמאָנט האָפֿשטיינס „בײַ וועגן", רופֿט מען גלײַך אָן די ליד „אין ווינטער־פֿאַרנאַכטן אויף רוסישע פֿעלדער, ווו קאָן מען זײַן עלנטער, ווו קאָן מען זײַן עלנטער?" ניט איין מאָל האָט מען באַטראַכט די ליד אַלס אַן אויסדרוק פֿון דעקאַדאַנס, מיט וועלכן אונדזער דיכטער איז געווען קלוי־מערשט פֿאַרבונדן. דער מאָטיוו פֿון עלנטקייַט איז לאַכלוטן ניט קיין סימן פֿון דעקאַדאַנס. דאָוויד האָפֿשטיין שטרײַכט אים בעקיוון אונטער — מיט דעם צווייפֿערז הייבט זיך אָן די ליד, מיט אים שליסט זי זיך. אָבער מע דאַרף דאָ נעמען אין אַכט, אַז די ליד איז אָנגעשריבן געוואָרן אין 1912, ווען האָפֿשטיין האָט אַקשאָנעסדיק געזוכט זײַן וועלט־אָנשויונג, זײַן וועג אין לעבן און אין דער ליטעראַטור.

יאָ, דעמלט — ער איז אַלט געווען שוין דרײַ און צוואַנציק יאָר (ס'איז דער עלטער פֿון יונגט און אויך פֿון פֿאָרמירונג פֿונעם כאַראַקטער) — האָט דאָוויד האָפֿשטיין גענומען דעם וואַנדער־שטעקן און געלאָזט זיך „אויף הויגן, אויף וואַנדער, אויף וואָגל". דער ערשטער ציקל פֿונעם בוך „בײַ וועגן" דער־ציילט וועגן דעם דיכטערס בלאָנדזשעניש, וועגן זײַן צעטומלטקייַט און וועגן די וואָגלעניש. אָבער אין יעיש פֿאַלט ער ניט אַרײַן. פֿאַרקערט, ער גייט, ווי ער שרײַבט אינעם מאָטאָ צום בוך, מיט אַן אויפֿגעהויבענעם קאָפּ אַנטקעגן דעם ווינט. פֿון די ערשטע טריט זײַנע אין דער ליטעראַטור שטרעבט דער דיכטער צו לויטערקייַט און שיינקייַט. שוין אין דער צווייטער ליד הערט זיך „אַ העל געזאַנג — עס הייבט אָן טאָגן!".

לאָמיר נאָכאַמאָל דערמאָנען דאָס יאָר, ווען די לידער זײַנען אָנגעשריבן — 1912, ס'איז דאָס יאָר פֿון רעאַקציע אין רוסלאַנד, נאָר דאַן האָט זיך שוין אָט־אָט באַוויזן דער קאַיאָר. דער יונגער דיכטער האָט עס דערפֿילט, און ער שרײַבט אויס אין דער ליד, וואָס שליסט דעם ערשטן ציקל פֿון „בײַ וועגן": „איך בין הײַנט אָנגעגורט מיט זונענשײַן".

אין צווייטן ציקל — „פעלדער", אין וועלכן עס גייט אריַן די אַנגעוויזענע ליד וועגן די „הינ־טער־פאַרנאַכטן אױף רוסישע פעלדער", דאָמינירט אַן אַנדער מאָטיוו, דער מאָטיוו פֿון אומעט און עלנטקייַט, פֿון וואָגל און הפקר. ניט צופֿעליק שילדערט דאָרט האָפּשטיין הארבסט און ווינטער־פּייזאַזשן. אין דער ליד, געווידמעט, אַגעוו, דאָוויד בערגעלסאָנען, מיט וועלכן אונדזער דיכטער האָט זיך באַקאַנט אין קיִעוו (בערגעלסאָן האָט דעמאָלט געשריבן זײַן ראָמאַן „נאָך אַלעמען"), לייענען מיר:

אױף טונקלען נאַקעט פֿון די פעלדער
דאָרט, ווי אַמאָל, איצט ווינטן רײַטן,
דאָרט, ווי אַמאָל, איצט וואָגלען ראָבן,
א הפקר־שוועל אין הפקר־ווײַטן...

ניט געקוקט דערויף, פֿילט זיך אויך דאָ, אַז דער דיכטער וויל גויווער זײַן די יערידע־שטימונ־גען, וועלכע פֿאַרכאַפּן אים אַפּטמאָל. ער דערהערט אויך אַנדערע קלאַנגען — נאָכן ווינטער קומט דאָך אָן דער פרילינג, און האָפּשטיין איז באַגײַסטערט פֿון דעם, ווי עס הייבן זיך אױף די קריִעס און לאָזן זיך אַוועק „אין די וואַסער־לענגען...". עס באַווײַזט זיך אַן אַנדער פאָרם פֿון דער ליד. אַנשטאָט דער לאַנגזאַם־דערציילערישער קומען לאַקאָנישע אויסרופֿן:

נאָר העל איז זונען־פרייד!
אױף טײַך אױף פרײַען קריִע גייט!
און שטענגלעך בוקן זיך:
מיר זײַנען גרייט, מיר זײַנען גרייט!

ניט אומזיסט האָט דער דיכטער זײַן טרויער כאַראַקטעריזירט אַלס א „שטאָלצן טרויער" און זיך אַליין אַלס א וועכטער „באַם לעבנס־טיר, בא וועלטנס־טויער". ער פֿאַרלאָזט די רוסישע פעלדער, ווו ער פֿילט זיך איינזאַם און עלנט, און קומט אָן צו אַן אַנדער פּייזאַזש, — צום קאַווקאַזישן. „קאַוו־קאַז" — אַזוי הייסט בא אים דער דריטער ציקל. און דאָ הערשן גאָר אַנדערע מאָטיוון. די הויכע בערג, די גיך־פֿליסנדיקע טײַכלעך, דער רוישנדיקער געווימל — דאָס אַלץ האָט אים באַוווּנדערט. עמעס, אויך דאָ פֿאַרלאָזט אים ניט זײַן עלנטע שטימונג, אָבער ער דערמונטערט זיך און ווענדט זיך צו זיך אַליין: „הייב אױף דעם קאָפּ, ביסט איינזאַם־פרײַ!".

אין די קאַווקאַזער בערג פֿאַרגעסט ניט האָפּשטיין, אַז זײַן היים איז אוקראַיִנע און אַז ער אַליין איז א דיכטער א יִידישער. די לעצטע ליד פֿונעם ציקל „קאַווקאַז" ווידמעט ער דעם ניסטער, און ניט צופֿעליק. קאַווקאַז האָט אים אויסגעהיילט און אופגעמונטערט, ער איז מודיִע: „עס זינגט מײַן יעדער גליד, און זיס איז מיר מײַן מי". די דאָזיקע ליד דינט אַלס איבערגאַנג צום פאָלגנדיקן ציקל, וועלכער איז סימבאָליש אָנגערופֿן „פאַרטאָגן".

„פאַרטאָגן" — נאָך א קליינע לירישע פּאָעמע, וואָס שפּיגלט אָפּ א נײַע שטופע פֿון דאָוויד האָפּשטיינס אַנטוויקלונג. ס'איז גענוג א קוק טאָן אױף דער דאַטע, ווען די לידער זײַנען געשריבן געוואָרן — 1917, דאָס יאָר, וואָס איז דער באַגינען פֿון דער נײַער מענטשלעכער געזעלשאַפט. דאָוויד האָפּשטיין, „דער שטילער וועכטער" פֿון זײַן צײַט, דריקט אויס זײַן פאַרגעפיל פֿון די גרויסע ענדערונגען, וועלכע דאַרפֿן אָנקומען. דאָס פאַרגעפיל האָט נאָך ניט קיין קאָנקרעטע פאָרמען, ער איז נאָך גאַנץ אַבסטראַקט, אַסאָציִירט זיך מיטן טעלערל פֿון הימל, וואָס די מאַמע האָט צוגעזאָגט, און צום הימל־טעלערל, ערגעץ אין הויכן קיניגרײַך, שטרעקט דער דיכטער אויס „זײַן בלאַסן אָרעם".

דער רעוואָליוציִעס מיטצײַטלער איז פֿול מיט פרייד, זײַן קוק־פּונקט איז דיִאַלעקטיש, און דער דיכטער באַהויפּטעט: „ווי טרויעריק זיס איז א מענטש צו זײַן". דאָס איז אַן עכט האָפּשטיינישע באַהויפּטונג, וועלכע ער וועט אױף א פאַרשיידענעם אויפֿן פאָרמולירן אין מעשעך פֿון זײַן גאַנצער שאַפונג.

דער ציקל פאַרענדיקט זיך מיט א לירישער אָנערקענונג, אין וועלכער עס זעט זיך ווײַטער דער דיִאַלעקטישער געדאַנק:

איך האָב דיך ליב, מײַן שטיל, געהיים געצעלט,
ווו כ'ווער געפּײַניקט מיט די זיסטע ליידן,
ווו כ'טראָג מײַן לייד מיט העלע פריידן.

און נאָך אַן אייגנשאַפט, אױף וועלכער יעכעזקל דאָברושין האָט נאָך אין דער דערמאָנטער רע־צענזיע געווידמעט זײַן אופמערקזאַמקייַט — האָפּשטיינס דראַנג ניט נאָר צום גײַסטיקן, נאָר צום מאַטעריעלן, צום ערדישן. דאָברושין האָט ריכטיק אָפּגעמערקט דעם דיכטערס שאַרפע ריִע. אָט

באַשרײַבט האָפּשטיין אַן עפּל און איז באַוווּנדערט „ווי דורכזיכטיק, ווי דופּטיק איז זײַן דינינק הײַטל". אָט זעט ער אַ קלײנינק שפּענדעלע, וואָס וואַלגערט זיך אויף דער ערד, און דאָס שפּענדעלע פֿירט אים אַרויף אויף אַ פֿילאָסאָפֿישן געדאַנק. די אָדער יענע קעגנשטאַנדן אינטערעסירן אים ניט אַן און פֿאַר זיך. ער — אַ דיכטער, אַ דענקער — דעקט אויף אין זיי דאָס פֿאַרבאָרגענע און באַנעמט עס פֿילאָסאָפֿיש. אינעם עפּל אַנטדעקט ער אַ „גרוס אַ העלן אַ געגאַרטן פֿון פֿרילינגס־פֿריידן", און דאָס קלײנינק שפּענדעלע איז פֿאַר אים אַ מיטל אויף צעבלאָזן פֿײַער.

„פֿאַרטאָגן" איז אַ מין לירישע אינטערמעצאָ צווישן דער לירישער נאַטור־שילדערונג פֿון אומענדלעכע וועגן, שטילע פֿעלדער, קאַווקאַזער בערג־געווימל און די רוישיקע שטאָט־גאַסן. דער דיכטער קלײַבט זיך אַריבער גאָר אין אַן אַנדער ספֿערע, וווּ עס רוישט און ברויזט. האָגאַם די לידער זײַנען אָנגעשריבן אין אָנהייב 1919, האָט נאָך דאַוויד האָפּשטיין ניט פֿאַרשטאַנען, וואָס פֿאַר אַ סאָציאַלע געשעענישן עס קומען פֿאָר אין לאַנד, ער פֿילט בלויז, ווי עס ווימלט אַלץ אַרום „און ס'קײַקלען קנוילעכלעך פֿון הייסן האַס..." און ער איז אַ ביסל צעטומלט פֿון דעם, וואָס ער איז אַרײַנגעפּאַלן אין אַ „פּלאָנטער פֿון שטיינערנע הײַזער, געגאַרטלט מיט גאַסן", און דערפֿאַר איז זײַן זיקאָרן פֿול מיט בילדער פֿון דער פֿרײַערדיקער דאָרפֿישער שטילקייט, אין די פֿאַרשטעט זעט ער נאָך וועגן „אין פֿעלד אינעם ווײַטן".

אָבער די דאָזיקע דערמאָנונג האָט דער לירישער העלד באַלד בײַגעקומען, ער איז שוין פֿול מיטן טומל פֿון שטאָט. אין די שטאָט־גאַסן האָט ער דערהערט אַזעלכע קלאַנגען, וועלכע זײַנען פֿרײַער אים געווען ניט באַוווּסט — קלאַנגען פֿון סאָציאַלן קאַמף. אינעם אָפּטייל „גאַסן" זײַנען אײַנגעשלאָסן דרײַ לידער — „בריוו קיין סיביר", וועלכע זײַנען געווידמעט י. טעמקינען, וועלכער איז געווען דאַוויד האָפּשטיינס אַ כאַווער, אָנטיילגענומען אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און פֿאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר. אַגעוו, ס'איז ניט די ערשטע באַהעפֿטונג פֿון האָפּשטיינען מיט די רעוואָלוציאָנערע קעמפֿער. ער האָט גוט געקענט זײַנע שוועסטערקינדער — די שוואַרצמאַנס, ניט נאָר דעם דיכטער אָשער, נאָר אויך אָשערס ברודער — דאַווידן, וועלכער איז נאָך ביז דער רעוואָלוציע געוואָרן אַ באָלשעוויק און אַלס אַזעלכער אָנטיילגענומען אין דער פּראַגער קאָנפֿערענץ פֿון רסדאַפּ(ב). צו דאַוויד האָפּשטיינען איז דערגאַנגען די טרויעריקע ידיעה, אַז י. טעמקין איז אין סיביר אומגעקומען. דער מוטיקער מאַרטירער — „אַ גרינער צווײַג" — איז פֿאַר דעם דיכטער אַ פֿאַרקערפּערונג פֿון איבערגעגעבנקייט צום פֿאָלק.

אין דער ליד „דער פֿאַרטאָג" דריקט האָפּשטיין מעטאַפֿאָריש אויס זײַן אויסגעליטענע האָפֿענונג אויף דעם אָנקומענדיקן באַגינען. עס באַהערשט אים אַ מונטערע און דערהויבענע שטימונג: „צו רויזן אויף בליטן, צו העלישע וווּנדער איז האַרץ מײַנס אין וויגל שוין וואַך און שוין מונטער". ער איז פֿול מיט דערוואַרטונג פֿונעם פֿאַרשטייענדיקן גליק, און זײַן געמיט גיט ער איבער אין היפּערבאָלישע, מע קאָן זאָגן, קאָסמישע פֿאָרמען:

וועגן סרייפֿעס פֿון אָפּשייד אויף הימלשע רוימען,<br>
דאָרט ווערן געבוירן קאַיאָריקע טרוימען.

אָבער דער באָדן פֿון די „קאַיאָריקע טרוימען" איז די ערדישע ווירקלעכקײַט, דער רויש פֿון די שטאָט־גאַסן:

און רעדער און טלאָען מיט שטיינער פֿון בריק<br>
זיך פֿרײַנדן אויף נײַעם, אויף הילכיקן גליק.

שוין דאָ פֿאָרמירט זיך די ספּעציפֿיש־האָפּשטייניש פֿאָרם — די אומצערײַסבאַרע באַהעפֿטונג פֿונעם קאָסמישן מאַסשטאַב און דער רעאַלער ווירקלעכקײַט.

דער שלוס־ציקל אין „בײַ וועגן" איז באַדײַטונגספֿול אָנגערופֿן „צווישן וואַלגער־שטיינער", וווּ דער דיכטער גיט קינסטלעריש איבער דעם געווימל פֿון דער רעוואָלוציאָנערער צײַט, „דעם האַר פֿון כורבן און פֿון בויען". ס'איז דאָ וויכטיק אונטערצושטרײַכן, אַז די ליד, פֿון וועלכער מיר האָבן ציטירט דעם פֿערז, איז געווידמעט לייב קוויטקאָן, דעם אויטאָר פֿונעם „רויטן שטורעם".

דאַוויד האָפּשטיינען פֿאַרכאַפּט דאָ ניט אַזוי דער כורבן פֿון דער אַלטער וועלט, ווי דער פּאַטאָס פֿון דער נײַער, אָנקומענדיקער.

די אָקטיאַבער־רעוואָלוציע האָט אים פֿון אָנפֿאַנג געפּלעפּט, צו אַזאַ גרינטלעכער ענדערונג פֿון דער גאַנצער געזעלשאַפֿטלעכער סיסטעם אין לאַנד איז ער ניט געווען צוגעגרייט. ווי אַ סאַך אַנדערע פּאָעטן פֿון יענער צײַט (לעמאַשל, אַלעקסאַנדער בלאָק), האָט ער די רעוואָלוציע אויפֿגענומען אַלס מעכטיקע סטיכיי, אַלס „פֿײַערדיקער שלאַקסרעגן", וואָס האָט זיך צעגאָסן איבער די ראַכיוועסן פֿונעם

לאַנד. אָבער באַלד האָט ער גענומען זיך פֿאַנאַנדערצוקלײַבן אין דעם, וואָס אַרום איז פֿאָרגעקומען, און פֿאַרשטאַנען, אַז די רעוואָלוציע האָט באַפֿרײַט אַלע אונטערדריקטע פֿעלקער פֿון רוסלאַנד און בעסטיכעם דאָס ייִדישע פֿאָלק. די דערשיטערונג וועט נאָך געבן וועגן זיך צו וויסן, אָבער לעבן זיך, אין דעם שפּרודלדיקן קולטור־צענטער קיִעוו, איז דאָוויד האָפֿשטיין געוואָרן אַקטיוו, און ער נעמט אָן אָנטייל אין דער שאַפֿונג פֿון דער נײַער ייִדישער קולטור.

די אָקטיאַבער־רעוואָלוציע האָט ער, ווי אַנדערע ייִדישע שרײַבשטעלער אין קיִעוו, אויפֿגענומען ווי אַ בלוטיק־אײַגענע היסטאָרישע געשעעניש. ביט צופֿעליק איז דער ערשטער ייִדישער אַלמאַנאַך, וועלכן ס'האָבן אין 1918 אַרויסגעגעבן דאָוויד בערגעלסאָן, דער ניסטער און דאָוויד האָפֿשטיין, אָנגערופֿן געוואָרן „אײגנס". האָפֿשטיין נעמט אָנטייל אין אַרויסגעבן נאָך אַ זשורנאַל, אויך מיט אַ כאַראַקטערישן נאָמען — „באַגינען" און אַן אַלמאַנאַך „אויפֿגאַנג". ער דרוקט זיך אין דעם אָרגאַן פֿון דער ייִדישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, אין דער צײַטונג „נײַע צײַט" (רעדאַקטאָר — מוישע קאַץ), ווערט איינער פֿון די אָנפֿירער פֿונעם פֿאַרלאַג „קולטור־ליגע", פֿון אַ ריי ליטעראַרישע און דראַמאַטישע סטודיעס, וועלכע זײַנען דעמאָלט אין אַ גרויסער צאָל אַנטשטאַנען אין קיִעוו.

די נײַע און שטאַרק מונטערע שטימונג האָט זיך ניט געקאָנט ניט אָפּשפּיגלען אין זײַן דיכטונג, וועלכע באַקומט אַן אַנדער אינהאַלט און אַלס אַ פֿויעל־יויצע — אַן אַנדער ריטם און נוסעך. ער האָט דערזען, אַז די רעוואָלוציע — „דער פֿלאַמיקער גערעכט" — ברענגט צום טריומף פֿון גערעכטיקײַט, און דעריבער פּראָקלאַמירט ער אָפֿן:

איך בין מיט זיי, מיט שטענדיק גרייטע
צום נײַעם שאַל פֿון מונטערדיקן האָרן,
צום נײַעם פֿלאַם פֿון לײַטערנדיקן צאָרן.

זײַן דערהויבענעם געמיט־צושטאַנד האָט דאָוויד האָפֿשטיין אויסגעדריקט אין די צוויי לידער, וועלכע שליסן די זאַמלונג „בײַ וועגן": „פּראָצעסיע" און „מיר שטאַמען פֿון פֿעלדזן". אין זיי הערן זיך אָפּקלאַנגען פֿון דער דעמאָלט פּאָפּולערער רוסישער נאָכאָקטיאַבערישער דיכטונג — פֿון אַלעקסאַנדער בלאָקן, וולאַדימיר מאַיאַקאָווסקין, פֿון שוואַרצמאַנס קעמפֿערישע לידער. אָבער, ווי שטענדיק, איז דאָוויד האָפֿשטיין אייגנאַרטיק און זאָגט אַרויס זײַנע געפֿילן אָריגינעל. ער איז נאָך אין וועג, אָבער גייט ניט אײַנגעבויגן מיטן אַלטן וואַנדער־שטעקן, ער גייט שטאָלץ און דעריקער — אין אַוואַנגאַרד:

איך גיי אין דײַנע פֿאָרנטיקע רייען,
שפּאַנענדיקע מענטשהײַט,
מיט שטאָלצע, דרייסטע, זודיקע און קאַלטע —
טראָט נאָך טראָט!

אַזאַ מאַרש־ריטם איז בײַ האָפֿשטיינען ביז דעם ניט געווען, ער האָט אים בעפֿיירעש „גענאַשט" בײַ אָשער שוואַרצמאַנען.

עמעס, ער האָט ניט געהאַט שוואַרצמאַנס ציל־אָנגעווענדטקײַט, שוואַרצמאַנס קלאָרע איבער־צײַגטקײַט, אָבער ער איז אויך אויפֿגעמונטערט און נעמט אָף זיך די הויכע מיסיע צו זײַן אַ רעוואָ־ליוציאָנערער וועקער:

איך וועק די מידע,
כ'באַדעק דעם זיפֿץ פֿון אָפּגעשוואַכטע
מיט הילכיקן געלעכטער —
צוריק קיין טראָט!

די לעצטע ליד פֿון „בײַ וועגן" — „מיר שטאַמען פֿון פֿעלדזן" — איז בעעמעס אַ מאָנומענטאַלע אין פֿולן זין פֿון וואָרט. דאָס איז אַ מאָנומענט די העראָישע קעמפֿער פֿון דער רעוואָלוציע, צו וועלכע דער דיכטער רעכנט אויך זיך צו. דאָס ערשטע מאָל ווענדט ער אָן אין זײַן לייריק דעם מערצאָל:

מיר זײַנען די ערשטע
אין פֿאַלדן פֿון ווינטן,
מיט וויכערס געבונדן,
מיט כוואַליעס געשוועסטערט,
געברודערט מיט שטורעם —
קיין מיזרעך, קיין מײַרעוו, קיין צאָפֿן, קיין דאָרעם!

אָבער די דאָזיקע פּלאַמיקע באַגײַסטערונג האָט זיך ניט לאַנג אײַנגעהאַלטן בײַ האָפּשטײנען. עס איז אָנגעקומען דאָס 1919 יאָר, ווען ס'האָט זיך פאַנאַנדערגעפּלאַקערט דער בירגערקריג און מיט אים — נײַע אומצאָליקע טראַגעדיעס.

וו. אי. לענין האָט ניט איין מאָל געשריבן, אַז דאָס 1919 יאָר איז געווען איינס פון די שווערסטע יאָרן אינעם בירגערקריג. נאָך דעם טריומפאַלן פּאַרויס־מאַרש פון די סאָוועטן האָבן זיך קוימאַט אין גאַנצן לאַנד פאַנאַנדערגעוויקלט האַרבע קלאַסן־שלאַכטן. די ראַטנמאַכט איז געווען אין געפאַר. אָט דאָ, אָט דאָרטן האָבן געבושעוועט ווײַסגוואַרדייִשע מאַכנעס. באַזונדערס ווילד־אַקשאַנעסדיק איז געוואָרן די סיטואַציע אין אוקראַינע, וווּ ס'האָבן אָפּעריִרט פאַרשיידענע באַנדעס און עס האָבן אויסגעבראָכן יידישע פּאָגראָמען. וו. אי. לענין האָט אין אַ געוויסער מאָס פאָרויסגעזען דעם פאַרביטערטן קלאַסן־קאַמף, ער האָט אָנגעוויזן, אַז „די רעוואָלוציע איז אַן אומוואַרשײַנלעך קאָמפּליצירטער און פּײַנלעכער פּראָצעס פונעם שטאַרבן פון דער אַלטער און פון דעם געבוירן ווערן פון דער נײַער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג"[1]. אין יענער צײַט, — האָט לענין אין אַן אַנדער אָרט געשריבן, — איז פאָרגעקומען „אַ גיגאַנטישע צעשטערונג פונעם כאַרעוו־געוואָרענעם און אָפּגעלעבטן געזעלשאַפטלעכן לעבן"[2]. ס'איז גאָר ניט לײַכט געווען ריכטיק צו פאַרשטיין דעם דאָזיקן איבערגאַנג פונעם אַלטן, וואָס האָט דורעסלאַנג געהערשט, צו דעם נײַעם.

די דאָזיקע שווערוקײַטן צו באַנעמען די היסטאָרישע פּראָצעסן, דעם פאַרביטערטן קאַמף, האָבן זיך באַלד אָנטפּלעקט אין אַ ריי ליטעראַטורן פון רוסלאַנד, און אויך אין דער יידישער. ס'איז גענוג צו דערמאָנען די פּאָעזיע פון אַלעקסאַנדער בלאָקן, וועלכער האָט אין דער פּאָעמע „צוועלף" דורכדרינגלעך איבערגעגעבן דעם פּײַערלעכן גאַנג פון דער רעוואָלוציע און אויך איר טראַגיזם. אין אַ געוויסער מאָס ענלעכע דערשײַנונגען געפינען מיר אויך בײַ דאָוויד האָפּשטײנען, וועלכער איז נאָך דעם פּלאַמיקן רוף צו שפּאַנען אין די פאַרנטיקע רייען, אַרײַנגעפאַלן אין אַ טיפן טרויער, און דאָס האָט זיך בולעט אָפּגעשפּיגלט אינעם ציקל, וועלכע איז אָנגעשריבן געוואָרן אין יענעם, זייער שווערן 1919 יאָר, אין „טריסטיִא"[3].

די דאָזיקע טראַגישע לידער זײַנען אַרויסגערופן געוואָרן מיצאַד די גרויזאַמע פּאָגראָמען, וועלכע האָבן זיך דורכגעקײַקלט איבער אוקראַינע. דער דיכטער איז ווידער געוואָרן געפּלעפט פון די געשעעניִשן אין דער געזעלשאַפט. ווידער קומט דאָס געשטאַלט פון אַן עלנטן וואַנדערער, וועלכער בלאָנדזשעט איבער די האַרבסטיקע און קאַלטע ווינטערדיקע פעלדער. פאַר אים שטייט אויף „די אומפאַרשטענדלעכע, די אומבאַגרײַפלעך ווּסטע וועלט". ער, דער טרוימער, איז ווידער אַראָפּגעפאַלן אין אַ טיפן אָפּגרונט, פונוואַנען ער ווייסט ניט, וויאַזוי אַרויסגיין. עס כאַפּערן זיך איבער די באַקאַנטע מאָטיוון פון פוסטקײַט, עלנטקײַט און איבערהויפּט — פון אומבאַהאָלפנקײַט און אָנמעכטיקײַט. זײַן גורל פאַרגלײַכט ער מיט דעם שמערצלעכן גורל פון אַ פּיקסל, וועמען ס'פאַרפאָלגט אַ יעגער, וועלכער האָט סאַפּקאָלסאַף געשיקט זײַן קויל אין סאַמע האַרצן פונעם באַלכײַ, און אויף דעם שניי זײַנען געבליבן „בלוטיקע טראָפּנס". דאָס בילד באַקומט אַ ליריש־פילאָסאָפישן באַטײַט:

עס קאָן זיך טרעפן,  
דאָס מענטשלעכע האַרץ זאָל זײַ טוליען,  
די בלוטיקע ווייען,  
אַז מענטשלעכער בליק זאָל זײַ אייניציקוויִז קלײַבן  
פון זויכער פון שנייען  
די טראָפּנס די רויטע.

ווי באַוווסט, האָט דער שוידער פון די פּאָגראָמען געפונען אַ שטאַרקן אָפּהילך אין דער יידישער ליטעראַטור. ס'זײַנען געשאַפן געוואָרן פּערעץ מאַרקישעס „די קופּע", אַרן קושניראָווס „אַזקאָרע". בײַ דאָוויד האָפּשטײנען איז דער אָפּקלאַנג אַ טיף לירישער, ער שילדערט ניט די עצעם רעדיפּעס און גיט איבער בלויז זײַנע אייגענע איבערלעבונגען.

ער געפינט גיט קיין טרייסט און זעט ניט קיין אויסוועג:

איך וויל פון קיין טרייסטערס ניט וויסן,  
אָט דאָ אויף דער ערד צווישן וועלטן!  
די גרויס פון מײַן מענטשלעכן עלנט,

[1] В. И. Ленин. Пол. собр. соч., т. 34, с. 321.  
[2] Там же, т. 36, с. 154.  
[3] טריסטיִא — טרויער (לאַט.).

די גרויס פון מײַן טרויער —
אַט דאָס איז מײַן טרייסט.
מײַן געוויסן, מײַן דרייסט
און מײַן קויעך.

אין דער זעלבער צײַט באַווײַזט „טריסטיאַ", אַז דער דיכטער האָט געפֿונען אין זיך מוט צו גרייוער זײַן די יערידע־שטימונג, וועלכע האָט אים באַהערשט. שווידערלעך זײַנען די בילדער פֿון די אומשולדיק פֿאַרשניטענע קאַרבאַנעס, אָבער ער ציט זיך צו די שפּראָצן פֿונעם לעבן, וועלכע מע קאָן ניט פֿאַרניכטן. אַט וויל ער דערציילן זײַנע „ווײַטע אורייניקלעך" א קליינע געשיכטע. אין די דאָזיקע אכזאָריעסדיקע צײַטן האָט ער דערזען, ווי „א גאַנץ געוויינלעך פֿייגעלע האָט זיך אין שטויב פֿון גאַס געבאָדן, און ס'האָט די זון שוין באַם פֿאַרגייען יעדער שטויבעלע מיט גאָלד באַלאָדן". דאָס דאָזיקע „ברעקעלע געשעעניש" האָט אים „אַזוי דערשיטערט", אַז זײַן גאַנץ וועזן „האָט ביז די טיפֿסטע גרונטן אויפֿגעציטערט", און ער איז זיך מודע, אַז אין יענעם אויגנבליק האָט ער דערזען:

מיט בײדע אויגן און מיט יעדן פֿאָדעם פֿונעם הארצן
דעם פּאַס פֿון שײַן, פֿון פֿײַער אומגעהײַערן —
און באַלד נאָך אים, פֿון אים ארויסגעשטראַלט, ארויסגעלויכטן —
א פּאַס פֿון פֿריידן...

אין 1920 לאָזט האָפּשטיין ארויס נאָך א לידער־זאַמלונג אונטערן נאָמען, וואָס דאַרף קאָנטראַס־טירן צו „טריסטיאַ", — „רויטע בליטן". דער טרויער האָט נאָך אים ניט אָפּגעלאָזט, עס באַהערשן אים צוויי געפֿילן, וועלכע ער האָט לויט זײַן טעווע לאַקאָניש פֿאָרמולירט:

ס'איז הייס דאָס הארץ,
עס טרײַבט דאָס בלוט,
עס גליט פֿון וויי,
עס בליט פֿון מוט,
און וויי און מוט איצט קאָן איך ניט צעטיילן!

די דאָזיקע לאַקאָנישע פֿאָרמולע — וויי און מוט — האָט פּאָעטיש איבערגעגעבן דעם גײַסטיקן צושטאַנד און די איבערלעבעכע אופֿטרייסלונג פֿונעם דיכטער אין יענע הערויִשע און טראַגישע צײַטן. די פֿאָרמולע איז טרעפֿלעך, אינהאַלטרײַך. זי איז גלײַך געוואָרן מעטאַפֿאָריש באַפֿליגלט, איז ארויס פֿון א פֿולקום פּאָעטישער ריי און — דאָס גליק פֿון א געניאַלן דיכטער! — ארײַן אין פֿאָלקס־אומ־גאַנג. מע וועט זי איבערכאַזערן אין דער צײַט פֿון דער גרויסער פּאַטערלענדישער מילכאָמע. ס'איז בעעמעס דער קויעך פֿון א פֿאָלקס־שרײַבער, וועלכער האָט אַזוי קורץ און פֿול איבערגעגעבן דאָס, וואָס ער אַליין האָט איבערגעלעבט און וואָס דאָס פֿאָלק האָט אויסגעליטן.

דער דיכטער וויל זיך צונויפֿגיסן מיטן אויפֿגעברויזטן פֿאָלק:

איך גרין, איך שטײַג אהין, ווו ס'העלט —
איך וויל מיט רויטע בליטן טײַנען
מיט גרויסער וועלט.

ער האָט אויפֿגענומען דעם מעהוס פֿון דער איבערקערעניש אינעם געזעלשאַפֿטלעכן לעבן, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין זײַן לאַנד — אַזאַ רעדיקאַלער איבערבראָך איז נאָך אין דער מענטשלעכער געשיכטע ניט געווען:

ס'האָט נאָך קיינמאָל אַזוי גלויביק
ניט געהויבן זיך קיין האַנט!
ס'האָט נאָך קיינמאָל אַזוי זיכער
ניט געטראָגן זיך קיין וויכער
איבער מענטשן־ראַנד.

און דאָוויד האָפּשטיין האָט אויסגעדריקט זײַן געמיט־צושטאַנד אין די באַגײַסטערטע שורעס פֿון דער ליד „אָקטאָבער". דער אָקטיאַבער איז פֿאַר אים אַן אָנהייב פֿון א נײַער טקופֿע אין דער אַנטוויקלונג פֿון דער מענטשלעכער געזעלשאַפֿט, און דעריבער וועט דער אָקטיאַבער אייביק פֿאַר־בלײַבן אין דער פֿילדורעסדיקער געשיכטע. צום ערשטן מאָל באַווײַזט זיך בא אונדזער דיכטער א

דערהויבענע אַראַטאָרישע אינטאָנאַציע. ער איז באַגײַסטערט מיטן פּאַטאָס פון דער רעוואָליוציאָנערער באַנײַונג און ווענדט זיך צו די ברייטע מאַסן, צום גאַנצן פאָלק, און ניט נאָר צום ייִדישן. דער מאַס־שטאַב איז בא אים א קאָסמישער — דער וועלטאַל. ס'איז א גרויסע פּאַטעטישע דערגרייכונג פונעם דיכטער, וועלכן ס'האָט זיך אײַנגעגעבן אויסצודריקן אין דער אנטשפּרעכיקער פאָרם די דערהויבענע שטימונג פונעם פאָלק, וואָס האָט דורכגעפירט די סאָציאַליסטישע רעוואָליוציע.

נאָוואַטאָריש און אָריגינעל איז די עצעם סטרוקטור פון דער ליד. לויטן זשאַנער — א הימן, און אָדע דער גרויסער רעוואָליוציע. פון אָנהייב — א פלאַמיקער אויסרוף צום אָקטיאַבער. א מעטאַפאָר גיט איבער דעם גראַנדיעזן מאַסשטאַב זײַנעם — „א ברעג פון אומענדלעכן רונד, א זוים פון א זון־ראָד”. און ווײַטער קומט א ווענדונג צו די מאַסן: „ווו איז ער, דער גאָרנישט, וואָס ווייסט ניט דײַן נאָמען? ווו איז ער, דער בלינדער, וואָס וואַגט נאָך אצינדער מיט לייקעניש וואָרענען?”. און א באַזונדערע סטראָפע איז געווידמעט די סאָנים, וועלכע זײַנען אזוי פילצאָליק. אָבער דאָוויד האָפשטיין באַטראַכט עס אויך צוגונסטן דער רעוואָליוציע:

געבענטשט איז דער, וואָס קאָן עס זיך פארגינען
אזויפיל פײַנט,
און פײַנט אזוינע
ערלעך־שוידערלעך פארדינען.

נאָך דעם קומט נאָך א באַשטעטיקונג פון דער אויסערגעווײנלעכער ראָליע פונעם אָקטיאַבער אין דער וועלט־געשיכטע. דעם אָקטיאַבער זעען מיר איצט, ווי א דערשײַנונג פונעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, וועלכער ווערט לאָקאָניש כאַראַקטעריזירט אלס א „פײַערגעשמידטער”.

דער דיכטער וואַרפט אָפּ די קליינבירגערלעכע באַציִונג צו דער גראַנדיעזער געשעעניש, און אלס א קאָנטראַסט קומט דער קאָסמישער מאַסשטאַב — „אָפּ שיידונג פון טקופעס דערהייבן דײַן אופשריפט... דורך וואָלקנס באַווײַזן: אָקטאָבער!” די לעצטע סטראָפע פונעם הימן כאַזערט איבער די ערשטע און אזוי שליסט זיך די האַרמאָניע פונעם גאַנצן:

אָן אָנהייב אָן „א”,
א ברעג פון אומענדלעכן רונד,
א זוים פון א זון־ראָד —
און אויסיִעס אלע
פון האַנט פון דער גרויסער
און גראָבער:
אָקטאָבער!

דאָוויד האָפשטיינס לירישער נוסעך שיידט זיך אונטער מיט זײַן מוזיקאַלישקײַט און אויסשליסלעכער קלינגעוודיקײַט. אין „בײַ וועגן” און אין „טריסטיאַ” הערשן צאַרטע לירישע טענער, אָבער אין זייער קאַמער־מוזיק לאָזן זיך הערן, ווי מיר האָבן געזען, אויך מונטערע, הילכיקע.

דער שאַל פון א האָרן הערט זיך אין „אָקטאָבער”. די אינטאָנאַציע פון דער אָדע איז א פײַער־לעך־פּאַטעטישע. דאָוויד האָפשטיין האָט אויפגענומען די מוזיק פון דער רעוואָליוציע און טעמפּעראַמענטפול איבערגעגעבן די דאָזיקע מוזיק אין הויכע קינסטלערישע וואָרט־פאָרמען.

ביז דעמלט האָט דער דיכטער שוין דורכגעמאַכט א גרויסן וועג. ער האָט אין זיך אליין געזען א יונגע צווײַג, וואָס איז אויסגעוואַקסן אפן אלטן שטאַם. ער, דער יורעש פון דער דורעסדיקער קולטור פון זײַן פאָלק, האָט סאָפּקאָלסאָף דערשפּירט די גרויסע האָריזאָנטן פון דער געשיכטע, „אָקטאָבער” איז די קרוין פון זײַנע צעניאָריקע זוכענישן, אָבער דערגרייכנדיק די דאָזיקע הייך, האָט ער זיך ניט אָפּגעשטעלט און זיך ווידער אָפּגעגעבן דעם וועג.

דאָוויד האָפשטיינס ווײַטערדיקע שאַפונג — אויך א קאָמפּליצירטע און ווידערשפּרעכלעכע — דאַרף זײַן אן אָביעקט פון ערנסטע אָפּהאַנדלונגען.



## איציק קיפּניס

# שטריכן פונעם דיכטערס געשטאַלט און געמיט

## 1

אפילע איצטער שײַנט אין מיר אויף לויטער גליק. גליק, וואָס איך פיל אין אים דעם לעבעדיקסטן טאַם, בעשאַס איך האָב די מעגלעכקייט זיך דערמאָנען אין די מינוטן און שאָען, ווען איך האָב זיך מיט אים געטראָפן סײַ בײַ א מעסיבע, סײַ אין שטוב, ווי אויך אין וואַגאָן, אין גאַס און וווּ ס'זאָל ניט זײַן. מיט מײַן דאָוויד, אונדזער דאָוויד, אונדזער איטלעכנס דאָוויד האָפשטיין. זײַן בליק, זײַן גאַנג, זײַן זשעסט, זײַן ברוסטיקע שטים, זײַן געשמאַקער, גוטמוטיקער, האַרציקער געלעכטער, וואָס איך קען צו אים קיין גלײַכן ניט.

איינמאָל האָט ער זיך עפּעס ערנסט צעאַמפּערט מיט אונדזערן זייער א כאַשעווון כאַווער. אָט־אָט קאָן עס נאָך קומען צו א שווערן פאַרדראָס. און ס'כאַפּט זיך בײַ אים פּלוצעם אַרויס:

— אין וואָס באַשטייען עס אַזוי, כאַווער שטיף, אײַערע פאַרדינסטן פאַר דער רעוואָליוציע? איר האָט אוואַדע צוויי טעכטער?.. נו, האָב איך צוויי זין!

און ער שיסט אויס א געלעכטער.

אויס אַמפּערניש, אויס סטירעס. איין געלונגענע אימפּראָוויזירטע האַלב איראָניע, האַלב שפּאַס, און אַלע בייזע געמיטער טרעטן אָפּ און ס'בלײַבט נאָר דער לויטערער מעזעג־טאָוו אָן דעם מינדסטן צומיש פון וועלכע־ניט־איז פּסולעס. ס'איז שוין צוריק דאָ די דורכזיכטיקע גאָטס געבענטשטע טאָג־טעגלעכע נעשאָמע, וואָס איז אַליין א קוואַל פון גוטסקײַט, פון ריין פילאָסאָפישן פאַרשטיין און פאַרגעבן.

איך האָב אים ליב אָן א ברעג.

איך האָב ליב פון אים דערציילן, וועגן אים הערן. לייענען פיל מאָל זײַנע שוין געלייענטע ווערק פאַר זיך, פאַר פרײַנט און פאַר כאַווירים.

און אײלבערט־אויגן האָבן זי פאַרוווּנדערט:
איך בין פון איריקע מיט גאַרניט אָפּגעזונדערט...

(„אין ארמעניע...")

ווען איך בין נאָך צו אים ווינציק געווען צוגעוווינט, גיי איך מיט אוראָם וועלעדניצקין, שוין אויך אָלעווהאַשאָלעם, אין א האַרבסטיקן טכילעס אָוונט און מיר טרעפן האָפשטיינען אין זײַן אימפּעדיקן גאַנג, מיט א קליין, שיין רענצל אין דער האַנט לעם טראַמווײַ.

— אָ! — האָט ער א מאַך געטאָן, און ער גייט בלײַך־שנעל איבער פון איין נעשאָמע־צושטאַנד אין א צווייטן. פון פאַרקלערטקײַט, פאַרטראַגנקײַט אין אָן אָפּנעם פריידיקן צוריק־דערזען און צוריק־אויפנעמען די גאַנצע וועלט.

מיר באַגריסן זיך און פאָרן מיט, אים צו באַגלייטן.

וווּקס — קלענער פון מיטעלן. אין א ווייכן שוואַרצן הוט, אין א געראַמען טונקלגעם מאַנטל. ס'איז עפּעס אַלצדינג פול מיט קאָוועד, די שכינע שײַנט פון אים אַראָפּ. דוכט זיך, וואָס? ער איז דאָך קיינמאָל רײַך ניט געווען. נאָר ער איז רײַכער פון רײַכע. יעדע פּאָזע, יעדע אומיסטנדיקײַט און אָנשטעל זײַנען אים פרעמד.

זײַן שטאַלט, ריינע פרײַע באַוועגונג, זײַן שטענדיקע אָנפּנײַעסדיקײַט זײַנען אַליין רײַכקײַט.

ווי א טײַערע פרישע פיירע מיט איר זאַפט, איז ער אָנגעזאַפּט מיט העכער־גייסט, מיט גאָטס־געבענטשטן טאַלאַנט אין זײַנע קײַלעכדיקע, שטיל אַרויסשטראַלנדיקע אײלבערט־אויגן.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

זאָג איך וועלעדניצקין אויף צוריקוועגס:

— עפּעס אין אַזא געשטאַלט שטעל איך זיך פאָר א געהויבענעם כאַזאַרישן, גרוזינישן אָדער אַרמענישן כאָכעם... ווינציקער פון מיטעלע יאָרן...

אוראָם איז מאַסקים. ער איז אַפילע אַנציקט פונעם געפונענעם פאַרגלײַך.

---

פון דער שפּערישער יערושע.

מיר איז אויסגעקומען זען פאַרשיידענע בילדער, וואָס קינסטלער האָבן פון אים געמאָלט. איינס האָט זיך מיר איינגעשניטן אין זיקאָרן אױף לאַנג.

די קײַלעכדיקע שיינע, טיפע, אינווייניק און אויסערלעך צעשטראַלטע, אויגן. דוכט זיך, אז נאָר איין ווערבעל מיט זײַן קראַפט איז פעיִק אופצוכאַפּן, וואָס אזא אויג פאַרמאָגט אין זיך. און דאָ האָט אויך דעם נאָרוואָס דערמאָנטן קינסטלער (איך ווייס דערווײַל ניט זײַן נאָמען) א קלאַפּ געטאָן אין האַרצן „גאָטס גײַסט" און ער האָט אין די גרויסע צוויי שוואַרצאַפּלען אַרײַנגעשטעלט פענצטער. האַפּשטיינס בליק. האַפּשטיינס אויגן זײַנען דאָך נישט צום באַמאָלן, נאָר... צום דערפילן.

## 2

מײַן רעבע, רעב מוישע גלוזבערג, געבענטשט זאָל זײַן זײַן ליכטיקער אָנדענק, איז געווען א געהויבענער קענער און א מענטש פון זעלטענע שיינע מידעס, אז ס'איז געבליבן בא אים, וואָס צו לערנען, לערנען און לערנען. דער „דאָר, וואָס קומט", גייט צו אים ניט איבעריק צו.

ער פלעג אַרײַנקומען צו מיר אין אָפּגערעדטע שאָען און מיט מיר אָפּלערנען א קאַפּיטל טאַנאַך. נאָכן באַשטענדיקן לימעד פלעגן מיר נאָך אין עפּעס אַרײַנקוקן. דאָס איז שוין געווען בא אונדז א מין דעסערט.

איינמאָל איז געשען אזעלכס, אז מײַן געווינס איז פאַר מיר געווען געטאָפּלט: מיר האָבן פון עפּעס געשמועסט, און איך האָב אים צוליב א בײַשפּיל ציטירט האַפּשטיינען.

מײַן רעבע האָט א ווײַלע געשוויגן און דערנאָכדעם שטיל, ווי זײַן טעווע איז, א זאָג געטאָן:

— עפּעס געדענקט זיך מיר ניט די דאָזיקע שטעל בא האַפּשטיינען!..

דאַרף איך דען מער? פֿײַל אַריסן בויגן האָב איך א שפּרונג געטאָן צום ביכער־שראַנק. אַרויס־געכאַפּט האַפּשטיינס א פּאָר ביכער. צום גליק, האָב איך זיי דאָ בא זיך שטענדיק. און מיר זיצן שוין צוריק באַם טיש...

א וואַלגער, און ווידער א וועלט אײַנגעפאַלן, פאַרפאַלן
אהינצו אין אָפּגרונט פון ליידן פון דײַנע — און שאַ...

דער רעבעווישט שעמעוודיק אָפּ א טרער פונעם אויג און בעט שטיל, באַשיידן, מיר זאָלן עס עפּשער נאָכאמאָל איבערלייענען פון אָנהייב.

מיר טוען עס. מיר קוויקן זיך.

— איר געדענקט, — דערנאָך פרעג איך, — שאַגאַלס געמעלן דערצו?.. האַפּשטיין מיט שאַגאַלן — א ווונדערלעכע צונויפפאָרונג... אין דער גרויסער וועלט גילט עס אָפּטער — פּושקין, לאָמיר זאָגן, מיט טשײַקאָווסקין...

די בראָכע פון האַפּשטיינס טאַלאַנט איז אין דעם, וואָס יעדעס וואָרט זײַנס האָט א גוטע, ניט געקאַרגטע וואָג, אין יעדער אויסגעדיכטעטער שורע זעט מען, ווי דער מענטש איז געבענטשט מיט פיל וויסן. ער האָט נאָר אָנגעדײַט, נאָר אָנגעווונקען, און דו האָסט שוין דאָ וואָס צו טײַטשן און לערנען: אַטאַוויזם, געשיכטע, טעכניק, יאַם־קענטעניש, נאַטור, אַלטערטימלעכע יידישע אוצרעס, כינעזישע און אינדישע רעליגיע. דער סאָד פון אַלערליי מעטאַלן. ער טוט דיר נאָר א ווונק, און דײַן געדאַנק ווערט באַרײַכערט, און אין די ווײַטע קעגנשטאַנדן, וואָס האָסט, דוכט זיך, מיט זיי קיינמאָל נישט אָנגעקערט, דערפילסטו די בעסטע און שענסטע טאַמען.

— „ווילױאַנטשערל"? — פרעג איך דעם רעבן.

— לייענט.

איך האָב עס אין צוויי ביכער. מיש איך אוף אין ביידע. אין איינעם קוקט דער רעבע, און פון איינעם לייען איך אינדערהויך.

„...וואָס בייגסט זיך, מײַן זעל? וואָס ברומסטו ברוסטיק טיף, ווי זאַד פון פרישן בלוט אױף שטומען האַרטן שטיין, ווי זאַד, וואָס ווערט ניט שטיל פון אומשולד זויבער־ריינעם, ביז גלייביק הייס בלוט מיט ציטער אים באַגיסט"...

מײַן רעבע שעפּטשעט שטיל:

— דאָס בלוט פונעם געהאַרגעטן נעוויִע אין בייס־האַמיקדעש...

דאָס קאָל ציטערט בא אים און ער ווישט איין טרער נאָך דער צווייטער און פרייט זיך, וואָס איך באַמערק עס קלוימערשט ניט...




מארק שאגאלס אילוסטראציע צו דאָוויד האָפשטיינס א ליד

מיר לייענען מיט א פּאָר בלעטלעך וויַטער.

„קיין דאך, קיין ווענט און שוועלן אומעטום, און פיס פארהאלטן זיך שוין גרייטע צום אריַינגאנג. און טירן ציִען מיך און פירן מיך ארום. טירן הארבסטיקע מיט לויטערקיַיט פארהאנגען...״

„ס׳האָט ליבע צארט געהוידעט דאָ איר וויג... היימען הונדערטער זיך האָבן שטיל געררייכערט״.

אייניקע אונדזערע, ווען זיי קומט אויסריידן פון רעציכעס, פון אומשולדיקע פארפיַיניקטע קאָרבאָנעס, קענען זיי ניט אויסמיַידן דעם טערמינאָלאָגיע־ארסענאל פון גרויזאמקייַט. האָפשטיינען האָט גאָט געבענטשט מיט אזא מין איידעלער קיילע — א פידל, א הארפע — איך ווייס אליין ניט, וויאזוי עס אָנרופן. און ער נעמט פון איר קלאנגען — בילדער גאנצע, וואָס וויַזן, דערציילן, זינגען אויס און דרינגען אריַין אין מויער, אין הארצן און אפילע אין די געהירן.

מיר האָבן איבערגעשפאנט אונדזער ציַיט־לימיט אף א סאך, א סאך. א גליק, וואָס קיינער איז ניט געקומען אונדז איבערשלאָגן און מיר זיַינען געווען אינצווייען און אזוי געארבעט, ביז מע האָט שוין געדארפט אָנצינדן שיַין.

ס׳האָט מיר מיַין פאָלק פארטרויט
דרייסטע און הויכע פארלאנגען.

ווייל איך אָט די געשאַנקען
אויסבאַהאַלטן פון טויט.

אַלעקסאַנדער בלאָק האָט אין איין אָרט געלויבט די געציילטע דיכטער, וואָס הערן נאָך זיך די שטים פון פאָלק...

ווער בא אונדז האָט צו אַזעלכס זוכע געווען, אויסער ביאַליקן און האַפשטיינען...

מײַן רעבע האָט מיר געדריקט די האַנט. ער איז שוין געווען אַנגעטאָן, נאָר ער האָט נאָך ניט געקאָנט פאַרלאָזן דעם טיש מיט די ספאָרים.

— מיר האָבן הײַנט געהאַט, — זאָגט ער, — אַ רײַכן פאַנגו.. איר האָט פאַר מיר אויפגעדעקט אַ נײַערן, אַ גרעסערן האַפשטיינען!.. עפעס זעט ער מיר אויס, ווי ער וואָלט געשטאַנען אויף אַ גערא־מען העכערן פלאַץ, וווּ קיין זאַך שטערט אים ניט צו באַטראַכטן מיט זײַן שאַרפן ליכטיקן בליק די גאַנצע וועלט...

ווי הערליך באַלויגט בין איך געווען אָט דעם־אָ פאַרנאַכט. אומגעריכט בין איך צוניץ געקומען מײַן רעבן. אויך איך האָב געהאַט די מעגלעכקײַט פאַר אים עפענען וווּנדערלעכע און אין דער זעל־בער צײַט לײַבלעך נאָענטע, פאַר מיר, ספאָרים, ווערק פון דאָוויד האַפשטיין!

מיט מײַן אָנטייל האָט דער רעבע געפונען אַ סאַך איבעראַשנדיקע נײַס אין זײַן פאַרערטן דיכטער.

אויך איך האָב זיך אַמאָל אין אַ נאָווינע געשמאַק אָנגעלייענט און זיך געקוויקט מיט האַפשטיי־נען. און... אַ דאַנק דעם רעבן, איז מיר דערוווּיל צוגעקומען נאָך אַ באַגריף.

אָט דער פילזײַטיק לויכטנדער דימענט און די קרוין פון דער ייִדישער דיכטונג געפינט זיך אויף אַ פײַנער גרויסאַרטיקער הייך און קיין זאַך שטערט אים ניט העל צו באַשטראַלן גרויסע שטיקער וועלט.

## 3

מיט וועמען איך זאָל ניט לייענען האַפשטיינען, האָב איך מײַן פאַרדינסט, געווינס, גלײַך, ניט אָפגעלייגטערהייט.

אין געדענק בא מײַן שוועסטער זיץ איך באַנאַנד מיט אַ יונג מיידל. זי איז אין אַזאַ צאַפלדיקן עלטער, אַז איר גלייבט זיך אָפט — פיל, פיל פאַרהוילענע זײַטן פונעם לעבן זײַנען שוין באַלד־באַלד פאַר איר דײַטלעך קלאָר, אין דער צײַט, ווען אפילו אײַנפאַכע לעבנס־דערשײַנונגען זײַנען פון איר פאַרשטעלט און פאַרהוילן. און זי ווייסט אפילו ניט, פון וועלכער זײַט מע קאָן צו זיי צוטרעטן.

איצט איז זי גרייט מיך גלעטן און עפשער קושן. מיך, דעם גרײַז־גרויען מענטשן, וואָס זיצט אַנטקעגן איר. זי איז גרייט שווערן, אַז איך בין איבערגעלאָדן מיט כאָכמע פון דורעס... יאָ, יאָ, און... ייִדיש וויל זי טאַקע קענען. זי פאַרשטייט. אָט קאָן זי מיר אפילו איבערזעצן יעדעס וואָרט אויף רוסיש. ניין, ניין. זי איז ניט מיד. איך זאָל איר ווײַטער לייענען האַפשטיינען.

איר יונגשאַפט, איר כיין גייען מיר אין האַרצן אַרײַן. און איך וויל איר באַווײַזן, ניט אַזוי לייע־נען, ווי באַווײַזן בא האַפשטיינען, ווי ער נעמט זאַכן, וואָס לאָזן זיך ניט אָנטאַפּן אָדער אָנזען, און פאַרוואַנדלט זיי אין מאַמאַשעסדיקע שטאָפן.

...שלאָף זשע, שלאָף זשע, שלאָף, מײַן קינד.
ס'איז אויף מאָרגן שוין באַשטעלט
גאָר אַ נײַע קלאָרע וועלט...

(„ערשטער שניי")

— און אויב דו ווילסט, הער ווײַטער.

...איך שווער, איך שווער, עס איז געשען!
אין טרוים, אין אַנדער אורגעשטאַלט
איך האָב דעם מאָל געזען,
איך בין געווען אין אָט דעם וואַלד...

איך פאַרטײַטש דעם יונגן מיידל יעדעס וואָרט.

איר טונקעלער בליק איז פול מיט יונגשאַפט.

איר זאַפטיק ווייכער שמייכל פון בלוט און מילך, איר צושאָקלען מיטן קאָפּ זאָגן מיר אָן ווער־טער, אַז זי פאַרשטייט. זי שטויסט זיך אָן אַלץ, וואָס דרינגט פון יעדן וואָרט אַרויס.

דער דיכטער איז לעם דעם וועלדל, לעם דעם טאָל (פאַרנדיק מיט דעם אָקס). איצט דאָס ערשטע מאָל אין זײַן לעבן. נאָר ער קאָן שווערן, אז ער איז צוריק מיט טויזנטער יאָרן דאָ געווען און האָט פונקט דאָס זעלביקע, ס'זאָל פעלן א האָר, אינעם גרויען אוראלט מיט זײַנע אייגענע אויגן געזען... געזען און איבערגעלעבט די זעלביקע שפּירונגען לעם דער נאטור, די זעלבע, וואָס איצט.

ווידער רויש פון רעדער גיט צו וויסן,
אז איך בין אין ענדערונג, אין וועג...

וויִאזוי ער דערפילט און גיט אויך אונדז צו דערפילן דעם מיליאָנסטן כיילעק פונעם ריר פון דער ראָד.

און דאָ איז שוין פאראן דער כילעק, דער אונטערשייד פון ניין ביז יאָ, פון גאָרניט ביז עפּעס. דער אונטערשייד פון אומרו און פון רו.

אויב איין שמאָלער ריר דאָ האָט פארטיליקט אָט דעם קאנט פון אומרו
און פון רו,
„...וווּ זשע איז דאָ צווישן זיי דער כילעק, ווו...״
...רעלס און ראָד און שטויב און רויך און ווילדער —
אלץ דאָ בלײַבט אף נײַעם טרײַב.
רו זשע אָפּ א ווײַלע —
אויך דײַן בליק, דאָ בלײַבט.

אוואדע בלײַבט דאָ זײַן אָפּשײַן, זײַן בילד. און ווער ס'האָט נאָר א שארפן אינווייניקסטן זעונג־כוש, וועט עס דערפילן און אוואדע דערזען.

דאָס מיידל, מײַן שכיינעלע, האלט איר צארטע האנט ציטעריק בא דער מילדער ברוסט. דאָס איידל שמייכעלע דערלאנגט באלד פון אויער צו אויער. סארא איידעלער אָפּשײַן אף איר טונקל־הויטיק געזיכט! און איר פארבענקטער בליק כעט זיך:

— נאָך... נאָך...

אבי קיינער זאָל דערווײַל ניט איבערשלאָגן. איך לייען איר „אין ווינטער־פארנאכטן״...

פון אונטן אין אייניציקן ווינקל אין בלאסן
נאָך לעשן זיך טרויעריק פליִענדע פאסן...
. . . . . . . . . . . . . . .
...און טראָגן אין הארצן פארבאָרגענע ווייען
פון זומען, וואָס ווארטן און ווארטן אף זייען...
. . . . . . . . . . . . . . .
אף ווײַטע שנייען א גרויסער עמעצער שיט גראָוון אש...

פארשטאנען: ווו זעען מיר דאָ א גרויסן עמעצן. פּאַשעט דער שאבעסדיקער ווינטער־טאָג גייט אוועק. דאָ איז גאָר ניטאָ קיין גרויער אש... ס'נעענטערט זיך פּאַשעט די אָוונט־דעמערונג...

...די בײַטש איז אויסגערוט דאָרט צווישן אויוון
איז זי מיט פינצטערניש געדיכט פארשטעקט...

— דו הערסט? מיט פינצטערניש פארשטעקט.

א נעפּל־טישטעכל האָט דאָרטן אויבן
דאָס לעצטע קוילעטשל שוין שטיל פארדעקט...

— פארשטאנען, קיין שום טישטעכל. קיין שום געוועב. בלויז א לעקעלע פארנאכטיקער טונקל.

...דער טאטע ווערט מיט טונקלקײַט מיט טיש פארוועבט.
און צווישן שוועסטערלעך און שאָטנס מידע
א מורמל־פעדעמל זיך וועבט און וועבט...

— א פעדעמל, וואָס קאָנסט עס, דוכט זיך, אָנוויקלען אף א גאלקע און פאנאנדערוויקלען. קאָנסטו, הייסט עס, דעם מורמל אָנטאפּן ווי א מאמאָשעס.

אזעלכס קאָנסטו אויך איבערלעבן בא דער ליד „פרילינג“.

...טאָג נאָך טאָג שוין ציט פון דאָרעם...

דאָס זעלבע קאָנען מיר דערשפּירן אין דער ליד „אין וואלד“. אָט, הער, הער:

...ס'איז האלבער טאָג, ס'איז מיר דאָס אויג פון שײַן,
דער מויער אָנגעזעט מיט פינקלען.
דורך הויכע זײַלן כ'גיי אַרײַן אין שטילע ווינקלען.
אפן שאָטן כ'לייג זיך צו, מיטן שאָטן כ'דעק זיך אײַן...

זיך ניט געלייגט אף קיין קישעלע. זיך ניט צוגעדעקט מיט קיין דעקע, נאָר „אף שאָטן כ'לייג זיך צו, מיט שאָטן איך דעק זיך אײַן“.

...און ווער פאקליינט, פארדינט, בא מוראשקעס אין הויפן
פון הויכן טורעם קלינגט א גלאָק!
מיליאָנען פיס דאָרט האלטן אין איין לויפן
פון טיר צו טיר, פון שטאָק צו שטאָק...

מיר זעען דעם טורעם. מיר הערן דעם גלאָק. מיר פילן דעם געווימל אף אלע שטאָקן, אף אלע יארוסן. פרעג איך דיך — האָסטו נאָך ערגעץ־ווו אזעלכס געלייענט?!..

...עס זײַנען פארפולט שוין די פעלדער מיט שײַן
און גייען שוין איבער...

## 4

שימען דאָבין און זײַן פרוי ראָכל.

מיר איז קיינמאָל ניט אויסגעקומען זײַן צווישן אריסטאָקראטן. ווען איך וויל שוין זיך יאָ פאָר־שטעלן אריסטאָקראטן פון גײַסט, דערזע איך פאָר מײַן בליק אָט די דאָזיקע איידעלע פּאָר.

איך האָב געהאט די זכיה זיי צו באזוכן פון מאָל צו מאָל בא זיי אינדערהיים.

דער האָט קיינמאָל ניט דערלייגט, ווער ס'האָט בא זיי עפּעס־וואָס געלערנט.

שימען איז געווען העכער פון מיטעלן וווּקס. בא אים איז איין אויג געווען צוגעשלאָסן. אָבער דער פעלער איז אף אים ניט געווען קאָנטיק. זײַן שמייכל, דאָס זעענדיקע אויג האָבן געטריפט מיט גנאָד און מיט צארטער איידלקײַט צו זײַן גראָוו געשוירן בערדל. און מיר פלעג זיך דוכטן, אז אזא מענטש איז נאָר דאָ איינער! אזא, ווי איך קען אים, איז ער פון אייביק. און שטענדיק וועט ער זײַן אזא.

איינמאָל אין א פארנאכט קום איך צו זיי צו גיין.

די פאמיליע־נעמען פון די קרעפטיקע נײַע סאָוועטישע דיכטער האָבן זיך בא מיר צו יענער צײַט אויסגערעדט הארט ניט געווינט: מאר־קיש, קווי־טקאָ, שווארצ־מאַן... „האָפשטיין“ האָט זיך אויסגערעדט א ביסעלע גרינגער. האָפשטיין מיט זײַן שאַפונג האָט מיר עפּעס צוגעטראָפן. אזוי ווי א געשליפן לעכל שפיליעט זיך נאטירלעך אפן קנעפל, אזוי פלעג זיך מײַן הארץ אָנשפיליען אף זײַנס א וואָרט. איך האָב אפילע ליב געהאט, ווען קונינס סטודיע פלעג אין די קאָלעקטיווע פאָרלעזונגען דעקלאמירן: „מיר שטאמען פון פעלדזן“:

...מיר זײַנען די ערשטע אין פאלדן פון ווינטן,
מיט וויכערס געבונדן, מיט כוואליעס געשוועסטערט, גערודערט
מיט שטורעם...

אָדער:

...און שטעקלעך, וועקנדיקע מיט שרויט אף שטײַפן פײַקל...

אָדער:

ווײַן, ווײַן, אלטער ווײַן, ווײַן פון פלאמיקן גערעכטן! ·
אונטער אלע הימלען, אונטער אלע קעלער־שימלען אויסגעשטאנען
און דערברויזט ביזדאנען,
ביז די ווילדע פלאכן אונטער
צאָפן־נעכט...

אַדער:

...גערדיכטער, געדיכטער פאַלט, שנייען! פאַרדעקט אים,
דעם ערדישן קויט... אַף קאַלטע, אַף שנייִקע דעקן.
צו הייס זײַנען מענטשלעכע ווייען, צו רויט זײַנען בלוטיקע פלעקן,
צו רויט!
...און איידער דער מענטש וועט דערוועגן
זיך דורכשנײַדן וועגן אין לויטערן שויס —
פאַרבלענדט אים מיט לויטערער ריינקײַט,
פאַרבלענדט אים מיט אייביקער שיינקײַט און לײַטערט
אים אויס...

אַלץ איז רעכט. דער מענטש דאַרף אויסגעלײַטערט ווערן מיט קאַלערליי מיטלען.

נאָר ניט אַזוי גיך טוט זיך עס, ווי ס'רעדט זיך. דאָס „קליינע מענטשעלע" קאָן ניט בײַשטיין דעם יעיצערהאָרע. ס'קיצלט אים אָפּזוכן אַ פלעק אַף זײַן באַזונטן ריז...

איך בין געקומען פאַרנאַכטלעך צו מײַנע דאַבינס מיט אַ גרייטער און פאַרטיקער „טײַנע". די טײַנע איז בא מיר געווען פאַרגרייט נאָך פון באַטאָג. איך האָב זי געכאַזערט אַ גאַנצן וועג ביז צו דער גאָרקי־גאַס. באַם אַרײַנקומען האָב איך אַפילע קיין סייכל ניט געהאַט אַ ביסל אויסוואַרטן, און האָב גלײַך אויסגעשאָסן:

— כאַווער שימען, איר האָט געלייענט האַפּשטיינס „צוויי וועוווריקלעך"?

— געלייענט, — שמייכלט שימען.

— וואָס זאָגט איר?

— כ'ווייס? וואָס קאָן מען דאָ זאָגן... זאָגט איר!

— אָט דאָס איז דאָך עס, — גיב איך אַ זאָג מיט אומגעריכטער זיכערקײַט. — בא האַפּשטיינען טרעפן אויך שוואַכע זאַכן... וואָס איז עס? אַ מײַסעלע?.. פאַר אַ ליד איז עס צו לאַנג, און פאַר אַ מײַסעלע איז אויך... דאָ קומט צו ווינציק פאַר...

שימענס פּאָנעם האָט זיך פריִער פאַרשאָטנט. ער האָט, ווײַזט אויס, מער געוואַרט פון מיר. אָבער נאָך אַ קורצן איבערדענקען, אַז קיין ניסים געשעען ניט אַזוי אָפט — איך בין דאָך פאָרט ערשט פון שטעטל, פונעם האַר־באַרסקן טיש — האָט זיך צוריק, ווי פון אונטער אַ כמאַרע, באַוויזן זײַן שמייכל, וואָס איז פאַר מיר אַזוי טײַער. דער איינציקער בליק האָט באַשײַנט זיין גראָוו בערדל, זײַן אויסדריקלעך מויל און ער האָט מיך פאַטערלעך, מאַמעש ווי מיט אַ גלעט, אַזויווי באַרויִקט:

— טײַערער קיפּניס... האַלעוויי אין צען יאָר אַרום, כאָטשבי אַ העלפט אַף אײַך געזאָגט געוואָרן...

ראָכל האָט געבעטן צום טיש.

זי האָט, ווײַזט אויס, אויך געגלייבט, אַז ס'איז נאָך גאָרניט פאַרפאַלן... אויב איך פאַרשטיי עפּעס איצט ניט, וועל איך אינגיכן קומען צו דעם...

באַם טיש מיטן ערשט אויסגעלייגטן ווײַסן טישטעכל איז געווען אַן איינפאַכע גלאָז טיי, אַ ביסעלע געווייקטע ברינזע צו דער טיי. פּוטער אין אַ קליינער טיפלעכער קיילע, וואָס האָט צוגעצויגן מיט איר ריינקײַט. ברויט, צוקער. פאַר יעדן אַ מעסער, אַ לעפעלע...

באַם טיש האָט מען שוין גערעדט פון אַנדערע זאַכן.

זאָגן, אַז איך האָב זיך געפילט ווי אַן אָפּגעשמיסענער?.. מעגלעך... אַלנפאַלס, אָרעם און ליידיק בין איך געווען אַף דורך און דורך.

נו, זאָג כאָטש אַליין, באַלטאַכלעס איינער, גרויסער קאָפּמענטש, וואָס דו ביסט. מיט וואָס פאַר אַן אויגן וועסטו עפענען די טיר אַהער דאָס נאָענטסטע מאָל!?..

ס'זײַנען אַוועק יאָרן.

אַליין בין איך שוין ווײַס. מײַנע עלטערע כאַווירים און פאַרערטע פרײַנט זײַנען שוין ניטאָ צווישן אונדז. ס'איז נאָר דאָ זייער ליכטיקער אָנדענק.

ווען איר זאָלט כאָטש וויסן, וויפל מאָל איך האָב פון יענער צײַט בא פאַרשיידענע אומשטאַנדן געלייענט די דאָזיקע ליבינקע „צוויי וועוווריקלעך" מיט מײַנע קינדער, מיט מײַנע שטוב־לײַט, מיט האַפּשטיינס פרוי אַליין, מיט מײַנע כאַווירים און מיט זיך זעלבסט.

וויפל מאָטאָס און עפּיגראַפן האָב איך פונדאַנען גענומען צו מײַנע ווערק, און איך בין זיכער, אַז ס'איז דאָס שענסטע, מיט וואָס מײַנע ווערק קאָנען זײַן באַצירט.

...צו וואָס דאָ אן אָדלער, צו וואָס זײַנען נעגל? —
דערוף דאָך א מײַסע, קיין קאַשע ניט פרעגן...

. . . . . . . . . . . . . .

און אלץ איז פארשוווּנדן — קיין שרעק און קיין ווײ,
א בוים און א נעסט און ברידערלעך צוויי.

געקוקט אין די אויגן, געקוקט און געלייענט:
טויזנט מאָל יאָ און טויזנט מאָל ניין!..

איר שטעלט זיך כאַטש פֿאָר, מיט וואָס פֿאַר א פֿארגעניגן וואָלט איך ציטירט פֿאַר אײַך אלע וואונדערלעכע שורעס פֿון די „צוויי ווערוויקלעך“, און איך בין זיכער, אז אײַער פֿארגעניגן פֿון דעם וואָלט געווען ניט קלענער. 135

...געשפרונגען, געטאַנצט, ניט געהאַט קיין מינוט
אף גוט צו באטראַכטן, אז יונג זײַן איז גוט...

ס'איז ניט לאַנג שוין צו וואַרטן. איינגיכן וועט עס זײַן: גענוג פּאַפּיר וועלן מיר האָבן. גענוג פּאָליגראַפישע מיטלען — אוואַדע. און די בעסטע קינסטלער וועלן זיך אַרויסרופֿן איליוסטרירן די „צוויי ווערוויקלעך“. צוויי שורעס — א בלאַט. צוויי שורעס האָפּשטיינס מיט גוטן ריכטיקן שריפֿט און א פּרעכטיק געמעל איבער דער גאַנצער גרייס פֿון זײַטל.

...דערזען, און מיט ווערווישע אייגלעך געדאַנקט
אי דעם טאָג, אי דעם יאַם, אי דאָס האַרץ, וואָס פֿאַרלאַנגט:

. . . . . . . . . . . . . . . .

קיינער דאָ ווייסט ניט, ניט ווען און ניט ווו —
נאָר שטענדיק נאָך שטורעם — קומט אָן די רו.

ווי יענץ קליין מיידעלע, וואָס האָט געטראָגן פֿון קלייטל האָניק אַהיים און זיך ניט געקאָנט אײַנהאַלטן. אלע רעגע זאָגט זי צו זיך אליין: נו... נאָר דעם לעק און נאָך א לעק — מער ניט...

אַזוי מיש איך די „ווערוויקלעך“ און קאָן זיך ניט אײַנהאַלטן. איך וויל אײַך זייער ווײַזן נאָר אָט די שורע און נאָך איין שורע — מער ניט!

טײַערע פֿרײַנט מײַנע! טײַערער, אייביק נאָענטער, הייליק באַלויכטענער, מענטשלעך דערהויבענער דאָוויד! וויַאַזוי זאָגסטו עס דאָרט אין דײַן „קינדער־שפּרוך“ („טריסטיאַ“):

„מײַן קאָפּ איז מיט אַש ניט באַשאָטן,
איך שטיי אָן אַנטבלויזטער —
פֿאַר מיר איז דאָ גאָרניט פֿאַרבאָטן:

אָט דאָ אף דער ערד צווישן וועלטן!
די גרייס פֿון מײַן מענטשלעכן עלנט,
די גרייס פֿון מײַן טרויער —
אָט דאָס איז מײַן טרייסט,

מײַן געוויסן,
מײַן דרייסט
און מײַן קויעך...

ווײַטער זאָגסטו אין איינער פֿון דײַנע נײַערע לידער:

כ'ווייס, דײַן גורל איז שווער. אָ, ווי שווער,
נאָר דײַן שליכעס איז גרויס!..
גיי אַרויס, שרײַ אויס, וועלט אויס און וועלט אײַן!

אין דײַן שאַפֿונג איז אָרגאַניש פֿאַרפֿלאָכטן דײַן אומבאַהאַלטענע ליבע צום פֿאָלק. דײַן גרויסער שטאָלץ פֿאַר דײַן לאַנד, וואָס האָט דער גאַנצער וועלט די ערשטע באַוויזן, וויַאַזוי צו דערווערבן מיט אייגענע קויכעס עמעסע פֿרײַהייט. האָסט אויך א דרייסט איבערצײַגעוודיק וואָרט, וואָס קאָן זיך פֿאַרמעסטן מיט וועלטן. טאָ חיים זשע, אז די גײַסטיקע רײַכטימער, וואָס האָסט מיטן כּוח פֿון דײַן האַרצן אויסגעדיכטעט און אונדז געלאָזן אין געשאַנק, וועלן בא אונדזערע קינדער און קינדס־קינדער נאָך מערער באַשײַנט, באַערט און פֿאַרמערט ווערן.

מיר זעען עס אין זיך...

## דאָוויד האָפּשטיין

# בריוו צו דאַניִעל טשאַרני

דער דיכטער דאַניִעל טשאַרני (1888 — 1959) האָט אין די יאָרן 1918 — 1922 געלעבט אין מאָסקווע, געווען טעטיק אינעם ייִדישן קאָמיסאַריאַט, געאַרבעט אין דער רעדאַקציע פון דער צײַטונג „עמעס" און פונעם זשורנאַל „די קאָמוניסטישע וועלט". אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט ער זיך געהיילט אין אויסלאַנד און פלעג פון מאָל צו מאָל ווידער קומען קיין מאָסקווע. ער האָט מיטגעאַרבעט אין דאָוויד בערגעלסאָנס זשורנאַל „אין שפּאַן" (בערלין). נאָך היטלערס קומען צו דער מאַכט (1934) איז טשאַרני אַריבערגעפאָרן קיין ווילנע און דערנאָך קיין וואַרשע, פונוואַנען מע האָט אים אַרויסגעשיקט אַלס סאָוועטישן בירגער. אין אַפּריל 1941 איז ער געקומען קיין ניו־יאָרק, וווּ ער איז שוין פאַרבליבן ביזן טויט.

## [1]

[קיִעוו, 1922]

ליבער דאַניע,

...ווי אַפּצולאָכעס איז פאַר דער גאַנצער צײַט קיין איין גרוס פון מאָסקווע ניט אָנגעקומען. איז באַ אײַך אויך אַזוי טונקל און רעגנדיק? געווען אַ פּאָר ליכטיקע, עמעס־פרילינגדיקע טעג. און ווייסט איר, דאַניע? איך בין געשטאַנען אויף די באַרגיקע הייכן און געקוקט אויפן מײַלן־ווײַטן דניעפּער — קיין איין שויב איז ניט אויסגעשלאָגן אין גאַנצ פענצטער! קיין איין־איינציקע ראַם איז ניט אָנגעשפּאָלטן געוואָרן פון אַלע ציטערנישן. אַ רעגע קאָן עס טרייסטן, דערנאָך ווערט נאָך אומעטיקער און פאַרדריסלעכער, אַזוי אָרעם און צעטרייסלט איז אַלץ אַרום... נו, דאַניע, דאָס מאָל קאָן איך אײַך דערציילן אַ ליטעראַרישע נײַעס. כ'האָב געזען די „רינגען" מיט מאַרקישעס אַן אַרטיקל, מאַסקעס: קוויטקאָ, האָפּשטיין[1]. זייער וואַרעם אָנגעשריבן, פאַר אַ בען־גיל און אַ ייִנגערן איז דאָס זייער, זייער וואַרעם. ער שרײַבט וועגן מײַן גרויסער ניכטערקײַט און נאָך וועגן מײַן ירושע, וועגן בעכער, בעכער ווײַן אאַוו.

איך וואַרט פון אײַך אַ גרויסן בריוו. נו, איך בעט אײַך, שרײַבט מיר אָן פון אַלץ.

יאָ, דאַניע, דאָ זײַנען פאַראַן ליטעראַטן: עלטערע, ייִנגערע, אַלע הונגעריקע און העלפן זיי וואָלט געווען אַ גרויסע מיצווע (קושניראָוו ווייסט פון דעם אַלעמען) און אין נאָמען פון זיי אַלע בעט איך עפּעס אויפטאָן, אויסניצן אַלע מעגלעכקײַטן. מע וועט פאַר אײַך גאָט בעטן.

זײַט געזונט און שטאַרק. איך בעט אײַך, שרײַבט מיר אָן... אַלע בעסטע גרוסן פרײַנט און באַקאַנטע.

אײַער דאָוויד

---

[1] פּ. מאַרקיש, „מאַסקעס (וועגן) [ל. קוויטקאָ, ד. האָפּשטיין]", „רינגען" (וואַרשע), 1921, באַנד 2, העפט 7—9, זז. 101—103.

## [2]

[קיִעוו, 1922]

טײַערער דאַניע,

א דאַנק פֿאַר אײַער בריוו. מיך דערמונטערט א ביסל. דאָ איז אזא נויט, אזעלכע שווערקײַטן פֿאַר יעדער ריר. און אזויפֿיל דאַרשט און יוגנט אַרום און אַרום, אז דאָס האַרץ טוט ווי. ווילט איר, דאַניע, פֿאָרט זיך דורך קיין קיִעוו איידער איר וועט פֿאָרן קיין אויסלאַנד. איך האָב א באַזונדערן צימער אין דעם בעסטן הויז אין קיִעוו — גאַנץ קיִעוו מיטן דניעפּער אױף דער האַנט. א שטילער, ליכטיקער צימער בא פֿעסטע ליבע פֿרײַנט, א ווילע באַלעבאָסטע. קומט — טרעט איך אײַך אָפּ דעם צימער. איך באַזעץ זיך מיט מײַן כעוורע אויך אין א גוטער קוואַרטיר. אַלץ, וואָס דאָ איז דאָ שיינס און ריזנדיקס, וועל איך אײַך צושטעלן. דאָ איז אַן אויסשטעלונג. טשײַקאָוו האָט פֿאַר דער שטאָט־דומע, אַפֿן אַרט פֿון סטאָליפּינס דענקמאָל, אויפֿגעשטעלט מאַרקסן (דעם 1־טן מײַ). דאָ גרייט זיך א קרײַז, ס׳וועט עפּשער זײַן א ליט[עראַרישע] סטודיע. קומט, רופֿט זיך אָפּ, איידער איר געזעגנט זיך מיט רוסלאַנד. איך שיק אײַך די בריוו צו ניגערן, מײַנע, לוריעס און דאָבינס. ווען האָט זיך באַקומען ניגערס בריוועלע צו מיר? געשריבן איז עס אין אָקטאָבער? ניגער דאַרף העלפֿן. איר — בין איך זיכער — וועט עס געוויס טאָן. קיִעוו איז א גרויסע ייִדישע שטאָט — ייִדן זײַנען דאָ דאָ מער, ווי איר קאָנט זיך פֿאָרשטעלן, זיצנדיק אין מאָסקווע. איך האָב קיין גרעסערן ייִדישן ייִשעוו נאָך ניט געזען. קימאַט דרײַ פֿערטל פֿון דער אויסגעוואַקסענער באַפֿעלקערונג זײַנען ייִדן. און ייִדן פֿרישע, געפֿרווטע, געליטענע און געבליבענע ייִדן מיט נײַעם דאַרשט צו לעבן. א יוגנט א זעלטענע — 800 לערער[1], — יוגנט־הײַזער, קינדער־הײַזער, סטודיעס, שולן, א גימנאַזיע און ווײַטער, ווײַטער נויט, נויט אומעטום — א זעלטענע ביבליאָטעק און מענטש זיצן אַן געהאַלט שוין כאָדאָשימווײַז. דאַניע! קיִעוו וועט עס אײַך געדענקען, רעדט איבער מיט ראַזענען, שרײַבט ניגערן, שיקט באַלד איבער די בריוו[2]. ווײַזט די בריוו וועמען איר קאָנט אין מאָסקווע און לאָמיר עפּעס פּועל זײַן. שרײַבט מיר פֿון אַלץ, וואָס בא אײַך דאָרט קומט פֿאָר. אין מאָסקווע זײַנען דאָ פֿאָרשטייער פֿון אמעריקע? וואָס הערט זיך אין קרײַז? שרײַבט אזוי אויספֿירלעך, ווי איר האָט דאָס געטאָן אין פֿאָריקן בריוו. גריסט אנא אַנאַניעוונען מיט די קינדער. גריסט אַלעמען, אַלעמען. זײַט זשע גוט און שרײַבט באַלד [און] ענטפֿער. שיקט מיר ניגערס אדרעס, דעם אדרעס פֿון „צוקונפֿט", בערגעלסאָנס אדרעס האָב איך אויך פֿאַרגעסן מיטנעמען. שרײַבט באַלד, וועל איך נאָך באַקומען אײַער בריוו. איך וויל פֿאָרן קיין זשיטאָמיר און אין אַנדערע שטעט. זײַט געזונט.

אײַער דאָוויד

## [3]

[קיִעוו, 1922][3]

ליבער דאַניע!

קיין ענטפֿער אױף מײַן בריוו האָב איך נאָך ניט. נאָר אז איר פֿאַרלאָזט מיך ניט, האָב איך א געגוגן באַווײַזן... דאָ איז בא אונדז, ווי געווען. געווען א קולטור־צוזאַמענפֿאָר, געווען א פּאָר שטאַרקע מאָמענטן[4]. אַלע אַרבעטן, מע גרייט זיך אַרויסגעבן א סאַך לערנביכער. פֿאַראַן צוויי גרופּעס שרײַבער־

---

[1] די צאָל לערער איז זיכער איבערגעטריבן. אין 1931, ווען אין גאַנץ אוקראַיִנע האָבן זיך געפֿונען 532 ייִדישע שולן מיט 66.252 קינדער, האָבן זיי געהאַט ניט מער ווי 2.032 לערער (נאַכמען מײַזיל, „דאָס ייִדישע שאַפֿן און דער ייִדישער שרײַבער אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד", ניו־יאָרק, 1959, ז. 137). אין לערנײאָר 1924—1925 זײַנען אין גאַנץ אוקראַיִנע געווען בלויז 342 שולן מיט 56.394 קינדער (מ. קיפּער, „10 יאָר אָקטיאַבער־רעוואָליוציע", קיִעוו, 1927, ז. 67). אין 1922 — א סאַך ווייניקער.

[2] דאָ רעדט זיך וועגן בריוו פֿון ש. דאָבין, ד. האָפֿשטיין און נויעך לוריע, וועלכע האָבן זיך געווענדט נאָך הילף.

[3] אין 1922 איז דאַניִעל טשאַרני אַוועקגעפֿאָרן פֿון מאָסקווע אין דײַטשלאַנד זיך היילן, און דער בריוו איז געשיקט געוואָרן קיין וויסבאַדן.

[4] דער ערשטער אַלוקראַיִנישער צוזאַמענפֿאָר פֿון ייִדישע קולטור־טוער האָט זיך געעפֿנט אין קיִעוו דעם 1־טן יוני 1922. עסטער (פֿרומקין) האָט זיך אין „דער עמעס" געדרוקט א בעאַריכעסדיקן באַריכט אין זיבן העמשאָכים (יוני 8, 13, 15, 22, 23, 27 און דעם 1־טן יולי 1922). ווי עסטער לאָזט וויסן (אין „דער עמעס", 8־טן יוני 1922), האָט „דער צוזאַמענפֿאָר געזאָלט... פֿאָרקומען אין האַרבסט פֿאָריקן יאָר (1921) אין מינסק... צוליב פֿאַרשיידענע סיבעס האָט ער זיך אָפּגעלייגט ביז איצט, און די נײַע סטאַדיע פֿון „נעפּ" האָט געצוווּנגען צו פֿאַרשמעלערן דעם מאַסשטאַב לעגאַבע מינסק". אױף דעם צוזאַמענפֿאָר איז געווען א גרויסער קאַמף אַרום דער שול־פֿראַגע, און עסטער שרײַבט („דער עמעס", 27־טן יוני 1922, ז. 2), אז „דער צוזאַמענפֿאָר האָט אַרויסגעזאָגט זײַן שאַרפֿע און נעגאַטיווע



מארק שאגאלס איליוסטראציע צו דאָוויד האָפשטיינס א ליד

פראָלעטןארישע] און פויערים־פראָלעטןארישע] און איך בין, ווי ליטוואקאָוו זאָגט, האצאָיר ציוניי[1]. וואָס זאָל איך טאָן? איך פיל זיך ניט. איך זוך בא זיך מיט ליכט און געפין אמאָל, אמאָל א ביסל „צעירוס", אָבער „ציוינוס" דארף איך ערשט קריגן, איך זאָל עפּעס האָבן. ווי זיך קאשערן ווייס איך

---

באציִונג צו דער פריוואטער שול, באזונדערס צום יידישן לעבן. אין דער יידישער סוויוועץ — האָט דער צוזאמענפאָר דערקלערט, — קאָן די פריוואטע שול ניט האָבן דעם קלענסטן פּאָזיטיוו־קולטורעלן ווערט, קאָן אפילע ניט דינען אלס סוראָגאט פון א שול. א יידישע פריוואטע שול באטייט א ציוני־ניסטיש־קלעריקאלע שול. א באזונדערע שול אף רוסיש און העברעיִש פאר רוסיש־ריידנדיקע יידישע קינדער — דאָס הייסט א קאָנפעסיאָנעלע שול. זי באטייט א פעסטונג פון דער שווארצסטער רעאקציע און קאָנטר־רעוואָליוציע. די יידישע רעוואָליוציאָנערע קולטור־טוער האלט פאר זייער כויוו מיט אלע קרעפטן צו באקעמפן אזא שול אין דער יידישער סוויוועץ".

[1] אין יאָר 1922 האָט מוישע ליטוואקאָוו געשריבן וועגן האָפשטיינס „ליד פון מיין גלייכגילט": „איצט, נאָך אָקטיאבער פון 1917 יאָר, איז דאָוויד האָפשטיין, וועלכער האָט נאָך גאָר ניט לאנג

אלץ ניט. איך מיין, אז איך דאַרף זיך גוט אָפּרוען א ביסל, אַן אַרבעט טאָן, דענסטמאָל וועט פאַר מיר אליין עפּשער עפּעס קלאָר ווערן (— — —).

זייַט גוט און שרייַבט באַלד.

אייַער דאָוויד האָפּשטיין

## [4]

[טעל־אוויוו, 1925]

דאָניע טייַערע,

מייַן פרוי גריסט אייַך אַלע אומבאַקאַנט. זי האָט געוווינט אין מאָסקווע נעבן אייַך, Оружейный, אין כימקי, איז געווען א לערערן פון מייַנע קינדער, ווען יענע זייַנען געווען אין כימקי[1]. איך וויל זיך אייַנאָרדענען מיט די קינדער צוזאַמען און צוליב דעם דאַרף מען אָדער נעמען די קינדער אַהער, אָדער קומען מיט דער פרוי קיין רוסלאַנד. איך וועל טאָן דאָס, וואָס וועט מעגלעך זייַן. ביידע זאַכן זייַנען שווער גענוג.

שרייַבט וועגן אַלץ.

א האַרציקן גרוס אַלע אונדזערע פרייַנט.

אייַער דאָוויד

Palestine
Tel Nordau
Tel Aviv
בייט מענאַכעם פּאָזנאַנסקי
בישוויל דאָוויד האָפּשטיין

## [5]

[טעל־אוויוו, 1925]

א גרויסן דאַנק אייַך, ליבער דאָניע, פאַר אייַער בריוו. איך אייַל זיך אייַך ענטפערן. דערווייַל האָב איך זיך דאָ ניט פאַרפעסטיקט.

וועגן ערעץ־יִיסראָעל אַן אַנדערש מאָל. איך דרוק דאָ מייַנע העברעיִשע לידער, עטלעכע קלײנע לידלעך אָנגעשריבן דאָ[2].

מייַן פרוי גריסט אייַך אַלע און דאַנקט אייַך. אַז איר וועט זיך מיט איר באַקענען, וועט איר זיכער זי שעצן.

אייַער דאָוויד האָפּשטיין

---

געשריבן זייַן פּאָעמע־רעוואָליוציאָנערן „אָקטאָבער", דערגאַנגען ביז דער קלייִנשטעטלדיק־נאַציאָנאַ־ליסטישער „ליד פון מייַן גלייַכגילט", וואָס איז ווי א מאָדערניזירטע און ראַפינירטע וואַריאַציע אַף א „צעירי־ציִיעניסטישע", „אויד לוי אָוודאָ"..." (מ. ליטוואַקאָוו, „ערעוו אָדער איסרע־כאַג", „דער עמעס", 11 מייַ 1922).

[1] אין כימקי, הינטער מאָסקווע, האָט זיך געפונען א קינדער־סאַנאַטאָריע, אין וועלכער ס'זייַנען אין 1921 יאָר געווען דאָוויד האָפּשטיינס זין (שמייַע און הילעל). דאָ האָט זיך דאָוויד האָפּשטיין באַ־קאַנט מיט זייַן צווייטער פרוי — פייגע, וועלכע פלעגט ווי א סטודענטן פון מעדיקער־פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט באַזוכן די סאַנאַטאָריע (פייגע האָפּשטיין, „דאָס געהויבענע אינעם טאָגטעגלעכן", „די גאָלדענע קייט", נומ. 83, 1974, זז. 52—67).

[2] האָפּשטיין האָט בייסן וווינען אין ערעץ־יִיסראָעל געדרוקט העברעיִשע לידער און אַרטיקלען אין „סייפער האשאָנאָ שעל ערעץ יִיסראָעל" (תרפ"ד־תרפ"ה), „האדוים, האפּאָעל האצאִיר, האַארעץ, „דאַ־וואר" און „קונטערס" (גענויער וועגן האָפּשטיינס מיטאַרבעט אין דער יִיסראָעל־פּרעסע און אין צייַטשריפטן זע מענדל פּיעקאַזשעס ביִאָביבליִאָגראַפישע נאָטיצן אין בוך: „א שפּיגל אַף א שטיין", רעדאַגירט פון כאָנע שמערוק, טעל־אוויוו, תשכ"ה, ז. 742.

[מאָסקווע, 1926]

דאַניע ליבער!

א גרויסן דאנק אײַך פאר אײַער בריוו, און כ'ײַען פאר איר צושריפט א באזונדערן דאנק.

די בריוו האָט מיר מײַן פרוי איבערגעשיקט פון פאלעסטינע. איך האָב אײַך ניט געשריבן, ווײַל איך בין געווען שטארק פארטאָן אין טשוווע טאָן. דאָס איז ניט קיין גרינגער אייסעק[1]. דערצו בין איך אינגאנצן הילפלאָז. איך האָב קיין שטאָך ארבעט ניט און ווייס ניט, וואָס צו אָנהייבן טאָן.

איך שיק אײַך מײַנע א פּאָר זאכן, און די ערשטע באקאַשע איז — שיקט באלד איבער האָנאָראַר אין דאָלאַרן מײַן פרוי. זי איז מיטן קינד דאָרט אָן א גראָשן. ביז איך וועל זיך אײַנאָרדענען (ארויס־פאָרן איצט איז גאָר אומעגלעך) און ביז איך וועל זי אהער נעמען וועט נאָך אוועקגיין א שטיקל צײַט. גיט דאָרט א ווונק אײַער אווראָמען[2], ער זאָל אויך אין זינען האָבן מיט ארבעט. ס'איז איצט א שטיקל האלאָכע. איך בעט אײַך, דאַניע, זען טאָן מיר די טויווע. איך ווער א שטענדיקער מיטאר־בעטער אײַערער. איך וועל אײַך שרײַבן קאָרעספּאָנדענצן פונדאנען[3]. האָט נאָר איצט אין זינען מײַן באקאָשע. שרײַבט מיר אָן וועגן אלץ, וואָס איר וועט באמערקן וועגן וויכטיקס אין דער יידישער ליטעראטור און אויך אין דער אלגעמיינער. גיט איבער מײַן בריוול בערגעלסאָנען. וואָס שווײַגט ער? איך האָב אים עטלעכע מאָל געשריבן פון ערעץ־יִסראָעל. איך גריס אלע פרײַנט און באקאנטע.

מיט גרוסן און בעסטע ווונטשן
אײַער דאַוויד האָפשטיין

---

[1] אין „דער עמעס" פון 20־טן אפּרעל 1926 איז אָפּגעדרוקט געוואָרן האָפשטיינס „טשווע־בריוו" ווי „א בריוו אין רעדאקציע":

„כאָשעווער כאַווער רעדאקטאָר,
איך בעט אָפּדרוקן מײַנע פאָלגנדיקע ווערטער:

צוריק מיט א יאָר איז צווישן מיר און די יידישע ליטעראטן און קולטור־טוער אין ראטנפארבאנד פאָרגעקומען אָן אײַנרײַס צוליב פעלערן, וועלכע זײַנען דורך מיר באגאנגען געוואָרן. דער גאנצער איניען געהערט שוין, אזוי צו זאָגן, דער געשיכטע, און עס ווילט זיך גלייבן, אז די דאָזיקע ווערטער מײַנע ליקווידירן ענדגילטיק דעם פאָרגעקומענעם סיכסעך, און איך וויל ווידער פארנעמען מײַן אָרט צווישן די, וועלכע בויען דאָס נײַע לעבן פון די יידישע הארעפאשנע מאסן אין ראטנפארבאנד.
מיט דערעכערעץ דאַוויד האָפשטיין".

דעם 15 אפּרעל 1926 האָבן 48 יידישע סאָוועטישע שרײַבער אָפּגעדרוקט אין „עמעס" אָן אפּעל „צו אלע יידישע שרײַבער אין אייראָפּע און אין אמעריקע" צו העלפן באזעצן אף ערד „500 טויזנט יידישע נעפאשעס". האָפשטיין איז נאָך דעמלט ניט געווען רעאבילויטירט און זײַן נאָמען איז ניטאָ צווישן די אונטערגעשריבענע. די קאמפּאניע צו באזעצן יידן אף ערד איז קעסיידער געווען פארבונדן אין דער סאָוועטיש־יידישער פרעסע מיט אנטי־ערעץ־יִסראָעל־פּראָפּאגאנדע. דעם 23 אפּרעל 1926 דרוקט האָפּ־שטיין אָפּ נאָך „א בריוו אין רעדאקציע", אין וועלכן ער בעט צוגעבן זײַן „כסימע צו דעם אופרוף פון די יידישע ליטעראטן פון ראטנפארבאנד", און ווי א רעפּאטריִאנט פון ערעץ־יִסראָעל גיט ער צו: „איך קום נאָרוואָס פון פאלעסטינע. איך האָב געזען, וואָס עס האָט זיך אויסגעלאָזן פון אלע צוזאָגן און דעקלאראציעס פון דער ענגלישער מאכט... אײַנאָרדענען א מענטש אף דער ערד איז אין ערעץ־יִסראָעל אָן אומגעהײַער שווערע און טײַערע זאך". דעריבער „דאַרף יעדער אָרנטלעכער ייד מיטהעלפן די געזעלשאפטלעכע אנשטאלטן, וועלכע שטיצן די ראטן־מעלוכע אין דער גרויסער ארבעט אירער".

אין „דער עמעס" פון 28 אפּרעל 1926 ווערט געגעבן א באריכט וועגן „א פארזאמלונג פון יידישע שרײַבער אין מאָסקווע, צונויפגערופן לויט דער איניציִאטיוו פון דער יידישער סעקציע פון „מאפפ". אף דער טאָג־אָרדענונג איז געשטאנען נאָר איין פראגע: „איניען האָפשטיין אין צוזאמענהאנג מיט זײַן בריוו אין „עמעס"... האָפשטיין האָט געגעבן זײַנע דערקלערונגען וועגן זײַן האנדלונג פאר דער גאנצער צײַט, זינט ער האָט אונטערגעשריבן דעם מעמאָראנדום וועגן העברעיִש צוזאמען מיט בור־זשואז־ציִעניסטישע און אנד. קלאל־טוער". צום סאָף האָט די פארזאמלונג אָנגענומען א רעזאָליוציע, אז אזויווי האָפשטיין האָט דערקלערט, אז „זײַן גאנצע האנדלונג, אָנהייבנדיק פון זײַן אונטערשרײַבן דעם מעמאָראנדום וועגן העברעיִש, איז א פעלערהאפטע און אז ער האלט פאר זײַן כויוו אף ווײַטער צו ארבעטן געמיינזאם מיט דער סאָוועטישער יידישער געזעלשאפטלעכקײַט אונטער דער אָנפירונג פון דער קאָמפּארטיי..., קאָנסטאטירט די אלגעמיינע פארזאמלונג פון די שרײַבער מיט גרויס באפריי־דיקונג, אז ס'איז געשאפן געוואָרן א מעגלעכקײַט פאר געמיינזאמער ארבעט מיטן כ' האָפשטיין און אנערקענט דעם איניען פאר ליקווידירט.

[2] מיסטאמע געמיינט אווראָם לעסינען, דעם רעדאקטאָר פון „די צוקונפט".

[3] דאניִעל טשארני האָט אין א צאָל אייראָפּעיִשע און אמעריקאנער צײַטונגען און פעריִאָדישע אויס־גאבעס געשריבן וועגן דעם יידישן קולטור־לעבן אין סאָוועטנפארבאנד. ווי ס'ווײַזט אויס, האָט אים האָפשטיין צוגעשטעלט מאטעריאלן קיין בערלין.

## [7]

[קיִעוו, 1927]

ליבער דאָניע, ליבע כײַע, ליבע קינדער, איך שטעל מיר שוין פֿאָר, פֿרײַלינס!

וואָס מאכט איר? הערן וועגן אײַך גוטס וויל איך שטענדיק. פֿאַר די פֿאַר ווערטער אײַערע, דאָניע, בין איך זייער דאנקבאר. איך האָב אײַך ניט געשריבן ביז אהער, ווײַל עפּעס איז מיר ניט שטענדיק פֿרײַ אופֿגעלייגט אפֿן הארצן, ווי אמאָל אין מײַן פֿארשפּעטיקטער „קינדערישקײַט", ווי איר רופֿט עס אָן. איך האָב זיך אומגעקערט און האָב אַף זיך גענומען אן אָל פֿון ארבעט און פֿון ערנסט, ווי עס פֿאָדערן פֿון מיר די אלע כאַוויירים מײַנע, וואָס האָבן מיך געכאַפּט בא דער האַנט (די האַנט האָט זיך געבאַסמעטע[1]. אליין האָבן זיי זיך באַלד אַרײַנגע„וואַפּפּט" און אַרײַנגע„מאַפּפּט" (איר זעט, מיט אײַך הייב איך ווידער אָן קינדערשע שטיק). איצט האָבן מיר גיך א צוזאמענפֿאָר. מיר ווערן א סעקציע פֿון „וואָפּפּ". מיר ווערן בא „וואָפּפּ"טע שרײַבער, Всеукр. спілка пролет. письменників אײַערע ווערטער וועגן מיר פּערזענלעך האָבן מיך גערירט. איך בין ניט געוווּנט און וואָלט זיך טאקע געניטיקט אין א ביסל רו, אָבער ווי מאכט מען דאָס?

אײַער דאַוויד האָפּשטיין

מײַנע קינדער זײַנען שיינע, ווילע יונגען. לערנען זיך גוט און זײַנען שטארק באליבט אין קיִעוו. זיי גריסן אײַערע טעכטער איבער מײַן קאָפּ (זיי זײַנען העכער פֿון מיר).

## [8]

[כארקאָוו, 1928.VIII.10]

„פּראָליט", כוידעש־זשורנאל
אלוקראַיִנישע אסאָציִאציע [פֿון] פּראָלעטארישע שרײַבער „וואָפּפּ"
כארקאָוו, גאס פֿרײַע אקאדעמיע, נום. 5
פֿאַרלאג „פּראָלעטארי"

ליבער דאָניע!

אײַער בריוו אין „פּראָליט" האָב איך איצט באקומען. איך בין דער קאָל־ווּעכאָל אין „פּראָליט". איך רעדאגיר שטענדיק די בעלעטריסטיק. איצט בין איך אויך דער סעקרעטאר און דער ארויסלאָזער פֿונעם זשורנאל. גילדין איז איצט אין א זײַט פֿון דעם איניען, אָבער ער האָט א סאך האָרעוואַניע און זײַן אומגעלומפּערטן פּאטאָס אוועקגעלייגט אַף דער זאך.

...כ'האָב א סעקרעטאר, א קאבינעט, א טעלעפֿאָן און אזוי ווײַטער.

אײַער דאַוויד האָפּשטײַן

גריסט אלע פֿרײַנט. ווײַזט בערגעלסאָנען, ווי מיר קעמפֿן מיט נעסטאָריזם[2]. ס'איז צוליב אונדז און ניט צוליב אים, אָבער אים וועט עפּשער האנאָע טאָן.

---

[1] געמיינט די כסימע אונטער דעם מעמאָראנדום קעגן דעם פֿארבאָט אַף העברעיִש אין סאָוועטנ־פֿארבאנד.

[2] דאָס דארף מען מיסטאמע לייענען ווי ניסטעריזם. צוויי כאדאָשים פֿאַר דעם, איידער דער איצטי־קער בריוו איז געשריבן געוואָרן, האָט האָפּשטיין אין אן ארטיקל וועגן סימבאָליזם אין „פּראָליט" (נום. 3, יון 1928, ז. 44—45) אטאקירט ניסטערן. „מ'דארף קלאָר מאכן דעם גרויסן כילעק, — שרײַבט האָפּשטיין, — און די ראָליע פֿון דעם רוסישן סימבאָליזם, וואָס איז מיט קאָוועד אוועק פֿון דער וועלט, און דעם, מישטיינס־געזאָגט, סימבאָליזם בא אונדז, וואָס האלט נאָך אין איין טשאָדען פֿון פֿארשיידענע ווינקלען און ווינקלט אמאָל אונטער אַף דעם רוסישן סימבאָליזם... דער ייִדישער סימבאָליזם האָט א רײַכע דוירעסדיקע געשיכטע. זײַן שטיקל גילגל בא אונדז אין ראטנפארבאנד האָט אָבער א ביטערע באטלאָנישע יערושע, און קיין שפּור פֿון געזעלשאפֿטלעכער אקטועלקײַט איז איצט שוין ניט צו גע־פֿינען אין אים. א געפּלעפּטער, איבערגעשראָקענער יאָכיד האָט ביז שוויס זיך געמיט זײַנע אומקלאָרע זוכענישן אָנבינדן אין אָט די סטיליסטישע רעשטן פֿון דער כסידישער באוועגונג, ביז ער איז אליין אין אָט די סטיליסטישע נעצן געפֿאנגען געוואָרן (ניסטער)".

די קאמפּאניע קעגן דעם ניסטער האָט אָנגענומען א ספּעציִעל שארפֿע פֿאָרם אין 1929. אין כוידעש מײַ 1929 איז פֿאָרגעקומען א „פּארטיי־בארא‍טונג באַם פּארטיי־קאָמיטעט פֿונעם קיִעווער קרײַז וועגן דער ייִדישער ליטעראטור". אין זײַן ארײַנפֿיר־וואָרט אַף דער דאָזיקער בארא‍טונג האָט גאָראָכאָוו באַ־טאָנט, אז „די רעכטע גרופּע איז די סאמע רעאקציִאָנערסטע אין דער ייִדישער ליטעראטור. די גרופּע געפֿינט זיך אונטערן צייכן פֿון דעם אזויגערופֿענעם „ניסטעריזם" — וועמעס ווערק עס זײַנען רעאק־ציִאָנערע און פֿרעמדע. ס'איז פֿאראן אן אויסגעשפּראָכענע רעכטע געפֿאר אין דער ייִדישער ליטע־ראטור. אין דער שאפֿונג דריקט זי אויס דער ניסטער..." („פּראָליט", נום. 5, מײַ 1929, ז. 86).

[כאַרקאָוו, ווינטער 1929

ליבער דאָניע! ליבע כײַע! ליבע קינדער, מינע און לילי!

איך האָב אײַך אַלעמען שוין ניט איין מאָל זיך געקליבן שרײַבן. קיין קאָמאַנדירונג האיאַר האָט מען מיר ניט געגעבן. איצט ווײַל איך און איך מוז פאָרן אויף אייגענעם כעזשבן. איר, מײַנע פרײַנט, דאַרפט וויסן, אַז מײַן פּילעכץ איצט איז גאָר ניט קיין געהויבענע. איך קאָן מאַאַוויר זײַן אויף אַ סאַך זאַכן, איך בין אַ היגער, אָבער איצט איז אַזאַ שטיקל סיטואַציע, אַז כ'וויל זײַן אויסער היים, אויסער אָרגאַניזאַציע „וואָספּ“[1], אויסער געשפּאַן פון פיר רעדאַקטאָרן אין „פּראָליט“[2] און אַזוי ווײַטער. די אַלע אָנפאַלן אויף פאַרשיידענע זאַכן, וואָס ווערן געמאַכט אין „פּראָליט“; די אַרויסטרעטונג פּעפערס אין אויסלאַנד[3] וועגן ניגערן[4] איז זײַן, פּעפערס, אַרויסטריט, און ניט דאָוויד האָפשטיינס מיינונג. אַ סאַך זאַכן, וואָס מע קאָן מיינען, איך נעם אָנטייל אין זיי, גייען פאַרבײַ מיר. איך ווער מעכאַניש אַרײַנגעשלעפּט אין זיי און דאָס איז ניט פון די פרייליכע געפילן. גענוג איז אײַך זאָגן, אַז מיט מײַן ערשטן אַרטיקל אין „עמעס“, ווען איך בין נאָר געקומען פון אויסלאַנד, איז געשען דאָס זעלבע, וואָס מיט אײַערן, דאָניע. כ'האָב דאָרט דערזען אַ סוגיע, וואָס איך האָב זי אַפילו ניט געקאָנט קיינמאָל אָנשרײַבן...[5] פּערזענלעך צו ש. ניגער האָב איך גאָר אַן אַנדער באַציִונג, ווי דאָס קומט אויס לויטן „וואָספּישן“ שניט, וואָס איז גענומען געוואָרן[6]. ליטוואַקאָוו האָט זיך דערשלאָגן, אַז אַי קושניראָוו, אַי פּעפער האָבן אים געשענקט זייערע ביכער אַפילו „מיט ליבע“. אָבער איך ווייס, אַז דאָס איז ליבע פון אַ געוויסער מאַדרייגע, וואָס איך האָב צו איר ניט דערגרייכט.

וואָס זשע טוט מען? דאַרף מען אַ ביסל זיך אָפּרוען און זיך Не удостоил господу[7]. אַרומקוקן אין גאָטס וועלט, ווי זי איז רוי און געקאָכט און געבראָטן און האַלב־געבראָטן. איך גרייט זיך מאַכן אַ שטיקל נעסיִע צו אײַך און עפּשער אויך קיין אַמעריקע. ביז איצט האָב איך דאָ קיין

---

[1] די באַציִונגען צווישן האָפשטיינען און דעם זשורנאַל „פּראָליט“ זײַנען געווען ניט קיין גוטע שוין אין דער ערשטער העלפט פון 1929, ווי ס'באַווײַזט די אַרויסטרעטונג פון ב. גלאַזמאַנען: „איך האַלט, אַז ס'איז אַ גליטשיקע שטעלונג צו פּאַרטיידיקן האָפשטיינען. מיר דאַרפן די וואַקלונגען ניט פאַרגלעטן“ („דער „פּראָליט“ גיט אָפּ דין־וועכעזשבן“, „פּראָליט“, נומ. 6, יון 1929, ז. 94). דער סיכסעך צווישן האָפשטיינען און די אַנדערע ייִדישע שרײַבער פון „וואָספּ“ האָט זיך פאַרטיפט אין צוזאַמענהאַנג מיט דער באַוווּסטער קאַמפּאַניע קעגן לייב קוויטקאָ (סענטיאַבער—נאָיאַבער 1929), פאַר זײַן עפּיגראַמע אויף מוישע ליטוואַקאָוון, פון וועלכער האָפשטיין האָט זיך אָפּגעגרענעצט, ווײַל זי האָט אָנגענומען אַ כאַראַקטער פון דערנידעריקונג.

[2] רעדאַקציע־מיטגלידער פון „פּראָליט“ זײַנען אין פעוורואַל—מאַרט 1929 געווען: א. אַבטשוק, ד. האָפשטיין, מ. לעוויטאַן, אי. פּעפער. אין נאָיאַבער—דעקאַבער־נומער פונעם זעלביקן יאָר פיגורירט שוין ניט האָפשטיין אין דער רעדאַקציע.

[3] אין סאָף 1928 און אָנהייב 1929 האָט איציק פּעפער, צוזאַמען מיטן אוקראַיִנישן פּאָעט ניקאָלײַ טערעשטשענקאָ, באַזוכט פּוילן, דײַטשלאַנד, טשעכאָסלאָוואַקיע און אַנדערע לענדער („פּראָליט“, יאַנוואַר 1929, ז. 72).

[4] זײַענדיק אין דײַטשלאַנד, האָט איציק פּעפער געגעבן אַן אינטערוויו פאַר דער „אַרבעטער־שטימע“, בײַס וועלכן ער האָט געזאָגט: „עמעס, מיר האָבן נאָך עטלעכע קרעכצערס, נאָר זייערע הייזעריקע קעלכלעך ווערן דערטרונקען אין די שטראָמען פון אונדזער וווּקס, און אומזיסט וויל ש. ניגער אָט די צוויי־דרײַ קרעכצערס מאַכן פאַר די פאָרשטייער פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור. אונדזער גליק איז, וואָס באַם אויסוויילן אונדזערע פאָרשטייער האָט ניגער ניט קיין שום רעכט“ (א. מאַרגאָלין „אַ שמועס מיטן כאַוו. איציק פּעפער“, „אַרבעטער־שטימע“, פּאַריזש, 5 יאַנוואַר 1929).

[5] האָפשטיינס ערשטער אַרטיקל נאָך זײַן צוריקקומען קיין ראַטנפאַרבאַנד איז געווען אַ רעצענזיע אויף לייוויקס לידער־בוך „שניי אויף אַראָפּגעפאַלענער“, וואָס איז דערשינען אין מאָסקווע אין פאַרלאַג „שול און בוך“, 1925 („דער עמעס“, 9 מײַ 1926, ז. 2). דער סאָף פון דער רעצענזיע זעט אויס ווי צוגעשריבן און ווי אַן אויסרייד דעם רעצענזענט, דאָוויד האָפשטיין: „מעגלעך, גאַנץ מעגלעך, — זאָגט זיך דאָרט, — ניט אַלע מיר האָבן דאָ פאַרדינט דאָס גליק, וואָס איז אונדז אויסגעפאַלן, ניט אַלע זײַנען אָנגעמאָסטן פאַר אים. אָבער מיר, ייִדישע ליטעראַטן און דיכטער פון ראַטנפאַרבאַנד, זײַנען רײַך געווען מיט טרויער און מיט ווייטיק. און אַלע אונדזערע וואַקלונגען זײַנען וואַקלונגען פון טרויער און ווייטיק. אויב די פראַגע וועגן ירושע, ווי זי ווערט געשטעלט און געלייזט דורך כאַווער ליטוואַקאָוו אין זײַנע אַרטיקלען „ירושע און העגעמאָניע“, קאָן נאָך אין אַ וועלכן הינזיכט איבערגעלייזט ווערן, איז די פראַגע וועגן „העגעמאָניע“ דורך אונדז אַלע דאָ געלייזט גרינטלעך, ערנסט און אויף לאַנג“. דאַניִעל טשאַרני דערציילט, ווי אַזוי ליטוואַקאָוו האָט צו זײַנע, טשאַרניס, פּרעסע־איבערזיכטן אין „עמעס“ צוגעשריבן אַזעלכע זאַכן, וואָס זײַנען דעם שרײַבער פון די איבערזיכטן געווען „לאַכלוטן אומבאַקאַנט“. אַז טשאַרני האָט אויסגערעדט ליטוואַקאָוון, וואָס ער האָט אים צוגעשריבן ניט־געשטויגענע זאַכן, האָט אים ליטוואַקאָוו געענטפערט „מיט זײַן גאַליק שמייכעלע: — וואָס נעמט איר זיך אַזוי צום האַרצן, כאַווער טשאַרני, איר באַקומט דאָך האָנאָראַר פאַר די צוגעשריבענע שורעס אויך...“ (ד. טשאַרני, „אַ יאָרצענדליק אַזאַ“, ז. 320).

[6] אין „פּראָליט“ (נומ. 2—3, פעוורואַל—מאַרט 1929, ז. 84—87) האָט ש. שקאַראָווסקי פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל מיטן נאָמען „וואָס איז אויסן ש. ניגער?“, אין וועלכן ער באַשולדיקט ניגערן אין קליינבירגערלעכער וועלט־אויפפאַסונג און קעמפנדיקן אַנטיקאָמוניזם.

[7] ניט אויסגענומען באַם קאָוועיאָכל.

וויזע פאר מײַן פרוי ניט געקראָגן. מע האָט מיר שוין צוגעזאָגט אז יאָ, איצט האָט מען זי שוין פון לאנג ארויסגעשיקט און איך האָב נאָך ניט קיין נאכעס. זי דאָרט האָט אלץ ניט באקומען דעם נייטיקן ענטפער און די לאגע איז ביכלאל אזא, אז איך וועל מוזן איר העלפן איבערפאָרן. וויל איך זיך ארויסכאפן קיין אויסלאנד אף א שטיקל צײַט, א ביסל זיך דערמונטערן און דערנאָך שוין מיט האק און פאק קומען צוריק. דאָס איז דאָך א קאָשערע אונטערנעמונג, מעג איך וועגן איר אזוי ריידן מיט מײַנע גוטע פרײַנט [— — —].

ליבער דאָניע!

איך בין נאָרוואָס אופגעשטאנען פון א קרענק, זיך גוט פארקילט. דאָ איז שרעקלעך ווינטער־דיק. מע האָט צעפּאָלאָשעט די ארקטיק, און איצט קריכט זי ביז איטאליע. פרירט איר אויך א ביסל? ליבע כײַע, שרײַבט אָן א פּאָר ווערטער וועגן זיך, וועגן די טעכטער, זיי בעטן האָב איך שוין מוירע. כ'בין איצט געוואָרן אזוי סאָליד און צוריקגעהאלטן, ביכלאל פארלאָזט אלע כאטאָסן פון שווערן אמאָל. וואָס איך האָב זיי פארלאָזט איז קיין כידעש ניט, אָבער וואָס זיי האָבן מיך אָפּגעלאָזט, דאָס איז א זאך. זײַט געזונט, איך קוש אײַך הארציק אלע, אלע.

אײַער בעעמעסדיקער פרײַנט בעלייוו ווענעפעש

דאָוויד האָפשטיין

שרײַבט מיר אָן 21 ,Киев, Пушк.

## [10]

[קיִעוו, 1929]

ליבער דאָניע, ליבע כײַע, ליבע קינדער!

ליבע פרײַנט!

איך שיק אײַך א גרוס פון מײַן פאמיליע. איך האָב צוויי גרויסע זין (העכער פון מיר) און א טאָכטער. מײַן פרוי גריסט אײַך.

איך בין א קיִעווער. איך נעם איצט א גרויסע דירע און באזעץ זיך מײַסע טוישעוו. האָט איר געזען ש. האלקינ[ס] בוך לידער „וויי און מוט"?[1] קעדײַ אים האָבן — א גוטער בוך. איך וועל אים אײַך ארויסשיקן, אויב איר האָט אים ניט. שרײַבט מיר אָן. וואָס זאָגט איר אף אונדזערע נײַס אין געביט פון ליט[עראַרישע] רעכילעס? איך מיין קוויטקאָס פּאָרטרעטן און זײַן ציקל לידער „צווישן אונדז זאָל עס בלײַבן". איר זעט, אז בא אונדז איז זעלבסטקריטיק ביז זיך שפּײַען אין פּאָנעם אויך בענימצע.

זײַט געזונט. שרײַבט אלע, אלע. פון די פרײַלינס וויל איך א באזונדער בריוו, ווי א טאטע פון דערוואקסענע זין.

אײַער דאָוויד האָפשטיין

## [11]

[קיִעוו, 1931?]

טײַערע פרײַנט דאָניע און כײַע!

כ'האָב באקומען אײַער לעצט קארטל, דאָניע, און האָב באשטימט אײַך שרײַבן אייספּירלעכער ווי שטענדיק, כאָטש צײַט איז ווייניק דאָ — טעמפּן!

מיר זײַנען דיכטער פון א לאנד, וואָס ברויזט, וווּ יוגנט און פײַער קעמפן מיט א יערישעלע... וואָס דארף איך אײַך דערציילן? איך שרײַב אף אויסלענדיש פּאפּיר (פארהיט זיך בא מיר) צו אויס־לענדישע פרײַנט און האָב פארגעסן, אז דאָס זײַנען דאָניע און כײַעלע, אז דאָס זײַנען זיי, אז וועגן מאָסקווער געסלעך האָט געשריבן דאָניע און אז כײַעלע האָט אין די יאָרן 18—20 געקאָנט אָפּזיצן ניט ווײַט פונעם סוכארעווער טורעם...

זײַט מיר מויכל, מײַנע ליבע פרײַנט. גיט דאָרט א פרײַנטלעכן קוק, מע זאָל אונדז גיכער עלעקטריפיצירן, אינדוסטריִאליזירן און מיר וועלן זיך שוין א סטארע טאָן און וועלן אײַך א רעוואָ־ליוציאָניזיר טאָן, אז... איר ווייסט שוין אליין ווי גוט מירן עס מאכן. געוויינלעך, איר דארפט אויך א ביסל וועלן. איך זעט זייער, אז מינע און לילי זאָגן מיר אָנשרײַבן, מעג זײַן דײַטש. לילי! כ'האָב א שיינעם זון, כאפּ זיך דאָרט ניט צו צו די דײַטשן.

אײַער דאָוויד האָפשטיין

---

[1] ש. האלקין, „וויי און מוט", לידער, מאָסקווע, צענטערפארלאג, 1929.

●

דאוויד האָפשטיין

# בא מײַן פענצטער

Хочу быть с веком наравне.

*А. Пушкин*

איך שטיי בא מײַן ליכטיקן פענצטער...
די פרעכע פארשאָלטענע מערדער
זיי האָבן געוואָלט מיך פארטרײַבן פון ליבע, פון היימישע ערטער...
זיי האָבן מיט זייערע קלאָלעס זיך שענדלעך אלוועלטלעך דערוואָרגן —
איך שטיי בא מײַן ליכטיקן פענצטער און זאָג אונדזער וועלט: „א גוט־מאָרגן!"

איך גלייב, אז דער פענצטער, פונוואנען זיי האָבן געוואָלט מיך פארטרײַבן,
דורך שורעס פון לידער פון מײַנע וועט מײַנער אױף אייביק פארבלײַבן.
איך קוק אױף דער מעסיקער בלויקײַט פון הימלשע שטאָפּן פון עכטע,
געוויי̆קט און געשווענקט און געוואשן פון שטורמישע כמארעס ערשט נעכטן,
איך זע די אָנצאָליקע גרובנס לעגנגויס די גרויסשטאָטישע גאסן,
די שטאָלענע טרויבן, וואָס ווארטן, מע זאָל זיי אין טיפן פארפאסן,
זיי זאָלן אין קיִעוו פארגאנצן די האפט פון דער נעץ פון דער ברייטער,
וואָס ציט זיך פון ווײַטע קארפאטן — „דאשאווא—קיִעווגאז—לייטער".

איך קוק אױף די שפּיצן פון ביימער און פיל אים, דעם גאנג פון די צײַטן,
די הארבסטיקע שוועלן דערפיל איך, זיי ווינקען צו מיר פונדערווײַטנס.
איך זע די אלפאָלקישע פעלדער: די ארבעט דער שניטער פארענדיקט,
די שפּײַכלערס פון אונדזער מעלוכע — דער זאמלער פארפולט זיי, ווי שטענדיק;
די שולן אױף זיבעציק שפּראכן זיך גרייטן דערקלערן די קינדער
דעם סיידער־האָוילעם באווײַזן, און וואָס פאר א צײַט ס'איז אצינדער,
און מוטיקײַט גרויסע פון לעבן (מײַן הארץ אָן א טאָעס דערקענט זי)
פארפלייצט אלע צעקן פון מויעך, וואָס ווידער צו שאפונג ער ווענדט זיך...

אויב דיכטונג אָט דאָ מײַן באָרוף איז, איז וויל איך זיך גלײַכן צו לײַטן,
איך האָב אין מײַן יונגט געוועגדט זיך צום דיכטער, וואָס שטאמט אויך פון ווײַטן,
וואָס האָט אָט די פעלדער די ברייטע באוווּנדערט, באדויערט באזונגען.
איך האָב זײַנע שענסטע געזאנגען באנומען מיט הארצן מיט יונגן.
אמאָל נאָך האָט ער שוין פארשטאנען, און זײַן מיט דער צײַט האָט געייצעט
ניט אָפּשטיין פון גאנג פון דער טקופע — מיט פאָדערשטע פלייצע צו פלייצע,

ס'איז לעכערלעך זיך צו דערמאָנען, כ'האָב אים אין מײַן גלײַכן פארוואנדלט:
אוודים האיִנו... מע האָט ווי א קנעכט דאָך זײַן יידן באהאנדלט...
ס'איז קלאָר דאָך, אז פושקינען מיין איך. געווען זײַנען קרויוים די יידעס.
און ביידע באנומען די וועלטן פון אָט די פעלדישע בריטן...
כ'האָב זײַנע געזאנגען מיט כידעש געהערט נאָך אין קינדהײַט אין מײַנער,
כאָטש אנדערש, גאָר אנדערש באטראכט כ'האָב דאָס לעבן פון הוילע ציגײַנער
געמאכט כ'האָב פיל רײַזעס און ווײַטע,
פון זײַניקע רײַזעס פיל גרעסער,
ער האָט זיך דאָך קיינמאָל גאָר ווײַט ניט געשיידט
מיט דעם ברעג דעם אָדעסער...

געזוען האָב איך פֿיל אין מײַן ליכטיקן און אומפֿאַרגעסלעכן װאַנדער,
געזוען כ'האָב פֿילאַרטיקע װעלטן, נאָר אַלץ דאָרט געזוען האָב איך אַנדערש.
אױך איצט, װי אַ קינד נאָך, איך פֿרײ זיך מיט אַלץ, װאָס זײַן אָנדענק דערינערט,
ס'איז שטענדיק געװען מיר דערװידער דאָס אַלץ, װאָס זײַן זוניקײַט מינערט.

אָ, ער — אונדזער דיכטער — האָט שטענדיק מײַן װעזן מיט צױבער געצױגן.
זײַן בענקשאַפֿט זײַן גרױסע צו פֿרײַהײַט —
זי שטײט מיר אַצינד פֿאַר די אױגן.

ס'איז קלאָר מיר, אַז ער איז אַצינד אומעטום מיט די פֿרײַהײַט־סאָלדאַטן
אין עקן אין אַלע פֿון װעלט האָט זײַן הױכן באַרוף ניט פֿאַראַטן,
װוּ בײַראָן, זײַן מוטיקער פֿרײַנט, האָט אַמאָל נאָך געקעמפֿט פֿאַר די גריכן,
איצט קעמפֿט אונדזער פּושקין מיט שלענג, װאָס פֿון הױפֿט־נעסט נאָך אומעטום קריכן.
און אַלע מעדינעס,
װי אױך אין ייִסראָעל — דער ייִנגסטער מעדינע —
זײַן ליבע איצט קעמפֿט פֿאַר די פֿרײַנט,
אַלע פֿײַנט איצט שפּירן זײַן סינע.

איך שטײ בײַ די האַרבסטיקע שװעלן...
עס װינקט שױן דאָס יאָר נײַן און פֿערציק...
דרײַ יױװלען, זינט ער איז געבױרן,
זינט איך בין געבױרן װערט זעכציק...

איך שטײ בײַ די שװעלן פֿון צוקונפֿט — זײַן נאָענטקײַט פֿיל איך אַלזײַטיק.
װי פֿרוכט אױף אומענדלעכע פֿעלדער, איצט װערט אונדזער ליבע געצײַטיקט.
איך װיל װעגן דעם אײַך דערציילן, איר, פֿרײַנט מײַנע, װוּ נאָר איר זײַט דאָרט,
אױב נאָר איר זײַט נאָך געבליבן, װוּהין נאָר איר האָט שױן פֿאַרװאַנדערט...
קײן מיזרעח, קײן דאָרעם, קײן צאָפֿן, אין נאָענטן מיזרעך, אין װײַטן —
ער גרײכט אומעטום שױן דער אָטעם פֿון אונדזערע גלײַכע צײַטן.
זאָל אַלעמען אײַך איצט דערגרײכן דאָס גליק, װאָס בײַ מיר איז פֿאַרבאָרגן:
איך שטײ בײַ מײַן ליכטיקן פֿענצטער און זאָג אונדזער װעלט: „אַ גוט־מאָרגן!"

1948

---

## אַן אױסצוג פֿון דערינערונגען פֿון דאָװיד האָפּשטײנס אַלמאָנע פֿײגע האָפּשטײן

אָנהײב 1953. שױן דאָס פֿינפֿטע יאָר װי דאָװיד האָפּשטײן איז אַרעסטירט. מע זאָגט אונדז אַלץ, אַז ער געפֿינט זיך אין דער מאָסקװער לעפֿאָרטאָװער טפֿיסע. איך בין צװישן קיִעװ און מאָסקװע. אין קיִעװ קאָן איך לאַנג ניט אײַנזיצן, ס'ציט מיך קײן מאָסקװע זיך דערװיסן, װאָס מיט אים טוט זיך, אָבער אױך אין מאָסקװע קאָן איך לאַנג ניט זײַן. פֿונעם װאָקזאַל גײ איך גלײַך אין דער קאַנצעליאַריע פֿון קאַגעבע אױף לוביאַנקע, און נאָך עטלעכע שעה װאַרטן באַקום איך אײנעם און דעם זעלבן ענטפֿער: פֿאַד סלעדסטװיִעם! — אונטער דער אױספֿאָרשונג!

דאָװיד איז געװען דער ערשטער פֿון די ייִדישע שרײַבער, װעמען מ'האָט אַרעסטירט אין 1948. נאָך אָנדערהאַלבן כאָדאָשים האָט מען אים אַרױסגעפֿירט פֿון קיִעװ קײן מאָסקװע. איך בין גלײַך נאָכגעפֿאָרן. דעם זעלבן אָװנט האָב איך צופֿעליק באַגעגנט אין גאַס פּערעץ מאַרקישן. ער האָט מיך געפּרוּװט טרײסטן, מיך פֿאַרזיכערט, אַז דאָ, אין מאָסקװע, װעט מען זיך פֿאַנאַנדערקלײַבן און מע װעט דאָװידן באַפֿרײַען. ס'האָט זיך זײער געװאָלט גלײבן אין דעם, אָבער מיט עפּעס אַ באַזונדערן כוש האָב איך געפֿילט, אַז מאַרקיש אַלײן גלײבט ניט.

באַקומען דעם ענטפֿער אין קאַגעבע, לאָז איך זיך אַװעקגײן. איך גײ איבער די מאָסקװער גאַסן מיטן קלײנעם רענצל אין האַנט. איך גײ און װײס ניט װוּהין. בײַ װעמען קאָן איך נעכטיקן? איצט בין איך אין ערגעץ ניט קײן אײַנגעלײגטער גאַסט. אַפֿילע צו מײַן טאָכטער לעװיִע, װאָס װױנט אין מאָסקװע, קאָן איך ניט אַרײַנגײן. אירע שכײנים װײסן פֿון גאָרניט, און זײ דאַרפֿן מיך ניט זען. האָב איך דאָ מער ניט װאָס צו טאָן. איך מעג צוריקפֿאָרן קײן קיִעװ.

אײן מאָל אין כּוידעש האָב איך אָבער יאָ וואָס צו טאָן אין מאָסקווע. איך פֿאָר פֿון דער באַן גלײַך אין לעפֿאָרטאָווער טפֿיסע איבערגעבן פֿאַר האָפֿשטײנען די באַשטימטע צווײ הונדערט רובל. פֿאַר אָט דער סומע קאָן דער אַרעסטירטער זיך קויפֿן אין טפֿיסע עסנווארג. מיט גרויס האַרצקלאַפּעניש שטײ איך און וואַרט אױף מײַן רײ: צי וועט מען בא מיר נעמען דאָס געלט? מיר ווײסן, וואָס עס באַטײַט, אַז מע נעמט ניט: אָדער דער אַרעסטירטער איז שוין דאָ ניטאָ, אָדער ער איז באַשטראָפֿט. בא אונדז האָט מען אַלעמאָל גענומען דאָס געלט. אָבער ווי נאַיִוו מיר זײַנען געווען! נאָך דער רעאַביליטאַציע, ווען מיר האָבן זיך אומגעקערט פֿון דער פֿאַרשיקונג, האָט אונדז די קאַגעבע אומגעקערט מער ווי אַ העלפֿט פֿונעם געלט...

אָפּגעגעבן דאָס געלט, גײ איך אַלץ ניט אַוועק. דאָ, לעבן דער טפֿיסע, בין איך פֿאָרט נענטער צו אים. איך לאָז זיך גײן מיט אַ זײַטיק געסל. פֿון דאָרט זעט מען דעם פֿינפֿשטאָקיקן בנין. איך גײ און קוק און זוך, איך וויל געפֿינען דאָס פֿענצטער, דאָווידס פֿענצטער.

האָבן מיר אײנמאָל אַזוי פֿאַרבלאָנדזשעט, איך און לוויע, אין טפֿיסע־הויף און פּלוצעם הערן מיר אַ געשרײ:

— סטאָי! וווּהין קריכט איר? ס'האָט זיך אײַך פֿאַרוואָלט אהער? מיר קאָנען דאָס פֿאַר אײַך טײקעף אײַנאָרדענען...

אין אײנעם אַ ווינטערטאָג האָט מיר לעוויע אָנגעקלונגען פֿון מאָסקווע און מיט פֿאַרשײדענע רעמאַזים און אָנצוהערענישן געגעבן צו פֿאַרשטײן, אַז מ'האָט בא איר אין קאַגעבע גענומען אַ כּסימע ניט אַרויסצופֿאָרן פֿון שטאָט. מיר האָבן געוווּסט, וואָס דאָס באַטײַט: פֿאַרשיקונג.

ניט געקוקט אױף לעוויעס טײַנעס: מאַמע, פֿאָר איצט ניט קײן מאָסקווע, דאָ זײַנען שטאַרקע פֿרעסט — בין איך דעם זעלבן טאָג אַרויסגעפֿאָרן. ווער ווײסט, וווּהין מע וועט אונדז פֿאַרשלײַדערן און, ווי ס'איז געווען צו דערוואַרטן, איטלעכן אין אַן אַנדער אויסרײַסעניש. לאָמיר זיך כאָטש געזעגענען.

ווי אַזוי איך בין נאָר אָנגעקומען, זײַנען מיר גלײַך אַוועק בײדע אין קאַנצעליאַריע פֿון דער מיליטער־קאָלעגיע פֿונעם העכסטן געריכט. אַ קאַפּיטאַן מיט אַ העפֿלעכער מינע האָט אױף אונדזער שײַלע — ווו עס געפֿינט זיך האָפֿשטײן — געענטפֿערט: פֿאָד סלעדסטוויִעם! — אונטער דער אויספֿאָרשונג. און דאָס איז שוין געווען נאָך דעם, ווי די ייִדישע שרײַבער זײַנען מערדעריש אומגעבראַכט געוואָרן. וועגן דעם האָבן מיר זיך דערוווּסט ערשט שפּעטער.

אױף מאָרגן, דעם 13־טן יאַנוואַר 1953, האָבן זיך אַלע צײַטונגען אין דער הויפּט־שטאָט פֿאַרכלינעט פֿון סינע צו די ייִדישע דאָקטוירים, „די מערדער אין ווײַסע כאַלאַטן". אַזעלכע מומחים אין מעדיצין ווי וואָווסי, קאַהאַן, פֿעלדמאַן, גרינשטײן, עטינגער און נאָך אַנדערע, זײַנען, ווערדליק די צײַטונגען, גאָר געווען פֿאַרווערבירט דורכן „דזשױינט" צו דעם אַמעריקאַנער און ענגלישן אימפּעריאַליזם און זיך פֿאַרנומען מיט פֿאַרברעכערישער אַרבעט: אומיסטן געשטעלט ניט־ריכטיקע דיִאַגנאָזן, געמאַכט ניט־פּאַסיקע אײַנשפּריצונגען און אַזוי אומגעבראַכט הויכע געזעלשאַפֿטלעכע טוער און סטאַם מענטשן. אָבער אַדאַנק דער רוסישער מעדיצינערן לידיִאַ טימאַשוק — האָבן די צײַטונגען מודיִע געווען — זײַנען אַנטפּלעקט געוואָרן זײערע מעשׂים...

ס'איז פּאָשעט אַ פּחד אַרויסצוגײן אין גאַס. אין די אַווטאָבוסן, אין די טראַמווײַען האָט מען געהערט: „וואָס זאָגט איר דערויף? אַ פֿאָלק פֿון מערדער! ווינציק האָט זײ היטלער אויסגעשאָכטן!"

דעם זעלבן אָוונט בין איך אַוועקגעפֿאָרן קײן קיִעוו, און אױף מאָרגן האָט מען בא מיר גענומען אַ כּסימע אין קאַגעבע, אַז איך וועל ניט אַרויספֿאָרן פֿון שטאָט. די שפּאַנונג איז געווען גרויס. מע האָט געפֿילט, אַז עס דערנענטערט זיך דער סאָף. אָבער וואָס פֿאַר אַ סאָף?!

אין עטלעכע טעג אַרום נאָך מײַן אומקערן זיך פֿון מאָסקווע, בײס איך בין געווען אַלײן אין שטוב, האָבן זיך צו מיר אַרײַנגעריסן זעקס מענטשן: דער הויז־פֿאַרוואַלטער, דער דוואָרניק, אַ פֿאָרשטײער פֿונעם געריכט, אַ פֿאָרשטײער פֿון דער שרײַבער־אָרגאַניזאַציע און נאָך צווײ אַרבעטער. זײ האָבן געפֿאָדערט, איך זאָל באַפֿרײַען דעם צימער, און גענומען שלײַדערן די זאַכן אין זונס צימער אַרײַן.

— וואָס טוט איר?

— מיר באַפֿרײַען דעם צימער. דאָ האָט געוווינט אַ סוינע פֿון פֿאָלק, — האָט געזאָגט דער פֿאָרשטײער פֿונעם געריכט.

— וואָס רעדט איר? וואָס פֿאַר אַ סוינע פֿון פֿאָלק? — האָב איך אָנגעהויבן שרײַען, — ס'איז דאָך ניטאָ קײן אורטײל.

— ווער זאָגט, אַז ס'איז ניטאָ? ס'איז פֿאַראַן! און ער האָט אַרויסגענומען פֿונעם פּאָרטפֿעל אַ פּאַפּיר, זיך אַוועקגעשטעלט אינמיטן צימער און פֿײַערלעך, פּאַמעלעך, וואָרט בא וואָרט, איבערגעלײענט דעם פּסאַק־דין.

מער האָב איך שוין גאָרנישט ניט געזען און ניט געהערט.

אַזוי זײַנען מיר, די אײנציקע פֿון די שרײַבער־מישפּאָכעס, געוואָיר געוואָרן פֿון דעם שוידערלעכן פּסאַק־דין. קײנעם פֿון אונדז, פֿרויען, האָט מען אָפֿיציִעל וועגן דעם ניט געמאָלדן ביז נאָיאַבער 1955. די קאַגעבע האָט אונדז, ווײַזט אויס, „געשאַנעוועט". אָבער די פֿאַרוואַלטונג פֿון דער שרײַבער־אָרגאַניזאַציע האָט ניט געהאַט קײן סענטימענטן... קעדײ צונעמען בא מיר דעם צימער, האָט מען אַרויסבאַקומען אַ קאָפּיע פֿונעם פּראָטאָקאָל פֿון דעם „געריכט", וועלכער האָט געמישפּעט די ייִדישע שרײַבער.

און אָף מאָרגן איז געווען אַ יאָמטעוו אין שטאָט: עס זײַנען פאָרגעקומען וואלן. מ'האָט אויסגעקליבן קאנדידאטן פארן העכסטן געריכט פון דער רעפובליק. פון זעקס אזייגער אינדערפרי האָבן די ראַדיאָ־הילכער געשפילט און גערופן די בירגער צו די וואלן. יונגע מיידלעך מיט זיסע שמייכלעך האָבן געקלאפט אין די טירן בא די אײַנוווינער צו דערמאָנען, זיי זאָלן, כאַלילע, ניט פארגעסן דעם געזעלשאפטלעכן כויוו און וואָס גיכער גיין אָפּגעבן זייער שטים פאר די שאָפּטים פונעם „מישפעט־האצאדיק"...

און איך? אַ צעבראָכענע, קוים זיך געהאלטן אָף די פיס, בין אויך איך געגאנגען צו די וואלן צי האָב איך דען געקאָנט, צי האָב איך דען געטאָרט ניט גיין?



דאָוויד און פייגע האָפּשטיין

סאָף יאנוואר 1953 האָט מען אין מאָסקווע ארעסטירט לויען און זי פארשיקט קיין סיביר אָף צען יאָר. נאָך איר איז געקומען מײַן ריי און די ריי פון שאמיִ. באם ארעסטירן האָט מען בא אונדז אלעמען צוגענומען די פאספּאָרטן. אין מעשעך פון קנאפע צוויי יאָר פלעגן מיר איין מאָל אין כוידעש גיין זיך רעגיסטרירן אין דער קאָמענדאטור פון דער קליינער שטאָט יעניסייסק, קראסנאָיארסקער געגנט. די שטאָט איז געווען פול מיט פארשיקטע. דאָס איז געווען א טייל פון די פארמישפּעטע, וואָס זײַנען שוין אָפּגעזעסן זייער טערמין אין די לאגערן, און איצט האָט מען זיי אָף אייביק פארשיקט קיין יעניסייסק. ארום און ארום אפן ווײַטן מיזרעך, אין די טפיסעס און אין די לאגערן, האָבן נאָך געשמאכט הונדערטער טויזנטער אומשולדיקע מענטשן. און דאָס גרויסע לאנד האָט יעדן טאָג צוגעשטעלט נײַע און נײַע קאָרבאָנעס. ס'האָט זיך געדאכט, אז ס'וועט קיינמאָל ניט נעמען א סאָף.



ע ל י ש ע ו ו ע  ק א ָ נ צ ע ד י ק


# דרייַ־געשיכטעס

## אראָפגערעדט פון הארצן

ס׳האָט זיך געקאָנט ענדיקן ערגער.

שוין באלד א וואָך, ווי די דאָקטוירים האָבן געקעמפט פאר איר לעבן, ניט קאָנענדיק שטעלן קיין גענויעם דיאגנאָז, אָבער אָפמערקנדיק א פולשטענדיקע נערוון־אויסשעפונג. ערשט איצט האָט זיך דאָס מיידל ענדגילטיק אומגעקערט צום באוווסטזייַן, אָפגעזופט פון דער גלאָז טיי, אפילע אופגעגעסן א ביסן ברויט מיט פוטער און פאלנדיק שווער אף די קישנס, צום ערשטן מאָל דערשפירט, אז זי שלאָפט איין. קיינער אין שטוב — ניט די מוטער, ווי געוויינלעך פארטאָן און פארנומען, ניט דער פאָטער, וועלכער האָט שוין ניט איין נאכט געוואכט בא דער טאָכטערס געלעגער, — קיינער האָט ניט געוווסט, אז הייַנט, צום ערשטן מאָל זינט גאנצע זעקס וואָכן, שלאָפט זייער קינד זייער מיידל, זייער ליודמילע איין. קיינער אין שטוב האָט ניט באמערקט, אז אין מעשעך פון זעקס וואָכן פלעגט זי אין די נעכט ניט צומאכן קיין אויג, אינדערפרי א מידע גיין צו דער ארבעט און נאָכדעם קוים זיך שלעפן אף די לעקציעס אין דער אָוונט־אָפטיילונג פון אינסטיטוט. מע איז געוווינט געווען צו זען זי שטענדיק געזונט, גלייַכמעסיק רויִק, גאנץ מונטער. געטריבן ספאָרט, געלעבט ווי אלע לעבן. איי זי איז געווען א ביסל שווייַגנדיק? איז זי ניט קיין פלאפלערקע, ניט קיין נאר — א מענטש!

...אין אָוונט, ווען זי האָט זיך אופגעכאפט און דערזען בא איר בעט דעם פאָטערס אויסגעמאטערט געזיכט און זייַן בליק — פארזאָרגט, מילד, צארט, אזא, ווי זי האָט נאָך בא אים קיינמאָל ניט געזען, א בליק, וואָס האָט גערעדט: „קינד מייַנס, וואָס איז געשען?" — האָט זי אים גלייַך אלץ דערציילט, אלץ, פון אָנהייב ביזן סאָף. קיינמאָל אין לעבן האָט זי מיטן פאָטער אזוי ניט גערעדט. אָבער דאָס מאָל איז עס איר אָנגעקומען לייַכט און פאשעט...

...זאלבעצווייט זיצן מיר אין קופע פונעם שנעלצוג מאָסקווע—אדלער. די איבעריקע פאסאזשירן זייַנען שוין ארויס, און מיר — איך און ליודמילע — האָבן נאָך קארגע צוועלף שאָ וועג. נאָך פריִער, בייס מיר זייַנען געווען זאלבעדריט (די דריטע — א גאָר יונגע פרוי, וואָס איז געפאָרן צו איר מאן, אף זייַן ווינאָרט), האָט זיך פארבונדן א שמועס וועגן לעבן, וועגן ליבע, וועגן מענטשלעכער נאטור. נאטאשע (אזוי האָט געהייסן די דריטע) האָט א סאך גערעדט וועגן זיך, קימאט ניט געפרעגטערהייט גערן דערציילט, וויִאזוי און ווען זי האָט זיך באקאנט מיטן מאן, ווי עס לייגן זיך איין די באציִונגען אין דער מישפאָכע, און וואָס פאר א פלענער זיי האָבן מיטן מאן אף דער צוקונפט.

ליודמילע האָט געשוויגן.

און איך האָב ניט געקאָנט אָפרייַסן די אויגן פון איר פּאָנעם, פון די קורץ־געשוירענע גאָלדקאשטאנאָווע האָר, פון די שפרענקעלעך, וועלכע אפילע דער ווינטער האָט ניט אראָפגעווישט פון דער צארטער ראָזעלעכער הויט, פון דער געטאָקטער נאָז און פונעם ריינעם שטערן, און איבערהויפט — פון די לענגלעכע טונקעלע מאנדל־אויגן, פון וועלכע ס׳האָט ארויסגעקוקט א שטילער געצאמטער אומעט.

איך האָב שוין קוים געהערט, וואָס נאטאשע דערציילט. ווען זי האָט, דערזעענדיק דורכן פענצטער איר מאן, זיך פריילעך מיט אונדז געזעגנט, ווען אף דער סטאנציע איז קיינער מער ניט ארייַן אין קופע און מיר זייַנען מיט ליודמילען געבליבן זאלבעצווייט, האָט מיך באהערשט א מאָדנער געפיל פון נאָענטקייַט צו דעם פרעמדן מענטשן. מיר זייַנען שוין געפאָרן צוזאמען העכער א מעס־

דעס, זי האָט קעסיידער געשוויגן, און איך האָב געשפּירט דעם טיפֿן צער אין איר נשמה, מיט וועלכן, ווי מיר האָט זיך געדוכט, זי וואָלט זיך מיט עמעצן געוואָלט טיילן. וואָס מער נאַטאַשע האָט געפּלאָפּלט וועגן זיך, אַלץ טיפֿער האָט זיך לודמילע פֿאַרשלאָסן, נישט אַרויסווײַזנדיק ניט קיין אומצופֿרידנקייט, ניט קיין איראָניע און ניט קיין צערייצטקייט. און נאָר דער שטילער אומעט אין די אויגן האָט איידעס געזאָגט וועגן דעם שטיין אויפֿן האַרצן, וועלכן זי טראָגט.

מיר זײַנען געבליבן זאַלבעצווייט. עפּשער האָב איך מיט עפּעס אַ וואָרט, מיט אַ פֿאָרזיכטיקער פֿראַגע פֿאַרלײַכטערט איר דאָס ריידן? מיר זײַנען געווען צוויי פֿרעמדע מענטשן אויף לאַנגע שעהן צוזאַמען. צוויי מענטשן, וואָס האָבן זיך קיינמאָל ניט געקענט און וועלן זיך, וואַרשײַנלעך, קיינמאָל מער ניט טרעפֿן. צוויי פֿון פֿאַרשיידענעם עלטער, וווינערטער, סוויוועס, וועלכע ס'האָט דאָך עפּעס פֿאַרבונדן — עפּעס אינערלעכס, אומבאַמערקטס, נעשאָמעדיקס — אַ סימפּאַטיע, אַ שטימונג, עפּעס, וואָס האָט געוועקט צוטרוי און דערלויבט זײַן אָפֿנהאַרציק ביזן סוף. ווען ס'וואָלט געווען ניט לודמילע, נאָר סאָרעלע אָדער כײַע, וואָלט איך עפּשער הײַנט פֿאַרן ייִדישן לייענער ניט באַשריבן דעם צופֿאַל, קעדיי ניט אַרויסצוגעבן עמעצנס אַ סאָד. כאָטש איך געשיכטע קאָן פֿאַר אַנדערע זײַן אַ לעקציע פֿון לעבן...

...איגאָר איז געקומען צו זיי אויפֿן זאַוואָד פֿון אַן אַנדער שטאָט, אַלס יונגער אינזשעניער, ווען לודמילע האָט שוין דאָרט, נאָכן ענדיקן דעם טעכניקום, געאַרבעט אַלס פּראָגראַמיסט. אַ פֿאַל האָט זיי צונויפֿגעבראַכט — זיי האָבן געאַרבעט איינער לעבן דעם צווייטן און גלײַך זיך באַפֿרײַנדעט. דער יאַט איז געווען אינטעליגענט, באַלעזן. ס'איז געווען מיט אים אינטערעסאַנט צו ריידן. אונטער זײַן השפּעה האָט זי אָנגעגעבן די דאָקומענטן אין הויכשול אויף דער אונטעראָפּטיילונג, אויף קיבערנעטיק. זיי פֿלעגן פֿיל זײַן צוזאַמען, און צוזאַמען איז זיי געווען גוט. קיינמאָל האָט ניט געפֿעלט קיין טעמעס צו ריידן.

דאָס האָט שוין געדויערט העכער צוויי יאָר (לודמילע האָט זיך ניט אַרומגעזען, ווי די יאָרן זײַנען פֿאַרבײַגעלאָפֿן) און זייער פֿרײַנטשאַפֿט איז ניט אַריבער די גרענעץ פֿון דעם מין כאַווערישע באַציִונגען, וועלכע ברענגען ביידן פֿאַרגעניגן און פֿאַרפּליכטן קיינעם ניט צו מערערס.

אָבער אַזוי האָט זיך בלויז געדאַכט. לודמילע האָט שוין לאַנג געשפּירט, אַז אין איר האַרץ האָט זיך אויפֿגעוועקט צו איגאָרן אַ נײַער ביז איצט אומבאַקאַנטער געפֿיל. די ערשטע ליבע... ווי אַ מעכטיקע כוואַליע האָט זי אַרויסגעריסן דאָס מיידל פֿון דער געוויינלעכער טאָגטעגלעכער ווירקלעכקייט.

אָבער קיינער האָט עס ניט געטאָרט זען. ניט איגאָר, ניט די שטוביקע.

— פֿאַרוואָס, לודמילע? — פֿרעג איך זי.

— דאָס, וואָס ס'האָט זיך צווישן אונדז אײַנגעשטעלט... אונדזער פֿרײַנטשאַפֿט איז מיר געווען אַזוי טײַער, איך האָב מוירע געהאַט עס אָנצורירן, צו ענדערן, קעדיי ניט צו פֿאַרלירן דאָס, וואָס איז דאָ. און די שטוביקע... דער טאַטע האָט אונדז געלערנט — מיך און מײַנע שוועסטער, אַז דאָס וויכטיקסטע פֿאַר אַ מיידל איז איר זעלבסטווירדע, איר מיידלשער שטאָלץ...

האָט זי געשוויגן, געליטן, געפֿרייט זיך אויף דעם, וואָס זי האָט. אײַנגיכן האָט זי זיך דערוווּסט, אַז איגאָר האָט זיך ערגעץ באַקאַנט מיט עפּעס אַ מיידל און גייט אַהין אַרײַן. דאָס איז געווען אַ שווערער קלאַפּ, אָבער, ווילנדיק זיך אַליין איבערצײַגן, אַז זי האָט ריכטיק זיך אויפֿגעפֿירט, פֿלעגט זי זיך טרייסטן: „ווײַבאַלד אַזוי, איז נאָך אַ גליק, וואָס איך האָב זיך געהאַלטן אין די הענט, ניט אַרויסגעוויזן מײַן געפֿיל...“ און ווײַטער האָט מען זיך פּשוט געכאַוועוועט...

איגאָר האָט כאַסענע געהאַט מיט יענעם מיידל. לודמילע וואָלט שוין אַראָפּגעשלונגען אויך דעם דאָזיקן ביטערן טראָפּן, ווען איינמאָל נאָך דער כאַסענע וואָלט בײַ זיי ניט געקומען צו רייד וועגן זייער — לודמילע און איגאָרס — קעגנזײַטיקער באַציִונג. ס'איז רעכט, אַז ער האָט זיך דאָך געפֿילט שולדיק און עפּעס האָט אים קעסיידער געעגבערט, ווײַל ער האָט אָנגעהויבן דעם שמועס. ער איז זיך מוידע געווען, אַז קיינמאָל האָט ער קיינעם ניט ליב געהאַט אַזוי שטאַרק, ווי לודמילען. און ערשט איצט האָט ער דערהערט, אַז אויך זי האָט אים שוין פֿון לאַנג הייס געליבט. איז פֿאַרוואָס זשע? פֿאַרוואָס האָט ער פֿריִער געשוויגן? ווײַל ער האָט אין איר אײַנגעזען בלויז אַ כאַווערטע, זי האָט אים קיינמאָל ניט געגעבן צו פֿאַרשטיין, אַז ער קאָן אויסרעכענען אויף עפּעס מערערס...

פֿון יענער מינוט אָן האָט זי פֿאַרלוירן דעם שלאָף. ס'איז רעכט, אַז די שטוביקע האָבן באַמערקט, אַז עפּעס קומט מיט איר פֿאָר. מע האָט אָבער געקענט איר כאַראַקטער, געוווּסט, אַז זי איז זעלבשטענדיק און פֿאַרמאַכט אין זיך, איז מען ניט צוגעשטאַנען מיט קיין פֿראַגעס.

דאָס מיידל איז געפֿאַלן פֿון די פֿיס...

בלויז איצט, קומענדיק צו־דיך, האָט זי דערציילט דעם טאַטן וועגן דעם געשעענעם. „נאַרעלע, — האָט ער געזאָגט, — וויאַזוי האָסטו געקאָנט דאָס אַלץ פֿון אונדז אויסבאַהאַלטן? וואָלסט אים אײַנגעלאַדן צו זיך, איר וואָלט אַוועק צוזאַמען אין טעאַטער, ווייס איך וואָס. מע איז דאָך מענטשן...“

...אַ היפּשע צײַט איז שוין פֿאַריבער נאָך דער גאַנצער געשיכטע. איגאָר האָט זיך באַפֿרײַט פֿון זייער זאַוואָד, אַוועקגעפֿאָרן אַנדערשוווּ אַרבעטן און לעבן. טרעפֿן זיך ווײַטער האָבן זיי ביידע ניט געקאָנט — ס'איז געווען צו ווייטיקדיק. פֿון יענער צײַט אָן האָבן זיי זיך מער ניט געזען.

— איר זײַט שיין, לודמילע... איך צווייפֿל ניט, אַז אַנדערע ייִנגלעך...

— יאָ, ס'טרעפֿט, איך געפֿעל, אָבער איך קאָן ניט, איך בין ניט אימשטאַנד עס אויפֿצונעמען. מיסטאַמע וועל איך שוין קיינמאָל ניט קאָנען ליבן...

איך שווייַג. איך ווייס, אַז דאָס לעבן איז לאַנג, עס איז לענגער פֿון אַן אײַדאײַנציקער ליבע, געוויס וועט נאָך אַלץ זײַן אין איר לעבן... אָבער איך רייד ניט. מיטגעפֿיל, אויסגעדריקט מיט ווערטער, קאָן אַמאָל שטאַרקן דעם ווייטיק, טרייסט קאָן קלינגען פֿאַלש. אין אַזאַ פֿאַל דאַרף מען פּאַשעט הערן, פּאָשעט לאָזן דעם מענטשן אַראָפּריידן דעם צער פֿון דער נשמה... איך פֿרעג נאָר:

— אָבער דערפֿירן זיך צו אַזאַ צושטאַנד... ווי האָט איר געקאָנט טראָגן אין זיך אַזאַ לאַסט פֿון ווייטיק, מיט קיינעם זיך ניט טיילן? מע טאָר ניט אַזוי...

— ס'איז ניט געווען מיט וועמען...

— און מיט דער מוטער?

— אָ, קיינמאָל ניט! זי איז ניט געווען שלעכט צו אונדז. זי איז געווען שטענדיק, זי איז ביז הײַנט־צו־טאָג... זאַכלעך! צו זאַכלעך, און דערפֿאַר טאַקע — טרוקן, אָן סאַנטימענטן... אַ מענטש, וואָס לאָזט ניט נאָך קיינעם, זיך אַליין אויך ניט... געווען אַ בוכהאַלטער אין פֿאַבריק, שטענדיק שטרענג, שטענדיק פּינקטלעך, אַפֿילו קראַנקערהייט פֿלעגט זי גיין צו דער אַרבעט... פֿינף זײַנען מיר בײַ די עלטערן געווען, פֿינף קינדער, אָבער געהאָדעוועט האָט אונדז די באָבע: געמאָלקן די קו, צוגעזען די הינער און אונדז געהאָדעוועט (אין פֿאָרשטאָט, הינטער דער פֿאַבריק, האָבן מיר געוווינט). דער באָבעניו וואָלט איך אַלץ געקאָנט דערציילן. זי איז אָבער שוין ניטאָ. אָפּגעלעבט אירע נײַנציק האָרעפּאַשנע יאָר, אַלץ געטאָן פֿריילעך, לעבעדיק, מיט אַ שמייכל... און דער טאַטע... דער טאַטע איז געווען שטרענג, געהאַלטן אונדז אין די הענט. ערשט פֿיל שפּעטער, נאָך דער געשיכטע, וואָס איך האָב איבערגעלעבט, האָב איך דערשפּירט, ווי נאָענט ער איז מיר, אַז מיט אים בינדט מיך מער, ווי מיט דער מאַמען...

וועגן אַנדערע — שוועסטער, כאַוועריטעס — פֿרעג איך שוין ניט. ס'זײַנען דאָ מאָמענטן, ווען דער מענטש פֿילט זיך עלנט צווישן די סאַמע נאָענטע און איז ניט אימשטאַנד זיך פֿון דער עלנט אַרויסרײַסן...

מיר פֿאָרן אויף דאָרעם. ס'איז ווינטער, יאַנואַר, אָבער אַ פֿריילעכער שטראַל קוקט אַרײַן דורכן פֿאַרקויטיקטן פֿענצטערל אין אונדזער קופּע. ערשט איצט באַמערקן מיר, אַז די זון האָט אויסגעראַמט דעם דרויסן, פֿאַרקערט דעם שניי, אויסגעבעט אַלץ אַרום מיט וואַרעמער זונענשײַן. גרינע ביימער אַנטלויפֿן פֿון וועג, שלאַנקע, ווי פֿײַלן, קיפּאַריסן ציִען זיך צום הימל, אָט איז שוין אַ פּאַלמע. די ערשטע פּאַלמע אויף אונדזער וועג.

ליודמילע פֿאָרט אין אַן אָפּרו־הויז. זי האָט פֿאַרן טערמין אויסגעהאַלטן די עקזאַמענעס, פֿאַרענדיקט די ווינטער־סעסיע אין אינסטיטוט. ס'זײַנען געבליבן קאַרגע צוויי וואָכן, האָט איר דער פֿאָטער געשאַפֿן אַ קאַרטע, קימאַט מיט קויעך אַרײַנגעשטופּט אין באַן: „פֿאָר, מײַן קינד, רו זיך אָפּ, פֿאַרווײַל זיך אַ ביסל".

...מיר זײַנען שוין נאָענט צום ציל. אײַנגיכן איז ליודמילעס סטאַנציע, איך פֿאָר עטוואָס ווײַטער. איך רײַס זיך אָפּ פֿונעם פֿענצטערל, טרעף זיך מיט איר בליק. אויף אירע ליפּן וואַכט אויף אַ שטילער שמייכל, אַ זון נאָך אַ רעגן...

די באַן שטעלט זיך אָפּ, מיר דריקן זיך די הענט, זי גייט אַוועק, איך באַגלייט זי מיט די אויגן. אַזוי ענדיקט זיך אונדזער געמיינזאַמע רײַזע, וועלכע האָט אונדז, ווילד־פֿרעמדע מענטשן, געמאַכט אויף אַ קורצער צײַט אַזוי נאָענט.

# איך בין דאָ, מײַן קינד...

ווינטער. דער ערשטער ווינטער נאָך דער מלחמה. מיר פֿאָרן שוין היפּשע עטלעכע שעה פֿון קאָוונע קיין ווילנע, די באַן שטעלט זיך אַלע ווײַלע אָפּ, ס'נעמט קיין סוף ניט צום וועג. דער לײַכטער, געדיכטער שניי וויל אײַנהילן אין ווייכן פּוך אַ צעקאַליעטשעטן בוים, אַ סקעלעט פֿון אַ מויער, וויל באַצירן פֿענצטער פֿון כאָרעוו־געמאַכטע שטיבער מיט ווײַסע שטערנדלעך, געפֿינט אָבער ניט קיין שויבן — שטיבער שטייען פֿינצטערע און בלינדע.

דער וואַגאָן איז פֿולגעפּאַקט, און דאָך האָט מען אויף דער באַנק געמאַכט עטוואָס אָרט: אַ קינד שלאָפֿט, לאָז עס שלאָפֿן.

אַ קליין מיידעלע מיט אַ צאַרט בלאַס פּענעמל און געדיכטע קופּערנע לאָקן ליגט צוגערוקט האַרט צום ווענטל פֿון דער באַנק. אויף איר שליף, אונטער דער דורכזיכטיקער הויט, שלאָגט אַ בלוי אָדערל, דאָס מײַלכל ציטערט אויף, ווי עס וואָלט עפּעס געשעפּטשעט, די לעפּלעך דריקן שטאַרקער צו די לאַנגע קופּערנע וויִעס צו די פֿאַרמאַכטע אויגן. דאָס קינד שלאָפֿט אומרויִק, ס'דוכט זיך — אָט־אָט וועט זיך עס אופֿרײַסן פֿון שלאָף מיט אַ הילכיק געוויין. עס גיט טאַקע אַן עפֿן אויף די אויגן פֿול מיט גרויל, אָבער עס שרײַט ניט, עס וויינט ניט, עס נעמט זיך נאָר צונויף אין אַ קנײַלכל און ציטערט.

— שלאָף, פֿייגעלע מײַנס, שלאָף, — פּרוּווט זי באַרויִקן אַ פֿרוי מיט אַ יונג ערנסט פּאָנעם, מיט שטילע טונקעלע אויגן און זילבער אין די שוואַרצע האָר.

דאָס קינד ליגט צונויפֿגעדרייט אין אַ קנײַלכל מיט גרויל אין די אויגן, רירט זיך ניט פֿון אָרט און שווײַגט.

— יאַנאַס, — רופֿט שטיל די פֿרוי צו א מאַנצבל, וואָס שטייט אין טאַמבור און רייכערט.

א ברייטבייניקער מענטש מיט א קאָפּנע העלע האָר, אַזאַ גרויסער, אַז עס דוכט זיך — ער וועט זיך דאָ קוים אַרײַנשפּאַרן אין דעם שמאָלן דורכגאַנג, זעצט זיך צו צו דעם מיידעלע, לייגט אַרויף זײַן ריזיקע האַנט אויף דעם קינדס ציטערדיקן אַקסל, פֿאַרדעקט מיט איר באַלד א האַלב קערפּערל און זאָגט שטיל, אַזוי שטיל, ווי עס קאָן נאָר זאָגן אַזאַ ריז: „מעגאַק, וויַקיאַלע, אַש טשיאַ" — וואָס הייסט אויף ליטוויש: „שלאָף, מײַן קינד, איך בין דאָ..." און דאָס קינד ווערט ווידער אײַנשלאָפֿן.

דעם גאַנצן וועג זיצט שוין יאַנאַס לעבן דעם מיידעלע און באַוואַכט איר שלאָף.

— מיר פֿירן זי צום דאָקטער, — דערציילט מיר שטיל די פֿרוי. — אין ווילנע איז פֿאַראַן א גוטער נערוון־דאָקטער, וואָס היילט קינדער. דערווײַל איז פֿאַר איר דער בעסטער דאָקטער יאַנאַס. ער קאָן דאָך אָבער שטענדיק ניט זײַן לעבן איר.

— ווער איז ער איר? — פֿרעג איך.

— ווער ער איז? אַלץ איז ער פֿאַר איר — א פֿאָטער, א מוטער... ס'איז אַן אויסטערלישע געשיכטע...

זי וואַרפֿט א בליק אויף זיי ביידן. יאַנאַס זיצט איצט באַם פֿענצטער און דרעמלט, אָנגעשפּאַרט אין דער וואַנט; דעם קינדס קעפּל ליגט בא אים אויף די קני, און די גרויסע מענערשע דלאָניע מיט אויפֿגעבלאָזענע אָדערן האַלט אונטער דאָס קליינע פֿלייצקעלע, דאָס קינד זאָל זיך ניט אַראָפּשאַרן פֿון דער באַנק. דעם מיידעלעס פּאָנעם איז רויִק, עס אָטעמט פֿרײַ...

— ס'איז אַן אויסטערלישע געשיכטע, — כאַזערט איבער מײַן מיטפֿאָרערן. — ווען אונדזער אַרמיי האָט באַפֿרײַט קאָוונע, האָט מײַן מאַן, וועלכער האָט געקעמפֿט ניט ווײַט פֿון דאָרטן, באַקומען צוויי טעג אורלויב צוצופֿאָרן אין זײַן היימשטאָט. דאָס זײַנען געווען ווּסטע צוויי טעג... ס'איז ניט געווען, אויף וואָס צו האָפֿן, ער האָט געוווּסט, אַז ער וועט ניט געפֿינען קיינעם פֿון די אייגענע, און דאָך... ער האָט דאָ איבערגעלאָזט א פֿאָטער, א מוטער, צוויי ברידער מיט זייערע מישפּאָכעס... ער איז דאַן אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן פֿון קאָוונע, — דערציילט זי ווײַטער, — איבער די פּוסטע גאַסן פֿון דער פֿרעמד־געוואָרענער שטאָט, ניט געפֿונען די שטוב, וווּ ער האָט געוווינט — א באַרג פֿאַרסמאַליעטע ציגל און אַש, ניט געטראָפֿן קיין איין באַקאַנט פּאָנעם... מיטאַמאָל האָט אים אָפּגעשטעלט א מאַנצבל — גרויס, ברייטבייניקער, א ריז אויסן אויג. וואָס דערצייל איך אײַך, איר זעט דאָך. יאָ, יאַנאַס, ער איז עס געווען. „כאַווער אָפֿיצער, — האָט ער זיך צום מאַן געווענדעט אין פֿאַרלעגנהײַט. — אַנטשולדיקט מיר, וואָס איך שטעל אײַך אָפּ. איר זײַט, דוכט מיר, א ייִד..."

מײַן מאַן האָט אים אָנגעקוקט פֿאַרוווּנדערט — וואָס גייט עס אים אָן?

— איך זוך דאָ שוין עטלעכע טעג און געפֿין ניט קיין ייִדן. עפּשער איז דאָ זייערע א פֿאַרוואַלטונג, א קאָמיטעט פֿאַר געליטענע, ווייס איך וואָס...

— צו וואָס האָט ער עס גערדאַרפֿט? — פֿרעג איך.

— מײַן מאַן האָט אים געשטעלט די זעלבע פֿראַגע, און ער האָט דערקלערט: „איך מיט מײַן ווײַב האָבן אויסבאַהאַלטן פֿונעם אָקופּאַנט צוויי ייִדישע קינדער — א מיידעלע מיט א ייִנגעלע. דאָס ייִנגל איז שוין געווען גרעסער, און דאָס מיידעלע — א קליין קינד. ווייס איך ניט... טאָמער וועלן זיך געפֿינען עלטערן אָדער קרויווים. עפּשער זוכט עמעצער די קינדער..."

ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז א שמיד אין א דאָרף, ניט ווײַט פֿון קאָוונע. ער האָט אײַנגעשפּאַנט זײַן פֿערד, און מײַן מאַן איז מיט אים אַוועקגעפֿאָרן אין דאָרף. ווי גרויס איז געווען זײַן וווּנדער און זײַן סימכע, ווען ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס זײַנען געווען זײַנע פּלימעניקלעך, דעם ברודערס קינדער — איר קאָנט זיך פֿאָרשטעלן... איז אָבער די סימכע געווען פֿריצײַטיק, — דערציילט ווײַטער די פֿרוי, — דאָס מיידעלע האָט, דערזעענדיק א פֿרעמדן, גענומען ציטערן, אַנטלאָפֿן אין קעלער, זיך אַרײַנגערוקט אין א ווינקל... יאַנאַס האָט עס קוים באַרויִקט, אָבער איבערצײַגן עס, אַז דאָס זײַנען אייגענע, קרויווים, אַז זי קאָן רויִק גיין צום פֿעטער, האָט זיך ניט אײַנגעגעבן.

אינגיכן האָט מען מײַן מאַן דעמאָביליזירט — אין דער באַפֿרײַטער רעפּובליק האָבן זיך געפֿאָדערט קוואַליפֿיצירטע קאַדרען. מיר האָבן זיך באַזעצט אין קאָוונע, באַשלאָסן צונעמען די קינדער צו זיך. איז אָבער די קליינע בעשום־אויפֿן ניט געגאַנגען.

— וואָס זשע האָט איר געטאָן?

— באַראַטן זיך מיט יאַנאַסן, מיט זײַן ווײַב. געקומען צום אויספֿיר, אַז זיי דאַרפֿן ציַטווײַליק אַריבערפֿאָרן צו אונדז צוזאַמען מיט די קינדער. זיי האָבן עס אַליין פֿאָרגעלייגט! איבערגעלאָזט די שטוב, אַריבערגעפֿאָרן מיט האַק און פּאַק, אָפּגעלעבט דאָ א לענגערע צײַט, ביז דאָס קינד האָט זיך ניט צוגעוווינט צו אונדז. אָבער ביז איצט פּאַסירט נאָך, אַז מיר גיבן זיך מיט דער קליינער ניט קיין אייצע. רופֿן מיר יאַנאַסן, און ער קומט צו פֿאָרן, אים האָט די קליינע באַזונדערס ליב. איר זעט דאָך, הײַנט אויך: א באַן, א נײַע זאַך, א סאַך מענטשן. מע האָט געקאָנט פֿאַרויסזען, אַז דאָס קינד וועט זיך שרעקן, איז ער מיטגעפֿאָרן.

מיר פֿאָרן ווײַטער. אויף דער דאַרינקער צאַרטער פֿלייצקע פֿונעם קינד רוט א גרויסע האָרעפּאַשנע האַנט מיט אויפֿגעבלאָזענע אָדערן. א שווערע האַנט, וואָס הייבט אויף אָן מי דעם גרעסטן האַמער און וואָס קאָן זײַן אַזוי לײַכט, מילד און וואַרעם, ווען זי שיצט א קליין אומבאַהאָלפֿן נעפּעשל.

# די אַריִע פון וויִאָלעטע

געווען איז עס אין א גינגאָלדענעם סענטיאַבער־אָוונט, ווען דער טאָג לעשט זיך בונט, די זון, קושנדיק די ערד, צינדט אָן דעם צאַרטן גרינגעלן געוועב מיט רויטע פלאַמען, און א קילער נעפל נעמט פּאַוואָליע פאַרהילן די נאַטור אין שאָטנס פון בײַנהאַשמאָשעס.

איך בין שוין אָפּגעפאָרן א היפּשן שטיק וועג און נאָך אַלץ ניט געקאָנט אָפּרײַסן דעם בליק פונעם פענצטער: איך האָב ליב דעם האַרבסט, ער פאַרקישעפט מיך יעדעס מאָל און פילט אָן מײַן האַרץ מיט ראַכוועס.

איך בין אָפּגעגאַנגען פונעם פענצטער נאָר דאַן, ווען דער אָוונט האָט באַהערשט די וועלט אַרום, אײַנוויגנדיק זי צום שלאָף. אין דער זעלבער רעגע האָט זיך אין באַן געטומען וויגן א שטילע מעלאָדיע. דאָס האָט געשפּילט די ראַדיאָ, און זילבערנע קלאַנגען, ריין ווי דער רויש פון א קרענעצע אין וואַלד, האָבן אָנגעפילט דעם רוים.

יאָ, דאָס האָט געזונגען זי, די זינגערין, וועלכע יעטווידער מענטש אין ליטע האָט געקענט און באַוווּנדערט און וועלכע איז ניט לאַנג צוריק יונגערהייט געשטאָרבן. דאָס דאָזיקע קאָל האָט מען געקאָנט דערקענען צווישן הונדערטער אַנדערע.

איך בין געזעסן פאַרטראַכט, דער קישעף פון דער נאַטור האָט זיך אין מײַן געמיט צונױפגעגאָסן מיט די קלאַנגען פונעם געזאַנג און מיט די אומעטיקע געדאַנקען וועגן דעם גורל פון דער זינגערין, וועלכע האָט לאַנג און שווער געקרענקט און איז, העלדיש קעמפנדיק מיט איר לײַדן, א לאַנגע צײַט נאָך אַלץ אַרויסגעטראָטן פאַרן עולם. ווי א לעבעדיקע איז זי מיר דערשינען פאַר די אויגן: א דאַרינקע, א צאַרטע, ווי א יונג מיידל, אין איר לײַכטן צעפלאַטערטן קלייד. אָט שטייט זי באַם קלאַוויר, איר האַנט רוט אויף זײַן דעקל, דער אַקאָמפּאַניאַטאָר וואַרט פאַרגליווערט אויף איר צייכן, זי גיט א ווונק, און אָט זילבערן זיך שוין אין זאַל אירע ריינע, שפּילעוודיקע טרעלן.

איך בין געווען אויף יענעם קאָנצערט און זיך געכאַפּט, אַז איצט, דורך ראַדיאָ, גיט מען איבער די זעלבע פּראָגראַם...

כ'האָב זיך דערמאָנט וועגן דעם, וואָס מענטשן האָבן נאָך דעם קאָנצערט דערציילט: ווי נאָר די ערשטע אָפּטיילונג האָט זיך פאַרענדיקט און נאָך די הילכיקע „בראַוואָ" און „ביס" האָט זיך, ענדלעך, אַראָפּגעלאָזט דער פאָרהאַנג, האָט זי נאָר באַוויזן צו דערגיין צו די קוליסן און איז אויסגעשעפּט געפאַלן אויף די הענט פון די כאָווײַרים. נאָר ווען די צווייטע אָפּטיילונג האָט זיך אָנגעהויבן, איז זי שוין ווידער געווען אויף דער סצענע — פריש, יונג, שיין, ווי קיינמאָל גאָרניט. דער זאַל האָט ניט געטאָרט וויסן, וואָס מיט איר איז פאָרגעקומען מיט עטלעכע מינוט צוריק, און ער האָט עס ניט באַמערקט. דערוווּסט האָט מען זיך וועגן דעם שפּעטער, פון אַרטיסטן...

...איך האָרך פאַרטראַכט, זי זינגט איצט די לעצטע אַריִע פון וויִאָלעטע פון ווערדיס אָפּערע „טראַוויִאַטאַ". דאַן, בײַ יענעם קאָנצערט, האָט זי עס אויך געזונגען... איך האָרך, אָבער עמעצנס קאָל וועקט מיך אויף ווי פון שלאָף:

— וויִאָלעטעס אַריִע... אַלעמען איז אַזוי געפעלן איר אויספירונג, אָבער זי אַליין איז געווען עפּעס ניט צופרידן... מיר דוכט, ניט צופרידן פון זיך...

איך וואַרף א פאַרוווּנדערטן בליק אויף דער עלטערער פרוי, וואָס זיצט אַנטקעגנעבער, און פרעג:

— פונוואַנען ווייסט איר? איר האָט זי געקענט?

— מיר זײַנען גלײַכצײַטיק געלעגן אין שפּיטאָל, — ענטפערט מײַן מיטפאָרערין, — זי איז שוין געווען אײַנגאַנצן שלאַף, און אײַנגיכן, נאָך מײַן אַרויסגיין, איז זי געשטאָרבן. אָבער אין יענעם טאָג...

און זי דערציילט מיר, וואָס ס'האָט פּאַסירט אין איינעם א פרילינג־אָוונט אין שפּיטאָל, אין אַ פרו־ווינקל, ווו כאָלאַיִם פלעגן זיך געוויינלעך צונױפקלײַבן נאָכן אָוונטברויט. עמעצער האָט אײַנגעשלאָסן דעם טעלעוויזאָר, און דער דיקטאָר האָט געמאָלדן: „איצט הייבן מיר אָן א קאָנצערט פון דער פאָלקס־אַרטיסטן פון דער רעפּובליק עלענא..."

— ווי נאָר ער האָט אָנגערופן די פאַמיליע, — דערציילט ווײַטער מײַן שאָכנטע פון קופּע, — איז געוואָרן אַזוי שטיל, ווי אַלע וואָלטן אײַנגעהאַלטן דעם אָטעם. און אַלעמענס קעפּ האָבן זיך א קער געטאָן צו דער טיר פון דער פּאַלאַטע נומער 309, ווו זי איז געלעגן.

מײַן מיטפאָרערין איז אַנשוויגן געוואָרן, איר בליק האָט זיך פאַרנעפּלט, ווײַזט אויס, זי האָט נאָכאַמאָל איבערגעלעבט דאָס געשעענע. אין א ווײַלע אַרום האָט זי דערציילט ווײַטער:

— אין מאָמענט איז אונדז שווער געווען זיך אָפּצוגעבן א כעזשבן, אַז די פּראָגראַם איז א פאַרשריבענע טראַנסלירונג פונעם זאַל, פון א קאָנצערט, וואָס איז פאָרגעקומען פריִער אין טעאַטער. פאַר אונדזערע אויגן האָט אַרויסגעשוועבט אויף דער סצענע איר לײַכטע, זאַרגלאָזע פיגור אין העלן, פלאַטערדיקן קלייד. אָבער מיר האָבן זי איצט יעדן טאָג געזען אין אַנדערע — א שאָטן, וואָס האָט זיך קוים געשלײַכט, האַלטנדיק זיך בא דער וואַנט, אָדער אָנגעשפּאַרט אינעם אָרעם פון איר מאַן. דער קאָנטראַסט איז געווען צו שאַרף. דערהויפּט נאָך דעם, וואָס איז פאָרגעקומען אַנומלט, שפּעט אין אָוונט...

— וואָס איז פאָרגעקומען?

— נאָך אָוונטברויט איז אַוועק א קלאַנג, אַז זי שטאַרבט. מענטשן זײַנען ביז שפּעט אין דער נאַכט ניט געגאַנגען שלאָפן. מע האָט זיך שטיל געזאַמלט אין קאָרידאָר, געזעסן אין די ווינקלען, געשוויגן און געוואַרט אין אומעט און גרויל, געוואַרט, ביז פון איר פּאַלאַטע איז ניט אַרויס די קראַנקן־שוועסטער און ניט געזאָגט: „דער קריזיס

אין פאַרביי, איר איז שוין בעסער". ערשט דאַן האָבן אַלע לײַכטער אָפּגעאָטעמט.

ווען דאָס וואָלט ניט פּאַסירט, דערציילט ווײַטער מײַן מיטפּאַרער, וואָלט עפּשער קיינער, זעענדיק זי איצט אויפֿן עקראַן פֿונעם טעלעוויזאָר, ניט באַמערקט, ווי ס'האָט זיך שטיל געעפֿנט די טיר פֿון דער פּאַלאַטע נומער 309 און ווי זי, טאַקע זי אַליין, האָט זיך אַרויסגעשלײַכט פֿון דאָרטן און שטיל זיך צוגעזעצט אויף אַ שטול, וועלכן עמעצער האָט איר צוגערוקט.

אַלע זײַנען געזעסן ווי פֿאַרגליווערט. אייניקע האָבן זי דערזען מיט אַ ווינקל פֿון אויג, אַנדערע האָבן נאָר דערשפּירט איר קעגנוואַרט. אָבער קיינער פֿון אונדז, איר פֿאַרשטייט — קיינער האָט זיך ניט דערלויבט אָפּצוקערן דעם קאָפּ. מיר האָבן ניט געטאָרט איצט קוקן אויף איר, דער פֿאַרשמאַכטער, ווען פֿאַר אונדזערע — און פֿאַר אירע! — אויגן אויפֿן עקראַן איז געווען זי, די לעבעדיקע אַרטיסטן אין איר גאַנצער פּראַכט!

דער קאָנצערט האָט שוין אַ צײַט געדויערט, ווען איך האָב זיך דאָך צופֿעליק אָנגעשטויסן אין דער קראַנקערס בליק. אירע אויגן אויפֿן אויסגעדאַרטן פּנים האָבן געברענט ווי צוויי פֿלאַמענדיקע קוילן, ס'האָט זיך אין זיי געמאָלט אַ שאַרפֿער פֿאַרדראָס, די טרוקענע ליפּן האָבן עפּעס געשעפּטשעט, און מיר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז איך הער בעפֿירעש: „ניין, ניין, ניט אַזוי..." אין דעם מאָמענט האָט זי געזען, ווי זי פֿילט אויס אויפֿן עקראַן די אַריע פֿון דער שטאַרבנדיקער וויאָלעטע, און איז, ווײַזט אויס, געווען ניט צופֿרידן מיט זיך. דער אוילעם האָט געקוקט פֿאַרגאַפֿט (איר ווייסט דאָך, קיין בעסערע וויאָלעטע האָבן מיר אין אונדזער רעפּובליק ניט געהאַט!). מע האָט געקוקט פֿאַרגאַפֿט, און קיינער האָט ניט באַמערקט, ווי די קראַנקע האָט פֿאַרלאָזט איר אָרט און זיך אומגעקערט אין דער פּאַלאַטע...

איך האָב זיך פֿאַרטראַכט, אָבער מײַן מיטפֿאָרערן האָט איבערגעריסן מײַן געדאַנק:

— איר ווייסט, צו וואָס פֿאַר אַן אויספֿיר איך בין געקומען אין יענעם אָוונט? זי, די זינגערן, האָט, קאָן מען זאָגן, איבערגעלעבט איר אייגענעם טויט. אין מאָמענט פֿונעם שווערן קריזיס איז בא איר געלעגער בײַגעווען איר מאַן. איר מוזט וויסן, אַז זי, די אַרטיסטן, האָט אָפּגעלעבט אַ שטורמיש לעבן, פֿול מיט לײַדנשאַפֿטן, און די לעצטע טעג זײַנען געווען פֿאַר איר טעג פֿון גליק און ליבע, פּונקט ווי בא וויאָלעטע... זיי פֿלעגן אַרומגיין מיטן מאַן לענגויס דעם קאָרידאָר, אַרומגענומען ווי יונגע פֿאַרליבטע... מיר דוכט, אַז אין די מינוטן, ווען זי האָט געקעמפֿט מיטן טויט, האָט זי ערשט רעכט פֿאַרשטאַנען, ווי מע דאַרף זינגען וויאָלעטעס לעצטע אַריע. און אויף מאָרגן, ווען זי האָט זיך אַליין דערזען אויפֿן עקראַן, האָט זי שוין, ווײַזט אויס, איר זינגען ניט געקאָנט באַפֿרידיקן.

מיר האָבן לאַנג געשוויגן. פֿון ראַדיאָ איז געפֿלאָסן אַ שטילע מוזיק, דאָס געטלעך געזאַנג פֿון דער אַרטיסטן. אַ געזאַנג, וואָס שטאַרבט ניט, ווי עס שטאַרבט ניט די נעשאָמע פֿון אַ קינסטלער.



# נאָר איין וואָרט מאַמע־לאָשן...

דער טאָג האָט זיך אָנגעהויבן ווי אַמבעסטן: זיי האָבן זיך אַרײַנגעזעצט אין באַן, אָפּגעפאָרן אַ גוטע פּאָר שעה, און אין קופּע איז נאָך ביז איצט קיינער ניט אַרײַן. האָט מען זיך צוגעלייגט נאָך מיטיק צו כאַפּן אַ דרעמל, אַזוי ווי מע וואָלט געווען ניט אין וועג, נאָר שוין טאַקע אַף אָן אָרט, אין סאַנאַטאָריע, און גערוט, ווי ס'באַדאַרף צו זײַן, לויטן עמעסן רעזשים.

אַנדריי האָט געכראָפּעט אַף דער אייבערשטער פּאָליצע, און ראָכל האָט אײַנגעדרעמלט מיט אַ בוך אין האַנט אַף דער אונטערשטער. און דאַפקע דאַן האָט זיך די טיר הילכיק געגעבן אַן עפן אויף, די קאָנדוקטאָרשע האָט געזאָגט: „דאָ, ביטע" און איז אַוועק. די נײַע פּאַסאַזשירן האָבן זיך טומלדיק אַרומגעדרייט אין קופּע, און ראָכלען האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז ס'איז אַרײַן אַ מענגע מענטשן. זי האָט אויפגעעפנט די אויגן, דערזען אַ דיקע פרוי, אַ הויכן דאַרן מאַנצבל און אַ ייִנגל פון אַ יאָר אַכט, און, איבערקערנדיק זיך אַף דער אַנדערער זײַט, האָט זי געפּרוּווט אײַנשלאָפן פונדאַסנײַ.

דער מאַנצבל האָט זיך, ווי ס'ווײַזט אויס, אַרומגעזען, אַז מע שלאָפט דאָ, און גענומען שעפּטשען. איצט האָבן זיי אַלע געשעפּטשעט, אָבער געדיכט און הילכיק, און ראָכל האָט שוין ניט געקאָנט אַנשלאָפן ווערן. זי האָט געשפּירט, אַז די שכיינים סטאַרען זיך וואָס שטילער אַרײַנצולייגן די טשעמאָדאַנעס אין קאַסטן אונטער דער פּאָליצע, אָבער דאָס האָט זיך זיי ניט אײַנגעגעבן: דאָס דעקל האָט, פּאַלנדיק, דערלאַנגט אַ דונער און די פרויען־שטימע האָט בייז אַ שעפּטשע געטאָן:

— מענטשן שלאָפן, הירש, ווי אָן הענט, ניט דאָ געדאַכט!..

אַנדריי האָט ניט אויפגעהערט צו כראָפּען, עס קאָן דונערן, אַרט אים ניט, און ראָכל איז געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן, זי האָט זיך געפילט אַ ריר צו טאָן זיך פון אָרט.

— נו, גאָט צו דאַנקען, איצט קאָן מען זיך צוזעצן. — האָט צופרידן געשעפּטשעט די שאָכנטע אין קופּע. נאָר אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי זיך ווידער באַאומרויִקט:

— הער זיך אײַן, הירש, איך האָב, דאַכט זיך, פאַרגעסן די ליאַלקע.

— און מיר דאַכט זיך אויס, אַז דו האָסט זי יאָ אַרײַנגעלייגט אין טשעמאָדאַן, שײַנדעלע.

— איך בין ניט זיכער. וואָס וועל איך געבן אַ מאַטאָנע סאָניעטשקען? לאָמיר אַ קוק טאָן.

— דאַפקע איצטער?

— טו אַ קוק, הירש, וועט מיר זײַן רויִקער אַפן האַרצן.

הינטער ראָכלס פּלייצע האָט זיך עמעץ מיט אַ קרעכץ אויפגעהויבן פון אָרט, אַ הייב געטאָן דאָס דעקל, אַרויסגענומען אַ טשעמאָדאַן, פאַרזיכטיק אַרײַנגעלייגט אים צוריק. דאָס ייִנגל האָט עפּעס אַ שעפּטשע געטאָן דער מוטער אַפן אויער.

— הירש, פיר אים אַרויס אין טואַלעט.

די פרוי איז געבליבן אין קופּע אַליין. ראָכל האָט געפילט מיט דער פּלייצע איר בליק, געגעבן זיך אַ געשמאַקן צי, אַראָפּגעטרייסלט פון זיך די רעשטלעך פונעם שלאָף און זיך אַוועקגעזעצט.

— אַ גוט־מאָרגן, מיר האָבן אײַך ניט אויפגעוועקט? — האָט געפרעגט די שאָכנטע.

— ניין, איך בין קימאַט ניט געשלאָפן.

— איר זײַט שוין אַ צײַט אין וועג?

— פון הײַנט אינדערפרי.

— זײַט איר, ווײַזט אויס, פּאַשעט מיד.

— יאָ, מיר פאָרן אין אורלויב.

— מיר אויך. מײַן גריגאָרי האָט אורלויב. און וווּהין פאָרט איר, אויב ס'איז ניט קיין סאָד?

— צום יאַם באַ ריגע.

— מיר אויך צום יאַם באַ ריגע. צו קרויווים?

— ניין. אין אַ סאַנאַטאָריע.

— און מיר צו קרויווים. פון זײַן צאַד. זיי האָבן אַן אייגענע דאַטשע האָבן זיי, זײַנען קרויווים. פאָרן מיר צו זיי אַף דאַטשע. גריגאָרי, דו הערסט, זיי פאָרן אויך צום יאַם באַ ריגע. אויך אין אורלויב. און דאָס איז אָסינקע, אונדזער זון, זאָל געזונט זײַן. אָסינקע, קום אַהער, באַקען זיך מיט דער טיאָטיע.

דער מאַנצבל האָט מיד אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, און אָסיען האָט די „טיאָטיע" אינטערעסירט ווי דער פאָראַיאָריקער שניי. אומקערנדיק זיך פונעם טואַלעט, האָט ער אַרופגעקלעטערט אַפן לײטערל באַם פענצטער אין קאָרידאָר און צוגעקלעפּט זיך מיטן שטערן און מיט דער נאָז צו דער שויב:

— אוי, מאַמע, אַ שטוב אַף רעדלעך!

— אוי, מאַמע, ווי נידעריק עס פליט!

— אוי, מאַמינקע, וויפל קי, — איינס, צוויי, דרײַ, עפּשער טויזנט בעהיימעס!

אָסינקע פלעגט אָן אויפהער ניספּאַעל ווערן, און די מאַמע האָט יעדעס מאָל געוואָרפן אַף ראָכלען אַ בליק פול מיט נאַכעס און שטאָלץ, ווי דאָס קינד וואָלט געזאָגט ווער ווייסט וואָס פאַר אַ כאָכמע.

אַליין איז זי, די מאַמע, געווען שוין ניט יונג, אָבער פול־לײַביק און רונד, און דערפאַר האָבן זיך אַפן האַלדז און אַף דעם ראָזן פּאָנעם ניט געזען קיין קנייטשן, און אַף די קײַלעכדיקע באַקן האָבן כיינעוודיק געשפּילט צוויי גריבעלעך. אירע געלע האָר האָבן זיך מאָדנע אָפּגעטיילט פונעם שטערן, אַזוי, אַז עס איז שווער געווען צו טרעפן, צי דאָס זײַנען אירע אייגענע האָר, צי אַ פּאַריקל. אַ גריווקעלע, ווי ניט־ווילנדיק געוואָרפן אַף אַ ברעם, האָט צוגעגעבן דעם פּאָנעם אַן אויסדרוק פון זעלבסטצופרידנקײַט און, ווי ס'האָט זיך אויסגעדאַכט ראָכלען, פון זיכערקײַט אין דער אייגענער שיינקײַט. „שיין בין איך שיין, און שיין איז אויך מײַן נאָמען..." — האָט זי זיך דערמאָנט אַן אַלט לידל.



די פרוי האָט זיך אויך צוגעקוקט צו ראָכלען, דערנאָך געוואָרפן א בליק אף דער אייבערשטער פּאָליצע, אָפּגעשטעלט זיך אפן שלאָפנדיקן אנדריי, אף זײַנע געדיכטע העלע האָר, ווידער א קוק געגעבן אף ראָכלען, געוואָלט עפּעס פרעגן, אָבער זיך ניט אנטשלאָסן און ענדלעך דאָך געפרעגט:

— דאָס איז אײַער מאן?

— יאָ.

אָבער דאָ האָט זי זיך ווידעראמאָל, ווײַזט אויס, אין עפּעס דערמאָנט און גענומען וועקן הירשן, וועלכער האָט אײַנגעדרעמלט, זיצנדיק אין ווינקל:

— גריגאָרי, א גריגאָרי! אָסינקע מוז שוין זײַן הונגעריק. אָסיע, אָסיע, קום אהער!

אָסיע האָט געקוקט אין פענצטער, דאָס עסן איז אים געוויס ניט געלעגן אין קאָפּ, אָבער די מאמע האָט זיך ניט אונטערגעגעבן:

— אָסיע, צו וועמען רעד איך! גריגאָרי, זאָג אים דו!

— שיינדעלע...

זי האָט געוואָרפן אפן מאן א שנעלן בליק, און ער האָט זיך פאַריכט:

— סאָניעטשקע, ער האָט דאָך ניט לאנג געגעסן.

— וואָס רעדסטו, דאָס קינד איז הונגעריק, נעם אָקאָרשט ארויס דאָס עסן...

דער מאן האָט שווער אופגעהויבן די פאַרמאַטערטע, אראָפּגעלאָזענע אקסל, אופגעשטאנען מיט א שטילן קרעכץ, ארויסגענומען א טאָרבעלע פון קאסטן.

— אָסיע, צו וועמען רעד איך?!

און אָסיע האָט ווײַטער געקוקט אין פענצטער, ווי גלײַך מע מיינט ניט אים, ער איז געשטאנען אפן לייטערל, זײַנע הייזלעך מיט מאנזשעטן אונטער די קני זײַנען געווען גרויס אף אים (צו וואקסן און צו קוועלן!) און איין קאלאָשע האָט זיך אראָפּגעלאָזט ביזן פוס־ביינדל. די מוטער האָט באמערקט, אז די שאָכנטע פון קופּע קוקט אין יענער זײַט און אײַליק א שעפּשטע געטאָן:

— אָסיע, הייב אוף די קאלאָשע! — און, פאַנאנדערלייגנדיק דאָס צובײַסעכץ אפן טישל, צוגעגעבן: — אָסיע, גיי עסן, צו וועמען רעד איך?

און ווידער צעמישט געוואָרפן א בליק אף ראָכלען:

— אוי, א שלומפּער. אָסיע, הייב אוף די קאלאָשע!

הירש האָט מיד געקוקט אף זײַן פרוי, און זי האָט איבערגעכאַזערט מיט א פאַרשעמטן האכנאָעדיקן שמייכל:

— אוי, סאַראַ שלומפּערס זיי זײַנען, די יינגלעך. אָסיע!

ראָכל האָט זיך געשטיקט פון א מאָדנעם געפיל, זי האָט ניט געקאָנט קוקן אף דעם האכנאָעדיקן פאַרשעמטן שמייכל. אזא אויסדרוק פונעם פּאָנעם פּאַסירט בא א מענטשן, ווען ער באמערקט אין ניט קיין פּאַסיקן מאָמענט אף זיך א פרעמד אויג. איצט

וואָלט געווען גענוג, אַז ראָכל זאָל זאָגן איין וואָרט, און זי וואָלט געמאַכט דעם שמועס היימישער. עס וואָלט געווען גענוג פּאַשעט אַריבערגיין אױף מאַמע־לאָשן. אָבער זי האָט ניט געקאָנט זיך צווינגען דאָס צו טאָן. מיטאַמאָל (ווער ווייסט פאַרוואָס) האָט זי זיך דערמאָנט, ווי אַמאָל, פאַר דער מילכאָמע, ווען זי איז נאָך געווען אַ קינד און זיי האָבן געלעבט אין פּוילן, האָט אַ פאַרבײַגייער אין גאַס געזאָגט צו דער מוטער: „סאָראַ שיין טעכטערל איר האָט, גאַרניט ענלעך אױף אײַער נאַציע...‟ ער איז געווען זיכער, אַז ער האָט געמאַכט אַ קאָמפּלימענט, אָבער די מאַמע האָט זיך ניט דערפרייט און אַפילע ביטער אַ שמייכל געטאָן...

ראָכל האָט זיך צוגעלייגט, גענומען לייענען דעם בוך, אָבער ניט זייער גוט פאַרשטאַנען וועגן וואָס זי לייענט.

— אַנטשולדיקט, — האָט זיך צו איר ווידער געווענדט די שאָכנטע. — איר וואָלט זיך ניט געקאָנט מיט אונדז בײַטן מיטן אָרט?

— אָבער איר האָט דאָך אויך אַן אונטערשט אָרט. — האָט זיך אַרויסגעריסן בא ראָכלען.

— מיר האָבן געמיינט, אַז בעסער וואָלט געווען, מיר זאָלן האָבן נאָך איין אונטערשטע פּאָליצע...

ערשט איצט האָט זיך ראָכל געכאַפּט, אַז די דיקע שאָכנטע וועט זיך ניט קאָנען אָוועקלייגן זאַלבעצווייט מיטן קינד אױף דער אונטערשטער פּאָליצע, און אַרופקלעטערן אױף דער אייבערשטער וועט איר אויך זײַן שווער.

— אײגנטלעך קאָן איך, פאַרשטייט זיך...

— ניין, ניין. מע דאַרף ניט! — איז דער מאַן פאַרלאָפן דעם וועג זײַן ווײַב.

— מע דאַרף ניט, באַאומרויִקט זיך ניט, ס׳זאָל גאָרנישט... — האָט שנעל צוגעגעבן די שכײנע.

דער פּאָטער איז אַרופגעקראָכן אױף דער אייבערשטער באַנק, און די מוטער מיטן זון האָבן זיך אָוועקגעלייגט אונטן. זיי האָבן זיך די גאַנצע נאַכט געדרייט, אומזיסט זוכנדיק אַ באַקוועמערע פּאָזע. הירש האָט שטיל געקרעכצט פון שלאָף און אָפּט זיך געוועקט, ווײַזט אויס, פון געוויסנביסן, וואָס ער ליגט באַקוועם, און זיי מאַטערן זיך זאַלבעצווייט, ווײַל יעדע ווײַלע פלעגט ער זיך אַראָפּבייגן פון דער אייבערשטער באַנק צו זען, ווי זיי פילן זיך דאָרט.

ראָכל האָט די גאַנצע נאַכט ניט צוגעמאַכט קיין אויג.

און אַנדריי האָט זיך קיין איין מאָל ניט אויפגעכאַפּט פונעם סאַמע מיטיק ביז אינדערפרי. אויפשטייענדיק שפּעטער פון אַלעמען, האָט ער ערשט דערזען, אַז זיי האָבן אין קופּע שכײנים.

— מיר האָבן, ווײַזט זיך אַרויס, מיטפאָרער. איר פאָרט ווײַט?

— אויך אױפן ריגער יאַם־ברעג, ווי איר!

— אָ, זייער אָנגענעם! און דו, יונגער העלד, פאָרסט מיסטאָמע דאָס ערשטע מאָל צום יאַם?

— דאָס ערשטע.

— מירן טרינקען אַ גלאָז טיי, יאָ? ראָכל, דו האָסט דאָך, דוכט מיר, צוקערקעס. גיב אַ זוך, זײַ מעכאַבעד דעם יונגנמאַן.

דעם „יונגנמאַנס‟ עלטערן האָבן זיך איבערגעקוקט. די גאַנצע איבעריקע צײַט איז אין קופּע געווען פרייליך און הילכיק, און קיינער האָט ניט באַמערקט ראָכלס שלעכטע שטימונג. די שאָכנטע האָט דערציילט וועגן די קרויווים פון איר מאַנס צאַד, צו וועלכע זיי פאָרן, וועגן זייער אייגענער דאַטשע, און אַנדריי האָט געראַטן, וואָס עס איז ווערט צו זען אין ריגע און אין דער אומגעגנט.

— עפּשער וועלן מיר זיך נאָך טרעפן! — האָט געזאָגט הירש, געזעגענענדיק זיך, ווען די באַן איז אָנגעקומען אױף דער סטאַנציע ריגע.

— עס קאָן גרײַלעך זײַן! — האָט געענטפערט אַנדריי און פרייליך זיך געזעגנט.

נאָר ראָכל האָט נאָך לאַנג ניט געקאָנט פּאָטער ווערן פון איר פאַרדראָס, פון דער אומצופרידנקײַט מיט זיך אַליין.

# געטראָפן אין פּינטל

מײַן קאָמאַנדירונג האָט זיך פאַרענדיקט. דער מענטש, וועגן וועלכן איך האָב געדאַרפט שרײַבן אין מײַן אָטשערק, האָט מיך באַגלייט צו דער באַן, מיר האָבן געמיטלעך געשמועסט, ווי אַ פּאָר אַלטע באַקאַנטע. אַזאַ שמועס נאָטירט מען ניט, ביפראַט, אַז געפירט האָבן מיר אים איצט אונטערוועגס. איז דאָך קלאָר, אַז ווי נאָר איך האָב זיך אַרײַנגעזעצט אין באַן, האָב איך אַרויסגענומען מײַן נאָטיק־ביכל און אַלץ פאַרשריבן, קעדיי נישט צו פאַרגעסן ניט דעם נוסעך און ניט דעם כאַראַקטעריסטישן אַרט ריידן פון מײַן העלד.

אַ פּאַסאַזשיר קעגניבער האָט געקוקט אױף מיר מיט אַ פריילעכן כיזעק אין די שוואַרצאַפּלען, ווי איינער רעדט: ס׳קלעקט אײַך ניט קיין צײַט צו שרײַבן אינדערהיים, דאַרף מען נאָך דאָ, אין דער פאָרנדיקער באַן?

געקוקט, און טאַקע זיך ניט אײַנגעהאַלטן, געפרעגט.

איך האָב אים אַלץ גענוי דערקלערט.

ער האָט, ווײַזט אויס, כיישעק געהאַט צו שמועסן, ווײַל ווי נאָר איך האָב אָנגערופן די רעדאַקציע, אין וועלכער איך אַרבעט, האָט ער זיך אָנגעכאַפּט:

— בא אײַך איז דאָ איינע גראַזשינאַ ל., אויב איך האָב ניט קיין טאָעס?

— יאָ, אַ שיינע פרוי.

— א שוואַרצע מאַגייפּע!

— ביז גאָר א קלוגער מענטש.

— צו קלוג!

— פּעיִק...

— אוואַדע פּעיִק, אויב זי האָט אזוי געקאָנט אַרײַנעמען אין די הענט איר מאַנדל. און אַלץ מיט גוטן, מיט זיסע רייד... ער גייט אין שפּאַן, איך בין אים ניט מעקאַנע...

— ווער זײַט איר, וואָס איר ווייסט דאָס אַלץ? — פרעג איך.

— ס'האָט ניט קיין באַדײַטונג.

ער האָט מיך פאַרינטריגירט. ווי קומט עס, אַז ער קען אזוי גוט מײַן מיטאַרבעטערן, רעדט פון סידער, מאַכט אָבער דערבײַ אויסצודרייען פון איר און פון איר מאַן, א גליקלעך פּאָרפּאָלק?..

ער רעדט און רעדט, איך שווײַג, הער זיך צו, זוך עפּעס איז מײַן זיקאָרן, דערמאָן זיך אין אַן אַמאָליקן שמועס וועגן קינדער און עלטערן, און גראַושינעס דערציילונג וועגן איר שוואָגער... מײַן מויעך אַרבעט אָנגעשטרענגט, איך בין נאָך ניט זיכער, אָבער איך אַנטשליס זיך:

— איר האָט צוויי קינדער. — פרעג איך ניט, נאָר איך זאָג.

— יאָ, — וווּנדערט ער זיך.

— צוויי מיידלעך.

— פונוואַנען ווייסט איר?

— ס'האָט ניט קיין באַדײַטונג. די עלטערע איז אַלט א יאָר צען, די יִנגערע איז נאָך גאָר קליין.

איצט האָט ער מיך אָנגעקוקט מיט קינדלעכדי־קע אויגן.

— דאָס עלטערע מיידעלע איז א צײַט גע־וואַקסן אָן אײַך, איר האָט דאַן געלערנט אין מאָס־קווע, אין אַספּיראַנטור. ווען איר האָט זיך אומ־געקערט, איז געבוירן געוואָרן דאָס צווייטע.

— !?

— די קליינע האָט איר ליב סאַקאָנעס־נעפּאָ־שעס, די עלטערע באַמערקט איר קוים.

— אָבער פונוואַנען...

— איר מוזט גאָרניט פאַרשטיין, ווי שטאַרק אײַך האָט ליב אײַער עלטערע טאָכטער. עכט־מענערישער עגאָיִזם... די טאָכטער אײַערע קאָן ניט לײַדן קיין מילך. זי ווייסט אָבער, ווי איר האָט האָלט ביר, האָט זי געשטעלט דער מוטער א באַדינג: יעדעס מאָל, וואָס אײַער פרוי קויפט אײַך א פלעשל ביר, טרינקט זי, דאָס טעכטערל אײַערס, אויס א גלאָז מילך.

ער איז געזעסן פאַרגאַפט. מיר זײַנען שוין געקומען צו פּאָרן, האָט ער מיר פאַרשטעלט דעם וועג, גרייט געווען מיך צו באַגלייטן אַהיים, איך זאָל אים נאָר זאָגן, פונוואַנען איך ווייס עס אַלץ.

— ס'האָט ניט קיין באַדײַטונג. גיט איבער אײַער עלטערער טאָכטער א גרוס פון מיר און קויפט איר א גוטע מאַטאַנע, — האָב איך געענט־פערט און איבערגעלאָזט מײַן מיטפאָרער, דעם כוויזעקמאַכער, מיט א נאָז.

## פאַרזאָגט א צענטן

— פאָרן מיט דער באַן? — זאָגט מײַן יונגע מיטאַרבעטערן, — ס'איז שוין, באַרעכהאַשעם, באַלד סאָף צוואַנציקסטער יאָרהונדערט, ווער פאָרט עס מיט באַנען, אַז מע קאָן פליִען מיטן אַעראָפּלאַן...

איר זאָלט מיך פרעגן, איז נאָר א באַן. דעם גאַנצן טאָג האָוועסטו און שמײַעסט, דו שטייסט שוין קוים אויף די פיס, און דאָ, אין אָוונט, זעצסטו זיך אַרײַן אין א ווייכער, זויבערער קופּע, אויפן טישל — א קלאָר סערוועטל, א בלימל, א טעלערל מיט צוקער און מיט וואַפליעס — ריין, שיין, גע־מיטלעך. דו אָטעמסט אויף, זעצסט זיך באַקוועם און רוסט. „קײַף“ הייסט עס הײַנטיקע צײַטן, וואָס מיינט צו זאָגן — א גאַניידן.

ווײַטער פאָרסטו און קוקסט זיך אַרום אויף דײַנע שכיינים אין קופּע. פאַראַן אַזעלכע, וואָס שטעקן אַרײַן די נאָז אין א צײַטונג, און ס'מעג דונערן און בליצן, רײַסן זיי זיך ניט אָפּ פון דער בלאַט. אַן אַנדערער קוקט אין פענצטער און שווײַגט דעם גאַנצן וועג, אַליין מיט זײַנע געדאַנקען, ווי ס'וואָלטן ניט געווען קיין מענטשן אַרום.

איר זאָלט וועלן וויסן, געפעלט מיר בעסער א באַריידעוודיקער מיטפאָרער. ווו נאָך, פרעג איך אײַך, האָט א מענטש אַזויפיל פרײַע צײַט, ווי אין א באַן? ווו נאָך מאַכט זיך אים א געלעגנהײַט אזוי נאָענט און אזוי לאַנג אָנצוקוקן יענעם? קוק, באַ־קען זיך, פרעג אויס און דערצייל אויך, אַדעראַבע, וועגן זיך, רייד זיך אויס די נעשאָמע. וואָרעם אַז דו קומסט אָן אויף אַן אָרט, איז אויס באַקאַנטשאַפט: ווו, ווען, ניט געזען, ניט געהערט: זײַט געזונט, גייט געזונטערהייט.

דעם עמעס זאָגנדיק, האָב איך העלטער צו פאָרן מיט פרויענצימערס — ס'איז עפּעס היימלע־כער, דער שמועס קלעפּט זיך בעסער. א האַרץ פילט א האַרץ. דאָס מאָל האָבן אין קופּע אויסער מיר זיך אַרײַנגעזעצט דרײַ מאַנצבלען. פריִער פלעג איך מוירע האָבן פאַר שיקורים. הײַנט איז, באַרעכ־האַשעם, שטיל: מע האָט זיך בײַ אונדז געגומען צו שיקרעס ווי ס'באַדאַרף צו זײַן, האָט טאַקע אַזאַ איינער מוירע און קריכט ניט אין די אויגן. אויב ער טרינקט יאָ אויס א גלעזל, איז אינדערהיים אָדער אין א שטיל ווינקל, און באַהאַלט זיך באַלד פון מענטשנס אויג. בײַ אונדז אין קופּע איז אַזאַ איינער אַרופגעקראָכן אויף דער אייבערשטער פּאָ־ליצע שאַ־שטיל און אַנשלאָפן געוואָרן. ס'איז רעכט,

אז איך בין אים גאָר סטאם כּוישעד. עפּשער איז א מענטש מיד. מע מוז אָבער זײַן וואכזאם: מיר קעמפן מיטן ביטערן טראָפּן.

דער צווייטער בא אונדז אין קופּע, אן עלטערער מענטש, א מיליטערמאן, איז טאקע געווען איינער פון די יעניקע, וואָס שטעקן ארײַן די נאָז אין א בלאט. דער האָט געהאלטן א בוך אין האנט. וויל ער ניט שמועסן, מאכעטייסע.

באם טישל אנטקעגן מיר איז געזעסן א באָכער און געשוויגן.

א שטילער באָכער, א געלאסענער, אומעטיקלעכער, בלאסלעכער, פארטראכטער. „איינער פון די, וואָס קאָנען קיין צוויי ניט ציילן" — האָב איך פארשטאנען.

— ווּהין פאָרט א באָכער? — פרעג אי .

— אהיים, — ענטפערט ער און שווײַגט.

— איר מוזט לערנען? — פרעג איך.

— שוין אָפּגעלערנט — זאָגט ער.

— ווּ? — פרעג איך.

— אין טעכניקום.

— אין וועלכן? (איך האָב א שטיקל שײַכעס צום שול־ווּעזן).

— אָף פיאטראָ צווירקאס, אין פּאָליטעכנישן...

איך קוק אים אָן פארוווּנדערט. דער פּאָליטעכנישער איז אָף אָלאנדו־גאס. אָף פּיאטראָ צווירקאָס איז פאראן אן אײַזנבאן־טעכניקום און א טעכנאָלאָגישער.

— איר האָט אין ווילנע אוואדע א מישפּאָכע? — פרעג איך.

— יאָ, ס'פאראן א מישפּאָכע... — ענטפערט ער אומגערן.

— טאטע־מאמע? — העלף איך אים אונטער.

— א מאמע, א באָבע מיט א זיידן. און דער טאטע...

ער ווערט אנשוויגן. איך קוק אָף אים און שווײַג אויך, ווארטנדיק, וואָס עס וועט זאָגן ווײַטער.

— דער טאטע מײַנער לעבט אין מאָסקווע, איך פאָר דאָס פון אים, — מונטערט זיך אוף מײַן מיטפּאָרער. — ער איז א גרויסער נאטשאלניק, מײַן טאטע, פון די הויכע פענצטער. ער רופט מיך צו זיך. און אז דער ברודער וועט ארויסגיין...

— האָט איר אויך א ברודער? — אינטערעסיר איך זיך.

— האָבן האָב איך, — פארוויטלט ער זיך, — א שטיק שלימאזל איז ער, מײַן ברודערקע. פארלוירן דעם קאָפּ צוליב א מיידל, פארלוירן דעם קאָפּ, זיך צעהארגעט מיט איינעם צוליב איר. ער איז א באָקסיאָר, דער ברודער מײַנער, האָט ער יענעם אָנגעבראָכן די ביינער. זיצט ער איצט אין א קאָלאָניע פאר מינדעריעריקע. איך פאָר דאָס פון אים...

איך זע שוין, אז ס'קלעפּט זיך ניט דאָס, וואָס ער רעדט, שווײַג איך. און ער, דער באָכער, האָט זיך ערשט צערעדט. ער דערציילט און דערציילט, בוידעם־פּאָליצע.

נאָכדעם שווײַגן מיר שוין ביידע. מײַן מיטפּאָרער אָף דער אייבערשטער פּאָליצע כראָפּעט, דער אנדערער זיצט אין ווינקל און לייענט, ער הערט אונדז ניט און זעט ניט. און מיר ביידע שווײַגן. מיטאמאָל גיט זיך מײַן באָכער א הייב אוף און דערלאנגט שטיל א זאָג:

— איך האָב אײַך אָפּגענארט דערציילט באָבע־מײַסעס. ניט דער ברודער, נאָר איך בין דאָס געזעסן אין א קאָלאָניע פאר מינדעריעריקע. אָפּגעזעסן קארגע צוויי יאָר. איצט פאָר איך פון דאָרטן אהיים. מע האָט מיר געגעבן אָפן וועג און אָף דער ערשטער צײַט צום לעבן דרײַ הונדערט מיט זיבן און צוואנציק רובל. נאט, קוקט זיך אײַן. — ער באווײַזט דאָס געלט, לייגט אוועק אָפן טישל א פּאפּיר מיט זײַן פאָטאָגראפיע און גייט אוועק.

איך בין געבליבן זיצן א געפּלעפּטע.

דער זייגער איז געווען נײַן אין אָוונט. עס גייט אוועק א האלבע שאָ, א שאָ, אָנדערהאלבן. ניטאָ דער באָכער. דער אלטער אָפּיצער האָט זיך שוין אוועקגעלייגט, אָנגעצונדן דאָס לעמפּל, ווײַטער געלייענט ליגנדיק.

איך זיץ אין קופּע צווישן מענטשן אליין מיט מײַנע מאכשאָוועס און מיט דעם באָכערס דאָקומענט אין האנט. ווער איז ער? עפּשער האָט ניט זײַן ברודער, נאָר ער אליין צוליבן מיידל געהארגעט יענעם מענטשן מאקעס רעצער? און ווּ איז ער איצט מיט זײַן געלט? עפּשער פארטרינקט ער עס איצט אין רעסטאָראן? כ'דערמאָן זיך, אז הײַנט טרינקט מען ניט, און ס'ווערט מיר לײַכטער. ווּ זשע איז ער אָבער?

ס'איז אים אוואדע געוואָרן קאָלעמיטנע אָפן הארצן, קלער איך, ווען נאָך אינדזער לאנגן געמיטלעכן שמועס איז ער זיך מיטאמאָל מוידע געווען, געזאָגט דעם עמעס. אָבער פארוואָס האָט ער עס געטאָן?..

איך זיץ, דאָס פּאפּיר ברענט מיר די האנט, איך לייג עס ניט אוועק, ס'איז דאָך א דאָקומענט. און ווײַטער וויסן דאָך ניט די איבעריקע מיטרײַזער דאָס, וואָס איך ווייס... וואָס אן עמעס, שלאָפט שוין דער מאנצבל אנטקעגנעבער אויך. ס'איז שוין נאָך עלף... איך זיץ און ווארט.

ס'איז מינאסטאם געווען ארום האלבע נאכט, ווען דער באָכער איז געקומען, גענומען בא מיר זײַן דאָקומענט, ארופגעקלעטערט אָף זײַן אייבערשטער פּאָליצע און באלד אנשלאָפן געוואָרן.

ווי קיינמאָל גאָרניט.

איצט זײַנען שוין אלע געשלאָפן, נאָר איך האָב די גאנצע נאכט ניט צוגעמאכט מיט קיין אויג.

פון דאן אָן האָב איך פארזאָגט א צענטן צו שליסן באקאנטשאפטן אין באן אין סטאם אזוי, קעדיי צו פארטרײַבן די צײַט, שטעלן מענטשן קלאָץ־קאשעס.

### יויסעף בורג

# פון נײַעם בוך

## אין אייגענעם גראנגל

מיר האָבן זיך באקענט אין ווילנע.

אינמיטן פון א שטילן פראַסטיקן ווינטערטאָג האָט עמעצער אַנגעקלאפּט אין מײַן האָטעל־צימער, ווו איך בין אײַנגעשטאנען, און נאָך איידער איך האָב באוויזן צו ענטפערן, האָט די טיר זיך געעפנט, ניט אינגאנצן, בלויז א ברייטלעכע שפּארונע, און אינעם דורכלויכט אירן האָט זיך ארײַנגעשטעקט א מענערישער קאָפּ אין א טײַער פוטערן היטל.

— מאָזשנאָ?[1]

און שוין איז ער געשטאנען אויף דער זײַט שוועל, א קרעפּטיקער, א מיטלוווקסיקער, מיט ווארעמע העל־בלויע אויגן, וואָס האָבן געשפּילט מיט אן אויסערגעוויינלעכן יוגנטלעכן גלאנץ.

ס'האָט אויסגעזען ווי א ווינט וואָלט זיך ארײַנגעריסן.

און די טיר הינטער אים איז לאנגזאם צוגעגאנגען צוריק צו איר ראם און אײַנגעשלונגען די שפּארונע.

מיך אָבער האָט קיינער פארפריער ניט צוגעגרייט צו אזא באגעגעניש, און איך בין געווען אין א געוויסער פארלעגנהײַט ניט וויסנדיק, ווער ער איז און צוליב וואָס ער איז געקומען.

עפּשער א טאָעס?

ער האָט יינגליש־געשיקט אויסגעטאָן זײַן שפּאָגל־נײַע דובליאָנקע, וואָס האָט נאָך ניט אינגאנצן אָנגעווירן דעם רייעך פון שאָפּענער פעל, מיר אנטקעגנגעטראָגן א ראשיקן שאָלעם־אלייכעם און מיט א ברייטן ווײַסציינערדיקן שמייכל אויסגערופן אויף א קאָל זײַן פארליטווישטן יידישן פאַמיליע־נאָמען, וועלכער האָט מיר אויך גאָרניט געזאָגט. איך ווייס ניט פארוואָס, נאָר דער שמייכל זײַנער האָט מיר אויסגעזען עפּעס א פארשעמטער, גלײַך ער וואָלט באהאלטן א סאָד, וואָס נאָר ער אליין וויל אים טראָגן, מיט קיינעם ניט טיילן און פאר קיינעם ניט אנטפּלעקן.

ווי אלט קאָן ער זײַן?

דאָס פּאָנעם, א ביסל געראונצלט, מיט דינע קנייטשלעך, געקניפּט ארום זײַנע העל־בלויע אויגן, האָט ניט אויסגעגעבן זײַן עלטער. ער האָט אפן ערשטן קוק אויסגעזען זוניק פריש און פארברוינט. זײַנע געל־גראָווע האָר זײַנען געווען געדיכט, ווי בא א דרײַסיקיאָריקן, און דאָס מויל, א ברייטלעכס, מיט אן אראָפּגעלאָזטער אונטער־שטער ליפּ, האָט לײַכט געציטערט. און עס איז שווער געווען צו באשטימען, צי דאָס איז אן אָנזאָג אויף בייזקײַט, צי אויף מילדקײַט.

פון אים האָט געשפּראָצט מיט אזויפיל לעבן, אז מיר האָט זיך געדאכט, ווי אָט דער מענטש וואָלט קיינמאָל פון קיין יעסורים ניט געוווסט.

ווי אלט ער איז געווען?

ניין. איך וואָלט ניט געגלייבט. אז ער איז שוין נאָענט צו זעכציק. זײַן יונגקײַט האָט ארויסגעקוקט פון אים ווי א זומערטאָג, וואָס האָט זיך פארלוירן אין אָקטיאבער. ער האָט געטראָגן זײַנע יאָרן מיט גײַווע, ווי מעדאלן, אָנגעשפּיליעטע אויף דער ברוסט.

און עפּשער האָט זיך מיר נאָר אויסגעוויזן.

אינגאנצן עטלעכע געציילטע מינוטן זײַנען פארבײַ, און דער צימער איז פול געוואָרן מיט זײַן געפאקטער, קנאקנדיקער שטים, וואָס האָט געקלונגען קרעפּטיק, יונג, מיט א צעראַשטער העפקערדיקער פריילעכקײַט, ווי ער וואָלט עפּעס פארשריגן אין זיך אליין.

ריידן האָט ער אָנגעהויבן אויף רוסיש, וואָס האָט זייער געפּאסט צו זײַן נאָרדישן אויסזען. גערעדט פרײַ, שפּילעוודיק, ארײַנגווארפנדיק פון מאָל צו מאָל יידישע ווערטער, ביז ער איז אינגאנצן אריבער אויף יידיש.

— ווי הייסט עס דאָרט בא קולבאקן? — און ער האָט גענומען זיך דערמאָנען אויף א קאָל:

געפילט האָב איך יידישע ווערטער,
ווי טײַבעלעך ריינע, ווי טײַבעלעך ריינע,
די טײַבעלעך וואָרקען און וואָרקען אין האַרץ...

און עס האָט זיך געדאכט, ווי ניט ער, נאָר מוישע קולבאק אליין איז געקומען צו מיר צו־גאסט אין ווילנער האָטעל־צימער.

[1] מע מעג (רוס.).

איך האָב זיך דערוווּסט, אַז ער איז אַ זשורנאַליסט, שרײַבט אויף ליטוויש. ער האָט אָנגעשריבן אַ יידישע דערציילונג און וויל מיך גערן באַקענען מיט איר.

— אויף יידיש?

זײַן פּנים האָט באַשלאָגן אַ בלייכער פלאַם, און זײַנע ליפּן האָבן זיך קרענקלעך אַ דריי געטאָן:

— ניין!

אַ ווײַלע איז געוואָרן אומהיימלעך שטיל. און די שטילקייט האָט געענטפערט פון אַלע ווינקלען:

— איך פאַרשטיי אָבער ניט קיין ליטוויש.

אַוודאי האָט ער געטראַכט וועגן דעם, גייענדיק אַהער. נאָר סע מאַכט ניט אויס. ער וועט מיר אַלץ איבערזעצן.

די דערציילונג, געבויט מער אויפן קוויטער פון שטימונג, ווי אויפן סוזשעט, האָט געשילדערט אַ יידישן קינסטלער, וואָס האָט אין די יונגע יאָרן אַוועקגעבלאָנדזשעט פון זיך, מיינענדיק, אַז ערגעץ אַנדערש איז פאַרביקער, רײַכער, אַראָפּוואַרפנדיק פון זיך יעדע וואָג פון געדאַנקען. און ערשט אויף דער עלטער זיך געכאַפּט, אַז דער גאַנצער פאַרביקער רײַכקייט פעלט די אייגענע...

איך האָב אויף קיין האָר ניט געצווייפלט, אַז דאָס איז אַ כּעזשבן־האַנפעשדיקע דערציילונג, אין וועלכער עס דאַרפן זיך אָפּשפּיגלען שווערע מענטשלעכע און שעפערישע מאַטערנישן, און אַז אונטער דעם קינסטלער באַהאַלט זיך דער, וואָס זיצט קעגן מיר מיט זײַן אייגענער בענקשאַפט און זײַן אייגענעם געראַנגל.

ווילנע, וואָס גיסט זיך בעכערדיק איבער די ברעגן פון דעם טײַך ווילִיע, האָט אים אַמאָל פון איר טיף אַרויסגעשווימט. ער איז געוואַקסן אין די יידישע געסלעך, וווּ עס האָט געהויזט אַ גריזאַמע נויט און עס האָט געשפּילט אַ פאַרביקער כּאַלעם. און ווען די יידישע ווילנע האָט זיך געראַנגלט אין אירע לעצטע גסיסע־ווייען, איז אים בײַגעשטאַנען זײַן ניט־יידישער אויסזען. ער איז אַנטלאָפן אַהין צו די גרויסע פאַריסענע גאַסן, וואָס האָבן זיך געכיינדלט צו דער וועלט מיט אַ שימער פון זיכערקייט, ווי ער וואָלט צעריסן קייטן, וועלכע האָבן געפּענטעט זײַן נעשאָמע. ער איז געלאָפן מיט אימפּעט און פאַרטראָגן געוואָרן ווײַט, אַ סאַך ווײַטער, ווי עס איז נייטיק געווען...

ער איז אַנטלאָפן אויף אַ ווײַל און געבליבן אַן אַנטלאָפענער אויפן גאַנצן לעבן. איז ער איצט, דורך יאָרן, געקומען צו מיר מיט זײַן אַלטן יידישן ניגן. סע האָט זיך אָבער אין זײַן איבערזעצונג קיין ניגן ניט אַרויסגעהערט. עס איז ניט אונטערגעקומען דאָס פּאַסיקע וואָרט, וואָס זאָל באַפרײַען דעם וועג פאַר יענעם שטראָם פון רייד און געפילן, וועלכע ער האָט געוואָלט אַרויסברענגען און ניט געקאָנט. צו מײַן אויער איז דערגאַנגען בלויז אַ טרוקענע, אײַנגעשפּאַרטע און בויערנדיקע שטים, און געסילעט אָפּגעריסענע שטיקער לעבן, איבערגעזעצטע פון ליטוויש אויף יידיש.

ער האָט געלייענט, און איך האָב ניט געוווּסט, וווּהין די אויגן אַהינצוטאָן. ניט געגלייבט מײַן אייגענעם געהער. זײַן יידיש, וואָס האָט מיט עטלעכע מינוט צוריק אַזוי פריש געשפּרודלט, האָט אָנגעווווירן דעם גאַנצן כיין, געוואָרן אומגעהובלט, בלייך און פאַרבלאָזן.

מיטאַמאָל האָט ער איבערגעריסן דאָס לייענען, ווי ער וואָלט זיך אַליין דערשראָקן פאַר דער נעפּלדיקייט פון זײַן לאָשן, פאַר זײַן געשפּאָלטענער שטים.

— גענוג!

ער האָט אַ שאַר געטאָן פון זיך די צעשאָטענע בלעטלעך, זיך געענדערט, ווי ניט בלויז די אויגן, נאָר דאָס גאַנצע פּנים וואָלט אַרויסגעקוקט דורך די ברילן. און איך האָב עפּעס ניט געקאָנט באַנעמען, וויאַזוי אַ מענטש קאָן אַזוי לײַכט זיך ענדערן, בײַטן. ער איז געבליבן זיצן אין אַ טיפן שטילשווײַגן און געלאָזט ווײַט בלאָנדזשען זײַן בוילעטן, שאַרפן בליק.

פּלוצעם, ווי עפּעס אַן אומרו וואָלט אים אויפגערודערט, איז דער בליאַסק אין זײַנע אויגן געוואָרן אָנגעגליט, און ער האָט פון דער העלער הויט גענומען דערציילן וועגן די לעצטע טעג פון ווילנער געטאָ. ער האָט געוואָרפן מיט גאַנצע בינטן זעונגען, מיט בילדער פון יידישן לעבן און שטייגער. זײַן שפּראַך האָט באַקומען דעם פריערדיקן פאַרביקן גלאַנץ, גלײַך ער וואָלט זיך אומגעקערט פון אַ פרעמדער ווײַט צו זיך אַהיים.

איך האָב דערזען שמאָלע, דאַלעסדיקע יידישע געסלעך מיט כּאַרעווע הײַזלעך, איינס קעגן אַנדערן, געפילט אַ טונקעלן רייעך פון אַלטקייט. איך האָב געזען וועגן, וואָס דרייען זיך און שלענגלען זיך, טיילן זיך פאַנאַנדער און פאַלן צונויף איינער אינעם צווייטן. און אויף די וועגן — מענער, געבויגענע אינדרײַען, פרויען מיט קינדער בײַ דער ברוסט און קינדער בײַ די הענט, און טויזנטער פּנימער מיט אָנגעשטרענגטע אויפגעלאָפענע אָדערן בײַ די שלייפן און בײַם האַלדז, ווערן די וועגן ווי צונויפגעגאָסן אין איין פּנים, מיט רויטלעכע ווײַסע איבער דערשראָקענע בלאָנדזשענדיקע אויגן, אַרומגערינגלט פון הענקער מיט צערייצטע הינט. איך האָב געהערט דאָס שאָרכען פון אַן אַ שיר טריט, וואָס זײַנען געגאַנגען דעם לעצטן וועג...

ער האָט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, זיך אויש פאַרכלינעט פון אײַנגעהאַלטענער אויפרעגונג. ווערטער זײַנען שוין מער ניט געפלויגן פון זײַן מויל. ס'האָט גערעדט זײַן פּנים, זײַנע אויגן. ער איז אַנשוויגן געוואָרן. און איך האָב געוואָלט אים עפּעס זאָגן אַזוינס, וואָס זאָל אים באַפליגלען.

— פאַרוואָס שרײַבט איר ניט אויף יידיש?

— ?!

מײַן פראַגע איז געבליבן הענגען אָן אַן ענטפער.

דער וויזיט האָט גענומען צאַנקען.

אויף יענער זײַט פענצטער האָט שוין אַ ביסל אײַנגעבויגן זיך דער בלוילעכער ווינטערטאָג, אַוועקגעטראָגן צו די הינטערשטאָטישע האָריזאָנטן אַ קאַלטע בלייכע זון. די דרויסנדיקע שײַן איז געפאַלן אויף אונדזערע הענט, אַריבערגעטראָגן אונד־

זערע געשטאַלטן אַף די טונקעלע געמאָלענע ווענט, נאָכגעקרימט יעדע באַוועגונג, און איך האָב פאָרגעלייגט, מיר זאָלן זיך אַראָפּלאָזן אין רעסטאָראַן עפּעס איבערכאַפּן.

דער זאַל איז געווען א גרויסער, א געוועלבטער, מיט טיפע פאַרשאָטנטע ווינקלען. הענגלײַכער פון קרישטאָל האָבן מיט א יאָמטעוודיקן שימער פאַרגאָסן די ווײַסע טישטעכער און דעם קאָלירטן מענטשן־בוקעט. א דזשאַז־אָרקעסטער האָט געהילכט. ווילדע דינאַמישע קלאַנגען זײַנען זיך צעפלויגן אין אַלע עקן, ווי שפּליטערס פון אן אויפרײַס, און עס האָט זיך געדאַכט, אז די אינסטרומענטן ווערן אָט־אָט פּלאַצן.

אינמיטן זאַל האָבן יונגע פּאָרלעך מיט צעפלאַמטע פּנעמער זיך געגליטשט איבערן גלאַנציקן דיל. די אייבערשטע האַלבע קערפּערס האָבן געצוקט לײַכט און פריידיק, ווי זיי וואָלטן געלעבט זייער אייגן לעבן, און די אונטערשטע — זײַנען ניט אײַנגעשטאַנען, זיך געריסן, געוויגט. יעדער אייוועך האָט געטאַנצט אין א נאַקעטער העפקייערס פון הונגעריקע לײַבער...

א מיידל, ווי א שוואַלב, האָט אַרויסגעפלאַטערט פאַרן אָרקעסטער. איר פּאָנעם — אָפן, ליכטיק. די הויט פון אירע אַנטבלויזטע שולטערס — ווי פון פּערלמוטער. די צעשאָטענע קאַשטאַנען־האָר אירע, דורכגעפלאָכטן מיט א בײַטשל ווײַסע קאָרעלן, האָבן געלויכטן מיט א גאָלדיקער שפּילעוודיקײַט. זי האָט צונויפגעשנירלט אירע ליפּן און אַרײַנגעזונגען אין מיקראָפאָן עפּעס א טאַנץ־ליד אַף ליטוויש. א שקוואַל פון אַקאָרדן האָט געשטורעמט שטאַרק און געדיכט, ווי ס׳וואָלט אים ענג געווען אין דער צעהיצטער לופט, און איך האָב פּלוצעם דערהערט, ווי אין דעם שטורעם רײַסן זיך אַרײַן אַנדערע קלאַנגען. און מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אז פונעם מיקראָפאָן צעטראָגן זיך איבערן זאַל גאָר אַנדערע ווערטער:

> און אז דער רעבע עלימיילעך
> איז געוואָרן לוסטיק, פריילעך...

איך בין ניט קיין מיוון, ניט פאַרשטאַנען די מאָדערניזירטע אַראַנזשירונג, נאָר מיר איז געוואָרן לײַכט אַפן האַרצן פון די היימישע קלאַנגען. און איך האָב געטראַכט: וואָס פאַר א ווונדער — א ליטווישער שרײַבער קומט זיך אויסריידן אין יידיש, און א ליטוויש מיידל זינגט אַרײַן אין מיקראָפאָן א מאָדערנע טאַנץ־ליד און ווייסט ניט, אז זי זינגט אן אַלט ייִדיש זעמערל...

ווילנע, ווילנע... זי האָט ניט אָנגעווירן איר ייִדישן פערלדיקן ניגון!

מיר זײַנען אַרויס אין גאַס.

ווילנע איז געווען ווײַס. אַזאַ פריילעכע בלוילעכע ווײַסקײַט. מיליאָנען שניייעלעך האָבן זיך געדרייט אינדערלופטן, זיך אַרומגענומען, געפלאַטערט, אין געפאַלן, געפאַלן, און שוין ניט געקאָנט זיך צוריק אויפהייבן.

מיליאָנען שניייעלעך האָבן אויסגעגלײַכט דעם טראָטואַר מיט דער גאַס. און אין דער ווײַסקײַט האָבן געפינקלט געלע, רויטע, גרינע פײַערלעך און געצייכנט די גרויסע הײַזער ווי שאָטנס.

ס׳איז געווען ערעוו ניי־יאָר.

פון א סאַך באַלויכטענע פענצטער האָט אַרויסגעשײַנט די יאָלקע, באַצירט מיט קונציק קאָלירטע שפּילכלעך און מיט עלעקטרישע לעמפּלעך. פאַרפלאָנטעטע אין באַגילדטע און באַזילבערטע סטענגעס. אַלץ, וואָס האָט נאָר געהאַט פאַרב, איז מיט פּראַכט אַראָפּגעהאַנגען פון די יאָלקעס.

מיר האָבן געשפּאַצירט פון איין גאַס אין א צווייטער, זיך אָפּגעשטעלט, ווידער געמאַכט א שפּאַן און נאָכאַמאָל זיך פאַרהאַלטן.

עס האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן די אייגנאַרטיקײַט פון דער אַרכיטעקטור. שווערע באַצייטעמטע קלויסטער־טורעמס זײַט בײַ זײַט מיט הויכע קאַנטיקע געבײַדעס, וואָס האָבן געשאָסן אין ווינטערדיקן הימל מיט א שלאַל פון פּילשטאָקיקײַט.

מיר זײַנען פאַרבײַגעגאַנגען די באַוווּסטע „הייליקע אַנאַ". די פרומע פאַרגליווערטע שטילקײַט אַרום דעם קלויסטער האָט אַזוי ניט האַרמאָנירט מיט דער ווימלענדיקער רירעוודיקײַט אַף דער גאַס און מיט די אויסגעפּוצטע פינקלענדיקע וויטרינעס פון אַלערליי געשעפטן.

ס׳איז געווען די הײַנטיקע ווילנע, וואָס האָט געבלאַנקט מיט א רײַכן שימער פון נײַקײַט.

און גייענדיק אַזוי, האָבן מיר זיך אַרײַנגעפּלאָנטערט אין א לאַבירינט פון שמאָלע קרומע געסלעך. אַלע ייִדישע געסלעך, ווי פון ווײַטע פאַרנעפּלטע צײַטן פאַרבליבענע.

— דאָ איז געווען אײַנגעשפּאַרט די גאַנצע ייִדישע ווילנע...

ער האָט עס א זאָג געטאָן מיט אַזאַ פאַרביטערט קאָל, ווי א יאָסעם, וואָס זאָגט קאַדיש, און מיך האָט אָנגענומען א ציטער.

דאָס זײַנען געווען זײַנע געסלעך, זײַנע פאַרלאָזטע געסלעך, וואָס האָבן אים געבוירן מיט א זעקס צענדליק יאָר צוריק. אין זיי איז ער געוואַקסן און זיי האָבן געבאָוועט זײַן געמיט. ער האָט זיי געקענט, ווי זיך אַליין, אָנרופנדיק יעדעס געסל מיט א באַזונדערער צאַרטקײַט בײַ זײַן אַלטן נאָמען, ווי ער וואָלט געטראָטן אין די טריט פון זײַן אייגענער יוגנט.

— אָט גייען מיר איצט דורך דער יאַטקעווערגאַס... א פּאָר שפּאַן ווײַטער וועט זײַן די גלעזער־גאַס...

איך בין אין ווילנע פריִער קיינמאָל ניט געווען, ניט געזען די גאַסן און געסלעך, ווען זיי האָבן געאָטעמט מיט לעבנספולקײַט און מיט ייִדישער אַלטגעזעסנקײַט, וואָס האָט אין מעשעך פון דורותּס געבליט און זיך געצײַטיקט. איך האָב אויך ניט געזען זיי אין טאָג פון זייער אומקום...

איך האָב געבלאָנדזשעט איבער פאַרדרייטע געסלעך, און צוזאַמען מיט מיר האָבן געבלאָנדזשעט שאָטנס פון ניט־אויסגעלעבטע לעבנס. זיי האָבן זיך באַוועגט שטיל, אָן פאַרב, אָן קלאַנג, ווי פאַרהוילענע רעשטלעך פון א געוועזן לעבן. די שאָטנס האָבן זיך געמערט, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין לעבעדיקע נפּאָשעס, אין ייִדן פאַריאָגטע אין באַשפּיגענע. ייִדן, וואָס האָבן נאָך גע־

דענקט ניגונים פון לערנען. איך האָב דערזען ווייערע איידעלע שטאָלצע זין און טעכטער מיט פלאַמיקע בינטארישע הערצער, באַלאַדענע מיט בענקשאפט אין ליבע. און איך האָב דערהערט דעם שאַלנדיקן רוף, וואָס האָט, ווי א שטורעמגלאָק, זיך צעקלונגען:

זאָג ניט קיינמאָל, אז דו גייסט דעם לעצטן וועג...

איך בין געגאַנגען איבער די געסלעך, ווי איך וואָלט געמישט פארגעלטע בלעטער פון אן אלטן יידישן סייפער. א פראָסטיק ווינטל האָט קלאָגעדיק געשעפטשעט, גלייך עמעצער וואָלט אין א באַהעלטעניש שטיל געוויינט. פון עפּעס א ווייטער רעקלאַמע־ליכט האָט זיך אריינגעריסן א רויטער אָפּשיין, און דער בלייכער שניי האָט באַקומען אַן אנדער פארב...

מיין באַגלייטער האָט מיך געפירט פון גאַס צו גאַס, אליין זיך אויך ארומגעקוקט מיט אומרויקע בליקן, גלייך ער וואָלט, ווי איך, געזען די געסלעך צום ערשטן מאָל. ווער איז ער געווען? איינער פון יענע, וואָס האָבן זיך אָפּגעריסן פון אייגענע מירן און אוועק אף דער „אַרישער זייט", קעדיי ניט פארשלונגען ווערן פון די סרייפע־פייערן? אָדער דער געזעצטער עלטערער מאַן, וועלכער האָט יאָרנלאַנג זיך געהילט און געשלייערט אין פרעמדע שלייערס? און עפּשער זיינען עס געווען צוויי העלפטן פון איין גאַנצקייט?

ער האָט ווי געטראָפן מיין געדאַנק:

— מיינט ניט, אז באַהעפטן זיך צו אנדערע קולטורן הייסט אומבאַדינגט עפּעס פארשוועכן... מיר האָבן אָפּט אריינגעאָטעמט אין זיך קאָלערליי ווינטן פון פארשיידענע זיך־קרייצנדיקע קולטור־קלימאַטן...

זאָל עס געווען זיין אַן ענטפער זיין אייגענעם גערטנגל? א מין וועלן אויסרעדן און פארעדן זיך אליין? איך האָב זיך דערמאָנט אין זיין היינטיקער דערציילונג:

„...דער קינסטלער האָט דאָס גאַנצע לעבן געטראָגן אין זיין געוויסן יענעם טאָג, ווען אין א וויסטן געסל האָט זיך אָפּגעריסן הארץ פון הארץ.

— מאַמע...

אין די מאַמע האָט מיט פארבראָכענע הענט און א צעווייטיקט הארץ זיך געקלאַמערט צום לעצטן מאָל:

— גיי... זון מיינער... גיי... זאָלסט נאָר ניט פארגעסן, ווער דו ביסט...

איך האָב א קוק געטאָן אין זיינע העלבלויע אויגן, זיי זיינען געווען פארשאָטנט. און מיר האָט זיך אויסגעוויזן, ווי ער זוכט זיך אליין און קאָן ניט געפינען...

מיר זיינען דערגאַנגען צו דער גרינער בריק. איך האָב זיך אָנגעשפּארט אין געלענדער. אונטן, אין דער טיפער טונקלקייט, האָבן זיך צעלייגט און געקרייצט די שטאָטישע פייערן, וואָס האָבן געשפּילט און געלויכטן מיט צענדליקער קאָלירן.

ווילנע האָט זיך געוויגט אין איר אוונטיקן רייכטום און גלאַנץ.

מיין באַגלייטער האָט זיך נאָענט צוגעטוליעט צו מיר, ווי אים וואָלט מיטאמאָל קאַלט געוואָרן אין זיין דובליאַנקע און מיט עטוואָס אַן איינגעהאַלטענער שטים מיר אָנגעוויזן:

— דאָרט, אונטן, איז מיט יאָרן צוריק א יונגער יידישער דיכטער אינמיטן העלן טאָג און פארן פּאָנעם פון דער וועלט אריין ביז איבערן קאָפּ אין אייזקאַלטן שטראָם, און שוין...

איך האָב געהאַט געהערט פון יענעם דיכטער, א זון פון א ווילנער ראָוו, וואָס האָט ניט געקאָנט אריבערטראָגן די ראַבאָנישע פארשטאַרטקייט און ניט געהאַט דעם קויעך מיט איר איבערצורייסן. עס זיינען געבליבן פון אים אינגאַנצן דריי לידער. די איבעריקע האָט ער מיטגענומען מיט זיך אין דער אייביקייט...

איך האָב אראָפּגעקוקט צו דער האַלב־פארפרוירענער ווילייע. זי האָט שטיל געריזלט, און מיר האָט זיך געדאַכט, ווי זי לייענט זיינע דערטרונקענע לידער.

א גרויסע ווייסע שטילקייט האָט זיך געשפּרייט איבער די גאַסן, ווען מיר האָבן זיך אומגעקערט צום האָטעל און געבליבן שטיין באַם אריינגאַנג.

ער איז געשטאַנען א ווײַלע אין א געוויסן אומרו, און נאָר א בלאַסער שמייכל האָט ארומגעבלאָנדזשעט אף זיינע ליפּן.

— איר וועט געוויס אמאָל דערמאָנען אונדזער באַגעגעניש, האָב איך צו אייך א ביטע: רופט ניט אָן מיין נאָמען...

און אין א רגע ארום צוגעגעבן:

— בעסער, איר זאָלט אינגאַנצן פארגעסן אין מיר...

זיין קאָל האָט זיך אויסגעמישט מיטן סקריפּ פון די אייגענע טריט, און די שטילקייט איז געוואָרן א שווערע.

— אָט האָט איר געפרעגט, פארוואָס איך שרייב ניט אף יידיש, — האָט ער זיך דערמאָנט מיין פראַגע, — ס'איז פונקט ווי מע זאָל פרעגן באַם בייזן ווינט, פארוואָס ער רייסט די בלעטער פון די ביימער...

א פארגליווערטע, אָנגעשטרענגטע גרימאַסע האָט זיך צעגאָסן איבער זיין פּאָנעם, מיטאמאָל עס שטאַרק געעלטערט. און מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אז ער אליין ווייסט ניט, צי זאָגט ער דעם עמעס, אָדער ער נאַרט...

מיר האָבן זיך געזעגנט.

זיינע פינגער האָבן ארומגעכאַפּט מיין האַנט, ווי מיט א רייף. ער האָט מיט א מאָדנעם קויעך מיך א צי געטאָן צו זיך, און איך האָב אין זיין ארומנעמען דערפילט דאָס וואַרעמע בלוט פון דוירעס ווילנער יידן...

# שפּינוועבס

## 1

אין א יונגן ליכטיקן אַפּרעל־פרימאָרגן, ווען די וועלט האָט נאָרוואָס מיט א פריידיקער פאַרביקײַט זיך צעבליט אין דער בלויקײַט פון די הימלען און דער זון איז מיטאמאָל געוואָרן ענג אין פענצטער, איז אין א שרײַבער־הויז, ניט ווײַט פון קיעוו, דערגאַנגען צו מיר א טרויעריקע בסורה, אַז ערגעץ אין א גרויסשטאָט, אויף איינער פון די צענטראַלע מאַגיסטראַלן, איז אינמיטן העלן טאָג אומגעקומען מײַנער אַן אַלטער גוטער־פרײַנט.

מיך האָט דערשיטערט אָט די פּלוצעמדיקע ידיעה. א רויע קעלט האָט מיך ארומגעכאַפּט, און די ליכטיקײַט, וואָס האָט געשטראָמט פון א גאַנץ בינטל פריידיק לאַכנדיקע שטראַלן, האָט געשטאָכן די אויגן. איך האָב צוגעשלאָסן די ווייעס, און אַזוי, מיט פאַרמאַכטע אויגן, געפּרוּווט אויסלייגן אין מוח דעם גאַנצן אומגליקלעכן פאַרלויף פון דער געשעעניש.

א כוואַליע פון ווילדע, פאַנטאַסטישע געדאַנקען האָט א שפּאַר געטאָן אין מײַן זינען. ווי אין א קאָלירטן פילם האָב איך דערזען א ווײַטע, איבערגעפּאַקטע שטאָט, א צעווירעטע פון פיר־ און זעקסשטרייפנדיקע אויטאָסטראַדעס, איבער וועלכע ס'יאָגן אין א שווינדלענדיקן גײַל גאַנצע לאַוועס פאַרשיידנפאַרביקע אויטאָמאָבילן, פּלאָנטערן זיך פון ענגשאַפט, ווי אין א ווירבל־געדריי, ווערן פאַרשלונגען פון א מעשונע־ווילדן פאַרטויבנדיקן געבריל, און א טומלענדיקער אויפגערודערטער מענטשן־שטראָם האָוועט איבער די טראָטואַרן.

פּלוצעם... כאַפּ!

א פינקלענדיקער „פיאַט" האָט מיט א גרילצנדיקן ליאַרעם־קוויטש פאַרטשעפּעט א שווערן, אומגעלומפּערטן פאַלנדיקן קערפּער, זיך א גליטש געטאָן מיט אים איבערן געשליפענעם אַספאַלט. דער האַסטיקער געיעג האָט מיטאמאָל זיך אָפּגעשטעלט. און אין דער מינוטנלאַנגער פאַרשטאַרטקײַט האָט א סירענע פון „גיכער הילף" זיך אַרײַנגעשניטן מיט א צעציטערטן געשריי.

א גרוילעכע, צעשווומענע שרעק האָט זיך פאַנאַנדערגעוויגט צווישן הימל און ערד.

— וואָס האָט פּאַסירט, סיניאָרינאַ?

— גאָרניט... אַן אַלטער מאַן, עפּעס א פרעמדער, מיט א ניט דער־וועלטיקער פאַרטראַכטקײַט, איז געפאַלן אונטער א מאַשין...

איר יונג, קופּער־פאַרביק פּאָנעם האָט באַהאַלטן א טונקעלן, פון גלײַכגילט געשליפענעם שמייכל, און אין איר קאַרע אויגן האָט א פינקל געטאָן דער כאַפּענדיקער פלאַם פון דאָרעם־איטאַליע.

און דער פרעמדער אַלטער מאַן איז א צענעדעקטער געלעגן אויף א צענטראַלער גאַס אין דעם אַלטן רוים. זײַן גראָוער קאָפּ איז געווען אויסגעדרייט אין א זײַט, ווי ער וואָלט עמעצן געזוכט. פון דער אײַנגעבראָכענער ברוסט האָט זיך נאָך געזיפּט א טרוקענער כריפּ, זיך צעבראָקלט אינדערלופטן. ס'האָט זיך געפילט, ווי מיט א מעשונעדיקן ווייטיק רײַסט זיך דאָס ערדישע צו אַנטלויפן. טראָפּן נאָך טראָפּן רינט אויס דאָס לעבן. און זײַנע בלוטפאַרלאָפענע אויגן, מיט א פאַרגליווערטן כידעש־בליק, האָבן זיך לאַנגזאַם געלאָשן...

בא דער זײַט האָט עלנט זיך געוואַלגערט אַן איבערגעפאָרענער, אויפגעריסענער לעדער־טאַש, פון וועלכן ס'האָט אַרויסגעשטאַרצט א יידישער בוך — „באָנציע שווײַג", און דער ווינט האָט געמישט די ווײַטלעך אַהין און צוריק, אַהין און צוריק...

דאַכט זיך, ערשט ניט לאַנג, ווען עס האָט ווי א פאַנטאַסטישע כאָלעם־שפּיל זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן א פיבער פון וואַנדערן, האָב איך אים באַגעגנט אין גאַס, אײַנגעטונקען אין דער אָוונטיקער שײַן פון צעהעלטע וויטרינעס. ער האָט אויסגעזען זייער פאַרזאָרגט. די בלענדנדיקע נעאָן־רעקלאַמעס האָבן ניט געקאָנט פאַרשרײַען און פאַרשטעלן די פאַרזאָרגטקײַט אויף זײַן פּאָנעם. ווי א ווײַטער עכאָ רופט זיך אָפּ אין מײַנע אויערן זײַן אויפגערעגט, צעטרייסלט קאָל:

— שוין עפּעס לאַנג דיך ניט געזען... דו ווייסט, מיר גרייטן זיך אויך אין וועג... קלײַבן זיך אַוועקפאָרן...

דעם „אויך" האָט ער פאַרשלוקערצט, פאַרכליפּעט, ווי עס וואָלט אים מיטאמאָל פאַרפעלט אָטעם. אין זײַנע אויגן האָבן א בלישטשע געטאָן קליינע, קינדערשע טרערן. און פון א וויטרינע האָט געקוקט אויף אונדז א פרויען־מאַנעקען אין געשמייכלט מיט א פאַרגליווערטן שמייכל.

איך האָב גראָד באַקומען אויף א לענגערער צײַט א פּוטיאָווקע אין א שרײַבער־הויז און צוגעזאָגט אויף מאָרגן אַרײַנקומען צו אים זיך געזעגענען.

און אָט איז ער אונטערוועגס א ניט־דער־פאָרענער. געבליבן אויף אייביק אין דער „אייביקער שטאָט". און אין געדאַנק האָט אויפגעבליצט דאָס אַלטע יידישע ווערטל:

די פּיס טראָגן, ווו דער קאָפּ זאָל ליגן".

און שוין.

ניטאָ מער מײַן פרײַנט.

געווען — נישטאָ. ווי ענג פאַרבונדן זײַנען די צוויי באַגריפן אינעם גאַנג פון אייביקײַט. און פון דער בסורה האָט אַרויסגעשריגן דער טרויער פון נישטאָיקײַט...

ווען האָבן מיר זיך באַפרײַנדעט?

איך געדענק הײַנט ניט פּינקטלעך, וויאַזוי איך בין געוואָרן אַן אָפטער אַרײַנגייער אין זײַן קליין בוידעם־שטיבל, וואָס איז געווען אַ מין „ליטעראַרישע היים" פאַר יונגע שרײַבער אָן אַ היים.

קנוילן זיך דערמאָנונגען, ווי אָפּגעריסענע בלעטלעך פון אַ קאַלענדאַר. איך לאָז זיך פירן פונעם זיקאָרן צו יענער ווײַטער צערודערטער צײַט, צו דעם אָנהייב פון די דרײַסיקער יאָרן, ווען פון בעסאַראַבער קליינע שטעטלעך האָט צו דער רומענישער קרוינשטאָט — בוקאַרעשט אַ כלינע געטאָן, ווי פון אַן אויפגעריסענער דאַמבע, אַ כוואַליע פון ייִדישער יוגנט, אַן אויסגעבענקטע נאָך דער גרויסער וועלט. און אַ זשעדנע נאָך אידילישער שיינקײַט און דערהויבנקײַט. אַ יוגנט, אָנגעלאָדן מיט אַ הייסן אויפברויז פון בונטאַרישע שטימונגען און מיט בליקן פון אומרו צו דער וועלט און צום לעבן.

איבער אַלע ענגע בוקאַרעשטער ייִדישע גאַסן, אָפּגעטיילטע מיט אומזעבאַרע ווענט, האָט מען געקאָנט זיי באַגעגענען, די בעסאַראַבער זין און טעכטער, פאַרטראָגענע אין די הויכע כאַלוימעס פון וועלן איבעראַנדערשן די וועלט. כאַלוימעס, וואָס האָבן געלויכטן מיט דער שײַן פון זייערע ערשטע און הייליקסטע געפילן.

...אַמאָליקע ענגע בוקאַרעשטער גאַסן, ווי אַ גרויער קנויף פאַרפּלאָנטערטע האָר, וואָס ווערן קיינמאָל ניט צעקעמט. אַן אַרבעטער־סלאָבאָדקע מיט אָפּגעבליאַקעוועטע נידעריקע הײַזער, פאַבריק־קוימענס און שטומע קלויסטער־שפּיצן. אויף די ראָגן — ברודיקע טראַקטירן. נאַכטלאָקאַלן און יונגע העפקערע פרויען, וועלכע זוכן דורך די נעכט, וועמען צו פאַרקויפן זייער צאַרטקײַט, זייער ליבע, און הונגער פיבערט אַרויס פון זייערע אונטערגעפאַרבטע אויגן.

פונקט דעמלט האָט ווי פון אַ צאַרטן גלעט זיך צעפרילינגט אין אָט דער סלאָבאָדקע אַ יונגע ייִדישע ליטעראַטור. עס האָט זי געבוירן די ייִדישע גאַס. אַ גאַנצער דאָר שרײַבער, מיט וואַרעמע הערצער און ליידיקע קעשענעס, געטראָגן פון בענקשאַפט צו עפּעס אַ העכערער שליכעס, האָט יונג און פריידיק זיך צעזונגען מיט אַ פריש און מעכטיק געזאַנג. און ס׳האָט זייער ניגן אָפּגעקלונגען אין אַלע שיכטן פונעם פאָלק, באַזונדערס אין דער אָרעמקײַט, אַ באַזונגענע אין די נײַע לידער און אין דעם גאַנצן שעפערישן געוועב פון דער יונגער ייִדישער פּאָעזיע.

און אַ לינדער ווינט פון ראַדיקאַלן ראָמאַנטיזם האָט אויפגעכאַפּט זייער געזאַנג, צעטראָגן איבער די קליינע, נידעריקע, סובלאָקאַטאָרישע מאַנסאַרדעס, ווו עס האָבן זיך געמערט די ייִדישע לייענער, געקומענע פון פאַבריקן און וואַרשטאַטן. און ס׳האָט אויפגעשפּילט אַ פאַרביק געוועב פון קרעפטיקע פאָלקס־פאַרבן.

ער איז אויך געווען פון יענעם דאָר לייענער.

אַ שנײַדער בען שנײַדער, איז ער געקומען פון אַ פאַרוואָרפן בעסאַראַבער שטעטל און מיטגעבראַכט מיט זיך אַן אײַנגעבוירענע ליבע צו ייִדישער פאָלקס־שאַפונג, וועלכע האָט געפונען אַ גינסטיקן באָדן אינעם צעוויגטן טומלענדיקן בוקאַרעשט.

אַ קליינוווקסיקער, האָט ער זיך אויסגעטיילט פון אַלעמען מיט זײַן רונדן העלבלאָנדן קאָפּ, קורצע הענט און נאָך קירצערע פיס. געגאַנגען איז ער אַ ביסל שווערלעך. שטענדיק פאַרטראָגן אין געדאַנקען. זײַן פּאָנעם האָט אויסגעזען עפּעס ברייטער, ווי לענגער. אַזאַ טיפּיש דאָרעם־רוסיש, ייִדיש פּאָנעם, וואָס האָט קעסיידער געשמייכלט מיט אַ ווייכער שײַן פון אויפגעלייגטקײַט און מילדער גוטסקײַט פון אַ טויב. זייער אַ געזעצטער, אַניוועסדיקער, מיט שטילע גרוי־בלויע אויגן, וואָס האָבן זיך ווי געבעטן, מע זאָל זיי קיין שלעכטס ניט טאָן, האָט ער פונעם לעבן קיין סאַך פאַר זיך קיינמאָל ניט געמאָנט. אַליין איז ער אָבער טאָמיד גרייט געווען זיך טיילן מיטן לעצטן ביסן, צומאָל אים אַפילע אינגאַנצן אַוועקגעגעבן. ער האָט ניט געקאָנט צוזען, ווי אַ מענטש הונגערט, און אַליין געבליבן אַ הונגעריקער.

דער גורל, וואָס האָט אים געמאַכט פאַר אַ שנײַדער־געזעל און ניט פאַר קיין פּאָעט, האָט מיט דער פולער האַנט אים באַשאָנקען מיט אַ גרויסן כיילעק ליבשאַפט און פאַרשטענדעניש פאַר פּאָעזיע און אים ענג פאַרבונדן מיט די ראָמאַנטישע טרוימען פון יענער צײַט.

ער איז געוואָרן אַן אייגענער בײַ דער יונגער שרײַבער־מישפּאָכע, געגאַרט צו הערן זייערע שטימען, זיך אָנשיקערן מיט רייד, מיט מענטשלעכע געדאַנקען, מיט דעם טאָגטעגלעכן שטראָם פונעם לעבן. און זײַן קליין צימערל איז גיך געוואָרן אַ ליטעראַרישער „סאַלאָן".

ווען איך בין דאָס ערשטע מאָל געקומען צו אים, האָב איך דאָרט געטראָפן עטלעכע דיכטער פון דער גרופּע „פּראָלעטאַרישע". דאָס קליינע צימערל איז געווען אַזוי געדיכט אָנגערייכערט, אַז מע האָט געקאָנט דעם רויך מיט אַ מעסער שנײַדן. און אַלעמענס פּנימער האָבן אַרויסגעקוקט ווי דורך אַ נעפּל. אין סאַמע מיט איז געשטאַנען אַ יונגער דיכטער, דייער אַן אויסגעדייווערטער, הויט און ביין, מיט אַ געלבלעך אָפּגעצויגן פּאָנעם און שטאַרק פאַרשפּיצטע אַקסלען, ווי אינגאַנצן אויסגעשניצט פון געלן טרוקענעם האָלץ.

ער האָט אויסגעזען הונגעריק.

איך האָב שוין, ווײַזט אויס, זיך אויסגעלערנט דערקענען הונגעריקע לויט דעם געלן פלאַם אויף זייערע פּנימער.

ער האָט מיט אַ כריפּענדיק, געשפּאָלטן קאָל געלייענט זײַנע אַ ליד, וואָס האָט זיך געענדיקט מיט אַזעלכע שורעס:

# דרײַ יונגע קינסטלער

סטעלע זאק (מאָסקווע) איז שוין באקאנט אונדזערע לייענער לויט אירע איליוסטראציעס צו א. בארגטיילס און ב. כאַיִסעס קינדער־לידער. ס. זאק איז א מיטגליד פונעם קינסטלער־פאריין פון פססר, ארבעט א סאך אין געביט פון ביכער־גראפיק. אין 1979 איז אין אינסטיטוט פון פיזיק־פּראָבלעמען דורכגעגאנגען איר פּערזענלעכע אויסשטעלונג, געווידמעט אלבערט איינשטיינס 100־יאָריקן יובילײ.

באָריס צעלניקער (קעשענעוו) האָט צוערשט פארענדיקט א לאנדווירטשאפטלעכן אינסטיטוט, געארבעט אלס טאָפּאָגראף, אָבער שפּעטער האָט ער זיך פארכאפּט מיט ביין־שניצערײַ, געוואָרן א פּראָפעסיִאָנעלער קונסטקענער. זײַנע ווערק זײַנען פיל מאָל עקספּאָנירט געוואָרן אף פארשיידענע אויסשטעלונגען אין קעשענעוו, מאָסקווע און אָדעס.

לעוו פּיליפּאָוו (קיִעוו) האָט זיך געלערנט אפן ארכיטעקטור־פאַקולטעט פונעם קיִעווער קינסטלערישן אינסטיטוט. געארבעט אין א פּראָיעקט־אינסטיטוט, דערנאָך — אין עטלעכע קיִעווער טעאטערס. זינט 1988 איז ער דער הויפּט־קינסטלער פונעם קיִעווער יידישן טעאטער „מאזלטאָוו".



סטעלע זאק. אלבערט איינשטיין



באָריס צעלניקער. יויסעף דער טעסלער



באָריס צעלניקער. א דועט פאר א פידל מיט א ציג



באָריס צעלניקער. די שוואַנען־ליד
פון אַן אַלטן גענבי

באָריס צעלניקער. הערשעלע
אָסטראָפּאָליער און כאָדזשא נאַסרעדין



דאָך וועל איך ביזן סאָף מײַן ליד דערזינגען,
כאָטש אָן א טראָפּן ווײַן, אָן א ריפּטל ברויט.
ס'האָט די נאכט געפרעסן מײַנע לונגען
און געפארבט דעם מאָרגן בלוטיק־רויט...

ס'איז געוואָרן שטיל אין דעם קליינעם צימערל, וואָס איז ווייניקער פון אלץ געווען צוגעוווינט צו שטילקײַט.

די ליד האָט מען געלויבט. ס'האָט דען געקאָנט אנדערש זײַן? אלע זײַנען געווען יונג, פארליבט אין ליטעראטור, אין לעבן. ס'איז געווען מאמעש איינציק, מיט וואָס פאר א ברען דער גאסטגעבער אליין האָט אופגענומען די ליד. ער איז געווען אין א מאָדנעם טראנס. זײַנע געדיכטע בלאָנדע ברעמען האָבן זיך צעטאנצט פון אינערלעכער באגײַסטערונג, ווי ער וואָלט עס געווען דער אוטאָר. שווער צו זאָגן, ווער נאָך ס'האָט איבערגעלעבט אזא שטורעם פון געפילן. ער האָט זיך ווי אויסגעשיילט פונעם רויך, זיך דערנענטערט צו מיר מיט גרוי־בלויע קינדערשע פארזשמורעטע בליקן, ווי ער וואָלט מיך אָפּגעמאָסטן, און מיט א זאפטיק קלינגענדיק־פארשפּיצט בעסאראבער יידיש האכנאָעדיק שטיל א פרעג געטאָן:

— און דיר געפעלט די ליד?

זײַנע פארכאָלעמטע אויגן זײַנען געוואָרן נאָך פארכאָלעמטער — א געמיש פון גרוי־בלויער פארטראָגנקײַט. און ער האָט ארויסגערופן בא מיר א שטום געפיל פון פרײַנטשאפט און דאנקבארקײַט.

הײַנט, ווען א לאנגע קייט פון יאָרן ליגט שוין הינטער מיר, דערמאָן איך מיט ליבשאפט און צערטלעכקײַט יענע „ליטעראַרישע היים”, וועלכע איז שוין לאנג פארשוווּנדן.

**3**

...א גאנצן טאָג האָט געשאָטן א נאסער שניי, א סאָף־ווינטערדיקער. פארנאכט־צו האָט געכאפּט א פרעסטל און זיך צעבליט אף די שויבן. שטראָמען ווארעמע ליכט האָבן זיך געגאָסן. ווי דורכגעדרונגען פון אָט דער ליכט, האָט געשײַנט אלץ ארום מיט א שטימונגספולער פארטראכטקײַט. ער איז געלעגן אף א סאָפקעלע, און די בליקן זײַנע האָבן פארזאָרגטע געבלאָנדזשעט איבער דער סטעליע.

— עפּעס איז מיר הײַנט אומעטיק...

הינטערן פענצטער איז אָנגעפלויגן א שווארצע וואָראָנע, זיך אראָפּגעלאָזט אף א נאקעט־געפרוירענער צווײַג, אויסגעגליטשט זיך און, צעשפרייטנדיק די שווארצע פליגל, זיך צעשריגן:

— קר־ר־ר־א־א־א, קר־ר־ר־א־א־א!

זײַנע גרוי־בלויע אויגן האָט מיטאמאָל פארצויגן א טעמפּע אויסגעלאָשנקײַט, און דאָס קאָל איז געוואָרן פארבלאָז און דערשלאָגן .

— צו גוטן אָדער, כאָלילע, צו שלעכטן...

און ציִענדיק דעם געדאנק ווײַטער, האָט ער געפרעגט, ווי בא זיך אליין:

— איין גאָט ווייסט, וואָס עס ווארט אף מיר דאָרט.

דער „דאָרט” איז געווען ווײַט, ווי א ווײַטער כאָלעם. און אים האָט זיך אויסגעוויזן, אז ער כאָלעמט טאקע א כאָלעם, וועלכן ער האָט געזען אמאָל מיט יאָרן צוריק, ווען ער האָט פון זײַן בעסאראבער שטעטל זיך געלאָזט צו דער גרויסשטאָט. זיך געלאָזט פון דער שטעטלדיקער אָרעמקײַט צו די גרויסשטאָטישע אוולעס. פון איין גאָלעס אין צווייטן. דעמלט איז ער קיין גאנצע אכצן ניט אלט געווען. נאָר ער געדענקט אלץ, ווײַל דאָס, וואָס עס געשעט אין דער יוגנט, געדענקט זיך אפן גאנצן לעבן. צי דען אָבער קאָן איין און דער זעלבער כאָלעם זיך כאָלעמען צוויי מאָל?

עס האָט זיך באשײַמפּערלעך אָנגעזען, ווי זײַן לעבן איז צעשפּאָלטן אפצווייען. פון איין זײַט — די אײַנגעזעסנקײַט, מיט וועלכער אים איז שווער זיך צו שיידן, און פון דער צווייטער — דאָס טריבע ליכטן פון פרעמדע ווײַטן, ווי געשפענסטער. אים האָט זיך געדאכט, אז עמעצער האָט אים ארײַנגעפלאָנטערט אין א געדיכטן שפּינוועבס, פון וועלכן ער וויל זיך ארויסרײַסן, ארויסרײַסן... און קאָן ניט.

ער האָט געפילט, אז עפּעס האָט זיך אײַנגעבראָכן. עפּעס, וואָס עס איז ניט לײַכט צו פאריכטן, און וואָס טיפער ס'איז צוגעפאלן די נאכט, אלץ שטארקער האָט אים געפּײַניקט דער צווייפל. מיט אומרו האָט ער געקוקט אף דער סטעליע, און די ברוסט האָט דורכגעשטאָכן א שפּיציקער ווייטיק. און שוין...

איך בין ניט געווען בא זײַן אומקום. שטייט ער פאר מיר א לעבעדיקער, און איך צעכאָלעם זיך, אז באלד וועל איך אים באגעגענען אין גאס. ער וועט פרעגן בא מיר:

— וואָס זעט מען דיך ניט... שרײַבסט עפּעס?

— יאָ, איך שרײַב וועגן דיר...

— וועגן מיר? — וועט ער זיך וווּנדערן. — ווער בין איך, וואָס מע זאָל וועגן מיר שרײַבן?..

און איך וועל דערמאָנען „באָנציע שווײַג”.

פונקט ווי באָנציע, האָט ער אויך אזוי ווייניק פונעם לעבן געמאָנט. באָנציע איז אָבער געווען א סאך מאזלדיקער פון אים. ער איז געשטאָרבן בא זיך אינדערהיים. און פארייביקט געוואָרן פין א פארייביקטן...

**4**

ס'איז געווען א מאָעס.

מײַן פרײַנט איז אין ערגעץ ניט געפאָרן. ניט אומגעקומען אונטער די רעדער פון א פינקלענדיקן לימוזין ערגעץ אין דער פרעמד. פּאָשעט און אנדערנס אומגליק האָט מיר אין א שרײַבער־הויז, ניט ווײַט פון קיִעוו, פארשטערט די פרייד פון יונגן פרילינג.

# אן עמעסדיק מייסעלע

אין מייִרעוו־דייטשלאַנד האָבן נעאָנאַציסטן געשענדעט א ייִדישן בעסוילעם.

(פון צייטונגען)

— זיידעניי, דערציייל מיר א מייסעלע, נאָר אַן עמעסדיקס, ניט קיין אויסגעטראַכטס...

אזוי האָט געבעטן בא מיר מיין זיבניאָריק אייניקל, זיך פאַרקליבן אויף מיין שויס און אַריינגעטוליעט איר קעפּעלע אין מיין ברוסט. איך האָב אָנגעשטעלט מיין זיקאָרן אויף אויסגעלעבטע נעכטנס און אמאָלן, ווייל יעדער ייִדיש מייסעלע הייבט זיך דאָך אָן מיט אַן אמאָל...

...אמאָל איז געווען א שטאָט. א גרויסע, שיינע שטאָט. און געלעבט האָבן אין אָט דער שטאָט א סאַך, א סאַך ייִדן. רייכע — און ווילעס און פּאַלאַצן, און אָרעמע, וועמען גאָט האָט א גאַנץ יאָר אָפּגעטאָן די גרעסטע צאָרעס, זיי געהאַלטן אין הונגער און נויט, האָבן געוווינט אין נידעריקע, געהויקערטע שטיבלעך, צעשטעלטע איבער ענגע געסלעך.

אומעטום אָבער האָט געצאַפּלט מיט א ריטם פון זיכערער באַזעסנקייט. מע האָט געשוסטערט, געשניידערט, געפירט מיסחר, און דעם לעבן אוועקגעשענקט דעם שווערן געראַנגל פון שטורעמדיקע טעג.

און די צייט איז געלאָפן מיט א מעשוגעדיקער האַסטיקייט.

זקיינים זיינען מיד געוואָרן, שטיל פאַרלאָזט די וועלט, און לעוויייעס האָבן אָפּט איבער די שפּיציקע שטיינער פון גרויע ייִדישע געסלעך געקלעטערט אַרויף צום אַלטן בייס־האַקוואָרעס, וואָס איז געלעגן ווי אַרויסגעוואָרפן פון דער שטאָט.

קינדער זיינען גיך געוואַקסן, און מאַמעס האָבן געשמייכלט מיט פאַרביקן געזאַנג. מע האָט אָפּגעשפּילט כאַסענעס, און יונגע פּאָרלעך, אָנגעפילט מיט זאַפט פון דוירעס, האָבן אַריינגעוועבט אין לעבן זייער כיילעק, זייער גייסט, זייער גוירל.

און ס'וואָלט זיכער אַזוי געפלאָסן ווייטער פון דאָר צו דאָר דאָס רייפע קרעפטיקע לעבן, האָט



מיטאמאָל זיך אָנגעהויבן ציִען א קייט פון פינצטערע יאָרן...

בליטדורשטיקע ראָצכים אין שווארצע מונדירן זיינען ווי סטייעס רויב־פייגל אָנגעפלויגן און מיט א וויסטן טויט־געלויף זיך געוואָרפן אפן יידישן לעבן. עס פארמיליקט אין גאז־קאמערן, פארברענט אין קרעמאטאָריעס. און א שטאָט מיט יידן איז אָפּגעווישט געוואָרן. בלויז דער אלטער בעסאַלמען איז געבליבן. די אייביקע היים, וווּ אין דער שטילער געדיכטעניש פון סאָסנע־ביימער האָבן קיימען פון דורעס געפינען זייער רו.

נאָר צי דען טאַקע אייביקע?

אין איינער א ווינטער־נאכט, אין יאָרן, יאָרן ארום, האָבן יאָרשים פון יענע ראָצכים אין שווארצע מונדירן, גאזלאָניש, מיט איינגעזויגטן סאם פון האַס, צעוואַלגערט די אלטע מאצייוועס.

ווילדגראָז ווערט פון ווילדן ווינט פארזייט...

אף צימאָרגנס איז א ייד, איינער פון די שיירעס־האפליטע, וואָס האָט מער קיינעם ניט אף דער וועלט, געגאנגען אף קייווער־אָוועס צו זיין אייגענעם נעכטן. ער איז געגאנגען געהויקערט אין פארטראכט פאזע דעם איינגעפאלענעם ציגלנעם פלויט, וואָס האָט מיט זיין צעקרישלט רויטלעך לייב ווי געבלוטיקט, און ס׳האָט געיאָגט פון אים מיט עפּעס א פארלאָזטן, העפקערדיקן עלנט.

ס׳איז געווען א סאָף־ווינטערדיקער פרימאָרגן, מיט א בלינדער איינגעשרומפענער, ווי פארפרוירענער, זון. א פראָסטיקע קעלט האָט פארכאפּט דעם אָטעם און טויב געקלונגען אין די אויערן. נאָר די לופט האָט געשמעקט מיט א פרידלעכער רו פון דאָרפיש פארשנייטע פעלדער, מיט ווינטן, אָנגעקומענע פונווייַטן, גלייך די פוכיקע ווייַטקייט פון שניי וואָלט אין זיך איינגעזאפּט דעם רויש פון גאס און מענטש.

פלוצעם האָט דער ייד דערזען: מאצייוועס ליגן אין פארשנייטן מייסים־לאנד צעוואָרפענע, איסגעוואָרצלטע, ליגן ווי הארוגים. אייניקע מיט די אויסיעס אראָפּ, די אנדערע מיט די אויסיעס ארויף, ווי מיט טויטע פארשטארטע בליקן צו די גרויע הימלען. און נאָר עטלעכע, פון כורבן ניט געטראָפענע, מאצייוועס זיינען געשטאנען פארזונקען אין א שטומען צאר, ווי מאמעס איבער טויטע קינדער, און זייער שטומקייט האָט דערציילט אזויינס, וואָס דאָס מענטשלעכע מויל איז ניט אימשטאנד איבערצוגעבן.

דער ייד איז ווי פון עפּעס א פייַנלעכן טאָעס שטיין געבליבן אינמיטן פעלד. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אז אָט דעם שוידערלעכן פאָגראָם האָט מען דורכגעפירט איבער אים אליין. צי גאָר איבער יענע מיליאָנען קדושים, וואָס זיינען שוין איינמאָל פארגאזט געוואָרן...

מיטאמאָל האָט זיך אים אויסגעדוכט, אז די מאצייוועס וויינען, שרייען מיט שטומע געשרייען אין דער אייביקייט אריין:

— פארוואָס קומט אונדז א צווייט מאָל שטארבן?..

זייער געיאָמער איז געוואָרן זיין געיאָמער. זיך אָפּגערופן אין זיין הארץ מיט א קנויל פון ווייטיקן.

זיינע אלטע אויסגעוויינטע איגן האָבן גענומען טרערן, און די טרערן זיינען גערונען איבער זיין צעאקערט פּאָנעם. און מיט עפּעס א טמימעסדיקן ציטער האָט ער אויך ווי בא עמעצן געפרעגט:

— פארוואָס?

און א האַלב־פארשטיקער עכאָ האָט ווי א לאַנגע טקיִע זיך צעהילכט איבערן הייליקן אָרט:

— פאר־וואָס?.. פאר־וואָס?..

ער האָט דערפילט עפּעס א גרויסן אָנווער, פאר וועלכן ס׳איז ניטאָ בא וועמען צו מאָנען...

א שטרענגער אומעט האָט מיט שטילקייט פון א פארגליווערטער וועלט זיך געשפּרייט איבער דעם פארשוועכטן בעסוילעם, און דעם יידן האָט פלוצעם, ווי דורך טרערן, זיך אויסגעוויזן, אז איבערן קוואָרים־פעלד בלאָנדזשעט ארום א קליין מיידעלע, אין ווייַסן אָנגעטאָן. ווען ניט אירע שווארצע איגן, וואָס האָבן געקוקט מיט א פיבערהאפטן גלאַנץ, וואָלט ער געמיינט, אז דאָס ווירבלט דער ווינט א הייפעלע שניי. און עפשער איז עס גאָר אָן אופגעוועקטע נעשאָמע, וואָס האָט ניט מער וווּהין צו גיין... זי פלאַטערט אף, ווי א ווייַסע טויב, און ער הערט זי זאָגן:

— וויין ניט, זיידענקע, דו ווייסט דאָך, וויפל מאָל מע האָט אונדז געטייט... געבראָכן אונדזער געביין... געריסן אונדזערע אָדערן... בלוט האָט זיך געגאָסן איבער דער וועלט, ווי וואַסער, און מיר זיינען געבליבן לעבן...

דער ייד האָט אופגעציטערט פון אירע רייד. ער האָט פארנומען דאָס קאָל פון טרייסט. ער האָט אָפּגעווישט די טרערן פון די איגן, זיך ארומגעקוקט, און קיינעם מער ניט געזען. דאָס קליינע מיידעלע, ווי א קליין טרייסטנדיק מאַמעלע, איז פארשוווּנדן. און נאָר די מאצייוועס זיינען געלעגן, ווי הארוגים, צוגעדעקטע מיט טאַלייסים. געלעגן מיט צעטראָטענע יידישע אויסיעס, ווי הייליקע קאָרבאָנעס פון א פארשניטן פאָלק...

אָט אזוי, כאַנעלע טייַערינקע, הייבן אלע יידישע מייַסעלעך זיך אָן מיט „אמאָל איז געווען”. סיי פריילעכע, סיי טרויעריקע. און אויב דאָס, וואָס איך האָב דיר נאָרוואָס דערציילט איז טרויעריק, איז עס נאָר דערפאר, ווייל דו האָסט געוואָלט אן עמעסדיקע מייַסעלע. א מייַסעלע, וואָס איז געווען...

פּ.ס. מיין אייניקל איז ביַסן דערציילן א פּאָר מאָל מיר אריינגעפאלן אין די רייד:

— זיידעניו, וואָס הייסט קרעמאטאָריעס, גאַז־קאמערן?..

און איך האָב געטראכט: סאַרא גליק, וואָס אונדזערע קינדער ווייסן ניט פון דעם, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט, און אף א רעגע א צווייפל געטאָן, צי פּאַסט דערציילן אזא מייַסעלע פאר א קינד. באלד אָבער זיך געכאפּט, אז קליין און גרויס דארפן אלץ ווייסן, אלץ געדענקען, ווייל ניטאָ קיין גרעסערע געפאר ווי פארלירן דעם היסטאָרישן זיקאָרן. באזונדערס איצט, ווען אלץ דארף געטאָן ווערן, אז אזעלכע גרויליקייטן זאָלן זיך מער ניט איבערכאזערן. ניט היינט, ניט מאָרגן, קיינמאָל ניט...

# און אלעף

מײַן פּאַראַיאָריקן אורלויב האָב איך פאַרבראַכט אין א צאָפּן־קאווקאזער שטאָט, אין א פּאַנסיאָנאַט פאַר וויסנשאַפטלער.

עס איז געווען סאָף סענטיאַבער. לויטערע טעג מיט מילדע סאָף־זומערדיקע קלאַנגען האָבן זיך געהויבן פון די טאָלן צו דער גרויסער נאַקעטקייט פון די ארומיקע פעלדזיקע בערג. פון די ביימער האָבן זיך אָפּגעריסן די ערשטע געלע בלעטער, זיך געדרייט אין שטראָמען זונשײַן און לאַנגזאַם געפאַלן צו דער ערד.

ס'האָט זיך אָנגערוקט די לעצטע וואָך פון מײַן אָפּרו. איך האָב זיך שוין געגרייט אין וועג. פּלוצעם האָבן, אין אַמפּערניש וועגן עפּעס א טעאָרעמע, זיך צוגעזעצט צו מײַן טיש צוויי יונגע מאַטעמאַטיקער, און דאָס איינציקע, וואָס כ'האָב פאַרשטאַנען אין זייער שמועס, איז געווען דער נאָמען פון א באַוווּסטן קאַווקאַזער געלערנטן, א פּראָפעסאָר אינעם היגן אוניווערסיטעט.

דער שטרײַט פון די צוויי יונגע מאַטעמאַטיקער האָט מיר דערמאָנט מײַן אייגענע יוגנט, ווען מיר האָבן אָט אַזוי־אָ, מיט יונגן ברען, געשאַלט, געטומלט אין אַלע פרײַדיקע ווינקלען פון שאַפן. מיטאָמאָל האָב איך זיך געכאַפּט, אַז דער נאָמען פונעם בארימטן קאַווקאַזער פּראָפעסאָר איז זייער א פאַרדײַטשטער.

ווי א בליץ איז מיר אין א רעגע ארום אַדורך א געדאַנק: צי איז ער ניט פון מײַנע קאַנטן? יינגלווײַז האָב איך זיך געכאַווערט מיט איינעם, וואָס האָט געטראָגן אַזאַ נאָמען.

קאָן געשיקט זײַן, אַז דאָס איז ער?

א גאַנצע וועלט איז דאָך פאַר דער צײַט צעטרייסלט געוואָרן...

און עס האָבן גענומען זיך פאַנאַנדערוויקלען קנוילן פון א ווײַטער פאַרגאַנגענהײַט, זיך געצויגן צו דעם קליינעם שטעטעלע אין דער בוקאָווינע, ווו אין אַלטע הוצולישע כאַטקעס מיט אָפּגעריבענע מעזוזעס אויף די טירן האָבן געלעבט אָרעמע ייִדן־האָרעפּאַשניקעס. א גאַנצע וואָך געהאָרעוועט אין די ארומיקע וועלדער, און נאָר אין די פרײַטיק־צונאַכטס זיך אומגעקערט אַהיים. דער אָנווײַזער פון צײַט איז געווען דער טונקל־ווערנדיקער הימל. ווײַבער האָבן אין די מעשענע לײַכטער ליכט געבענטשט, ייִדן האָבן פײַערלעך און טרויעריק געזונגען זמירעס...

פאַסטעכער האָבן אָט די דורכגעדרונגענע מיט טיפן עלנט ניגונים אָפט אויף זייערע דודקעס אויסגעשפּילט. ס'האָט זיך געדאַכט, ווי פון זייער טרילן ציטערן די אויפגייענדיקע שטערן...

פּלוצעם האָט דער ייִדישער שאַבעס אַרויסגעשפּאַנט פון דער שטעטלדיקער ענגשאַפט. דער יונגער דאָר האָט מיט א נײַ געזאַנג פון לעבן, ווי דאָס ריזלען פון יונגע וואַסערן, אָנגעהויבן שטראָמען צו דער גרויסער וועלט...

עפּשער איז ער אויך דעמאָלט אוועק מיט יענעם שטראָם? מײַן השערה האָט זיך באַשטעטיקט.

און אָט האָבן מיר זיך געטראָפן נאָך אַן איבערײַס פון צענדליקער יאָרן. זײַן קאָל איז געווען ברוסטיק. זײַן געעלטערט פּנים — מיט שפּורן פון אַמאָליקן יונגן אויפברויז.

ער האָט גערעדט מיט מיר רוסיש, א פליסיק שפּילעוודיקן רוסיש מיט א מײַרעוו־אוקראַיִנישער זינגעוודיקייט. דערבײַ האָט ער געקוקט אויף מיר מיט צעוואַרעמטע בליקן, און ס'האָט זיך מיר דערמאָנט:

ייִדיש, מײַן גאָלדענער ברונעם,
פון דיר האָט דער באַלשעמטאָוו געטרונקען
. . . . . . . . . . . . . .
און אַזויפיל פּראָסט־פּאָשעטע ייִדן
אין וואָגל דורך וועגן און לענדער...

עס האָט ווי א ווײַטע עכאָ זיך אָפּגערופן אין מײַן זיקאָרן דאָס ווייכע זאַפטיקע פאָלקס־ייִדיש, וואָס האָט אין יענע יונגע יאָרן געקלונגען מיט אַזאַ לויטערער פאַרליבטקייט.

און ער האָט מיט מיר גערעדט בלויז אויף רוסיש. פאַרוואָס?

צי דען קאָן מען אַנטלויפן פון זיך אַליין?

און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז די צײַט האָט ניט נאָר געענדערט זײַן דרויסנדיקן אויסזען. די פעדעם, וואָס האָבן אים אַמאָל פאַרבונדן מיט זײַן ווײַטער היים, זײַנען אויף שטענדיק איבערגעריסן. און עס האָט א ווייע געטאָן אויף מיר מיט אומעטיקער פרעמדקײַט.

דער פּראָפעסאָר איז געשטאַנען אויף דער קאַטעדרע. אויף די טאָוולען האָבן זיך איינס נאָכן אַנדערן געביטן מאַטעמאַטישע צייכנס, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין גאַנצע פּראָבלעמען, די אַודיטאָריע, א פולגעפּאַקטע, האָט מיט יונגע, דורשטיקע בליקן באַגלייט יעדן זשעסט זײַנעם, אויפגעכאַפּט זײַנע אַפאָריסטישע געדאַנקען. ער האָט, ווי א קישעפמאַכער, געפירט זײַנע יונגע צוהערער אין די פאַרצווײַגטע לאַבירינטן פון אינטעגראַלן און דיפערענציאַלן.

מיר האָבן די אַלע ווערטער אויסגעזען מעשונעדיק פרעמד, ווײַל ער האָט גערעדט אויף א שפּראַך, וואָס איז געווען מיר ניט פאַרשטענדלעך, אויף א מאַטעמאַטישער שפּראַך. דאָס איז געווען זײַן שפּראַך, זײַן וועלט, זײַנע באַגריפן!

אומגעריכט האָט ער איבערגעריסן אינמיטן ריידן, אָנגעשטרענגט געקוקט אויף דעם אָנגעשריבענעם אויפן טאָוול, גלײַך ער האָט דאָרט עפּעס פאַרגעסן, דורכגעלאָזט. אויף זײַנע שלייפן האָבן זיך אָנגעגאָסן דינע, בלויע אָדערלעך.

מיטאָמאָל האָבן אויף די טאָוולען זיך גענומען אויסשטעלן גרויסע, פּאָשעטע, ייִדישע אַלעפן. זיי האָבן זיך געטוליעט צו פּליוסן און מינוסן, ווי זיי וואָלטן באַדאַרפט אַן אָנשפּאַר.




— וואָס פאַר א סימאָנים זײַנען דאָס? — האָט עמעצער א פרעג געטאָן.

דער פּראָפעסאָר האָט לײַכט א פיר געטאָן מיט דער האַנט איבערן גרוי־געוואָרענעם קאָפּ, פאַרזשמורעט זײַנע קלוגע גרינלעכע אויגן, קורץ אָפּגעענטפערט:

— געוויינלעכע צייכנס, אָנגענומענע אין דער מאַטעמאַטיק.

אונדזערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט...

איך ווייס ניט, וואָס ער האָט אין דער רעגע אַראָפּגעלייענט פון מײַן פּנים. איך אָבער האָב דערזען אין זײַנע שטראַלנדיקע אויגן דעם טאַטן זײַנעם, וועלכער האָט א לעבן לאַנג געקנעלט מיט קליינע קינדער איזורע און אויסגעזונגען דעם אַלעף מיט א באַזונדערן ניגן...

— זאָגט, ייִנגעלעך, וואָס איז דאָס?

און קינדערשע שטימעלעך האָבן נאָכגעזונגען דעם רעבן:

— א־לע־פּ־ף!

— געדענקט זשע.

— אַלעף...

פאַר מײַנע אויגן איז אַרויסגעשוווּמען פון דער ווײַטער פאַרגאַנגענהײַט זײַן טאַטע, דער קלײנער, קינדערש אומבאַהאָלפענער רעבע. כ'האָב אים דערזען לויפן פון זײַן ברענענדיקן כיידער. דער טאַלעסקאָטן האָט געפלאַטערט אפן ווינט, ווי ווײַסע אונטערגעהאַקטע פליגל. די לאַנגע ציצעס האָבן זיך געפּלאָנטערט פאַר זײַנע פיס. און אין די אויגן האָט געצאַנקט דער טרויער פון א ניט־דערזונגענעם אַלעף.

זיצנדיק איצט אין דער אאודיטאָריע, האָב איך דערפילט, ווי פונעם טאָוול מיט די אָנגעפּיקעוועטע אַלעפן האָט א פלאַטער געטאָן אף מיר א מאָדנע בענקשאַפט...

אונדזערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט.

עפּשער האָט ער אין אָט דער רעגע זיך אויך אין עפּעס דערמאָנט? עפּשער האָט ער אויך דערזען, ווי איך, די ווײַטע פאַרגאַנגענע קינדהײַט? איך האָב באַמערקט, ווי א ווארעמער גלאַנץ האָט א שפּיל געטאָן אין זײַנע אויגן. אין א רעגע אַרום האָב איך דערהערט זײַן ברוסטיקע עטוואָס ציטערנדיקע שטים, מיט וועלכער ער האָט זיך געווענדט צו זײַנע סטודענטן:

— אַלעף איז דער ערשטער אָס פון זייער אַן אַלטן שריפט, וועלכן ייִדן ניצן שוין טויזנטער יאָרן...

וואָס פאַר א סוידעספּול ווינקל אין זײַן מויעך האָט א וועק געטאָן אין אים אָט די ווערטער?

אַרויסגעזאָגט האָט ער עס מיט א ניגן, וואָס האָט מיט זיך דערמאָנט דאָס געזאַנג פון דער ליד:

עס וואַרט אף דיר אַן אַלעף אין א סידער,
דער אַלעף אין דער אייביקײַט פון אונדזערע לידער...

צום ערשטן מאָל פאַר די אַלע יאָרן האָט ער זיך צוגערירט צו דעם אַלעף, ניט בלויז ווי צו א פּאָשעטן מאַטעמאַטישן צייכן, נאָר ווי צו פאַרבאָרגענע אין אים צאַרטע סטרונעס...

ווען מיר זײַנען אַרויס פון אוניווערסיטעט, האָבן שוין געשפּילט די ראָזע פלאַמען פון זונפאַרגאַנג איבער דער שיינער קאַווקאַזער שטאָט. ער האָט מיך אָנגענומען אונטערן אָרעם און א זאָג געטאָן אפן פּראָסטן פאָלקסטימלעכן ייִדיש:

— אַנטלויפן פון זיך אַליין קאָן מען נאָר אין שלאָף, אין כאָלעם...

דעם גאַנצן איבעריקן וועג האָבן מיר ביידע געשוויגן.

# לעצטע לידער

## דאָס צאַרטע גלעקל פון דײַן האַרץ

מ׳האָט מיר אַמאָל געזאָגט אַזוי:
טיף אינעם האַרץ בײַ יעדער פרוי,
סײַ אינעם יונגן, סײַ אין אַלטן,
אַ גאָלדן גלעקל ליגט באַהאַלטן,
און ס׳איז פאַראַן אַ וואָרט, אַ רוף,
וואָס אָט דאָס גלעקעלע וועקט אויף,
און דעמלט שוין געהערט דיר אַלץ,
אפילו פון דער פרוי דאָס האַרץ...

איך בין געווען אין הונדערט ערטער
און הונדערט אויסגעפּרוּווט כ׳האָב ווערטער,
געגלייבט, אַז כ׳האָב געפינען פאָרט
דאָס איינציקע געהיימע וואָרט,
נאָר אַלעמאָל עס איז געשען —
דאָס וואָרט בלויז ענלעך איז געווען...
און איצטער —
דיך האָב איך באַגעגנט.
און ווידער רו איך ניט קיין רעגע,
דאָס גוטע וואָרט איך וויל אַנטדעקן,
וואָס אויפוועקן עס זאָל דאָס גלעקל,
דאָס צאַרטע גלעקל פון דײַן האַרץ...

## ווי יאָרן טויזנטער צוריק

ס׳איז גרויס מיט וויסן און מיט וווּנדער
ער — אונדזער צוואַנציקסטער יאָרהונדערט!
דאָרט, וווּ געשטאַנען איז אַ הויז,
וואָס איז ניט קליין און איז ניט גרויס,
אַ ריז — אַ מויער איז געבאָרן,
אין הימל טוקן זיך די טאָרנס.
אין טונדרע, וווּ די ווינטן שאַלן,
עס וואַקסן שטעט און מאַגיסטראַלן.
דעם פאַליוס אָפּגעגבן אַ גרוס
מע פליט, מע פאָרט, מע גייט צופוס...
אויף דער לעוואַנע, וווּ בלויז שאָטנס
האָבן גערוט דאָרט בײַ די בערג,
עס האָבן מענטשן שוין געטראָטן,
מ׳האָט זייער קול שוין דאָרט געהערט.
און ס׳איז דעם מענטש שוין ניט פאַרבאָטן
צום מאַרס אויך דורכלייגן אַ בריק.
דאָס האַרץ בלויז...
קליין און אומבאַהאָלפן,
ווי יאָרן טויזנטער צוריק...

## בלומען

ווען געקומען איז די נאַכט,
פלעג די מאַמע זאָגן אָפּט:
— שלאָף, מײַן קינד,
וואָס האָסט פאַרטראַכט,
קומען וועט צו דיר אין שלאָף...
און אַזוי עס פלעג געשען:
אינעם שלאָף האָב איך געזען
הינטלעך, פייגל אָן אַ צאָל,
אַלץ, וואָס דעמלט כ׳האָב געוואָלט.
ווען געוואָרן כ׳בין שוין עלטער,
איז אַזאַ מין טרוים געקומען:
אין די ווינטערדיקע קעלטן
כ׳האָב געוואָלט אין שלאָף זען —
בלומען!
צו דער צײַט געלייגט זיך שלאָפן,
נאָר קיין נעס האָט ניט געטראָפן.
בלויז... באַגינען, פּלוצלינג, קלאָר,
כ׳האָב דערזען עס אויף דער וואָר —
יאָ, ס׳איז אויף דער וואָר געקומען
יענער טרוים מײַנער, דער שענסטער:
אָנגעמאָלט דער פראָסט האָט בלומען
אויף די שויבן פון מײַן פענצטער...

## אין יענעם זומער

אין יענעם זומער איז אזוי געשען:
פארפולט זײַנען מיט יאגעדעס געווען
די פייגל־ביימער
די שווארץ־פרוכטבארע ריאבינעס
די יאגעדעס אױף צווײַגעלעך אױף דינע,
ווי הענגלעך ווײַנטרויבן געהאנגען זײַנען שווער,
די צווײַגעלעך געבויגן צו דער ערד.
דער שאָכן מײַנער —
א גאָרטנציכטלער א געניטער,
קעדיי די יאגעדעס פון פייגעלעך פארהיטן,
האָט מיט א פישער־נעץ די קוסטן גיך פארדעקט
און עפעס אזא גראגער צוגעטראכט,
וואָס הילכט און גראגערט טאקע טאָג און נאכט.
און דעמלט האָט געטראָפן דאָ א נעס:
א שטאָרך האָט פלוצלינג זיך פארפלאָנטערט אין דער נעץ...
דאָס פייגעלע מיט א געשריי דאָרט הענגט
און קאָן זיך ניט באפרײַען פון געפענק.
און ווען דער שאָכן האָט דערזען אזא מין בילד,
ער איז געקומען און גענומען שרײַען ווילד,
און מיט א שטעקן, מיט א שווערן פלאָקן
דאָס שוואכע פייגעלע גענומען שלאָגן...
דער שטאָרך שוין אָטעמט ניט, עס רינט פון אים דאָס בלוט.
דער שאָכן שרײַט באגײַסטערט:
— דאָס איז גוט!
און אלץ געשלאָגן, ביז דעם שטעקן האָט צעבראָכן...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

פון יענעם טאָג
איך רעד ניט מיטן שאָכן!

## ווען ניט די שלאנג

ווען ניט די שלאנג, איר קונציק ריידן,

ווען ניט דאָס עפעלע דאָס זיסע,

וואָלט עפשער כאווע אין גאניידן

ביז הײַנט געלעבט, פון נויט ניט וויסן...

וואָלט כאווע טאקע זינגען, טאנצן,
בלויז אָדאָמען געשענקט איר צארטקײַט...
געגעסן פײַגן און מאראנצן
און וועגן מאָדעס וואָלט ניט טראכטן...
בלויז איינס, מיר וויסן, איז טשיקאווע:
צי וואָלט דאָס אלץ געפעלן כאווען?

## שטענדיק יונג

איך האָב וויפל מאָל געזונגען,
כ׳האָב געגלייבט און האָב געמיינט:
טאקע בלויז בא מענטשן יונגע
איז די ליבע פול מיט כיין...

ווען דער הארבסט האָט מײַנע גיטער
שוין פארכאפט, פארכאפט אױף לאנג.

כ׳האָב מײַן מיינונג ניט געביטן,
ניט געביטן מײַן געזאנג...

ניט דערפאר, ווײַל ס׳האָבן קעלטן
אָפגעשטילט מײַן ברויז און שוווּנג.
ווען דו ליבסט —
ווער טראכט פון עלטער?
ווען דו ליבסט —
ביסט שטענדיק יונג!

## אױף אַט דער ערד

און װער איך בין,
און װאָס איך האָב געבראַכט,
אױף אַט דער ערד, װוּ ס׳לעבן טאָג און נאַכט
סײַ מוט, סײַ פֿרײד,
סײַ גליק און שרעק, סײַ װײ —
זײ שפּאַנען אָפּט צוזאַמען,
אין אײן רײ...
אױף אַט דער ערד,
אונטער דעם הימל־רוים,
װי אַנדערע איך האָב געשפּאַנט, געטרוימט,
װי אַנדערע געגאַן אין שלאַכט, אין ברױז,
אַז ברױט און פֿרידן זאָלן זײַן אין יעדן הױז!
און װײַל דעם מענטש דעם פּראָסטן
האָב איך האָלט,
איך האָב אַ ביסל מערער נאָך געװאָלט:
קײן האַס זאָל מענטשן מער שױן ניט צעשײדן,
דער שטומער מענטש זאָל אױסלערנען זיך רײדן,
צום בלינדן זאָל זיך אומקערן די ריִע,
דער קראַנקער זאָל זיך װידער קאָנען מיִען,
כ׳זאָל שטענדיק זײַן אין קרײַז פֿון מענטשן־פֿרײַנט...
כ׳האָב אַלעס דאָס געװאָלט, —
און אַלץ דאָס װיל איך הײַנט!

## הירשן

דאָרט, אין טונדרע, אױף די װײַסע װעגן,
האָבן זיך באַגעגנט הירשן צװײ,
און ס׳האָט גלײַך צעפֿלאַקערט אַ געשלעג זיך,
ס׳איז מיט פֿלעקן בלוט באַדעקט דער שנײ.

מיטן הילך פֿון שװערדן האָבן הערנער
אין די לײַבער זיך פֿאַרשניטן שאַרף.
יעדערער — געװאָלט האָט זײַן דער ערשטער,
יעדערער — באַװיזן האָט זײַן קראַפֿט.

פֿלוצלינג האָט אײן הירש גענומען פֿאַלן
און גענומען שרײַען אױף אַ קאָל,
און די װײַטע זון מיט אירע שטראַלן
האָט ער שױן געזען צום לעצטן מאָל.

און דער זיגער —
מוטיק, אַ דערפֿרײטער,
האָט געשפּאַנט, דעם קאָפּ פֿאַרהױבן שטאָלץ.
און די שפּורן אױפֿן שנײ, װי קװײטן,
האָט ער מיט די טלאָען אַנגעמאָלט...

## אַ טרער

אױף דער װאָג,
װעמען די פּינקטלעכקײַט געהערט,
אַראָפּגעפֿאַלן פֿלוצלינג איז אַ טרער.
און באַלד האָט זיך אײן שאָל געטאָן אַ נױג...
די טרער, װאָס רינט אַרױס פֿון מענטשנס אױג,
איז טאַקע שװער.

## בריוו

א בריוו! א בריוו!
און פלוצלינג א מעהומע
האט זיך אין הויז פארשפרייט אין יענער שא.
א בריוו...
נאר ס'וועט אים קיינער ניט באקומען,
דער מענטש, וועמען מע שרייבט, איז שוין ניטא.

ערשט נעכטן מ'האט פארהאנגען דא די שויבן,
ווו ס'האט זיין לעצטע שא זיך אויסגעוועפט.
נאר עמעץ שרייבט נאך,
עמעץ וויל ניט גלייבן,
יא, עמעץ מיינט, ווי פריער, אז ער לעבט.

ער איז געווען א מענטש נאך ניט קיין אלטער,
און אונדז גערופן — היטן רונדארום
די ביימער, וואס אין שאטן אונדז באהאלטן,
און אף די בייטן יעדע פרישע בלום.

מ'האט אים אמאל אין שטאטראט אויסגעקליבן,
דערנאך שוין לאנג גערופן: „דעפוטאט”!
און נאך דער דינסט אן עמעסדיקן קריגער,
מע רופט נאך אים מיט קאוועד: „דער סאלדאט”!

עס קומען בריוו, ווי ווארקענדיקע טויבן,
אפילע ווען דער מענטש איז שוין ניטא...
און איך וויל אויך,
אז קיינער זאל ניט גלייבן,
ווען שלאגן וועט אמאל מיין לעצטע שא.

עס מעגן בריוו זיך שיטן, פונקט ווי בלומען,
און ווען דער ענטפער וועט ניט קומען גיך,
מ'זאל מיינען,
אז דער מענטש איז שטארק פארנומען,
צי ער זיין ווינארט האט געביטן אומגעריכט...

---

קולטור־נייס

## דאנבאס: דער ערשטער יידישער קולטור־צענטער

אין דאנעצק איז פארעגיסטרירט געווארן א יידישער געגנטלעכער קולטור־אויפקלערערישער צענטער. לויטן באשלוס פון דער געגנטלעכער פארוואלטונג פונעם אוקראינישן קולטור־פאנד, וועט דער נייער צענטער פונקציאנירן אלס איינע פון די נאציאנאלע סעקציעס פון דער פריער געשאפענער דאנעצקער געזעלשאפט פאר אפהיטן די מוטער־שפראך.

זייענדיק א באשטאנדטייל פון אט דער געזעלשאפט, האט דער יידישער צענטער באקומען דאס רעכט צו לייזן זעלבשטענדיק, אף א דעמאקראטישן אויפן, אלע פראגן פון זיין קולטור־אויפקלערערישער און פינאנסיעל־ווירטשאפטלעכער טעטיקייט.

## „א פענצטער אף דער זוניקער זייט”

אזוי וועט זיך אנרופן דער נייער פילם, וועלכע עס גרייטן די קינעמאטאגראפיסטן פון דער סטודיע פון קינאכראניק „דאלטעלעפילם” (וולאדיוואסטאק) לויט א באשטעלונג פון דער צענטראלער טעלעוויזיע.

עס האט זיך פארענדיקט דער ערשטער עטאפ פון דער ארבעט איבערן פילם. ס'זיינען שוין גרייט פראגמענטן וועגן דער געשיכטע פון ביראבידזשאן, וועגן דעם, וויאזוי אין די יארן פונעם סטאליניסטישן טעראר זיינען אין דער דארטיקער ביבליאטעק אף א באַרבארישן אויפן פארברענט געווארן יידישע ביכער.

א ריי קינא־סוזשעטן האבן די קינעמאטאגראפיסטן פילמירט אין דער רעדאקציע פון דער צייטונג „ביראבידזשאנער שטערן”, אינעם קינדערגארטן פונעם דארף וואלדהיים, ווו די קינדער לערנען די יידישע שפראך, אף א רעפעטיציע פונעם ביראבידזשאנער יידישן מוזיקאליש־דראמאטישן פאלקס־טעאטער, אין דער געגנטלעכער פילהארמאניע, אין דער סינאגאגע און אין אנדערע ערטער פון דער שטאט.

די טעמע פון דער קינפטיקער צוואנציקמינוטיקער קינא־סטענגע איז ניט נאר די שיינקייט און די דערפאלגרייכע אנטוויקלונג פון דער שטאט, נאר אויך אירע הייַנטיקע פראבלעמען, ביפראט די פראבלעמס פון אופהייבן די יידישע נאציאנאלע קולטור.

שאָלעם-אַלייכעם

# דער בלוטיקער שפּאַס

אַן אויסערגעוויינלעכער ראָמאַן



דאָס פינף־און־זיבעציקסטע קאַפּיטל

## און פילט זיך גאַנץ נישקאָשעדיק

די ערשטע צײַט האָט זיך דער נײַער רעפּעטיטאָר געפילט אין דער אויבנבאַשריבענער גרויסאַר־טיקער שטוב צווישן די פאַרשיידענע אומבאַקאַנטע פאַרשוינען ווי אין א וואַלד, אָדער ווי א מענטש, וואָס קומט צו פאָרן צום ערשטן מאָל אין א נײַער גרויסער טומלדיקער שטאָט צווישן אומבאַקאַנטע גאַסן, צווישן אומבאַקאַנטע הײַזער און אומבאַקאַנטע מענטשן. ער זעט פאַר זיך, דאַכט זיך, אַזאַ אוילעם — און איז דאָך עלנט, איין מענטש אַליין מיט זײַנע געדאַנקען און געפילן. עס זײַנען געווען מינוטן, וואָס ער האָט כאַראָטע געהאַט אפן גאַנצן אייסעק, ניט געווען צופרידן מיטן שפּאַס, מיט דער קאָמעדיע, וואָס ער שפּילט, און געבענקט „אהיים“, געבענקט נאָך ייִדן... און ווידער זײַנען געווען מינוטן, וואָס ער איז דאָרט אַרומגעגאַנגען א פאַרשיקערטער. אים האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז ער איז דער העלד פון יענע שיינע מײַסעס, וואָס ער האָט זיך אָנגעהערט קינדווײַז אין כיידער:

פאַרזעצונג. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד“ נומ. 7—12, 1988 און נומ. 1—5, 1989.

א פארקישעפטער, איז ער געבראכט געוואָרן אין א גאָלדענעם פּאלאץ, ווו עס איז אָנגעגרייט פון זײַנטוועגן אלדאָס גוטס... די מענטשן, וואָס דרייען זיך דאָ ארום, זײַנען ניט קיין מענטשן, נאָר סאמע ריטערס, גראפן און פירשטן, און ער אליין איז דער פרינץ, צוליב וועלכן דאָס אלעס איז באשאפן געוואָרן... איין זאך האָט דאָ נאָך געפעלט: די באָס־מאלקע, וועלכע ער דארף באפרײַען פונעם דאָזיקן פארקישעפטן שלאָס... — און ער צעלאכט זיך פון זײַנע קינדערשע דימיוינעס און מאכט כּיוזעק פון זיך אליין און פון זײַנע יינגלשע געדאנקען, וואָס ווילן אים ניט פאָלגן און קריכן אים דאפקע אין קאָפּ ארײַן און וועבן אים דאפקע גאָלדענע קישעפדיקע כאלוימעס...

דאָס איז אָבער געווען נאָר די ערשטע צײַט, איידער ער האָט זיך אקלימאטיזירט. איידער ער האָט זיך אָריִענטירט און ארומגעקוקט, ווו ער איז אין דער וועלט, איידער ער האָט זיך באקענט מיט אלעס, וואָס ארום אים, איידער ער האָט אופגעכאפּט זיך און איז ארויס פונעם אוילעם־האַטיהו אין דער עמעסער וועלט ארײַן און איז אוועק פונעם אוילעם־האדימיען צוריק אין ווירקלעכן לעבן ארײַן. ער האָט זיך גיך אויסגעניכטערט און וואָס ווײַטער־ווײַטער האָט ער אָנגעהויבן זיך פילן אלץ היימישער און היימישער, געקענט שוין אלעמען בא די נעמען, און אלע האָבן געקענט אים. ער איז פונעם צווייטן טאָג אָן געוואָרן פאר זיי שוין ניט א רעפעטיטאָר, נאָר א „גריגאָרי איוואנאָוויטש". א מיטגליד פון דער דאָזיקער מאָדנער גרויסער פאמיליע. און מאָדנע האָבן אים אויסגעזען די דאָזיקע לײַט דערפאר, וואָס זיי זײַנען געווען אין דער זעלבער צײַט איינס דאָס אנדערע אי פרעמד, אי אייגנס, אי ווײַט, אי נאָענט, אי שטארק באקאנט, אי ניט אָנגעהויבן צו וויסן איינס פונעם אנדערן וואָס און ווען. צוגעקוקט זיך מיט זײַנע יידישע אויגן צו די דאָזיקע מענטשן און צו זייער באנעמען זיך איינס מיט דאָס אנדערע, האָט אונדזער פארשטעלטער פּאָפּאָוו זיך געמוזט מוידע זײַן, אז דאָס זײַנען מענטשן ניט נאָר פון אן אנדער ראסע און פון אן אנדער אומע, נאָר די מענטשן גופע זײַנען אנדערע און זייער פּסיכאָלאָגיע איז אן אנדערע און פאר אים א גאנץ פרעמדע. אף יעדן טריט און שריט האָט ער זיי פארגלײַכט מיט זײַניקע און האָט זיך אליין געפרעגט: ווי וואָלט געווען, לעמאַשל, ווען אפן אָרט פון די דאָזיקע זאָלן זײַן יידן? פונעם גרעסטן ביזן קלענסטן וואָלטן זיי דאָך געוווסט, ווער ער איז, און צי האָט ער טאטע־מאמע, שוועסטער און ברידער, און ווי לעבט זיך זיי? און אויך ער וואָלט דאָך אוואדע געוווסט, ווער און וואָס זיי זײַנען, יעדן באזונדער מיט זײַן גאנצער ביאָגראַפיע. ער האָט באטראכט און באוווּנדערט די דאָזיקע לײַט, וואָס קלײַבן זיך צונויף עטלעכע מאָל אין טאָג אלע אינייִנעם בא איין טיש, רעדן אזוי וואַרעם און שמועסן אזוי פרײַנטלעך און לאכן אזוי געשמאק, — נאָר אָט איז מען אופגעשטאנען פון טיש און — אוועק יעדער אין זײַן ווינקל, יעדער צו זײַן ארבעט — און מע איז שוין ווידער פרעמד און ווײַט איינס פון דאָס אנדערע ווי פון מיזרעך צו מײַרעוו... הײַנט די ראכוועס, די ברייטקײַט, די גלאטקײַט, די רויִקײַט, די גוטסקײַט, וואָס יעדן איז אפן הארצן, די זיכערקײַט און די באוואָרנטקײַט, וואָס יעדער איז פאר זיך, — אך, ווי גליקלעך, ווײַזט זיך אים אויס, די דאָזיקע מענטשן באדארפן זײַן, וואָס זיי אליין ווייסן גאָרניט פון זייער גליק, ווי עס ווייסט ניט א קליין קינד, ווי עס ווייסט ניט א געזונטער מענטש, אז ער איז געזונט... און ניט־ווילנדיק קומען אים אפן זינען זײַניקע, די פאריאָגטע און פארשטויסענע, פאריאָמערטע און פארקלאָגטע, פאראָרעמטע און פארבוישעכטע, וואָס ציטערן פאר א פליג, וואָס זײַנען נישט זיכער ניט מיט זייער לײַב, ניט מיט זייער נעשאָמע, וואָס זײַנען אויסדערוויילטע בא גאָט און העפקער בא מענטשן, וואָס זײַנען ציטעריק בא זיך און וואָלוול בא דער וועלט... נאָר אוועקט! אוועקט שוואַרצע מאכשאָוועס און פינצטערע געדאנקען! קוים האָט זיך אזוי געמאכט, אז ער איז צווישן גליקלעכע, פרײַע, זיכערע און באוואָרנטע, לאָז ער אויך זײַן איינער אזעלכער — אויב ניט אף טאָמיד. איז כאָטש אף א קורצער צײַט. קוים האָט זיך אזוי געמאכט און ער האָט זיך ארײַנגעכאפּט אין די הייכע פענצטער און איז ארײַנגעטראָטן אין גאניידן, — לאָז זײַן א פרעמדער גאניידן, לאָז זײַן ניט אף לאנג, — לאָזט אים אויך פילן דעם טאַם, כאָטש אף א קורצער צײַט, וויאַזוי איז, אז מע איז ניט קיין ייד? וויאַזוי איז, אז מע האָט ניט מוירע אלע מינוט, אלע רעגע, אז אָט־אָט גיט מען דיר צו וויסן, ווער דו ביסט, אז אָט־אָט גיט מען דיר צו וויסן, אז דו ביסט, וואָס דו ביסט, אז אָט־אָט רופט מען דיך אָן בא דײַן עמעסן נאָמען?..

דער נײַער רעפעטיטאָר איז באקאנט געוואָרן אין דער דאָזיקער שטוב און היימיש ניט נאָר מיט די מענטשן, ער איז גיך געוואָרן שאָווע בעשאָלווע אויך מיטן הונט, וואָס האָט זיך אײַנגעקויפט צו אים אין גאנץ נאָענטע כאווערשאפט אזוי ווײַט, אז איטלעכס מאָל, באם באגעגענען זיך, האָט דער דאָזיקער קעלעוו געוואָרפן זיך אים אפן האלדז, געקוויטשעט, באלעקט זיך און געמאכט נאָך אזעלכע היימישע אָנשטעלן. אויך די דינערשאפט האָבן ליב געקריגן דעם פּאניטש גריגאָרי איוואנאָוויטש דערפאר, וואָס ער איז ווינציקער פריוועדליווע פון אלע אנדערע אין דעם דאָזיקן הויז, שאפט זיך ניט אזוי אָפט ווי אנדערע, האָט ניט אין זיך קיין שום פּריצישע גענג, מע הערט אים קימאט ניט אין שטוב — א מאָדנער פּאניטש!..

נאָר מער פון אלע האָבן אים ליב געקריגן און צוגעבונדן זיך צו אים זײַנע יונגע טאַלמידים, פּעטיאַ און סערעזשאַ. מיט פאַרגעניגן האָבן זיי אַלעמאָל זיך געשיידט מיטן פראַנצויזישן לערער מסיע דיובוא, מיטן דײַטש הער פריש, אָדער מיט דער ענגלישער מיס טאַקטאָן און געוואַרט אויף גריגאָרי איוואַנאָוויטשן מיט זײַן רוסישן אוראָק, באַ וועלכן עס פלעג אַפּט זיצן נאַדיעזשדאַ פּיאָדאָראָוונאַ און אַמאָל, זעלטן, פּעאָקטיסט פעדאָסייִטש אַליין אויך, צופרידן, וואָס די קינדער האָבן ליב זייער רוסישן לערער און וואָס דער רוסישער לערער האָט זיי ניט אָפּגענאַרט און ניט פאַרשעמט דעם רעקטאָרס רעקאָמענדאַציע.

— גריגאָרי איוואַנאָוויטש, גייען מיר שפּילן אין לאָון־טעניס? — רופן זיך אָן צו אים איינמאָל זײַנע טאַלמידימלעך נאָכן אוראָק.

— גייען מיר, — ענטפערט זיי גריגאָרי איוואַנאָוויטש און לאָזט זיך גיין מיט זיי אין הויף אַרײַן שפּילן און לאָון־טעניס.

נאָר גריגאָרי איוואַנאָוויטש פּאַפּאַו האָט פאַרגעסן אויף א ווײַלע, אַז הערשל ראַבינאָוויטש האָט אַזאַ יעדיִע אין „לאָון־טעניס", ווי א האָן אין בניי אָדאָם. פרעגט מיט בעכיירעם, ווי מע נעמט דעם „שלעגער" אין האַנט אַרײַן, אָדער לאָז ער אײַך זאָגן, אַשטייגער, וואָס הייסט א „סערווער", אָדער א „סטרייקער"? א „ניים", אָדער א „זאַץ", אָדער א „דאָבלפעלער", אוכעדוימע אַזעלכע ווערטער, וואָס ווערן באַנוצט אין לאָון־טעניס־שפּיל. טערקיש איז דאָס באַ אים. טאַרגום־לאָשן. דעריבער פאַרכאַפּט ער זיך באַצײַטנס און זאָגט צו זײַנע טאַלמידים:

— ווייסט איר וואָס, קינדער? שפּילט איר הײַנט אַליין. מיר איז א ביסל דער קאָפּ טוט ווי...

— גריגאָרי איוואַנאָוויטש! פאַרט איר גוט רײַטנדיק? — פרעגן אים אָן אַנדערס מאָל זײַנע טאַלמידימלעך.

— וואָס איז דען?..

— אָט אַזוי, מיר האָבן זיך דערמאָנט אָן אונדזערע פערדלעך, זומער וועט איר דאָך איבערגיין אַוואַדע מיט אונדז אינײַנעם אין דאָרף אַרײַן, וועלן מיר אינײַנעם פאָרן רײַטנדיק.

גריגאָרי איוואַנאָוויטש דערמאָנט זיך, אַז הערשל ראַבינאָוויטש, נישט נאָר ער קאָן ניט פאָרן רײַטנדיק, — ס'איז א כאַרפּע צו זאָגן, — נאָך בעסאַכאַקל האָט ער, דאַכט זיך, גאָר מוירע צוגיין צו נאָענט צו א פערד...

— סאַשאַ פאָרט אויסגעצייכנט! — דערציילן אים ווײַטער זײַנע טאַלמידים, וואָס האָבן א סאַך מער ליב א פערדל ווי א ביכל און וואָס זײַנען א סאַך מער באַלאָנים צו פאָרן רײַטנדיק, איידער צו זיצן איבער די „אוראָקן"...

גריגאָרי איוואַנאָוויטש מוז נעבעך אונטערהאַלטן זײַן רענאָמע און זאָגן א נײַעם ליגן, אַז ער קאָן זייער שיין פאָרן רײַטנדיק.

— אויב אַזוי, — כאַפּט אים אונטער איינער פון די צוויי טאַלמידימלעך, — וועט איר פאָרן גאַנצע טעג מיט סאַשען. סאַשאַ האָט זייער ליב פאָרן רײַטנדיק.

גריגאָרי איוואַנאָוויטש ווייסט שוין, ווער די „סאַשאַ" איז — דאָס איז זייער עלטערע שוועסטער, וואָס לערנט זיך אין דער רעזידענץ־שטאָט אין זייער א געהויבענעם מאָקעם און וואָס דאַרף קומען באַלד צו פאָרן אַהיים אויף „ראָזשדעסטוואָ". מע קוקט שוין דאָ אַרויס אויף איר און מע גרייט זיך איר מאַכן א באַרעך־האַבאָ ווי א פּרינצעסן. עס גייט ניט אַוועק איין טיש, מע זאָל ניט הערן וויפל מאָל דעם נאָמען „סאַשאַ". דאָס האָט סאַשאַ ליב און דאָס האָט סאַשאַ ניט ליב. „וואָס איז דאָס פאַר א סאַשאַ, וואָס מע רעדט פון איר אַזויפיל? ווי זעט זי אויס?" — טראַכט ער זיך. ער האָט איינמאָל געזען איר בילד — צוויי טראָפּן וואַסער די מוטער, און דערהויפּט דער מוטערס אויגן — און דאָס בילד האָט אים, ער מוז זיך מוידע זײַן, איבעראַשט אינצווייען: ערשטנס, האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז זי איז אים קענטלעך, אַז ער האָט זי שוין איינמאָל ערגעץ געזען... און צווייטנס, איז אים געקומען אויפן זינען יענע באַס־מאַלקע, מיט וועלכער ער האָט געפירט באַקאַנטשאַפט יינגלווײַז אין זײַנע קישעפדיקע מײַסעס און גאָלדענע כאַלוימעס...

— דאָס איז מײַן טאָכטער, — מאַכט צו אים די באַלעבאָסטע, נאַדיעזשדאַ פּיאָדאָראָוונאַ מיט מוטערלעכער גאַדלעס, — זי קומט צו פאָרן אויף ראָזשדעסטוואָ.

— אויף ראָזשדעסטוואָ? — זאָגט ער איר נאָך ווי אויף א ווידערקאָל און פאַרגלײַכט אירע אויגן צו דער טאָכטערס אויגן: ווי צוויי טראָפּן וואַסער... נאָר ווו האָט ער זי געזען? ניט שוין זשע אין כאָלעם?.. און ער הייבט אָן ניט־ווילנדיק אַרויסקוקן אויפן יאָמטעוו ראָזשדעסטוואָ גלײַך מיט אַלעמען אין דער דאָזיקער שטוב.

— ווען האָבן מיר ראָזשדעסטוואָ? — פרעגט ער זיך אַליין און דערמאָנט זיך אָבער, אַז דאָס וואָרט „מיר" איז איבעריק. וואָס פאַר א מעכוטן, אַשטייגער, איז הערשל ראַבינאָוויטש מיט „ראָזשדעסטוואָ"? מיט ווײַנאַכטן?.. און ער זעצט זיך אַוועק שרײַבן א בריוו צו זײַן כאַווער, צום עמעסן

גריגאָרי איוואַנאָוויטש פּאַפּאָוו, פאַר וועלכן ס׳איז ניטאָ בא אים קיין סאָד, און דעקט איף פאַר אים זײַן האַרץ ווי פאַר אַן אייגענעם ברודער:

„שעלט מיך, טײַערער גרישאַ! זידל מיך! מאַך מיך מיט דער בלאָטע גלײַך! איך האָב עס פאַר־דינט, וואָרעם איך בין אַ נידעריקער מענטש, אַ פאַרדאָרבענער מענטש! שטעל דיר פאָר, אַז ס׳זײַנען פאַראַן מאַמענטן, וואָס מאַכמעס גרויס ראַסקאַש אַפּאָנעם פאַרגעס איך, ווער איך בין און וואָס איך בין און — נאָך מער — איך בין צופרידן, וואָס איך פאַרגעס עס, איך וויל עס פאַרגעסן!..״

אין אַן אַנדער אָרט שרײַבט ער אים צווישן אַנדערע זאַכן שוין אין אַ פרייליכערן הומאָריסטישן טאָן:

„— — — ביסטו ניט קיין נאַר, גרישאַ, אַז דו דולסט זיך דאָרט מיט אַזעלכע קלייניקײַטן, ווי די צאָרעס, וואָס דו שטייסט אויס איבער דײַן ייִדישקײַט, ווילסט פאַרענטפערן נאַציאָנאַלע פּראָב־לעמען, אוכעדוימע אַזעלכע פּראָזאַישע זאַכן, אין דער צײַט, ווען אַהער קומט צו פאָרן די באָס־מאַלקע, וואָס געוועלטיקט אין מײַנע בעסטע כאַלוימעס?.. נאָר האָב קיין מוירע ניט פאַר מיר. איך בין ניט דו. איך וועל מיך ניט שפּילן מיט פײַער אַזויווי דו... פאַרצײַ — איך קאָן דיר הײַנט קיין סאַך ניט שרײַבן: איך אײַל מיך אַף דער פּאָטשט און פון דאָרטן קום איך אַהיים, — וועלן מיר פאָרן איר אַנטקעגן אַף דרײַ שליטנס, דרײַ ברענענדיקע טראָיקעס — כײַ געלעבט!..״

דאָס זעקס־און־זיבעציקסטע קאַפּיטל

## אַף דרײַ „טראָיקעס״

דאָס איז געווען אין עמעסער, אַ רוסישער ווינטערדיקער פרימאָרגן. דער פראָסט האָט געסמאַ־ליעט און געשטשיפּעט בא דער נאָז. דער ווײַסגעפאַלענער שניי האָט געפינקלט און געסקריפּעט. דרײַ ברענענדיקע טראָיקעס האָבן געטראָגן דרײַ ברייטע שליטנס, וואָס רופן זיך מיטן רוסישן נאָמען „ראַזוואַלני״. אַף אונדזער ייִדיש לאָשן איבערזעצן וועט עס אויסקומען: צעוואַלגערט, דאָס הייסט די שליטנס זײַנען אַזוי ברייט און גערעם, אַז מע זיצט אין זיי צעלייגט ווי באַם טאַטן אין ווײַנגאָרטן. דאָס מיטלסטע פערד, פאַרוואָרפן די אויערן אַהינטער, רײַסט זיך פון דישעל אַרויס און פליט פײַל אויגן בויגן, און די צוויי זײַטיקע האָבן אויסגעדרייט די קעפּ, איינס רעכטס, דאָס אַנדערע לינקס, און שפּרינגען מעשוגענערווײַז, וואַרפן מיט די קאָפּיטעס דעם שניי אַף אַלע זײַטן. די צענדליקער גלעקעלעך, וואָס מע האָט אַף זיי אָנגעהאַנגען, קלינגען זייער זילבערנעם ניגן, און דער קוטשער, דער פאָני מיטן ברייטן הינטן און מיט דער צעקעמטער באָרד, שמײַסט ניט די פערדלעך, נאָר ער האָט אָפּגעלאָזט די לייצעס און קנאַקט צו מיט דער צונג: „אײַ ליולי מאַלינאַ״, און די, וואָס זיצן צעלייגט אין די שליטנס, רעכט אײַנגעהילט אין די טײַערע סויבלען, אין די וואַרעמע פוקסן, סקונקעס אָדער טכוירן, קוים־קוים וואָס זיי כאַפּן דעם אָטעם — וואַנקאַ, האַלט מיך צו! — אָט דאָס איז די רוסישע טראָיקע, וואָס נאָר אַ רוסישער קאָן פילן דעם עמעסן טאַם און אָפּשאַצן.

אונדזער געמאַכטער פּאַפּאָוו, וואָס איז געזעסן גלײַך מיט אַלע קלוימערשט צעלייגט אין איינע פון די דרײַ ברייטע צעוואַלגערטע שליטנס — „ראַזוואַלני״ — און געטראָגן זיך פײַל אויסן בויגן אין איינע פון די דרײַ טראָיקעס, האָט דעם עמעסן רוסישן טאַם ניט געפילט. זײַן קאָפּ איז געווען ניט דאָ. זײַנע געדאַנקען זײַנען געווען ווײַט פונדאַנען. ער האָט סאַכאַקל מיט איין האַלבער שאָ פריִער אָפּגענומען פון דער פּאָטשט אַ פּאַקעט פון זײַן כאַווער גרישאַ, און דאָרט איז געווען אַ בריוול צו אים פון דער היים, פון זײַן עלטערן ברודער אַווראָם־לייב, וואָס האָט אַ טעווע, אַז ער שרײַבט. שרײַבט ער צומיינסטן טרויעריקע זאַכן און וואַרפט אַף אײַך אַ מאָרעשכוירע אַף אַ גאַנצן טאָג.

אַ טייל פון דעם דאָזיקן בריוול ברענגען מיר דאָ אַלס מוסטער:

„— — — גאָט זאָל וויסן, אָכי יעקירי, אַז פון דעם געלט, וואָס די האָסט געשיקט דעם טאַטן, איז שוין לאַנג ניטאָ קיין זייכער. מע האָט געמוזט צולייגן צו זיי נאָך אַ פּופציקער און אָוועקשיקן צו אונדזער שוואָגער וועלוול דעם שלימאַזל, וואָרעם מע האָט זיך אַרומגעקוקט אַף אים, אַז ער גייט ניט אונטער אונטערן זאַקאָן, און מע מעשאַלייעכט אים אַרויס מיט דרײַ קינדערלעך, כאָטש נעם אַ טאָרבע און גיי איבער די הײַזער... און אונדזער צווייטער שוועסטער פייגע־לייע מוז מען אויך אַלע־

מאָל אונטערשיקן אַ פּאָר קערבלעך, און דערצו איז זי נאָך ניט געזונט אויך — זי שרייַבט, אַז זי באַדאַרף אַ רעפּעראַציע, אַזויווי מע באַדאַרף לעבן אויף דער וועלט. זי זאָל האָבן, זאָגט זי, מיט וואָס, וואָלט זי זיך דורכגעפּאָרן, זאָגט זי, צו דיר, דו זאָלסט זייַן מיט איר, זאָגט זי, בא פּראָפעסאָרן; פאַראַן בא אייַך, זאָגט זי, באַרימטע פּראָפעסאָרן. האַלטן מיר זי אויף: „סידי דאָמאַ טאַ נע ריפּייַסיאַ", וואָרעם צו דיר פאָרן איז אַכוץ וואָס סע שמעקט מיט הויצאָעס, שמעקט עס נאָך מיט גייַן צוריק מיטן עטאַפּ... גאַם זייַ וויסן, אַכי יעקירי, אַז פּאַרנאָסע איז איצט שטאַרק געשלאָגן. און אַ נאַטשאַלניק סטאַנציע האָט אונדז גאָט געגעבן, מעג אים גאָט געבן אַ נייַע נעשאָמע — אַזאַ האָמען איז דאָס! האָט פייַנט אַ ייִדן מיט סאַקאָנעס. נאָר ווו האָט מען ליב אַ ייִדן?.. פון די שיינע נייַסן אויף ייִדן, וואָס מע הערט זיך הייַנט אָן אַלע טאָג באַרעכהאָשעם, באַדאַרף איך דיר ניט שרייַבן. דו ווייסט עס אָן מיר... גאַם, אַכי יעקירי, לאָזט דיר דער טאַטע נאָכאַמאָל הערן, אַז זיבן טאָג איין שוואַט האָבן מיר יאָרצייַט נאָך דער מאַמע, אָלעהאַשאָלעם, ביכדיי דו זאָלסט ניט פאַרגעסן קאַדיש זאָגן. מע מעג זיך זייַן ניט נאָר אַ האַלבער סטודענט, אַ דאַנטיסט, נאָר אַפילע אַ גאַנצער סטודענט און אַפילע שוין גאָר אַ דאָקטער — פונדעסטוועגן אייַנס צום אַנדערן געהער זיך ניט אָן, יאָרצייַט איז יאָרצייַט..."

אַ מאָדנע זאַך! אַלעמאָל, ווען ער באַקומט אַ בריוו פון זייַן עלטערן ברודער, מוז אים ווערן ניט גוט אַפן האַרצן. אַווראָם-לייב האָט אַ מיִעסע טעווע — אַ טעווע פון אַ „וואָראָנע": קיין גוטס וועט איר פון אים קיינמאָל ניט הערן. דעם טאַטנס בריוו זייַנען שוין אַ סאַך ווייכער און אָנגענעמער צו לייענען. אויף לאָשנקוידעש שרייַבט ער צו אים געוויינלעך:

„לבני היקר כמר צבי הירש נ"י! אחר פ"ש סנהוג אודיעך, אַז מיר זייַנען, באַרעכהאָשעם, אַלע בקו החיים והשלום. ומן האָטפּראַווקיס אודיעך, אַז ס'איז ניט יותר טוב כמו פאַראַיאָרן. יתן השם יתברך דרך טוב, כי הבלאָטעס זייַנען אצלנו עד אין לשער, והפאָדוואָז איז דעריבער ביוקר גדול. ראַק זאָלסט ניט האָבן, כאַסוועשאָלעם, קיין אָגמעסנעפעש. האַשעם ייִסבאָרעך וועט געבן פּאָגאָדע



טובה אין עס וועט זיך, אימירצעהאשעם, אלצדינג פארבעסערן אף אונדז און אף קאָל יִיסראָעל און האלעוויי מע זאָל הערן נאָר בסורעס טויוועס יעשועס ווענעכאָמעס. יותר אין לחדש רק חיים ושלום.

ממני אביך דו״ש והצלחתך משה ב״ר צבי הירש ראבינאָוויטש״.

עמעס, דאָס דאָזיקע לאָשנקוידעש איז עפּעס ניט אזוי גאָר פויגלדיק, און די נײַס, וואָס דער פאָטער שרײַבט אים, זײַנען ניט פיל בעסער און פריילעכער פון דעם, וואָס דער ברודער שרײַבט אים. דערפאר איז אָבער דער טאָן אַן אנדערער. צו וואָס האָט אים אווראָם־לייב באדארפט דערמאָנען נאָכאמאָל, אז זיבן טעג אין שוואט האָט ער יאָרצײַט?.. מער ווי אלצדינג האָט אים צעדרייט די יעדיִע, אז זײַן שוועסטער איז קראנק און קלײַבט זיך צו אים צוגאסט. א שיין פּאָנעם וועט ער האָבן, — טראכט ער זיך, — טאָמער הייבט זי זיך טאקע אוף און קומט צו פאָרן און טרעפט אָנ־שטאָט אים זײַן כאווער גרישאַ?!.. עס ווארפט אים אזש ארײַן אין א פיבער פון אזא געדאנק... ער וועט שוין איזעקשרײַבן זיי א גוט ברייוול אהיים, אָנזאָגן צען מאָל, אז קיינער פון זיי זאָל זיך ניט דערוועגן קומען צו פאָרן אין דער שטאָט, ווו א ייִד טאָר אפילע קיין נאכט ניט איבערנעכטיקן...

„ניט שוין זשע, — טראכט ער זיך, זיצנדיק אין שליטן, — ניט שוין זשע וועט מען אים ניט לאָזן צורו, ער זאָל קאָנען זאָגן, אז ער האָט כאָטש איין יאָר געלעבט ווי א מענטש, אָן מוירע פארן מאָר־גנדיקן טאָג, אָן געדאנק פון „פּראוואָזשיטעלסטוואָ“ און אָן באליידיקונג אף יעדן טריט און שריט?..“

די דאָזיקע באליידיקונגען ליגן אים אין טאם נאָך פון אמאָל, פון דער צײַט, וואָס ער איז געווען אין גימנאזיע דאָס ערשטע יאָר, איידער ער האָט זיך נאָך ניט געהאט געקענט נאָענט מיט זײַן כאווער, דעם עמעסן גרישאַ פּאָפּאָוו. ווער עס האָט געהאט גאָט אין הארצן, — דערמאָנט ער זיך, — דער האָט אים אָנגערירט. זײַן נאָמען „הערשקאָ“ האָט ארויסגערופן אזא געדולע, גלײַך ווי גאָט ווייסט וואָס אין דעם נאָמען שטעקט אזעלכס... דער לערער אליין האָט אויך ליב געהאט זיך שפּילן מיטן דאָזיקן נאָמען. אלע טאלמידים זײַנען ארויסגערופן געוואָרן נאָר בא דער פאמיליע אליין. אים פלעגט מען ארויסרופן מיטביידע נעמען: „ראבינאָוויטש הערשקאָ“ (ראבינאָוויטש אליין איז קארג!), נאָר א פוילער האָט ניט געגעבן הערשקען א שמיר איבער דער נאָז, א צי באם אויער, א פּאָר ארײַן אין זײַט, א דערלאנג איבערן האלדז־און־נאקן, אָדער אונטערגעשטעלט א פיסל, אָדער גאָר צעלייגט און געוואָלט אָנשמירן אים די ליפּן מיט כאזער. פון דעם אָנשמירן אים די ליפּן מיט כאזער האָט זיך אייגנטלעך גענומען זײַן גוטפרײַנטשאפט מיט גרישאַ פּאָפּאָוון. עס האָט זיך באדארפט מאכן אזוי, אז גרישאַ פּאָפּאָוו זאָל אָנקומען אקוראט אף דער סצענע, ווי דער זשידיאָנאָק הערשקאָ ליגט אין הויף פון גימנאזיע אף דער ערד און א פּאָר צענדליק כאווירים שטייען איבער אים און עס הערט זיך א געשריי: „כאזער גיט אהער! כאזער! ווען מיר אים אָנרײַבן די פיסקעס!“.. גרישאַ פּאָפּאָוו, וועלכן אלע האָבן געקענט און פאר וועלכן מע האָט דערעכערעץ געהאט אין גימנאזיע, האָט מיט איין היק צעטריבן די גאנצע כאליאסטרע און ארויסגעלייזט דעם זשידיאָנאָק הערשקאָ פון זייערע הענט און נאָך אויסגעזידלט גוט די ווײַסע־כעווריניקעס: „ווי שעמט מען זיך ניט מיט גוואלד אָנהענגען א מענטשן דאָס, וואָס דער „זאקאָן“ הייסט אים ניט?“...

דאָס איז געווען איין מאָל. דאָס אנדערע מאָל האָט אים זײַן פרײַנט גרישאַ ארויסגעלייזט פון א סאך א גרעסערער צאָרע. אזויווי הערשקאָ איז געווען, ניט קוקנדיק דערוף, וואָס ער איז א זשי־דיאָנאָק, דער ערשטער אין זײַן קלאס, האָבן זײַנע כאווירים געוווסט, אז וויבאלד עפּעס א הארבע זאך, באדארף מען זיך ווענדן צו הערשקען. הערשקאָ ווייסט אלצדינג: „הער נאָר דו, הערשקאָ, פארוואָס קומט ניט אויס בא מיר די זאדאטשע, כאָטש גיב איר א קרענק?“ אָדער: „נא, הערשקאָ, שרײַב מיר אָן, נאָר מאך אזוי, מע זאָל ניט דערקענען, אז ס׳איז דו...“

פארן עקזאמען האָט מען אים שיר ניט צעריסן אף שטיקלעך. און אפן עקזאמען גופע האָט מען אים מאמעש צעטראָגן די ביינער. די קאָמיסיע האָט פארגעבן דעם קלאס א שטיקל ארבעט, וואָס קיין איינער, אויסער הערשקען, האָט ניט געקאָנט פארטיק ווערן. פארשטייט זיך, אז אלע אויגן זײַנען געווען געקערט אין איין פינטעלע ארײַן. דאָס פינטעלע איז געווען דער זשידיאָנאָק הערשקאָ. פריִער האָט מען נאָר געקוקט אף אים שטארק און געווונקען מיט די אויגן. דערנאָך האָט מען אָנגעהויבן צו אים פונדערווײַטן באווײַזן אלערליי סימאָנים מיט די פינגער. דערנאָך שושקען און מאָדנע מאכן מיט די ליפּן. דערנאָך האָט מען אָנגעהויבן איינער דורכן אנדערן איבערגעבן אים צונויפגעדרייטע פּאפּירלעך... און הערשקאָ האָט אלעמען באפרידיקט אפן בעסטן אויפן. פריִער פון אלע האָט ער געווינלעך באזאָרגט זײַן כאווער און זײַן פרײַנט גרישאַ פּאָפּאָוו, און דערנאָך שוין די איבעריקע כאווירים איינס נאָכן אנדערן. און דער עקזאמען וואָלט אָפּגעלאָפן קאָשער וועיוישער ווי אלע עקזא־מענעס, ווען עס זאָל זיך ניט געווען ארײַנמישן דער שאָטן און עס זאָל זיך ניט טרעפן א מײַסע, וואָס קיינער איז אייגנטלעך אין דעם ניט געווען שולדיק.

באשערט געווען אונדזער הערשלען אן אומגליק, האָט אים גאָט געגעבן א כאווער, איינעם א קאָטיעלניקאָוו, א באָכער שוין צו לײַטן, אן אלטגעזעסענער, דאָס הייסט אזעלכער, וואָס זיצט צוויי יאָר אין א קלאס און קאָן אליין ניט אריבער בעשום־אויפן. מע מוז אים שלעפּן פאר די אויערן. און

מאכמעס דער קאַטיעלניקאָוו איז, קיין אײַנהאַרע, א געוווקסיקער, האָט אים דער לערער אויסגעזוכט, ער זאָל ניט שטערן די קלענערע, אױף דער סאמע לעצטער פּאַרטע, און מאכמעס דעריבער האָט זײַן צעטעלע א ביסל פארשפּעטיקט צו הערשקען. עס האָט אים ניט געהאָלפן ניט קיין ווינקען מיט די אויגן, ניט קיין מאכן מיט די ליפּן, ניט קיין הוסטן, ניט קיין שארן מיט די פיס. זײַן צעטעלע איז אים אזוי גיך צוריק ניט אָנגעקומען. איז ער געוואָרן ארויס פון די קיילים און האָט אָנגעשריבן א נײַ צעטעלע, ניט איבערגעגעבן פון אײנעם צום אנדערן. ס'איז אים נימעס געוואָרן די מעלאָכע. האָט ער געגעבן א שלײַדער דאָס צעטעלע שוין מיט קאס גלײַך צו הערשקען און געטראָפן אקוראט דעם דירעקטאָר אין באָרד ארײַן. דער דירעקטאָר האָט זיך ניט געפוילט, אופגעהויבן דאָס צעטעלע, אופגעוויקלט און צו זײַן גרויס דערשטוינען האָט ער איבערגעלייענט די דאָזיקע ווערטער:

„פארשאָלטענער זשידיאָנאָק! אלעמען דעם גאנצן קלאס האָסטו געמאכט די זאדאטשע, נאָר מיר ניט. ווארט, מע וועט דיר שוין ברעכן א ביין. קאַטיעלניקאָוו".

אז ס'איז ארויס דערפון א מוירעדיקער סקאנדאל — איז איבעריק צו זאָגן. עס האָט געהאַלטן דערבײַ, אז דער גאנצער קלאס זאָל האָבן א פּסאַק, און דער לערער א מיִעסע נאָז, און פונעם ייִדן שמועסט מען ניט. ער איז דאָך דער גאנצער כּיִעוו. ראבינאָוויטש וואָלט זיכער ארויסגעפלויגן פון גימנאַזיע, ווען ניט זײַן כאָווער, איוואן איוואנאָוויטש פּאָפּאָוס זונדל... מיט ניסים ווענילאָעס איז דער סקאנדאל צעריבן געוואָרן און די גאנצע מײַסע פארגעסן געוואָרן, קיין זייכער ניט געבליבן. אַפּאָנעם, אז דער קויעך פון „זכוס-אָוועס" איז ניט קיין קלייניקײַט און אז א רעכטע פּראָטעקצי'ע האָט נאָך בא אונדז א שטיקל מאמאָשעס...

דאָס איז אָבער געווען ניט דאָס איינציקע און ניט דאָס לעצטע פּעקל, וואָס אונדזער עמעסער ראבינאָוויטש האָט איבערגעטראָגן, ביז ער האָט געענדיקט די גימנאַזיע. גענוג פּכאָדים האָט ער געהאַט אויסצושטיין ביזן אטעסטאט. גענוג „געפּאַקט" און „געמאָזלט", ביז ער האָט דערלעבט זען די מעדאַל, וואָס איז געשטאנען, וויפל מאָל אין סאקאָנעס, אױף א וואָגשאָל: א מעדאל אָדער ניט קיין מעדאל... און וואָס איז דער סאָף? — טראכט ער זיך. — דער סאָף איז, אז דעם געמאכטן ראבינאָוויטש מיט זײַן מעדאל האָט מען די טיר פון אוניווערסיטעט פארהאקט אונטער דער נאָז און געבעטן מעכײַלע, ער זאָל זיך פאַרשרײַבן פאר א דאנטיסט, אניט, זײַט זשע מויכל, רעב הערש ב"ר מוישע, מיט דעם רעכטן פוס — מארש מיטן עטאפּ אין שקלאָווער גובערניע...

און דער געפעלשטער פּאָפּאָוו דערמאָנט זיך אין זײַן כאָווער, דעם עמעסן פּאָפּאָוו, און אין די בריוולעך, וואָס ער שרײַבט אים פון די לײַדן מיט די צאָרעס, וואָס ער שטייט נעבעך דאָרטן אויס, — און ער מאכט צו זיך אליין: „נו, גרישוטקא? הײַנט וועסטו שוין וויסן, וואָס הייסט זײַן א ייִד?.. וועסט שוין, דאכט מיר, פארזאָגן א צענטן, — אויב דו וועסט נאָר קיין כאראָטע ניט האָבן פארן יאָר, — אזעלכע קאטאָוועסן ניט שפּילן און אזעלכע שפּאסן ניט צו טרײַבן מער..."

אָט דאָס זײַנען געווען די מאכשאָוועס, אין וועלכע אונדזער הערשל פּאָפּאָוו איז געווען פארטאָן, זיצנדיק צעוואָלגערט אין ברייטן שליטן. אופגעוואכט האָט ער ערשט דעמלט, אז מע איז געקומען צו פליִען מיטן קנאק אלע דרײַ טראָיקעס צום וואָקזאל און עס האָט ארויסגעשאָטן די גאנצע מישפּאָכע פון פּעאָקטיסט פּעדאָסײיִטש באָרדאָ-בראָדאָווסקי מיט די קינדער מיט אלע לערערס און לערערנס און מיטן הונט „גליוק" אױף צופריִער.



## דער קויעך פון א נאָמען

אױף די זעלבע דרײַ טראָיקעס, אין די זעלבע דרײַ צעלייגטע שליטנס — „ראָזוואָלני" — האָט זיך די מישפּאָכע באָרדאָ-בראָדאָווסקי מיטן זעלבן קנאק געטראָגן פון וואָקזאל צוריק אהיים מיטן נײַ-אָנגעקומענעם לאנג דערווארטן גאסט — מיט סאשען.

דער ערשטער, וואָס האָט אָנגעזאָגט די בסורע, אז סאשא איז דאָ, איז געווען ניט קיין אנדערער, נאָר „גליוק", וואָס האָט מיט זײַן הינטישן כוש הארייעך נאָך פונדערווײַטנס אָנגעשמעקט סאשעס טריט בא איר ערשטן ארויסשטעלן איר קליין פיסל פון וואגאָן ערשטער קלאס. גליוקס פרייד האָט ניט

געהאַט קיין שיר און קיין ערעך. ער האָט זײַן אומגעלומפּערטע, בעעמעס ניט־געקינצלטע סימכע אַרויסגעוויזן אױף זײַן הינטישן שטייגער מיט אַזאַ מין היספּײַלעס, מיט אַזעלכע גוואַלדן און קוויטשערײַען, ער האָט זיך אַזוי געוואָרפן פון סאַשען צו אירע עלטערן און פון די עלטערן צו סאַשען, אַז פּעאַקטיסט פּעדאַסייִטש האָט אים געמוזט עטלעכע מאָל דערמאָנען אױף דײַטש, ווי אַלעמאָל: „גליוק, בלײַבסט רויִק...״ איצטיקס מאָל האָט דאָס אָבער ווינציק־וואָס געהאָלפן. ווי קאָן גליוק בלײַבן רויִק, אַז ס׳איז געקומען, גאָר פּלוצעם אומגעריכט ווי פון הימל אַראָפּגעפאַלן, אַזאַ גאַסט, אַזאַ אַנגעלייגטער גאַסט? גוט איז זיי, אַז זיי האָבן געוווּסט, אַז סאַשאַ קומט, — זיי האָבן געהאַט אַ דעפּעש נאָך פון נעכטן. גוט איז זיי, אַז בײַ זיי איז געווען אויסגערעכנט די שאָ און די מינוט, ווען זי באַדאַרף אָנקומען. אָבער גליוק? פונוואַנען זאָל ער וויסן, אַז גראָד איצט, אין דער מינוט, וועט זיך דערהערן אַ באַקאַנטער רייעך פון באַקאַנטע טריט און דער רייעך וועט אים ברענגען גלײַך צו פירן צום וואַגאָן, פונוואַנען עס וועט אַרויס זײַן פרײַנט סאַשאַ? די אייגענע סאַשאַ, וואָס ער האָט אַזוי ליב געהאַט טאָמיד, פון זינט ער געדענקט זיך פאַר אַ הונט, און וואָס האָט טאָמיד אַזוי ליב געהאַט אים, גליוקן? ווער האָט גליוקן געהאָדעוועט מיט גאַנצע שטיקער שאָקאָלאַד, אַז ניט סאַשאַ? ווער האָט אים געגלעט, געבאַלעוועט און געקעכלט און ביגנייווע געקושט, אַז גליוק איז נאָך געווען אַזאַ קליינינטשקער, אַז ער האָט נאָך געקאָנט שפּאַצירן אונטערן טיש? ווער האָט אים אויסגעלערנט אַ גאַנצן רעפּערטואַר פון קונצשטיקלעך, וואָס ניט אײַעדער הונט קאָן זיך באַרימען, אַז ער וועט עס נאָכמאַכן, אַז ניט סאַשע? וואָס איז דער ווּנדער, וואָס נאָך איר אַוועקפאָרן איז גליוק אַרומגעגאַנגען עטלעכע טעג דורכאַנאַנד ווי אַ צעטומלטער? זײַן הינטישער פאַרשטאַנד האָט בעשום־אייפן ניט געקאָנט אַרומנעמען, ווי האָט דאָס פּלוצעם געקאָנט אַהינקומען אָט די, וועלכע האָט אים געבאַלעוועט, געקעכלט און אַרומגעפּירט זיך מער ווי אַלע אַנדערע? גליוק האָט זי שוין אויסגעשמעקט אין איטלעכס ווינקעלע. ער איז שוין אַזש געוואָרן מאָרעשכוירעדיק און קימאַט אויפגעהערט עסן. און ליגנדיק אױף דער ערד אײַנגענורעט די מאָרדע אין די פאָדערשטע לאַפּעס, האָט ער ניט איין מאָל געזען סאַשען אין כאָלעם און זײַן הינטיש האַרץ האָט געוויינט אין אים שטילערהייט. ניט ער האָט דאָס געקאָנט עמעצן אַרויסגעבן, ניט קיינער איז געווען בעיעכוילעס אים צו טרייסטן. וואָס זשע איז דער כידעש, וואָס גליוק האָט זיך איצט אַזוי דערפרייט, אַז ער ווערט אַזש שיר מעשוגע? וואָס איז דער כידעש, וואָס ער בײַסט זיך אַזש אַליין די לאַפּעס פאַר געדולע? וואָס ער כאַפּט די ערד, וואַרפט זיך און קײַקלט זיך, מאַמעש ער ווערט די קאַפּאַרע?

גליוקס פרייד איז געווען נאָך גרעסער, אַז ער האָט דערזען, אַז זײַן פרײַנט סאַשע האָט אים, גליוקן, דערקענט און ניט פאַרגעסן, אַזוי ווי ער האָט זי ניט פאַרגעסן, און אַז זי איז אים געבליבן געטרײַ, אַזוי ווי ער, גליוק, איז איר געבליבן געטרײַ. אָ, טײַערע, טײַערע! אָט שפּרינגט ער איר אַריבער איבערן קאָפּ! אָט טוט ער זיך אַ וואָרף און ציט זיך אויס ווי לאַנג ער איז פאַר איר אױף דער ערד! אָט קושט ער איר די שפּיץ פון די שמעקנדיקע שיכעלעך! און אָט כאַפּט ער זיך אויף און שפּרינגט איבער דרײַ מאָל איבער זיך אַליין מיט אַ קוויטש: „וואָס שווײַגט איר, מענטשן, אַזאַ גאַסט! אַזאַ טײַערער גאַסט — סאַשע!..״

נאָר פון די מענטשן האָט זיך קיינער אָפּן הונט ניט אַרומגעקוקט. אַלע זײַנען געווען פאַרנומען מיטן גאַסט. יעדער האָט באַטראַכט דעם גאַסט, געפונען, אַז סאַשע האָט זיך אין דער קורצער צײַט שטאַרק פאַרענדערט, אויסגעוואַקסן, שענער געוואָרן... סאַשעס בעקלעך, וואָס האַלטן אַזוי אויך אין רעכטן בליִען, ווי די רויזן אין כוידעש מײַ, ווערן פון אַזאַ קאָמפּלימענט נאָך בליִענדיקער. „ניט שוין זשע שענער געוואָרן?״... סאַשע ווייסט אַליין, אַז זי איז שיין. עס איז בײַ איר גאָר קיין נײַס ניט. נאָר פונדעסטוועגן איז דאָס גאַנץ אָנגענעם צו הערן אַן איבעריק מאָל. דערויף איז מען דאָך אַ מיידל... זי באַגעגנט יעדן איינציקן פון דער כאַליאַסטרע, ווי מע באַגעגנט זיך מיט אַלטע באַקאַנטע, האָט פאַר יעדן באַזונדער אַן אַנדער וואָרט, אַ געלעכטער, אַ שטיפערײַ, אַ ווערטל אָדער אַ שמייכל. נאָר אַז מע האָט איר פאָרגעשטעלט דעם נײַעם רעפּעטיטאָר גריגאָרי איוואַנאָוויטש פּאַפּאָוו, האָט זי אים קוים־קוים געשענקט אַ קוק פון אירע שיינע אויגן — איז דאָס אַן ערנסטער קוק, — און איין אויגנבליק האָט זי אים באַטראַכט פון אויבן ביז אַראָפּ און שטיל אַ פרעג געגעבן בײַ דער מוטער: „אַ גרוזין?״

„ניין, טײַערע, ניט קיין גרוזין, דאַפקע אַ רוסישער, פּאַפּאָוו״, — האָט איר די מוטער אָפּגעענטפערט אויך שטיל, און סאַשע האָט ווידער גענומען רעדן הויך, לאַכן, שטיפן און אַרײַנגעזועצט זיך מיטן פאָטער און מוטער אין זייער שליטן אַרײַן, און די איבעריקע מישפּאָכע נאָך זיי, און אַלע דרײַ טראָיִקעס האָבן זיך געלאָזט מיט דעם זעלבן גאַלאָפּ צוריק.

„אָט דאָס איז זי, אָט די סאַשע?״ — טראַכט זיך נאָכדעם דער רעפּעטיטאָר פּאַפּאָוו, וואָס האָט קיין צײַט ניט געהאַט אַפילע זי רעכט צו באַקוקן. אַזוי איבעראַשט איז ער געווען.

איבעראַשט איז ער געווען ניט אַזוי פון איר שיינקײַט, וואָס האָט אַ סאַך מאָל איבערגעשטיגן

איר פֿאַרטרעט, ווי פֿון דעם, וואָס ער וואָלט געמעגט שווערן, אַז ער האָט זי ערגעץ געזען, נאָר ער קאָן זיך ניט דערמאָנען ווו און ווען...

א גאַנצן וועג צוריקפֿאָרנדיק הערט ער ניט אויף צו טראַכטן וועגן דער אָנגעקומענער סאשע: ווי וואָלט זײַן, ווען ער איז טאַקע דער עמעסער, ניט דער געפּעלשטער פּאַפּאַוו?.. און ניט־ווילנדיק דערמאָנט ער זיך אינעם בריוו, וואָס ער האָט הײַנט באַקומען פֿון זײַן עלטערן ברודער, וועלכער דערמאָנט אים נאָכאַמאָל, ווען ער האָט יאָרצײַט נאָך דער מאַמען... און וועגן זײַן שוואָגער, וואָס מע שיקט אַרויס, דערמאָנט ער זיך, און וועגן דער שוועסטער, וואָס קלײַבט זיך דורכפֿאָרן צום פּראָפֿעסאָר אויף א רעפּעראַציע, און וועגן די איבעריקע גוטע בסורעס, וואָס מע שרײַבט אים פֿון דער היים — און עס פֿאַרדריסט אים, פֿאַרוואָס ער קאָן זיך ניט אָפּרײַסן אויף א מינוט אפֿילו פֿון די דאָזיקע אַלע וואָכעדיקע טרויעריקע בילדער, און פֿאַרוואָס מע דערמאָנט עס אים אַלעמאָל, ער זאָל, כאָלילע, ניט פֿאַרגעסן...

נאָר דאָס אַליין, וואָס ער וואָלט א באַלן זײַן פֿאַרגעסן, פֿאַרדריסט אים נאָך מער. לעמײַ זאָל ער וועלן פֿאַרגעסן, וואָס אינדערהיים טוט זיך? ווי טאָר ער פֿאַרגעסן, אַז ער איז דאָ א גאַסט אויף גאָר א קורצער צײַט? ווי טאָר ער פֿאַרגעסן, אַז דאָס, וואָס ער און זײַן כאַווער גרישע האָבן אויפֿגעטאָן, איז ניט מער ווי א פּלאַטשיקער שפּאַס, וואָס דאַרף אַוועק אינײנעם מיטן לויפֿנדיקן יאָר; א שפּאַס, וואָס אויב ער האָט נאָך א זין פֿאַרן עמעסן פּאַפּאַוו, האָט ער פֿאַר אים, פֿאַרן געפּעלשטן פּאַפּאַוו, קיין שום זינען ניט. אַדעראַבע, אָט דאָס פֿרײַע, ברייטע, געזיכערטע, גליקלעכע לעבן צווישן די דאָזיקע גליקלעכע, געזיכערטע, געוואָרנטע מענטשן קאָנען אים נאָך ברענגען דערצו, אַז זײַן אומקערן זיך צוריק צו זײַן פֿריערדיקן יידישן לעבן זאָל זײַן טויזנט מאָל שווערער און אומדערטרעג־לעכער ווי געוועזן. צו וואָס האָט אים געניצט דער דאָזיקער שפּאַס? צו וואָס האָט ער באַדאַרפֿט די דאָזיקע קאָמעדיע? מיט וואָס קאָן זיך עס אויסלאָזן?.. נאָר באַלד קומט אים אַקעגן דאָס געשטאַלט פֿון דער אָנגעקומענער סאשע און ער דערפֿילט א וואַרעמען שטראָם אין האַרצן, ווי א מענטש, וואָס איז געווען פֿאַרטראַכט און עס קומט אים אויפֿן זינען פּלוצעם א זאַך, וואָס איז אים אַזוי טײַער און אַזוי נאָענט און וואָס ער האָט גאָר געהאַט דערפֿון פֿאַרגעסן...

געקומען פֿון וואָקזאַל אַהיים, האָט די גאַנצע מישפּאָכע ווידער זיך צונויפֿגעקליבן אַלע בא איין טיש, ווו סאשע איז געווען דער צענטער. אַלע האָבן געקוקט אויף סאשען, אַלע האָבן אויסגעהערט סאשען, אַלע האָבן זיך געווענדט צו סאשען. און סאשע האָט געטאָן עטלעכע אַרבעטן מיטאַמאָל: גערעדט, געהערט, געגעסן, געלאַכט, אויסגעפֿרעגט אַלעמען און אָפּגעענטפֿערט אַלעמען, ניט דורכ־געלאָזט קיינעם, געשענקט גליוקן אויך אַלעמאָל א גלעט מיט איר קליין הענטל איבערן קאָפּ און א זאָג צו אים פֿאַרבײַגייענדיק, ווי מע זאָגט צו א קליין קינד, צונויפֿגענומען די ליפּן: „דוסיאַ!"

גליוקן איז, ווײַזט אויס, געפֿעלן די מײַסע, איז ער געקראָכן אַלעמאָל נעענטער צום גאַסט, זיך גאָר קיין אָרט ניט געפֿונען, געדעכנט אפּאָנעם, אַז סאשע איז געקומען אַהער אינגאַנצן צוליב אים. דער כעוורעמאַן איז פֿאַרגאַנגען אַזוי ווײַט, אַז מע האָט דעם קעלעוו שעבעקלאָווים געמוזט אָנעמען פֿאַר אַן אויער און מיט גרויס קאָוועד אַרויספֿירן פֿון כיידער. עס האָט אָבער ניט געדויערט אַזויפֿיל, וויפֿל דאָס אָנשרײַבן פֿון די דאָזיקע ווערטער, איז גליוק שוין ווידער געלעגן נעבן סאשעס קלײנע פֿיסלעך, איצטיקס מאָל שטיל ווי א סטאַטיק, און געקוקט אין א זײַט א ביסל ווי ברויגעזלעך: „דאַכט זיך, שוין צײַט, מע זאָל אים קענען, אַז ער איז ניט פֿון יענע הינט, וואָס מע באַדאַרף זיי פֿירן פֿאַר די אויערן..."

אויסער סאשען האָבן אויך אַלע אַנדערע זייער לעבעדיק גערעדט. די גאַנצע מישפּאָכע. יעדער באַזונדער האָט געהאַט וואָס צו זאָגן. אפֿילו פּעטיע און סעריאָזשע האָבן געהאַט וואָס צו דערציילן. ניט גערעדט האָט נאָר איין פּאַרשוין — דער רוסישער רעפּעטיטאָר גריגאָרי איוואַנאָוויטש... ער האָט ווי אַלעמאָל מער צוגעקוקט, וואָס אַנדערע טוען, און מער צוגעהערט, וואָס אַנדערע רעדן, און ווי אַלעמאָל באַוווּנדערט און מעקאַנע געווען זיי ניט אַזוי אויף זייער רײַכקײַט און ניט אַזוי אויפֿן שיק, ווי אויף זייער ניט געמאַכטער לעבעדיקײַט, ברייטקײַט, רויִקײַט, זיכערקײַט, באַוואָרנטקײַט און היימלעכ־קײַט. „קאָן זיך דען פֿילן אַזוי א ייִד? דער רײַכסטער, דער גליקלעכסטער?.. אַזוי האָבן זיך באַדאַרפֿט פֿילן — טראַכט ער זיך — סײַדן אַמאָל־אַמאָל זײַנע אור־אורעלטערן, אין זייער אייגן לאַנד, אויף זייער אייגענעם באָדן, שוין לאַנג־לאַנג, אין שלוימעס האַמעלעכס צײַטן..." נאָר ווו האָט ער געזען אָט די סאשע? ווי ענלעך זי איז מיט איר מוטער. צוויי טראָפּנס וואַסער. איבערהויפּט די אויגן... און ווי עס פּאַסט איר דער נאָמען „סאשע"...

דער נאָמען „סאשע" פֿאַרנעמט אין זײַנע געדאַנקען דעם שענסטן אויבנאָן, און אין האַרצן און איבער אַלע גלידער ווערט צעגאָסן א מאָדנע וואַרעמקײַט אַלעמאָל, ווען ער דערהערט עמעצן דער־מאָנען אָדער ווען ער דערמאָנט זיך אַליין דעם נאָמען „סאשע". אינעם דאָזיקן נאָמען, מאָלט זיך אים אויס, הערט זיך עפּעס א באַזונדערער קלאַנג. א מוזיקאַלישער נאָמען: „סאַ־שע".

דער קויעך פֿון א נאָמען!..

# אַ כּײַ־שאַ

מיט סאַשעס קומען צו פֿאָרן אַהיים איז באַרדאַ־בראַדאָווסקיס שטוב געוואָרן גאָר אַן אַנדער שטוב. דרײַ מאָל אַזוי פֿרײלעכער, ווי פֿרײַער. און די פֿרײלעכקײַט גופֿא האָט באַקומען אַן אַנדער קאָליר.

עס איז אַוועק אַ גאַנצע רײַע פֿון יאָמטעוודיקע טעג און נעכט: פֿרײַער „ראָזשדעסטוואָ“, דערנאָך „נאָווי־גאָד“, דערנאָך „קרעשטשעניע“, — יעדער יאָמטעוו מיט זײַן פּראָגראַם, אויסגעאַרבעט פֿון סאַשען אַליין און באַשטעטיקט פֿון דער גאַנצער קאָמפּאַניע לערער און לערערנס, פֿרײלינס און גווערבאַנטקעס, און, פֿאַרשטייט זיך, אַז הערשל פּאַפּאָוו איז אויך געווען אינמיטן.

ווי האָט ער געקאָנט אָפּשטיין פֿון כעוורע, אַז סאַשע אַליין האָט אים אײַנגעלאַדן, און דערבײַ האָט זי, ווי אים האָט זיך אויסגעדאַכט, אויף אים אַזאַ קוק געגעבן מיט אירע וווּנדערלעך־שיינע אויגן אין האָט זיך אַזוי קינדעריש לעבעדיק צעלאַכט, אַז פֿאַר נאָך איין קוק אַזעלכן פֿון אירע שיינע אויגן וואָלט ער אַוועקגעגעבן ער ווייסט אַליין ניט וויפֿל...

מיט איינעם וואָרט, דאָס איז געווען אַ מין קינדעריש־שטיפֿעריש פֿרײלעכקײַט, וואָס האָט פֿונעם ערשטן טאָג אָן אַרײַנגעצויגן אין זיך אַלע און אַלעס. אַפֿילו אַזאַ גראַנד־דאַמע ווי נאַדיעזשדאַ פּיאַדאָראָוונא, און אַפֿילו אַזאַ שווערער אומגעלומפּערט מעגושעמדיקער פּאַרשוין ווי פּעאָקטיסט פּעדאָסייִטש האָבן זיך אויך אָנגענומען און געמוזט נאַריש מאַכן זיך גלײַך מיט אַלעמען, שפּילן אין פֿאַנטן, אין „צענזור“, אין „קוואַרטעט“, אין „שטעט“, און אַפֿילו אין „קעצעלע־מײַזעלע“ און אין „קוואַטש“; ווו ערגעץ אַ קינדעריש שפּילכל, איז דאָס איבערגעכאַזערט געוואָרן אין דער דאָזיקער גליקלעכער שטוב, ווו גרויסע מענטשן האָבן זיך פֿאַרשטעלט פֿאַר קליינע קינדער, זיך געפֿרייט, ווי קינדער, און געווען גליקלעך, ווי קינדער.

פֿאַר אונדזער העלד ראַבינאָוויטש, וואָס האָט אַזוי קונציק געשפּילט די ראָל פֿון גרישאַ פּאַפּאָוו, איז דאָס אַלצדינג געווען איבעראַשנד נײַ. ער האָט זיך קיינמאָל ניט געקאָנט פֿאָרשטעלן, לעמאָשל, אַז זײַן פֿאָטער, רעב מוישע ראַבינאָוויטש, זאָל זיך אַוועקשטעלן אינמיטן העלן טאָג מיט קינדער טאַנצן, שפּילן אין באַהעלטערלעך און נאָך אַזעלכע זאַכן. ער האָט זיך גלאַט ניט געקאָנט פֿאָרשטעלן, אַז אַ ייִד זאָל ווען קאָנען זײַן אַזוי פֿרײלעך, אַז אַ ייִד זאָל זיך פֿאַרגינען סתּם אין דער וועלט אַרײַנעמען און לאַכן און זיך נאַריש מאַכן... אַפֿילו פּורים שוין אָדער סימכעסטוירע נעמט, וואָס איז שוין, דאַכט זיך, גאָר אַ מיצווע צו פֿרייען זיך, וואָס ייִדן זײַנען דעמלט שוין גאָר שיקער־לאָט, געדענקט ער אויך ניט זײַן טאַטן, ער זאָל זײַן איבעריקס פֿרײלעך. אַדרבא, ער געדענקט אים „אונטערן גלעזל“, ווי ער פֿלעגט זיך דעמלט פֿאַרקלײַבן באַזונדער אין אַ ווינקעלע פֿאַרזאָרגט, אָדער גאָר צעוויינען זיך, גיסן מיט טרערן — ער ווייסט ניט אויף וואָס: צי אויף כורבן בייס־האַמיקדעש, צי אויף דעם, וואָס זײַן טאַטע איז געשטאָרבן מיט עטלעכע און דרײַסיק יאָר צוריק, געווען, זאָגט מען, אַ „וואָזשנער“ ייִד?..

אַרײַנגעכאַפּט זיך אין דער דאָזיקער שטוב, אינעם דאָזיקן פֿרײלעכן טומל, וואָס האָט ניט אויפֿגעהערט עטלעכע וואָכן דורכאַנאַנד, האָט דער געפּעלשטער פּאַפּאָוו געפֿילט, ווי עס פֿאַרכאַפּט אים דער אָטעם און עס דרייט זיך די ערד אונטער אים. און ער האָט אָנגעהויבן צו פֿאַרגעסן, אַז ער איז אַ ייִד. אויף זײַן גליק האָט ער נאָך באַדאַרפֿט אָנטרעפֿן אויף אַזאַ שטוב און אויף אַזעלכע מענטשן, וואָס ניט נאָר זיי האָבן פֿײַנט אַ ייִדן, דער נאָמען „ייִד“ איז דאָ פֿאַר אים קיין איינציק מאָל ניט דערמאָנט געוואָרן אַפֿילו, גלײַך ווי די דאָזיקע מענטשן וואָלטן גאָר ניט געוווּסט, אויב ס׳איז גאָר פֿאַראַן אַזאַ באַשעפֿעניש אויף דער וועלט, וואָס מע רופֿט עס ייִד.

נאָר איינמאָל האָט זיך אים געטראָפֿן דאָ דערהערן דעם דאָזיקן נאָמען, און ס׳איז אים אָנטפֿאַלן געוואָרן דאָס געזונט. דאָס איז געווען אינעם סאַמע רעכטן ברען פֿון די ווינטערדיקע יאָמטוווים, „טאַטיאַנעס טאָג“ ווערט אָנגערופֿן יענער יאָמטעוו, און סאַשע האָט געפּלאַנט מאַכן אַן אַרויספֿאָר אויפֿן פֿאַנישן שטייגער מיט ברענענדיקע טראָיקעס אין „סטרעלני“, אין „מאַווריטאַניע“, אָדער גאָר אין „יאַר“, ווו עס קלײַבן זיך צונויף יונגוואַרג פֿון דער גאַנצער שטאָט און מע לעבט אַ גוטן טאָג. האָט זיך אָבער באַדאַרפֿט טרעפֿן אַזוי, אַז יענער יאָמטעוו איז אויסגעפֿאַלן פּונקט זיבן טאָג אין שוואַט, דעמלט ווען הערשל ראַבינאָוויטש האָט, ווי מיר ווייסן שוין, יאָרצײַט נאָך זײַן מאַמע, און וואָס וועגן דעם יאָרצײַט האָט אים זײַן ברודער אַווראָם־לייב אָנגעדולט אַ קאָפּ קימאַט אין יעדן בריוו.

דעם יאָרצײַט נאָך דער מאַמע, וואָס איז שוין דרײַ יאָר טויט, האָט ער נאָך ניט דורכגעלאָזן אײן מאָל, ער זאָל ניט גײן אין שול אַרײַן קדיש זאָגן. ניט מחמת פרומקײַט, נאָר ווײַל ער האָט דעם טאַטן דאָס וואָרט געגעבן און ווײַל ער האָט די מאַמע זײער ליב געהאַט. זי איז געווען די אײנציקע, נאָך וועלכע ער האָט בענקט געבענקט און צוליב וועלכע אײגנטלעך ער פֿלעגט אַהײמפֿאָרן אַלע יאָר אויף וואַקאַציעס. אַ מאָדנע ליבשאַפֿט איז געווען צווישן זון און מוטער, אַ רירנדע איבערגעגעבנקײַט. געקומען אַהײם, איז ער ניט אָפּגעטראָטן פֿון דער מאַמען, געוואָלט איר, אָפּנעם, פֿאַרגיטיקן פֿאַר דער גרויסער אַוועירע, וואָס ער איז אַמאָל אַנטלאָפֿן פֿון דער הײם זיך לערנען, וועלכע האָט די אָרעמע מאַמע פֿאַר דער צײַט גראָו און אַלט געמאַכט. זי האָט דאָס גאָר ניט געקאָנט פֿאַרשטײן, ווי איז דאָס מעגלעך, אַז איר קינד, איר הערשל, זאָל אַזעלעכס טאָן, זיך אופֿהײבן און אַוועקפֿליִען, ווי אַ פֿײגעלע, ניט זאָגן דער מאַמען קײן וואָרט אַפֿילו וועגן דעם? פֿירגעהאַלטן האָט זי אים דערנאָך קײנמאָל ניט. נאָר ער האָט אַלײן געזען און פֿאַרשטאַנען, וואָס פֿאַר אַ פֿאַרברעכן ער איז קעגן איר באַגאַנגען, און האָט געוואָלט פֿאַרגלעטן זײַנע זינד — און דאָס איז אים געראָטן: די מאַמע האָט אים מוחל געווען באַלד נאָך זײַן ערשטן קומען צו פֿאָרן אַהײם. זי האָט דאָס אים פֿאַרשפּאָרט זאָגן — איבערהויפּט איז צווישן זײ קײן סאַך רײד ניט געווען — צו וואָס רײדן? ער האָט דאָס דען ניט אַרויסגעזען נאָך איר שמײכלענדיקן פּאָנעם און נאָך אירע נאַסע אויגן? דעריבער איז בא אים נאָך מער טײַער געווען דער מאַמעס צוואָוע, וואָס זי האָט אים אָנגעזאָגט דורכן טאַטן, — זי האָט געוווּסט, אַז זי שטאַרבט — אַז איר הערשל זאָל געבן „די האַנט טקיִעס־קאַף“, אַז ער וועט זאָגן נאָך איר קדיש...

נאָך מיט עטלעכע טעג פֿריִער פֿאַרן יאָרצײַט האָט ער זיך געפֿעדערט, ביגנײווע אַרײַנגעכאַפּט זיך אין שול אַרײַן, זיך גוט פֿאַרשטעלט מיטן קאָלנער, טאָמער, כאָלילע, באַגעגנט ער זיך מיט אַ ייִדישן סטודענט, וואָס קען אים, און אָפּגערעדט מיטן שאַמעס, אַז דעם און דעם טאָג האָט ער יאָרצײַט, אַל קײן זאָל ער שטעלן אַ ליכט, צוגרײטן אַ מיניען — אַלצדינג ווי עס געהער צו זײַן. בײסמײַסע האָט אים געקלאַפּט אַ צאָן אין אַ צאָן. עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז דער שאַמעס, אַ קורצער ייִד מיט רויטע געשוואָלענע באַקן און מיט אַ ווײַסער לאַנגער באָרד, וואָס זעט אויס ווי אַ גנאָם, פֿון יענע קלײנע מענטשעלעך, וואָס דינען אַלס דעקאָראַציעס אין אַ גאָרטן, קוקט אויף אים מאָדנע מיט פֿאַרדאַכט, ווי אויף אַ מעשומעד אָדער אויף אַ גער, נאָר יעדנפֿאַלס ניט ווי אויף אַ ייִדן...

— ווער זײַט איר, ווו געפֿינט איר זיך און וועמען האָט איר יאָרצײַט? — מאַכט צו אים דאָס קורצע שאַמעסל מיט דער לאַנגער באָרד, האַלט דעם קאָפּ אויף אַ זײַט און פֿאַרקוקט צו אים פֿון אונטן אַרויף.

— וואָס גײט אײַך אָן? — ענטפֿערט אים פּאָפּאָוו־ראַבינאָוויטש מיט פֿאַרדראָס און קוקט זיך אַרום אויף אַלע זײַטן, צי זײ זײַנען דאָ אַלײן...

— איר ווילט ניט זאָגן, דאַרף מען ניט! — טוט דער שאַמעס דער גנאָם אַ מאַך מיט די הענט און אַ טרײסל מיט דער באָרד און כאַפּט זיך פֿאַרשליסן די שול מיט אַזאַ מין אימפּעט, גלײַך ווי אײנעם צווײטן הויז ברענט.

הײַנט גײט ריכט זיך אויף אַזאַ שלאַק, אַז אַקוראַט אײנעם טאָג פֿון זײַן יאָרצײַט וועט אויספֿאַלן „טאַטיאַנעס יאָמטעוו“ און סאַשען וועט זיך פֿאַרגלוסטן שיקן רופֿן דאַפֿקע אים, דעם רוסישן רעפּערטיטאָר גריגאָרי איוואַנאָוויטש, און געבן צו וויסן, אַז אין דעם טאָג מאַכן זײ אַ גרויסן אַרויספֿאָר מיטן גאַנצן קנאַק.

אומזיסט האָט זיך נעבעך גריגאָרי איוואַנאָוויטש געוואָלט אַרויסדרײען, געשווירן, אַז ער קאָן ניט, אומזיסט אויסגעזוכט אַ טערעץ, אַז אַזויווי „טאַטיאַנעס טאָג“ איז אַן אוניווערסיטעט־יאָמטעוו, דעריבער קאָן ער ניט אָפּשטײן פֿון כאַווײרים סטודענטן. סאַשע האָט ניט געוואָלט הערן קײן שום טערוצים. מיט איר קלײן הענטל האָט זי אים פֿאַרשטעלט דאָס מויל, „ער זאָל גאָר אַפֿילע ניט רעדן“, — און בײסמײַסע אַזוי געקוקט אויף אים און אַזוי געלאַכט, אַז ער האָט פֿאַרגעסן דעם יאָרצײַט, דעם טקיִעס־קאַף, די מאַמע פֿון יענער־וועלט, דעם טאַטן אויף דער־וועלט, און אַפֿילע אָן זיך אַלײן האָט ער פֿאַרגעסן, און פֿאַרשטײט זיך, אַז ער האָט זיך באַלד אונטערגעגעבן.

נאָר ניט דאָס איז דער איקער האַמײַסע. דער איקער איז, וואָס אין דער זעלבער צײַט, וואָס סאַשע האָט איבער אים געטײַנעט און צוגערעדט, ער זאָל ניט אָפּשטײן פֿון זײער קאָמפּאַניע, האָט אײנער, גאָר מין־האַצאַד, אַרויסגעכאַפּט זיך מיט אַ באַנאַל וואָרט, מיט אַ וויץ, וועלכער ווערט אײגנטלעך גאַנץ אָפּט באַניצט אין דער רוסישער געזעלשאַפֿט און האָט ניט אין זיך קײן שום ווונק אויף עמעצן צו באַלײדיקן.

דער וויץ איז געווען אַ פּוילער וויץ: „צוליב אַ קאָמפּאַניע האָט זיך אַ ייִד אופֿגעהאַנגען“ („ראַדי קאָמפּאַניִי זשיד פּאָוועסילסיאַ“).

דער גאַנצער עוילעם האָט זיך פֿון דעם וויץ צעלאַכט, און אונדזער העלד איז פֿאַרקילט געוואָרן דאָס בלוט און אָט איבער וואָס: ערשטנס, דאָס וואָרט „זשיד“ אַלײן, וואָס די פֿײַנלעכקײַט פֿון



דעם קאָן פאַרשטיין נאָר א ייִד. דאָס דאָזיקע וואָרט מעג אַרויסגעזאָגט ווערן פונעם בעסטן גאָי און גאָר אין גוטן מוט, פילט זיך אויך אין דעם א טיפע באַליידיקונג דורך דעם, וואָס דערמיט ווערט ניט־ווילנדיק אַרויסגעטײַטשט, אַז איר געהערט צו א נידעריקער ראַסע... און, צווייטנס, האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז דער, וואָס האָט עס געזאָגט, האָט געהאַט דערבײַ א מיין... און געזאָגט האָט דאָס זײַנער א סוינע, דער איינציקער סוינע זײַנער אין דער דאָזיקער שטוב, וואָס האָט זיך באַוויזן דאָ באַלד אפֿן אַנדערן טאָג נאָך סאַשעס קומען צו פֿאָרן אַהיים.

דאָס איז געווען גאָר נאָך א יונגער אָפֿיצער, א פּאַרשוין ניט קיין אַבי־ווער. א גרויסער מעיר־כעס, א קניאַז, מיט א צווייענדיקן נאָמען שירייַ־ניעפּיאַטאָוו, נאָר גערופֿן האָט מען אים דאָ ניט קניאַז, נאָר „פּיער", פֿאַרקירצט פֿון פּיאָטער מיכײַלאָוויטש. עס איז שווער צו זאָגן פֿאַרוואָס, נאָר אָט דער פּיער האָט אויף אונדזער העלד געמאַכט דעם ערגסטן אײַנדרוק. אים איז ניט געפֿעלן ניט דאָס האַלטן זיך פֿון דעם דאָזיקן „אָפֿיצערל" אויסגעצויגן ווי א סטרונקעלע, ניט זײַן צוגעקעמטער ווײַסער שרונט אינמיטן קאָפּ, ניט זײַנע רויטינקע פֿרישינקע גלאַטינקע בעקעלעך, ניט זײַנע קליינינקע שפּיצעכיקע וואָנצעלעך, ניט זײַנע שטענדיקע שמייכלענדיקע אייגעלעך. אויך זײַן שפּראַך איז אים ניט געפֿעלן, כאָטש פּיערס אויסשפּראַך איז געווען דאָס ריינסטע רוסיש, נאָר אים האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אַלצדינג, וואָס פּיער רעדט, איז געקינצלט, באַנאַל און פּלאַטשיק, און וואָס פֿאַר א כאָכמע ער זאָל ניט אַרויסלאָזן פֿון זײַן מויל, מוז זי עקלען. עפּשער האָט עס זיך גענומען דערפֿון, וואָס צו דעם פּיערן האָט זיך די גאַנצע שטוב, אויסער איין סאַשען, באַצויגן ווי צו א זייער געהויבענעם הויכגעשעצטן און אָנגעלייגטן גאַסט? די דינערשאַפֿט איז געשטאַנען פֿאַר אים מאָדנע אויסגעצויגן און אויף זײַן מינדסטן קוק געלאָפֿן פֿײַל־אויסן־בויגן אויף דעם קאָפּ צו ברעכן.

נאָר וואָס דעם רעספּעקטאָר פּאַפּאָוו האָט געוווּנדערט און פֿײַנלעך פֿאַרדראָסן, — איז געווען דאָס, וואָס די איידעלע, די גוטע נאַדיעזשדאַ פּעאָדאָראָוונאַ האָט דעם פּיערן אַרויסבאַוויזן אַזויפֿיל רעספּעקט, אויפֿמערקזאַמקײַט און פֿרײַנטלעכקײַט, ווי צו קיינעם ניט אין דער דאָזיקער שטוב. „ניט שוין ושע איז דאָס א כאָסן?.. אויב ניט שוין, וועט ער אַמאָל זײַן א כאָסן... ניין, דאָס איז קלאָר ווי דער טאָג..."

אזוי האָט אָפּגעפּאַסקנט בא זיך דער סטודענט פּאָפּאָוו און האָט פּײַנט געקריגן דאָס „אָפּיצערל״ סינאַס מאָוועס, ניט געקאָנט אָנקוקן זײַן אויסגעוואַשן און פאַרברענט פּענעמל, ניט געקאָנט הערן זײַן הויך קאָל מיט זײַן הילכיקן געלעכטער, וואָס האָבן אים געעקלט. און דאָס „אָפּיצערל״, פון זײַן זײַט, האָט אָפּגעפּאַנעם אינסטינקטיוו („א האַרץ פילט א האַרץ״) אויך ניט איבעריק ליב געהאַט דעם דאָזיקן „שוואַרצן סטודענט״, אָדער ווי ער האָט אים א נאָמען געגעבן „וואָסטאָטשני טשעלאָוועק״ (מיזרעך־מענטש).

מיט דעם דאָזיקן נאָמען האָט אים פּיער געקרוינט דערפאַר, וואָס גריגאָרי איוואַנאָוויטש (אַלע האָבן עס געמוזט מוידע זײַן) האָט טאַקע זייער א סימפּאַטישן אויסזען, נאָר ער כאַפּט גיכער דעם אָנבליק פון א גרוזין, פון אַן אַרמענער אָדער פון א גרעק, איידער פון אַן עכטן פּאַני. וואָרעם ווי קומט צו א רוסישן אַזעלכע אויגן מיט אַזא נאָז?..

— וואָס? עפּשער ניט אַזוי, גריגאָרי איוואַנאָוויטש?.. — מאַכט צו אים סאַשע און קוקט אויף אים אַזוי פריינטלעך און לאַכט אַזוי האַרצעדיק גוט, אַז ניט נאָר א גרוזין, אַן אַרמענער אָדער א גרעק, ער זאָל כאַפּן דעם אָנבליק פון א רועך, וואָלט אים אויך געווען ניכע, אַבי זי זאָל אויף אים אַזוי קוקן און אַבי זי זאָל אַזוי לאַכן...

וואָס אים האָט פאַרדראָסן איז דאָס, וואָס אויף דער האַמצאָע, אַז ער איז א „וואָסטאָטשני טשעלאָוועק״, איז געפאַלן ניט קיין אַנדערער נאָר פּיער, און וואָס פּיער האָט אַרויסגערעדט דאָס וואָרט „טשעלאָוועק״, ווי אים האָט זיך אויסגעוויזן, מיט א יידישן אַקצענט — און עס האָט אים א טיאָכקע געגעבן דאָס האַרץ: „ניט שוין זשע האָט ער אַזא יידיש אויסזען? ניט שוין זשע רעדט ער אַזא רוסיש, וואָס גיט זיך נאָך מיט יידיש? ניט שוין זשע האָט דאָס „אָפּיצערל״ אויף אים א מינדסטן כשאַד?..״

אָט דעריבער האָט דאָס אים אַזוי אויפגעטרייסלט, אַז ער האָט דערהערט דאָס באַנאַלע ווערטל און דעם נאָמען „זשיד״ — דאָס ערשטע מאָל אין דער דאָזיקער שטוב. זײַן מוירע איז אָבער געווען אומזיסט: פּיער האָט אים אין זינען געהאַט אין דער לינקער פּיאַטע, און ווינציקער פון אַלעמען האָט פּיער געטראָגן אויפן קאָפּ א יידן, אַזויווי אַלע אין דער דאָזיקער שטוב — און דאָס האָט דעם געמאַכטן פּאָפּאָוו ניט ווינציקער פאַרדראָסן. עס איז ניט זייער אָנגענעם, ווען דו זעסט, אַז יענער באַמערקט דיך ניט, אַז יענער טראַכט גאָר ניט וועגן דיר, גלײַך ווי דו וואָלסט גאָר אויף דער וועלט ניט געווען... אים האָט זיך, אַדעראַבע, זייער געוואָלט וויסן, וואָס פאַר א מיינונג איז מען וועגן א יידן דאַפקע אָט דאָ, אין דער דאָזיקער שטוב? און נאָך מער אינטערעסאַנט וואָלט געווען צו וויסן, וואָס פאַר א מיינונג האָט וועגן דעם „זי״ — סאַשע?.. אַליין נעמען און באַרירן דעם דאָזיקן איניען האָט ער ניט געוואָלט — צו אַן איידעלע מאַטעריע... נאָר שטיין פונדערווײַטנס ווי א זײַטיקער מענטש און הערן, וואָס זאָגן „זיי״ — דערויף וואָלט ער זייער און זייער א באַלן געווען. איז אָבער ווי אַפּצו־לאָכעס דאָ קיינמאָל דערפון קיין רייד ניט געווען. ביז דער צופאַל אַליין האָט מיטגעבראַכט דערצו, און דעמלט ערשט האָט ער געהאַט א גוטע געלעגנהײַט זיך צו איבערצײַגן, ווי מע קוקט דאָ אויף אונדז, וואָס מע דענקט וועגן אונדז און וואָס פאַר א ווערט בא זיי האָט אָט דער מין מענטש, וועמען גאָט האָט אויסדערוויילט און געבענטשט מיטן נאָמען „ייד״... דערווײַל האָט ער געקאָנט אומגע־שטערט, ווי ער אַליין דריקט זיך אויס אין איינעם פון זײַנע בריוו צו זײַן כאַווער, דעם עמעסן פּאָפּאָוו: „טרינקען פון יענעם זיסן קאָס, וואָס ווערט אָנגערופן לעבן...״

גוט איז, זאָגט מען, א כײַ־שאָ.

(פאָרזעצונג קומט)

# געווידמעט דעם גרויסן שרײַבער




יאָ, איך געדענק. איך געדענק און פאַרגלײַך: שאָלעם־אליײכעמס הונדערט־פינף־און־צוואַנציקסטער יובילײ און דער הונדערט־דרײַסיקסטער. ווי טאָג און נאַכט. ריכטיקער: ווי נאַכט און טאָג.

מיט פינף יאָר צוריק: א קליין זאַלעכל, עטלעכע צענדליק מענטשן. דער געשפּרעך וועגן דעם קלאַסיקער פון דער יידישער ליטעראַטור איז געפירט געוואָרן אף רוסיש אָדער אוקראַיניש.

יאָ, איך געדענק: ווען איך האָב געוואָלט פאָרלייענען א ליד אף יידיש, האָט א געוויסער נאַטשאַלניק, וואָס איז געזעסן אין פּרעזידיום, געכאַפּט א קוק אף מיר מיט א קרום אויג. זעט איר, ער פאַרשטייט ניט קיין יידיש... איך האָב אים געמוזט פאַרטײַטשן, אז די ליד איז געווידמעט טאַקע דעם אָנדענק פון שאָלעם־אליײכעמען און עס רעדט זיך אין איר וועגן זײַן באַגעגעניש מיט מאַקסים גאָרקין:

זיי האָבן זיך געטראָפן, זיך דערקענט,
די ליבלינגען פון פאָלק, וואָס קאָן זײַן שענער?
זיי שטייען שווײַגנדיק, זיי דריקן זיך די הענט,
און ס׳קלינגען דאָ, און ס׳הילכן אף די ווענט
פוןביידע פאָלקס־שרײַבער די שטראַלנדיקע נעמען...

און דאָס איז געווען די איינציקע ליד אפן אָוונט. און דער עולם איז זיך שטילערהייט פאַנאַנדער־געגאַנגען.

איצטער איז גאָר־גאָר אַנדערש, און די נעשאָמע קוויקט זיך. פאַראַן בא אונדז אין לוואָוו א געזעלשאַפט, וואָס הייסט טאַקע אזוי: שאָלעם־אליײכעם־געזעלשאַפט. און די געזעלשאַפט האָט שוין ניט געקאַרגט קיין מי, קעדיי ווירדיק אָפּמערקן דעם הונדערט־דרײַסיקסטן יובילײ.

דער גרויסער זאַל איז פולגעפּאַקט. אף דער סצענע, איבער דער ראַמפּע, הענגט שאָלעם־אליײכעמס פּאָרטרעט. ער שמייכלט צו אונדז, ער איז צופרידן: אלע ריידן אף דער שפּראַך, אף וועלכער ער האָט געשריבן. מע זינגט יידישע לידער, מע שפּילט יידישע ניגונים, מע טאַנצט יידישע טענץ... א שיינער אָוונט געווען, כ׳לעבן.

אף דער קאָטעלני־גאַס, הויז נומער 1, דאָרט, ווו שאָלעם־אליײכעם האָט געוווינט, ווען ער איז גע־ווען אין לוואָוו, וועט אופגעשטעלט ווערן א מעמאָריאַלע ברעט, וועלכע ס׳האָט געמאַכט דער טאַלאַנט־פולער לוואָווער סקולפּטאָר פּיאָטער פליט. דאָס איז א הויך־קינסטלערישע שאַפונג: פון איין זײַט — שאָלעם־אליײכעמס פּאָרטרעט, פון דער צווייטער — א צונויפגעוויקלטע פּאַרמעט־מעגילע. און צווישן זיי — דער יידישער עולם.

אלעקסאַנדער ליזען
(לוואָוו)

געלייענט אין דער צײַטונג „ראַדיאַנסקאַ אוקראַיִנאַ״

# „מיר אַלע זײַנען איין מישפּאָכע...״

די אפישע האָט אײַנגעלאַדן אף א באַגעגעניש מיטן יידישן פאָלקלאָר־אַנסאַמבל. דאָס איז אָבער געווען ניט קיין פּאַשעטער קאָנצערט. פאַר זײַן אָנהייב האָבן די געסט האַנאָע געהאַט פון דער עקספּאָזיציע פון די ווערק פונעם קלאַסיקער פון דער וועלט־ליטעראַטור, דעם פאָלקס־שרײַבער שאָלעם־אַלייכעם, פון די ביכער פון די הײַנטצײַטיקע שריפטשטעלער, וועלכע לעבן אין אוקראַיִנע און שרײַבן אף יידיש. די לעקציע וועגן דעם אָנטייל פון די יידן אין דער פאָלקסווירטשאַפט צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע פעלקער פונעם סאָוועטנלאַנד, אין דעם קולטורעלן לעבן פון קיִעוו האָט אויך אַרויסגערופן אַן אינטערעס בא די בײַוועזנדע.

דער דאָזיקער אָוונט איז איינער פון די פיל אופטוען פון דער יידישער קולטור־געזעלשאַפט, וועלכע איז ניט לאַנג צוריק געשאַפן געוואָרן אין קיִעוו באַם אוקראַיִנישן קולטור־פאָנד.

פאַרוואָס אונטער דער עגידע פון אָט דער געזעלשאַפטלעכער אָרגאַניזאַציע פון דער רעפּובליק? מיט דער דאָזיקער פראַגע האָט דער קאָרעספּאָנדענט פון דער צײַטונג „ראַדיאַנסקאַ אוקראַיִנאַ״ זיך געווענדט צום פאָרזיצער פון דער פאַרוואַלטונג פונעם פאָנד, דעם אָנגעזעענעם אוקראַיִנישן שריפטשטעלער, לאַורעאַט פון דער מעלוכע־פּרעמיע פון פססר, דעפּוטאַט פונעם אויבער־סאָוועט פון דער רעפּובליק באָריס איליטש אָליינִיק.

— איך וועל אָנהייבן פון דער ווײַט, — האָט געזאָגט באָריס איליטש. — צוערשט וועגן דעם היסטאָרישן אַספּעקט. די געפונענע ניט לאַנג צוריק דאָקומענטן זאָגן איידעס: די יידן האָבן געלעבט אף דער טעריטאָריע פון דער איצטיקער אוקראַיִנע פון די גאָר אַלטע צײַטן. זיי האָבן באַאַרבעט די ערד, געהאָדעוועט פי, זיך באַשעפטיקט מיט פאַרשיידענע מעלאָכעס, געהאַנדלט. מיט איין וואָרט, געלעבט צוזאַמען מיט די אוקראַיִנער, רוסן, ווײַסרוסן אין גוטע און פרײַנטשאַפטלעכע באַציִונגען. צוזאַמען האָבן זיי פאַרטיידיקט פונעם פײַנט זייערע היימען, געטיילט סײַ די פרייד, סײַ די לייד.

צענדליקער יאָרהונדערטער לעבן שוין די אוקראַיִנער, רוסן, יידן צוזאַמען מיט אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן אף דער אוקראַיִנע. א היסטאָרישער פאַקט: ווען אונדזער פאָלקס־העלד אוסטים קאַרמעליוק האָט זיך אויסבאַהאַלטן פון פאַרפאָלגונגען מיצאַד די פײַנט, האָט אים געגעבן א מאָקעם־מיקלעט א יידישע מישפּאָכע. און וויפל אוקראַיִנער האָבן אַרויסגעראַטעוועט יידן פונעם טויט בייס דער פאַשיסטישער אָקופּאַציע!

איך בין א זון פון א סאָלדאַט, וועלכער האָט זיך ניט אומגעקערט פון דער מילכאָמע. איך געדענק און ווייס, וואָס עס באַטײַט עכטע ברידערלעכקײַט אין קאַמף. דורך אונדזער דאָרף זאַטשעפּילאָווקע אף פאָלטאַוושטשינע זײַנען נאָכן אָנגריף פון די היטלעראָווצעס דורכגעגאַן אף מיזרעך מענטשן עוואַקויִרטע. מיר האָבן ניט געפרעגט, פון וועלכער נאַציאָנאַליטעט זיי זײַנען, ווען מיר האָבן אַרויסגעטראָגן די זקיינים, די קינדער און פרויען מילך און ברויט, א האַנטעך אָדער א קאָלדרע, אַבי העלפן זיי און באַשיצן פונעם אומגליק. איך כאַזער איבער: געלעבט האָבן מיר — אוקראַיִנער, רוסן, יידן — אין פאַרשטענדעניש און אין פרײַנטשאַפט, לויט לעניִנס געבאָטן.

די סטאַלינשטשינע האָט צומאָל זיך פאַרמאָסטן אף אונדזער פרײַנטשאַפט, געסטאַרעט זיך פלאַנצן זוימען פון אומצוטרוי צווישן מענטשן פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן. דאָס קאָן מען ניט פאַרשווײַגן. צום באַדויערן, איז אַזוינס געווען. און אָט איצט, אין אָט דער היסטאָרישער צײַט, ווען אינעם לאַנד ווערן באַנײַט די לעניניסטישע טראַדיציעס און געבאָטן, גיט זיך א קער דאָס אוקראַיִנישע פאָלק, זײַן אינטעליגענץ צו די וואָרצלען, צו די קוואַלן פון פרײַנטשאַפט מיט אַלע פעלקער, וועלכע לעבן אין אונדזער רעפּובליק. אָט אַזוי איז אַנטשטאַנען די אידיי צו שאַפן א געזעלשאַפט פון יידישער קולטור בא אונדזער פאָנד.

אַזעלכע געזעלשאַפטן האָבן דערפאָלגרײַך פונקציאָנירט אין די פאַרמילכאָמע־יאָרן. אין קיִעוו איז דערשינען א יידישע צײַטונג, ס'איז געווען סײַ א יידישער טעאַטער, סײַ א קולטור־צענטער. און איך, ווי א בירגער און שריפטשטעלער, פּונקט ווי מײַנע קאָלעגן, זעען אונדזער אויפגאַבע אין דעם,

אז מיר זאָלן מיט אלע קויכעס העלפן אנטוויקלען די ייִדישע קולטור, פונקט ווי די קולטור פון אנדערע ברידערלעכע פעלקער. דאָס איז די פאָדערונג פון דער צײַט, די פּראָגראַם פון אונדזער לעניניִשער פּאַרטיי. און איך, אלס איר קאנדידאט אין דעפּוטאטן פונעם העכסטן אָרגאַן פון דער פאָלקסמאכט, וועל אָפּ פארשיידענע אויפאנים מיטהעלפן דער פארווירקלעכונג פונעם פּאַרטייִשן קורס אָפּ צו קרעפטיקן די פרײַנטשאפט צווישן די פעלקער. כּוץ דעם, וויל איך באזונדערס אונטערשטרײַכן, אז אויספילן די דאָזיקע ארבעט דאַרף מען ניט מעכאניש, נאָר באַוווּסטזיניק, ווײַל דאָס איז בא מיר אַן אינערלעכע באדערפעניש.

איך וויל, אז מײַן אוקראַיִנישע מוטער־שפּראַך זאָל בליִען, איך וועל אָפּ א ברידערלעכן אויפן טאָן אלץ, אז עס זאָלן בליִען די קולטורן פון אלע נאַציאָנאַליטעטן, וועלכע באפעלקערן אונדזער רעפּובליק.

די העכסטע אָפּ אוקראַיִנע אטעסטאציע פון א באלעבאָס איז, ווען א גאַסט אָדער עמעצער אנדערש, ווער עס לעבט צוזאמען מיט אונדז, באשטעטיקט: איך פיל זיך ווי בא זיך אינדערהיים! און מיר וועלן טאָן אלץ, קעדיי אלע מענטשן, וועלכע לעבן מיט אונדז צוזאמען, זאָלן זיך פילן ווי בא זיך אינדערהיים.

דערלויבט מיר איצט פאָרשטעלן פאר אײַך דעם פאָרזיצער פון דער פארוואלטונג פון דער קיִעווער געזעלשאפט פון ייִדישער קולטור, דעם אויסגעצייכנטלער פון פאָלקסבילדונג, דעם לערער איליא מיכײַלאָוויטש לעוויטאס, וועלכער איז אנערקענט אלס „אויסגעצייכנטער טוער פון דער פאָלקסבילדונג“.

— אונדזער געזעלשאפט איז געשאפן געוואָרן ניט לאנג צוריק, — האָט געזאָגט אי. לעוויטאס. — מיר גרויסן זיך דערמיט וואָס אין איר פארוואלטונג זײַנען ארײַן, צוזאמען מיט אונדז, ייִדן, אָנגעזעענע טוער פון דער אוקראַיִנישער קולטור — באָריס אָליײניק, דמיטראָ פּאַווליטשקאָ, וולאדימיר בראָוטשענקאָ, סטאַניסלאַוו טעלניוק. מיר פילן זייער ברידערלעכע פארינטערעסירטע הילף. עס זײַנען שוין פאָרגעקומען א סאך אינטערעסאנטע, לויט מײַן מיינונג, ייִדישע ליטעראַרישע אָוונטן, לעקציעס, באזונדערס אינעם היגן לערער־הויז. ס׳איז אָנגענעם, וואָס עס פארזאמלען זיך בא אונדז אויך אוקראַיִנער, רוסן, פּאָליאַקן, מאָלדאַוואַנער.

ס׳האָט זיך פארגעדענקט דער קאָנצערט, אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט דער פארדינסטפולער ארטיסט פון דער אוקראַיִנישער רעפּובליק וולאדימיר אָבערעמקאָ, די סאָליסטן אָקסאַנע אַפאַנאַסענקאָ, לידיִע רודענקאָ, נאַטאַליע ראַדקאָ.

אונדזער געזעלשאפט שטעלט פאר זיך א ציל צו דערלערנען די געשיכטע און די קולטור פונעם ייִדישן פאָלק און די שפּראַכן בא ייִדן (ייִדיש און איוריט), קעמפן קעגן דעם נאַציאָנאַלן ניהיליזם, קעגן ציִעניזם און אנטיסעמיטיזם, פארפעסטיקן די פארבינדונגען מיט די פעלקער פונעם סאָוועטנפארבאנד און פון אנדערע לענדער. דערצו וועלן זײַן געריכטעט פרײַנטלעכע באגעגענישן, לעקציעס, שמועסן, אויסשטעלונגען, קאָנצערטן, קרײַזלעך לויט די אינטערעסן. מיר וועלן אָנטיילנעמען אין דער טעטיקײַט פון די געזעלשאפטלעכע אָרגאַניזאַציעס — אזעלכע ווי דער פאָנד פון קולטור, דער קינדער־פאָנד אָפּ וו. אי. לעניִנס נאָמען, די מאסן־באַוועגונגען „בארעמהארציקײַט“, „מעמאָריאַל“ אאוו.

פלענער זײַנען פאראן א סאך. און ארבעט — אויך. צו אונדז דערגייען יעדיִעס, אז געזעלשאפטן פון ייִדישער קולטור ווערן געשאפן אויך אין אנדערע שטעט און געגנטן פון דער רעפּובליק. א דערפרייענדיקער פאקט! אויסדריקלעכע שטריכן פון אונדזער איבערבויונג.

(„ראַדיאַנסקאַ אוקראַיִנאַ“ פאַרן 1 מאַרט 1989)

## געלייענט אין דער צײַטונג „סאָוועטסקאיא מאָלדאוויִא“

די מעלוכע־שפּראַך פון דער מאָלדאווישער סאָוועטישער סאָציאַליסטישער רעפּובליק איז די מאָלדאווישע שפּראַך. [...] אין דער מאָלדאווישער ססר ווערט גאראנטירט סײַ די פונקציאָנירונג פון דער רוסישער שפּראַך, וועלכע איז אנערקענט אלס שפּראַך פונעם צווישנּנאַציאָנאַלן פארקער, סײַ דאָס שאפן באדינגונגען פאר גלײַכבארעכטיקטער אנטוויקלונג און פונקציאָנירונג פון דער שפּראַך פון דער גאגאוזער פעלקערשאפט, דער הויפּט־טייל פון וועלכער עס לעבט אין דער רעפּובליק, גלײַך ווי פון דער אוקראַיִנישער און בולגארישער שפּראַכן, פון ייִדיש און פון די שפּראַכן פון אנדערע נאַציאָנאַליטעטן, וואָס לעבן קאָמפּאַקט אָפּ דער טעריטאָריע פון דער מאָלדאווישער ססר.

(פון דעם פּראָיעקט פונעם געזעץ פון דער מאָלדאווישער ססר „וועגן דעם סטאטוס פון דער מעלוכע־שפּראַך פון דער מאָלדאווישער ססר“)

הערשל פּאָליאַנקער

# אין יענע שווערע יאָרן

צווייטער טייל

## אויב דער „סוינע“ גיט זיך ניט אונטער...

וואָס האָט מיט דיר אזעלכס געטראָפן? אזא לעפּישקייט? פאר וועלכע זינד ביסטו אַרײַנגעפאַלן אין אַט דעם לעבעדיקן קייווער, אין דעם העקדעש? עפּשער איז עס א שוידערלעכער כאָלעם?

ווילדע געדאנקען קריכן אין קאָפּ.

דעם וויפלטן טאָג געפינסטו זיך אין דעם שטיינערנעם זאק, פונוואַנען מע זעט ניט קיין שטראַלכל זון, קיין שום אויסוועג, קיין ארויסגאנג אף גאָטס וועלט?

וויפל באַליידיקונגען, זידלערײַען האָסטו דאָ אויסגעהערט! וויפל מאָל האָט מען דיך דאָ דערנידעריקט, צעטאָפּטשעט מיט די קויטיקע שטיוואַליעס דײַן ערלעכע מענטשישע ווירדע, געגעבן דיר אָנצוהערן אף יעדן שריט און טריט, אז דאָ ביסטו קיין גראָשן ניט ווערט, אז ביכלאַל הענגט דײַן לעבן אף א האָר, אז דאָ קאָן מען מיט דיר טאָן, וואָס מע וויל, און דו האָסט ניט פאר וועמען זיך קלאָגן, וועמען באַווײַזן, אז מע איז בענעגייע דיר באַגאַנגען א מוירעדיקן פאַרברעכן. אז מע האָט דיך, אַן אומשולדיקן, אומזיסט און אומנישט אַרײַנגעוואָרפן אין טורמע.

ווײַזט אויס טאקע, אז דאָ עקזיסטירט ניט קיין געזעץ, דאָ ווייסט מען ניט פון גערעכטיקײַט, פון יושער, אין די דאָזיקע ווענט זײַנען אומגעקומען טויזנטער אומשולדיקע מענטשן, איבערגעריסן געוואָרן גוירעלעס, וועלכע האָבן באַשײַנט דאָס לעבן, געקאָנט ברענגען קאָלאָסאַלע נוץ דער קולטור, דער טעכניק, דער פאָלקסווירטשאַפט. צי דען רעכנט מען זיך דאָ ניט מיט קיינעם אין מיט גאָרניט און פונדאַנען איז נאָך קיינער ניט ארויס אף דער פרײַ קיין לעבעדיקער, און אף דיר וואַרט דער זעלבער וויסטער גוירל?.. און דו דערמאָנסט זיך אין יענעם באַרימטן אויסדרוק: „אַרײַבערטרעטנדיק די דאָזיקע שוועל, פאַרגעס די האָפענונג...“ פילסטו אף זיך ניט קיין שום שולד, וועט מען דיר זי צוטראַכטן, אנערקענסטו ניט, אז דו ביסט ניט קיין קעמל, קיין ווערבליוד, וועט מען דיך צווינגען אנערקענען. דאָ וועט מען דיך דערפירן צו אזא טאַכלעס, אז דו וועסט אַלץ אונטערשרײַבן, וועסט בעטן אף דיך א גיכן טויט, קעדיי זיך ניט מוטשען. פאַרוואָס? פאַרוואָס? דאָ קומט דיר אפן זינען, אז דו ביסט אַרײַנגעפאַלן אין די בלוטיקע לאַפּעס פון אומענטשן, ראָצכים, ווילדע באַשעפענישן, כײַעס. מעשונעדיקע געדאנקען קומען דאָ אפן זינען!

יאָ, דער גוירל פון טויזנטער פאַרפּײַניקטע לויערט דאָ אויך אף דיר. איז נעם זיך אָן מיט קויכעס, מיט מוט און שטעל זיך קעגן די טאַליאָנים. עס קאָן ניט דויערן אייביק פאַלשקײַט, אומרעכט, טיראַנען זאָלן זיך באָדן אין מענטשיש בלוט. די געשיכטע ווייסט ניט ווייניק פאַלן, ווען די טאַליאָנים באַצאָלן מיט זייער הינטיש בלוט פאר זייערע פאַרברעכנס, פארן צעטאָפּטשעטן געזעץ, פאר מערדערײַען און הערגעס. עפּשער וועט נאָך קומען א צײַט און די פאַרזשאַווערטע אײַזערנע טירן וועלן זיך

אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד“ נומ. 4, 1989.

צעפּעפּענעןַ און מענטשלעכקײַט, יושער, גערעכטיקײַט װעלן זיגן? און ס׳װעלן זיך צעפּעפּענען די אײַזערנע שאפּעס, און מענטשן װעלן איבערלײענען די פאַלשע פּאַפּירן אין די שװאַרצע געשװאָלענע פּאַפּקעס, אױף װעלכע עס שטײט דאָס שטעמפּל „פֿאַרהיטן אײביק!" — „כראַניט װעטשנאָ!", און דאָס װעט זײַן דער גרױסער באַשולדיקונגס־אַקט קעגן די מערדער.

איז פּיר זיך אַזױ, אַז קײנער זאָל דיר קײנמאָל ניט קאָנען אָפּװאַרפֿן, אַז דו האָסט, זײַענדיק אין דעם געװעם, געקריװדעט, פֿאַראַטן דײַן פֿאָלק, דײַנע כאַװײרים און פֿרײַנט, אָנגעװירן דײַן מענטשלעכע װירדע און שטאָלץ.

איך האָב גאָר גיך פֿאַרשטאַנען, אַז עס גײט א רײד ניט בלױז װעגן דײַן גורל. די טאַליאַנים האָבן פֿאַרהױבן די האַנט איבער אַלעמען, ביפֿראַט איבער דער קולטור, אַז דאָ גרײט זיך א שװערלעכע פּראָװאָקאַציע קעגן דײַן פֿאָלק, קעגן זײַן הײליקן נאָמען, מע װיל עס פֿאַרמיִעסן פֿאַר דער װעלט, פֿאַר די פֿעלקער, צװישן װעלכע עס לעבט אין קאָװעד שױן טױזנט יאָר. פֿריִער האָבן די סאַמע װילדסטע קױכעס געפּרוּװט באַשמוציקן אים מיט די ערגסטע בילבולים, װעקן צו אים האַס און סינע, אױסטראַכטן, אַז מיר זײַנען קלױמערשט ניט קײן פּאַטריאָטן פֿון דער הײם. אַז יעדערער פֿון אונדז איז א פֿאַרעטער און נאָך דער רוער װײסט װאָס. די צעיושעטע יודאָפֿאָבן האָבן זיך געשטאַרעט אָפּלײקענען דאָס, װאָס טאָמיד, װען שװאַרצע כמאַרעס פֿון עמעסע סאָנים פֿלעגן זיך אָנרוקן אױף דער הײם, זײַנען די בעסטע זין פֿון פֿאָלק געגאַן אין פֿײַער צוזאַמען מיט אַלע פֿעלקער, אַרױסגעװיזן עכטע העלדישקײַט, פֿאַרטײדיקנדיק דאָס הײמלאַנד ביזן לעצטן טראָפּן בלוט.

און אַט איז געקומען דער גרױסער אױספּרוּװ: מע פֿאַבריקירט א שפּאָגל־נײַעם בילבל אױף אונדז, מע באַשולדיקט אין פֿאַראַט, מע װיל צװינגען אונדז, די זין פֿון פֿאָלק, נעמען אױף זיך פֿאַרברעכנס, װאָס קײנער פֿון אונדז איז קײנמאָל ניט באַגאַנגען.

מײַנע נערװן האָבן זיך אָנגעצױגן, װי סטרונעס.

ענג און װיסט איז געװען מײַן האַלב־טונקעלער קאַמער: זעקס טריט אַהין, און זעקס צוריק. ניטאָ מיט װאָס צו אָטעמען. די לופֿט איז איבערגעמישט מיטן שטאַרקן גערוך פֿון קאַרבאָלקע, קאַלך פֿון דער איפּעשדיקער „פּאַראַשע", װאָס איז געשטאַנען אין װינקל. דאָס קלײנע עקלדיקע טורמע־קעמערל איז געװען אָפּגעזונדערט פֿון דער גאַנצער װעלט מיט א פֿאַרזשאַװערטן בלעכענעם „דאַשעק". אין מײַן העקדעש איז קױם־קױם אַרײַנגעדרונגען א שמאָל פּאַסיקל הימל און א שװאַכער אָפּקלאַנג פֿונעם טראַמװײַ.

הונדערטער מאָל האָב איך פֿאַר דער קורצער צײַט, װאָס כ׳בין געװען דאָ פֿאַרשפּאַרט, דורכגעמאַכט די צװעלף טריט — זעקס אַהער, צו דער װאַנט, און זעקס אַהין, צו דער טיר. װי עס פֿלעג זיך אַלעמאָל צעעפֿענען דער „גלאַזאָק", אין װעלכן עס האָט אַרײַנגעקוקט דאָס אומדערמידלעכע אױג פֿונעם היטער — פֿונעם נאַדזיראַטעל. א שװידערלעך בײז אױג!

איך האָב מיטאַמאָל דערפֿילט א מװירעדיקע מידקײַט און זיך צוגעזעצט אױפֿן האַרטן אײַזערנעם בעטל. די אױגן האָבן זיך אױף א רעגע צוגעמאַכט. דער שװערער קאָפּ האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צו דער ברוסט, און איך האָב א טראַכט געטאָן, װי גליקלעך װאָלט איך געװען, װען איך קאָן איצט כאַפּן א דרעמל כאָטש אױף עטלעכע מינוט. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז די קױכעס װאָלטן זיך צו מיר מיטאַמאָל אומגעקערט. נאָר איך האָב גלײַך אין דער רעגע דערהערט, װי די „קאָרמושקע" — די קלײנינקע פֿאָרטקע אין דער אײַזערנער טיר — טוט זיך אַן עפֿן, און איך דערזע אַן איבערגעקרימטן פֿאַרצעף, כ׳דערהער א הײזעריקע פֿריקרע שטים:

— אנו, קאָנטריק! קוק אים נאָר אָן — אװעקגעזעצט זיך! מײנסט, אַז דו ביסט בא דער שװיגער אױף װאַרעניקעס? אנו, אױפֿשטײן, און שפּאַן אַרום! שלאָף ניט, אױב דו װילסט ניט. איך זאָל דיך אָפּפֿירן אין קאַרצער!..

דער װילדער כריפּענדיקער געשרײ האָט מיך געשטעלט אױף די פֿיס. כ׳האָב זיך באַגעגנט מיט צװײ רױטע רעציכעדיקע אױגן, און כ׳װײס אַלײן ניט, פֿאַרװאָס איך האָב זיך דערלױבט, נאָר כ׳האָב אױסגעשריגן:

— דערװײַל, נאַטשאַלניק, בין איך נאָך מיט אײַך ניט אױף „דו"!

אױף א פּאָר װײַלעס איז ער געבליבן שטײן, װי געפּלעפּט, דערנאָך אָבער אַרױסגעקװיטשעט פֿון זיך אַן עקלדיק שמײכעלע.

— אַהאָ, קוק אים נאָר אָן, דעם קאָנטריק!.. — האָט ער זיך אָנגערופֿן, — פֿאַרפֿױלטע אינטעליגענציע! באַצי זיך צו אים אײדל... נישקאָשע, דאָ װעט מען אײַך גיך אָפּגעװײנען רײדן ביכלאַל... מע װעט בא אײַך אַרױסרײַסן די צונג... אַזאַ פֿרוכט איז נאָך בא מיר ניט געװען. פֿאַרגעדענקט, בא אונדז איז דאָ פֿאַראַן א כיטרע דירע — א קאַרצער!..

דער אױפֿזעער האָט פֿאַרהאַקט די „קאָרמושקע", פֿון יענער זײַט טיר האָבן זיך דערהערט זײַנע טריט.

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז מײַן גוורע וועט מיך קאָסטן טייער. נאָר דעם ערשטן, קלייניקן ניצאָכן הינטער די מיִעסע גראַטעס האָב איך אָפּגעהאַלטן: דער סטראַזשניק האָט זיך צו מיר געווענדט אויף „איר"! פאַרלייגט די הענט הינטער דער פּלייצע, האָב איך ניט געײַלט געשפּאַנט איבער דער קאַמער: צו דער וואַנט מיט צוגעמאַכטע אויגן, צו דער טיר מיט אָפענע, טאָמער וועט דער רעצייעך מײַנער אינעם „גלאַזאָק" דערזען, אַז איך כאַפּ א דרעמל גייענדיק.

— העכער דעם קאָפּ!.. — צעפּפנט זיך יעדע מינוט די „קאַרמושקע", — כ'וויל אַרײַנקוקן צו אײַך אין די אויגן! היט זיך פאַרן קאַרצער!

איך האָב ניט געדרעמלט. געשפּאַנט איבער מײַן קאַמער, פּילנדיק, אַז די קויכעס גייען אויס, און אָט־אָט וועל איך זיך א וואַלגער טאָן אויף דעם שמאָלן, אײַזערנעם בעטל שלאָפן, אַנשלאָפן ווערן, און זאָל מען מיך דערנאָך קאַטעווען, מוטשען, כאָטש עטלעכע מינוט א שלאָף טאָן...

וויפל האַלט דער זייגער? וויפל צײַט דאַרף נאָך אַוועק ביז מע וועט מעלדן, אַז מע מעג זיך שוין אויסטאָן און זיך צולייגן אויפן בעטל? וויפל איז איצט דער זייגער? דאָס פּאַסיקל הימל, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן דורך דעם פענצטערל, איז שוין לאַנג אויסגעלאָשן געוואָרן. קוים־קוים קוקט פון דאָרטן אַרויס א פינקלענדיקער שטערן. עס דאַרף שוין זײַן שפּעט נאַכט.

ווען וועט שוין קומען די מינוט, דער היטער מײַנער זאָל מעלדן, אַז מע קאָן זיך צושפּאַרן צו דער נאַרע? כ'וואָלט א סאַך אָפּגעצאָלט, מע זאָל מיך לאָזן כאָטש אויף עטלעכע רעגעס כאַפּן א דרעמל, איבערשלאָגן דעם שלאָף, וואָס מאַטערט מיך אַזוי שטאַרק. ווען וועט שוין זײַן דער „אָטבאָי"? נאָר אַלץ אָפּטער און אָפּטער עפנט זיך די „קאַרמושקע" און איך הער ווידעראַמאָל און אָבעראַמאָל, און אַפּסנײַ די וואָרענונג, איך זאָל שפּאַנען, ניט וואַגן צומאַכן די אויגן, אַנדערש וועט מען מיך אַרײַנשלײַדערן אין קאַרצער. און דאָרטן...

ווען איך קאָן זיך דערוויסן, וויפל האַלט דער זייגער, וויפל וועל איך זיך נאָך דאַרפן מאַטערן! נאָר ווער וועט דיר דאָ ענטפערן אויף דײַנע פראַגעס?

און איך שפּאַן ווײַטער, אַהין, צו דער וואַנט: זעקס טריט צוריק, צו דער טיר — זעקס. און געדאַכט האָט זיך, אַז די דאָזיקע עקזעקוציע וועט זיך ציִען אייביק! אָבער, ווײַזט אויס, אַז אויך די אייביקײַט פאַרמאָגט ראַכמאָנעס. עס גייט אַוועק נאָך א שטיקל צײַט, און פּלוצעם דערהער איך פון יענער זײַט טיר גיכע טריט. די „קאַרמושקע" צעעפנט זיך האַסטיקער, ווי געוויינלעך, און איך דערזע דאָס באַקאַנט שטיקל פּאָנעם מיט דער גראָבער נאָז, ווי א קאַרטאָפל, און דערהערט די מיר שוין נימעס געוואָרענע, פריקרע שטים:

— אָטבאָי... שלאָפן! — און דאָס טירל פאַרהאַקט זיך.

אין אַנמאַכט לאָז איך זיך אַראָפּ אויף דער נאַרע, פאַרהייבנדיק עטוואָס דעם קאָפּ, און דערזע, פּונקט ווי צום ערשטן מאָל דעם מעכטיקן עלעקטרישן לאָמפּ, וואָס שטעקט אונטער דער סטעליע, אין אײַנגעפּראַוועטער אין גראָבע דראָטן. מיסטאָם עטלעכע הונדערט וואַט, ניט ווייניקער. אָט דער לאָמפּ וואָלט געקאָנט באַלויכטן א גאַנצן פּלאַץ. ער האָט מוירעדיק געשניטן די אויגן. פּרוּוו אַנשלאָפן ווערן אונטער אַזא לאָמפּ! נאָר לעסברייִרעך! איך האָב אַפּגיך אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס אָנטאָן, אַרײַנגעקראָכן אונטער דער אויסגעריבענער סאָלדאַטישער קאָלדרע און גלײַך דערפילט, ווי די אײַזערנע לײַסטלעך פונעם בעטל שנײַדן זיך אַרײַן אין מײַן לײַב. איך האָב זיך אָנגעהויבן דרייען, קעדיי זיך ווי־ניט־איז אײַנמאָסטען, די אײַזערנע לײַסטלעך זאָלן ניט שנײַדן אַזוי שטאַרק, נאָר דאָס איז געווען אומעגלעך צו דערגרייכן, און איך האָב א קלער געטאָן, אַז לאַנג לעבט דאָס באַרימטע טורמע־בעטל פון מיטלאַלטער...

איך האָב זיך געפּרוּווט אָפּקערעווען צו דער וואַנט, די שײַן זאָל ניט שנײַדן אַזוי שטאַרק די אויגן, נאָר עס האָט זיך אין עפּן געטאָן דאָס טירעלע און דער נאַדזיראַטעל האָט א ברום געטאָן:

— ליגן אויף דער פּלייצע! מיטן פּאָנעם צום לאָמפּ...

דער אַכזער האָט בא מיר געפּויעלט, נאָר וועגן דעם, איך זאָל אַנשלאָפן ווערן אונטער דער מוירעדיקער שײַן, האָט קיין רייד ניט געקאָנט זײַן. איך האָב געפּרוּווט מיט דער קאָלדרע צודעקן די אויגן. נאָר דער נאַדזיראַטעל האָט גענומען קלאַפּן אין דער טיר:

— אין קאַרצער ווילט זיך דיר?! די קאָלדרע אַראָפּ פון די אויגן!

א באַפעל — איז א באַפעל. איך מאַטער זיך, ווי אויפן טויט, נאָר כ'קאָן ניט אײַנשלאָפן. פון אונטן — דאָס אײַזערנע בעטל, פון אויבן — דער מוירעדיקער לאָמפּ. עפּשער א שלײַדער טאָן אין לאָמפּ דעם שוך, עס זאָל פינצטער ווערן און די אויגן זאָלן קאָנען אָפּרוען?!

איך ווייס ניט, וויפל האָב איך זיך געראַנגלט, ביכדיי אַרײַנפאַלן אין דרעמל. נאָר סאָפּקאָלסאָף האָב איך דערפילט, ווי איך הייב אָן אַנשלאָפן ווערן. זעט אויס, א מינוט צען־פופצן בין איך געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן. נאָר מיטאַמאָל צעסקריפּעט זיך די „קאַרמושקע". איך האָף, אַז דאָס כאָלעמט זיך מיר, נאָר ניין: לײדער, ניט אין שלאָף וועקט מיך דאָס נימעסע קאָל פונעם אופזעער:

— היי! אופשטיין!.. גיכער טו זיך אָן! פּאַשלי!..

איך האָב קוים אופגעריסן די אויגן, דערזען דאָס שטיקל פּאָנעם פון מײַן קוילער, נאָר לעכאַט־כילע ניט געקאָנט באַנעמען, וואָס רעדט ער און וואָס וויל ער?

זעענדיק, אז איך ריר זיך ניט פון אָרט, האָט ער שטרענגער אַרײַנגעשריגן אין דעם טירעלע:

— וויפל דאַרף איך איבערכאַזערן, קאָנטרע?! שנעלער זיך אָנטאָן און פאַרלאָזן די קאַמער! שנעלער! — און די אײַזערנע טיר פון מײַן קאַמער האָט זיך אופגעעפנט...

איך האָב זיך אפגיך אָנגעטאָן, ניט באַוויזן פאַרשפּיליען די קנעפּ, פאַרבינדן די שנירלעך פון די שיך. לעבן מײַן נאַדזיראַטעל איז שוין געשטאַנען א פּעמפּיקעוואַטער סטאַרשינא און מיט ראַצכישע אויגן געקוקט אַף מיר, אונטערגעטריבן:

— גיכער! קלײַבסט זיך, ווי א פּאַרעץ אַף א קרענק! פּאַרויס! פּאַשלי!

ער האָט בייז א וווּנק געטאָן און געהייסן גיין פאַרויס, אין צווייטן עק קאָרידאָר.

— די הענט אַף הינטן און זיך ניט אַרומקוקן! — האָט ער א בייזן רעווע געטאָן. — געשווינד!..

ער האָט פּלוצעם א קנאַק געטאָן מיט צוויי פינגער, באַפוילן זיך אָפּשטעלן און זיך אויסקערעווען מיט דעם פּאָנעם צו דער וואַנט, זיך ניט אַרומקוקן. ער האָט ווידער א קנאַק געטאָן מיט צוויי פינגער און עמעצער האָט אים געענטפערט — זיך אָפּגערופן מיט אזא מין זשע קלאַצערײַ. איך האָב דערהערט טריט. זעט אויס, אנטקעגן האָט מען געפירט אַן אַרעסטאַנט, און דער פּעמפּיקעוואַטער סטאַרשינא האָט מיך געשטעלט צו דער וואַנט, איך זאָל ניט זען, וועמען מע פירט. אין דעם געהויבענעם אַנשטאַלט, ווו אַלץ איז דורכגעזאַפּט מיט „סוידעס", מיט בלוט און טרערן, האָבן צוויי אַרעסטאַנטן ניט געטאָרט זיך באַגעגענען.

און אָט האָט מײַן באַגלייטער א בורטשע געטאָן:

— נו, פּאַשלי!

— איך גיי, כאַווער נאַטשאַלניק... — האָט זיך בא מיר ניט־ווילנדיק אַרויסגעכאַפּט, און דאָס גראָבע פּעטע, קײַלעכדיקע, ווי א גרויסע פּילקע, פּאָנעם האָט זיך אָנגעגאָסן מיט רעציכע און ער האָט צו מיר א מאַך געטאָן מיטן פויסט:

— ווער, איך בין דײַן כאַווער? דײַן כאַווער בלאָנדזשעט איצט אַרום איבער דעם בריאַנסקער וואַלד! וואָס פאַר א כאַווער בין איך מיט א קאָנטריק?

— אַנטשולדיקט...

— דער אויספאָרשער וועט דיך אַנטשולדיקן... ער וועט דיר ווײַזן, ווי עס ווינטערן די ראַקעס... ער וועט דיך אויסלערנען, וויאַזוי ריידן מיט אונדז...

איך בין געווען מוירעדיק שלעפּעריק און קוים געפּלאָנטערט מיט די פיס. מײַן טאַליען האָט מיך געפירט מיט געדרייטע קאָרידאָרן, אַראָפּ טרעפּ און אַרויף טרעפּ, און געדאַכט האָט זיך מיר, אַז ער פירט מיך אומיסטן אַזוי לאַנג. און איך האָב שוין געטראַכט, אַז בעסער וואָלט איך געלעגן אַף דעם שרעקלעכן אַרעסטאַנטישן בעטל און די שײַן זאָל שנײַדן די אויגן, ווי גיין מיט די קרומע, געדרייטע קאָרידאָרן, ווען דו שטעלסט זיך ניט פאָר, וווּהין פירט מען דיך און נאָך וואָס. עפּשער אין קעלער — שיסן, הענגען, שלאָגן, איזדיעקעווען זיך איבער דײַן לײַב, רײַסן פון דיר שטיקער? דאָ קאָן מען מיט דיר טאָן, וואָס מע וויל. דאָ ווייסט מען ניט פון יוישער, פונעם געזעץ, פון מענטשלעכקײַט, באַרעמהאַרציקײַט — דאָ דאַרף מען זיך צווינגען נעמען אַף זיך אומגעלומפּערטע ווילדע כאַטאָיִם...

און אָט בין איך אַריבערגעטראָטן די שוועל פון א גערעמען קאַבינעט, ווו בא א גרויסן דעמבענעם טיש איז געזעסן א יונגער בלאָנדהאָריקער לייטענאַנט אין א פרענטש מיט א צעשפּיליעטן קאָלנער, מיט א ציגאַר אין די שיטערע ציין. ער האָט מיך גענומען עגבערן מיט זײַנע קאַלטע גרויע אויגן, דערנאָך א וווּנק געטאָן אַפן ווינקל פון קאַבינעט, ווו עס איז געווען צוגעקאָוועט צום דיל אַן אַלטע אויסגעריבענע טאַבורעטקע.

דער פאַרשוין האָט לאַנג מיך דערלערנט, זעט אויס, געטראַכט, וויאַזוי, פון וועלכער זײַט ער זאָל מיך א נעם טאָן אין דער אַרבעט.

ער האָט לאַנג געקוקט אַף מיר, ניט איבערפּירנדיק אין א זײַט דעם בליק. אַזוי, זעט אויס, קוקט אַף איר קאָרבן א כײַע ביז זי וואַרפט זיך אַף אים...

ענדלעך, האָט זיך אַף זײַן לענגלעכן פּאָנעם באַוויזן א געמאַכט־מיטפילנדיק שמייכעלע. ער האָט אויסגערייכערט דעם פּאַפּיראָס, א וואָרף געטאָן דאָס רעשט אין אַן אײַזערן קעסעלע, וואָס איז אויך, ווי די טאַבורעטקע צום דיל, געווען צוגעשרויפט צום טיש.

ער האָט ניט געײַלט אַרויסגענומען פונעם טישקעסטל א דיקע פּאַפּקע, זי צעעפנט, לאַנג געבלעטערט און נאָך יעדן בלעטל געשאָקלט מיטן קאָפּ, וואָס האָט געדאַרפט באַטײַטן: אַ־אַ, סאַראַ העכט עס האָט זיך אַרײַנגעפּאַקט אין מײַן נעץ!..

ענדלעך, האָט ער אופגעהויבן דעם קאָפּ פון דער פּאַפּקע, איז אופגעשטאַנען פון זײַן בענקל, אויסגעגלײַכט די פּלייצעס און זיך אָנגערופן:

— עפּעס זעסטו שלעכט אויס... וואָס זשע, עס איז דיר ניט אינגאַנצן באַקוועם זיצן אין איינצלקאַמער? איך האָב די מעגלעכקייט פאַרבעסערן דאָ דײַן לאַגע...

— אַ שיינעם דאַנק אײַך, — האָב איך זיך אָנגערופן, — נאָר איך בין, דאַכט זיך, אַ ביסל עלטער פון אײַך... אין אַזעלכע פאַלן ווענדט מען זיך צו אַ מענטשן אַף „איר"...

ער האָט געמאַכט עטלעכע טריט צו מיר, זיך אײַנגעשפּיזט מיט זײַנע בלאַסע אויגן אין מיר און אויסגעשאָסן אַ געלעכטער:

— אַזוי גאָר? איך זע, אַז דעם האָנער האָט מען דאָ נאָך פון אײַך ניט אָפּגעשלאָגן... אויב איר מיינט, אַז איר זײַט געקומען אַף אַן אופּנאַם צו זיך אין שרײַבער־פאַריין, וועט איר זיך שנעל אַנטוישן...

ער האָט ווידער פאַרייכערט און, אַרויסלאָזנדיק פונעם מויל עטלעכע קרײַזלעך רויך, שפּירנדיק נאָך זיי, וויִאַזוי זיי צעשיטן זיך אינדערלופטן, צוגעגעבן מיט סאַרקאַזם:

— דאָ, בײַ אונדז, וועסטו נאָך ניט אַזוינס הערן! מירן דיך גיך צווינגען אָנווערן דעם האָנער און דערציילן, וויִאַזוי דו האָסט זיך פאַרנומען אַזויפיל יאָרן מיט קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער, באַציִאָנאַליסטישער, שפּיאָנישער טעטיקייט, דאָ וועסטו גיך אופדעקן דײַן קאָמפּאַניע שעדיקער, סאָנים פון פאָלק...

ער האָט ווידער גענומען בלעטערן די פּאַפּירן, נאָך ענערגישער שאָקלען מיטן קאָפּ און פאַרגעזעצט:

— אַ־אַ, סאַראַ שיינע ביִאָגראַפיע האָסטו זיך צוגעטראַכט... געווען אַלע יאָרן מילכאָמע אַפן פראָנט... באַלוינט מיט אָרדענס און מעדאַלן... אָן אָנטיילנעמער אינעם פּאַראַד פון ניצאָכן אַפן רויטן פּלאַץ דעם 24־טן יוני 1945 יאָר... אַ רעדאַקטאָר... אַ שרײַבער... וועסט דערציילן די אָרגאַנען, וויִאַזוי האָסטו זיך מאַסקירט, אָפּגענאַרט, געפעלשט... אַלץ וועסטו אונדז דערציילן! אַלץ! וועסט אויך דערציילן, וויִאַזוי האָסטו אַזוי לאַנג געקאָנט בלײַבן אַף דער פרײַ, ווען די טורמע האָט געבענקט נאָך דיר...

— דאָס איז אַלץ ליגן, פּראָוואָקאַציע! קיין וואָרט ניט עמעס! — בין איך אופגערעגט געוואָרן. — איך פאָדער זיך באַציִען צו מיר העפלעך. ניט באַליידיקן... איך ווייס ניט אײַער פאַמיליע, כאַווער... איך מיין, בירגער...

— איך בין דיר ניט קיין כאַווער! — האָט אויסגעשריגן דער פאַרשוין און מיטן קולעק אַ קלאַפּ געטאָן איבערן טיש, — דײַן כאַווער לויפט אַרום איבער דעם בריאַנסקער וואַלד... ער איז דײַן כאַווער...

וואָס איז דאָס? אָט די זעלבע ווערטער, אין וועלכן וואַלד עס לויפט אַרום מײַן כאַווער, די זעלבע ווערטער האָב איך אָקאָרשט געהערט פון מײַן שיינעם נאַדזיראַטעל. און פּונקט מיט אַזעלכע בייזע אויגן האָט יענער געקוקט אַף מיר. ניט אַנדערש, אַז די מענטשן, וואָס באַלעבאַטעווען אין דעם גענעם, זײַנען דורכגעגאַנגען איין שול, איין אַקאַדעמיע.

און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז קיין העפלעכקייט זאָלסטו דאָ ניט זוכן.

און דאָך האָב איך צוגעגעבן:

— איר האָט ניט קיין רעכט זיך אַזוי צו מיר באַציִען. עס עקזיסטירט נאָך אַ געזעץ... איך מיין, אַז איך געפין זיך בײַ אַן אויספאָרשער, איך בין דערווײַל אַ פּאָדסליעדסטווענע... מײַן שולד דאַרפט איר נאָך דערווײַזן... און איך כאַזער איבער, אַז איך בין ניט שולדיק...

דער באָכער האָט ווידער אַרויסגעקוועטשט פון זיך אַ גרימאַסע, אַ שמייכעלע, זיך אופגעהויבן פון אָרט, צוגעגאַנגען צום פענצטער, אָפּגערוקט אַ ביסעלע דאָס פאָרהענגל און אַ ווונק געטאָן צו מיר, איך זאָל צוגיין צום פענצטער. פונדאַנען האָב איך געזען אַ שטיקל פּלאַץ פון באָגדאַן כמעלניצקי. ער איז געווען באַלויכטן פון עלעקטרישער שײַן. איבערן פּלאַץ זײַנען אַרומגעגאַן מענטשן, געשטאַנען אַף די אָפּשטעלן פונעם טראָליייבוס — מאַנצבלען, פרויען, יונגע און עלטערע, גאָר אַלטע, עטלעכע קינדער. דאָס האַרץ האָט בײַ מיר גענומען קלאַפּן שטאַרק. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אַ גאַנצע אייביקייט האָב איך ניט געזען די גאַס, דעם פּלאַץ מיט מענטשן, וואָס געפינען זיך אַף דער פרײַ...

— דו זעסט אָט יענע מענטשן? — האָט ער אַ ווײַז געטאָן אַפן פּלאַץ. — אָט יענע זײַנען בײַ אונדז פּאָדסליעדסטווענע, זיי שטייען בײַ אונדז אין דער ריי, זיי וואַרטן אַף די קאַמערן, וואָס דו און אַ סאַך פון דײַניקע פאַרנעמען... דײַן לידעלע איז שוין אָפּגעזונגען... דײַן גוירל איז שוין געלייזט... עס איז דערווײַל נאָך ניט באַוווּסט, וויפל וועסטו בײַ אונדז אָפּלייזן, וואָס דו וועסט בײַ אונדז באַקומען — אַ קויל אָדער אַ טליִע, עס איז געווענדט אין דיר, וויִאַזוי וועסטו זיך בײַ אונדז אופירן... אָט...

— וואָס זשע, אַזוי גיך טוט זיך עס בײַ אײַך?

— דו ביסט בײַ אונדז אַפן צינגל... — האָט ער עטוואָס שטילער צוגעגעבן, — קיין אומשולדיקע זײַנען בײַ אונדז נישטאָ... אומזיסט זעצן מיר ניט אין טורמע... בײַ אונדז דערלאָזט מען ניט קיין פעלערן... די אָרגאַנען אונדזערע אַרבעטן אָן בראַק. פאַרשטאַנען?..

זיך פאַרצויגן מיטן רויך פונעם פּאַפּיראָס און ווידער אַרויסלאָזנדיק פון מויל אינדערלופטן עטלעכע קנוילכלעך רויך, האָט ער צוגעגעבן:

— מיט דײַנע רייד האָסטו שוין פאַרדינט צען יאָר טורמע. האָסט געזאָגט, אַז דו ביסט אין גאָרניט ניט שולדיק, אַז דאָס איז אַ פּראָוואָקאַציע... הייסט עס, אונדזערע אָרגאַנען זײַנען פּראָוואָקאַטאָרישע? דאָס איז אַ מיִעסער ליגן, קלייעוועטאַ אויף אונדזערע אָרגאַנען!.. דער כאַוער סטאַלין גלייבט אונדז, און באַלוינט אונדז מיט אָרדענס און מעדאַלן פאַר אונדזער געטרײַער אַרבעט. און די טרײַבסט אויף אונדז רעכילעס... און ניט בלויז אויף די אָרגאַנען, נאָר אויך אויפן געניאַלן כאַווער סטאַלין... הייסט עס. קאָנסטו באַקומען פינף און צוואַנציק יאָר... און אַזוי ווי דו האָסט ליב, ווי איך זע, ציפיל ריידן, קאָנסטו באַקומען די העכסטע שטראָף... נאָר וואָס זשע, אונדזער אַנשטאַלט איז אַ הומאַניסטישער אַנשטאַלט, דאָ קאָן מען מויכל זײַן. פאַרקירצן דעם טערמין אָדער אינגאַנצן באַפרײַען. אָבער צוליב דעם דאַרף מען ניט קיין סאַך — דו דאַרפסט מיטהעלפן אונדז אויפדעקן דײַן גאַנצע קאָמפּאַניע קאָנטער־רעוואָליוציאָנערן, נאַציאָנאַליסטן, שפּיאָנען...

ער האָט איבערגעכאַפּט דעם אָטעם, גענומען פּאַפּיר און שנעל אָנגעהויבן עפּעס שרײַבן, געשטעלט אַ פּינטל, ווידער אויף מיר אויפגעהויבן דעם בייזן בליק:

— פאַרגעדענקט, אַז מיר ווייסן וועגן אײַך אַלץ... — איז ער פּלוצעם איבערגעגאַן מיט מיר אויף „איר". — אײַער אָנערקענונג דאַרפן מיר האָבן אויף פּאַפּיר פאָרמעל. נאָר אַלץ ווייסן מיר וועגן אײַך און אײַער קאָנטער־רעוואָליוציאָנערער באַנדע... און אויב איר וועט לייקענען, פאַרגעסט ניט, אַז איר שרײַבט זיך אַליין אונטער אַ שווערן אורטייל... ווי אַ שרײַבער, דאַרפט איר געדענקען, וואָס עס האָט ערשט ניט לאַנג געזאָגט מאַקסים גאָרקי... „אויב דער סוינע גיט זיך ניט אונטער, פאַרניכטעט מען אים..." אַז איר אָנערקענט ניט אײַער שולד, הייסט עס, אַז איר גיט זיך ניט אונטער... ווײַבאַלד אַזוי, דאַרף מען אײַך פאַרניכטן... איר ווילט זיך ניט אונטערגעבן, דאָ איז אַלץ פּראָסט און פּאָשעט. מאַקסים גאָרקי אַליין האָט אײַך אַרויסגעטראָגן דעם אורטייל...

איך בין געווען טויט פאַרמאַטערט און שוין ניט געקאָנט באַנעמען, וואָס ער רעדט צו מיר. דער מויעך איז געווען, ווי אין אַ נעפּל. מײַן טײַוול האָט זיך ווידער איבערגעבויגן איבער דעם פּאַפּיר און עפּעס שנעל, שנעל געשריבן. די פּען איז בא אים געלאָפן, ווי אַ ווירכער. איך האָב שוין ניט באַמערקט, וויפל זײַטלעך ער האָט אָנגעשריבן. און אָט האָט ער אויפגעהערט שרײַבן. אַ וואָרף געטאָן אויפן טיש דאָס הענטלפען, זיך צוגעשפּאַרט מיט דער פּלייצע צום ווענטל פון זײַן שטול, אַ ווונק געטאָן, איך זאָל צוגיין צום טיש, איבערלייענען דעם פּראָטאָקאָל און אונטערשרײַבן זיך אונטער יעדן זײַטל באַזונדער.

איך האָב אויסגעריבן די אויגן, קעדיי בעסער זען דאָס אָנגעשריבענע, אָנגעהויבן לייענען יענעמס פֿראַגן און ענטפערס. דער פּראָטאָקאָל איז געווען פול מיט גראַמאַטישע גרײַזן, איך רעד שוין ניט וועגן סטיל, וועגן די ווילדע פּאָליציייִשע אינסינואַציעס און ווילדקײַטן. ווען עס איז עמעס אפילע איין באַשולדיקונג, וואָס ווערט מיר דאָ צוגעשריבן, וואָלט מען מיך געווען געדאַרפט גלײַך שיסן, הענגען און קאַטעווען.

ניין, אַזוינס האָט געקאָנט צוטראַכטן בלויז אַן אידיאָט, אַ טאַליען, אַן אומענטש! איך האָב געלייענט און עס איז מיר געוואָרן פינצטער אין די אויגן. אַזוינס צושרײַבן?! דער אויספאָרשער איז מעשוגע, צי דול?

איך האָב אָפּגעשטויסן פון זיך דאָס אָנגעשריבענע און זיך אומגעקערט צו זיך אויפן אָרט, צו דער טאַבורעטקע, וואָס איז געווען צוגעקאָוועט צום דיל.

יענער איז געבליבן שטיין מאַלע רעציכע, געקוקט אויף מיר מיט גאַזלאָנישע אייגן, געווען גרייט מיך דערשטיקן. ער האָט צווישן די ציין אַרויסגעברומט:

— איך האָב געהייסן אונטערשרײַבן יעדער זײַטל. אָט דאָ, צום סאָף...

אָנעמענדיק זיך מיט קויכעס, האָב איך געזאָגט:

— אַזעלכע ווילדע זאַכן וועל איך ניט אונטערשרײַבן...

— וואָס? ווילדע זאַכן? הייסט עס, די אָרגאַנען באַגייען ווילדע זאַכן? איר טרײַבט ווידער רעכילעס אויף אונדזערע אָרגאַנען?..

— איך טרײַב ניט קיין רעכילעס... נאָר דאָס, וואָס איר האָט דאָ אָנגעשריבן, אַנטשפּרעכט ניט דער ווירקלעכקײַט...

ער האָט אָנגעקוועטשט אויף אַ קנאָפּקע, וואָס האָט געשטעקט אין עק טיש. עס זײַנען אין דער מינוט אַרײַנגעשפּרונגען אין קאַבינעט צווי באַאָרטע לײַט. מע האָט מיך גענומען באַטראַכטן פון קאָפּ ביז פיס.

און איינער אַ דיקער מאַיאָר איז צוגעגאַנגען צום טיש, גענומען דעם פּראָטאָקאָל און אַרויסגעזשיפּעט:

— וואָס? ער שרײַבט ניט אונטער? וועט עס זײַן ערגער פאַר אים? — ער האָט פאַר מײַנע אויגן אַ פּאַכע געטאָן מיט די פּאַפּירן און צוגעגעבן:

— אזעלכע העלדן, ווי ער, האָבן מיר שוין געזען דאָ אין די הונדערטער. ער וועט בא אונדז אַלץ אונטערשרײַבן...

ער האָט אַ ווונק געטאָן צום לייטענאַנט און אַליין מיט זײַן באַגלייטער ארויסגעגאַן פונעם קאַבינעט. אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט מען מיך אַרויסגעפירט פונעם אויספאָרשערס קאַבינעט. לעבן דער טיר איז געשטאַנען אַ שמאָלע שאַפע. אַ הויכוווּקסיקער נאַדזיראַטעל האָט אָן עפן געטאָן דאָס טירל און מיך אַרײַנגעשטויסן אין דער לאַנגער, שמאָלער שאַפע און צוגעמאַכט די טיר. די שאַפע איז ענלעך געווען אין אַ טרונע. ניט געווען קיין פּיצל אָרט זיך אַ קערעווע טאָן. אַ גרויסער לאָמפּ איבערן קאָפּ. פון דער שאַרפער שײַן האָט מען געקאָנט בלינד ווערן. ניט געווען מיט וואָס צו אָטעמען, אוממעגלעך געווען זיך אַ קערעווע טאָן. צומאַכן מיט אַן אויג איז געווען אוממעגלעך — די שײַן האָט ניט געלאָזט. איך האָב זיך געשטאַרקט, זיך גענומען אין די הענט, כ'בין שיר ניט פאַרטשאַדעט געוואָרן, כ'האָב שיר ניט פאַרלוירן דעם באַוווּסטזײַן, נאָר זיך געהאַלטן.

איך האָב ניט געוווּסט, וויפל מע האָט מיך געהאַלטן אין דעם לעבעדיקן הילצערנעם קייווער.

די טיר האָט זיך אָן עפן געטאָן און איך בין אַרויסגעפאַלן אין אַפּגעגאָסענער מיט שווייס פונעם „באָקס", און דער נאַדזיראַטעל, באַמיִענדיק זיך אויסמײַדן מײַן בליק, האָט מיך ווידער גענומען פירן איבער די לאַנגע שמאָלע, האַלב־פינצטערע קאָרידאָרן צו מיר, אין מײַן איינצל־קאַמער.

מע האָט מיך דאָרטן פאַרשפּאַרט, און מײַן שומער האָט אַ בורטשע געטאָן, איך זאָל זיך לייגן שלאָפן.

איך האָב זיך שנעל גענומען אויסטאָן, אַרונטערגעקראָכן אונטער דער עקלדיקער קאָלדרע, אָפּגעלעגן אַ מינוט צען־צוועלף, גענומען אײַנדרעמלען, און דאָ האָב איך דערהערט, ווי די „קאַר־מושקע" האָט זיך געעפנט און דער נאַדזיראַטעל האָט שטילערהייט אַרײַנגעברומט, איך זאָל זיך אופהייבן, זיך אָנטאָן און אַרומגיין איבער דער קאַמער. די נאַכט האָט זיך אויסגעלאָזט. „פּאַדיאָם"...

איך האָב ווי אַ פריטשמעליעטער, פאַרשעלטנדיק אין האַרצן די טאַליאַנים, גענומען מעסטן די קאַמער. זעקס שפּאַן צו דער טיר...

און ווידער וועט מיר אויסקומען אזוי אַרומגיין דעם גאַנצן מוירעדיק־לאַנגן טאָג ביז צען באַ־נאַכט. מע וועט מיר באַפוילן זיך לייגן שלאָפן, און איך וועל ווידער ליגן צען־פופצן מינוט, און אפשר וועט מען מיר באַפוילן אופשטיין, ווידער וועט מען מיך אוועקפירן מיט די עקלדיקע קאָרי־דאָרן צו מײַן אויספאָרשער און אַלץ וועט זיך אָנהייבן פון סאַמע אָנהייב...

און איך האָב געטראַכט, ווי גוט עס וואָלט געווען, ווען די לײַט פירן אײַן אין דעם געגעם אַ קאַמער פאַר עקזעקוציעס. קיין שום קלעפּ, „קאַלטע" און „הייסע" דושן, ווילדע פּויִשע מעטאָדן, רעדיפּעס זײַנען, דאַכט זיך, ניט אזוי שווער איבערצוטראָגן, ווי דאָס ניט לאָזן שלאָפן מעסלעסן נאָכאַנאַנד, קיין שום זאַך מאַטערט ניט אויס, צעבריכט ניט דעם מענטשן, ווי דער שווידערלעכער „קאָנווייער" פון ניט לאָזן דעם מענטשן אײַנדרעמלען כאָטש אויף עטלעכע מינוט...

ווילדע באַשעפענישן זיצן דאָ און טראַכטן אויס מוירעדיקע עקזעקוציעס. איך האָב זיך ביז איצט ניט פאָרגעשטעלט, אַז עס גייען אַרום איבער אונדזער ערד קאַטן, וועלכע עס טוט האַנאָע, ווען זיי איזדיעקעווען זיך, מאַטערן אומשולדיקע מענטשן. וויִאַזוי קאָנען אזעלכע מיִעסע באַשעפענישן כאָווען קינדער, גיין מיט זייערע ווײַבער אין טעאַטער, אַרומגיין צווישן לעבעדיקע מענטשן, זיך דער־קלערן אין ליבע, קוקן יענעם אין די אויגן, אָטעמען מיט דער לופט, וואָס זיי אַליין האָבן אָפּגעסאַמט מיט זייער גיפט, לייגן זיך שלאָפן, וויסנדיק, אַז זייערע קאָרבאָנעס קומען אום פון די שלאָפלאָזע נעכט, פאַרלירן דעם באַוווּסטזײַן, פאַלן כאַלאָשעס, גייען אַראָפּ פון זינען...

זיי האָבן איין טרייסט:

אויב דער „סוינע" גיט זיך ניט אונטער...

מע האָט געדאַרפט זײַן שטאַרקער פון אײַזן, מע זאָל זיך „ניט אונטערגעבן" דײַן עמעסן סוינע...

וויפל שלאָפלאָזע נעכט קאָן איבערטראָגן אַ מענטש? ניט אַנדערש, ווי אין דעם געהויבענעם אַנשטאַלט האָט מען עס געפּרוּווט אויספאָרשן אויף אומשולדיקע אַרעסטאַנטן.

אַז איר האָט באַגעגנט אַן אויסגעצערטן פאַרשוין מיט אַ בלאַס, ווי דער טויט, פּאָנעם, וואָס איז געגאַנגען, ווי אַ טויט שיקערער און זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס, האָט איר זיך גלײַך אָנגעשטויסן, אַז ער גייט אַדורך דעם שווידערלעכן עקספּערימענט, אים האָט מען נאָך ניט אײַנגעבראָכן. דער האָט נאָך, ווײַזט אויס, ניט אונטערגעשריבן, אַז ער איז אַ „שפּיִאָן", אַ „דיווערסאַנט", אַז ער האָט געשאַפן אַ „קאָנטער־רעוואָליוציִאָנערע טעראָריסטישע אָרגאַניזאַציע", אַז ער איז אַ נאַציִאָנאַליסט, וואָס האָט געוואָלט אופרײַסן די ראַטנמאַכט...

די אויספאַרשער האָבן זיך אויסגעלאכט פון אײַער אקשאָנעס. וועט איר ניט אָנריידן אַף זיך אַף פינף און צוואַנציק, פופצן יאָר טורמע, לאַגער, וועט מען אײַך צען געבן אָן שום ריידן! איר טײַנעט, אַז אומזיסט און אומנישט מאַטערט מען אײַך אין טורמע, שרײַבט מען אײַך גלײַך צו, אַז איר האָט געטריבן רעכילעס אַף די אָרגאַנען, און זיי שטייען אַף דער וואַך פון דער רעוואָליוציע און דערלאָזן קיינמאָל ניט קיין בראַק אין זייער „ארבעט". אומזיסט זעצן זיי ניט אַרײַן אין טורמע, אומזיסט מישפּט מען ניט... מע שלעפּט דאָ ניט די אַרעסטאַנטן אין די געריכטן, אין טריבונאַל, מע רופט ניט אַרויס קיין איידעס, מע מישפּט ניט — אָפּגעזעסן לאַנגע כאַדאָשים אין קאַזעמאַט, געפּאַטערט דאָס געזונט, ברענגט מען אײַך אַ צעטעלע, ווו איר לייענט איבער עטלעכע סטאַנדאַרטע שורעס: פאַר אַנטיסאָוועטישער, קאָנטער־רעוואָליוציאָנערער, נאַציאָנאַליסטישער טעטיקײַט באַקומט איר צען יאָר ספּעציעלן לאַגער אָן רעכט זיך איבערשרײַבן... דאָס איז דער קלענסטער טערמין. און אונטערגעשריבן האָט די „אָסאָבאַיע סאָוועשטשאַניע", די „טראָיקע", ווו עס גייען אַרײַן עטלעכע בעריאַס טאַליאָנים.

אָט די „באַראַטונג" ווייסט, וואָס זי טוט. מע שטעלט איר צונויף צעטלען פון טויזנטער, צענדליקער טויזנטער אומשולדיקע מענטשן, אַ פּאָר כסימעס. די „ריכטער" האָט איר אין די אויגן ניט געזען און זיי האָבן אײַך ניט געזען. נאָר איר זײַט פאַרמישפּעט. ענדיקן זיך די צען יאָר, רופט מען אײַך אַרויס אין קאָנטאָר פון לאַגער, און מע גיט אײַך אַ קוויטל — מע האָט אײַך פאַרמישפּעט נאָך אַף צען יאָר... פרעגן פאַרוואָס, פאַרוואָס איז ניט שײַעך, ווײַל די „באַזונדערע באַראַטונג" ווייסט, וואָס זי טוט, זי קאָן ניט האָבן קיין טאָעס. און וואַגט ניט זיך ערגעץ קלאָגן — איר וועט אַרײַן פון איין פײַער אין צווייטן!

אַזוי וועט איר פוילן אין לאַגער, אין די קאַרצערס, „בורן" ביז מע וועט אײַך אַרויספירן אַף אַ שליטעלע אָדער וועגעלע פונעם לאַגער, צו דער וואַכטע, און דאָרטן וועט דער נאַדזיראַטעל מיט אַ שפּיז עטלעכע מאָל אַ שטאָך טאָן דעם קערפּער, זיך איבערצײַגן, צי איז דער „זעק" בעעמעס אַ טויטער, און מע קאָן אים שוין באַערדיקן, צי דאָס איז אַ סימוליאַנט — ער וואַרט, מע זאָל אים בלויז אַרויספירן פון לאַגער און ער וועט קאָנען אַנטלויפן...

נאָר פון לאַגער אַנטלויפט מען ניט. דאָ, אין דער הוילער טונדרע, זײַנען די לאַגערן אַרומגעצויגן מיט אַ סאַך געדיכט איבערגעפלאָנטערטע שטעכלדראָטן, דורך וועלכע עס גייט דורך עלעקטרישער שטראָם, דערצו נאָך היטן אײַך נאָך אַפּ געזונטע כײַעס — דײַטשישע אָווטשאַרקעס, וואָלקאָדאַוון, און פּרוּווט זיך דערנעענטערן צו די דראָטן!

דערצו נאָך ציִען זיך לענגויס די דראָטן אָן אַ שיר וואַכטע־טורעמס, ווו עס שטייען אָנגעפּעלצטע היטער מיט קוילנוואַרפערס און אַווטאָמאַטן.

איך האָב שוין פאַרגעסן, וויפל נעכט איך בין ניט געשלאָפן, וויפל טעג איך האָב פון זעקס פאַרטאָג ביז צען באַנאַכט געשפּאַנט איבער מײַן איינצל־קאַמער זעקס שפּאַן אַהין, זעקס שפּאַן אַהער...

איך האָב שוין אָנגעהויבן ראַכמאָנעס האָבן אַף מײַן אויספאָרשער, דעם לייטענאַנטל. בײַס דעם אויספרעג איז פון מאָל צו מאָל אַרײַנגעלאָפן אַן עלטערער טשין, אַ קוק געטאָן אַפן פּוסטן זײַטל פּאַפּיר, וואָס איז געלעגן אַפן טיש, געדרייט מיטן קאָפּ, ווי איינער רעדט: ע, באָכערל, אַזוי וועסטו פירן „די אויספאָרשונג", ביז מאָשיעכס צײַטן און גאָרנישט ניט קאָנען פאַרשרײַבן..."

און נאָך יעדער באַזוך פון אַ העכערן טשין, איז דער לייטענאַנט אויפגעשפּרונגען פון שטול, גענומען קלאַפּן מיטן פויסט איבערן טיש:

— איז וואָס זשע לייקנסטו אַלץ, טײַוול! באַ יעדער שרײַבער זײַנען דאָך אין די ווערק פאַראַן פעלערן און באַ דיר נישטאָ?.. וואָס, דו ביסט אַ מאַלעך?

— אין מײַנע ביכער, פאַרשטענדלעך, זײַנען מיסטאָמע אויך פאַראַן פאַרשיידענע פעלערן, — זאָג איך, — נאָר דאָס געהער צו אונדזער קריטיק. אַף אונדזערע שרײַבער־באַראַטונגען, בײַס מע באַהאַנדלט ווערק, ווײַזט מען אָן אַף פאַרשיידענע בלויזן... נאָר צו טורמע, קאַרצערס, אויספאָרשער, נאַדזיראַטעליעס האָט עס קיין שײַכעס ניט!

— איך האָב געלייענט עטלעכע אײַערע ביכער... אײַערע העלדן זײַנען מייניסטנס ייִדן... — האָט ער געזאָגט. — דאָס וועט איר ניט לייקענען?

— געוויס... איך בין דאָך אַ ייִדישער שרײַבער... באַ שאָלאָכאָוון זײַנען די העלדן רוסישע, קאָזאַקן... באַ ווילים לאַציסן זײַנען דעריקער — לעטן... — האָב איך אים אָנגעהויבן דערקלערן, — נאָר דערפאַר זעצט מען ניט אין טורמע...

— נאָר דאָס איז דאָך, — האָט ער זיך געכאַפּט, — באַגרענעצטקײַט... נאַציאָנאַלע באַגרענעצטקײַט...

— איר קאָנט רעכענען אַזוי, און אויב איר מוזט עפּעס פאַרשרײַבן אין אײַער פּראָטאָקאָל, קאָנט איר פאַרשרײַבן — באַגרענעצטקײַט... שרײַבט, אויב איר דאַרפט עפּעס פאַרשרײַבן. אָבער קיין שום

קאָנטער־רעוואָלוציע, טעראָר, שפּיאָנאַזש... דאָס איז אײַסגעטראַכט, ליגן, און אַזוינס װעל איך ניט אונטערשרײַבן, בשום־אופן!..

ער האָט מיך לאַנג אָנגעקוקט. כאָטש װיפל טעג, ריכטיקער געװעדט, נעכט, מוטשעט ער זיך מיט מיר, און אײַנגעטראַכט זיך אין מײַנע װערטער, געזוכט עפּעס שנעל פאַרשרײַבן אין פּראָטאָקאָל.

אין דער מינוט איז אַרײַנגעקומען דער דיקער, אָנגעכמורעטער מאַיאָר, צוגעגאַנגען צום טיש, ניט לײענדיק קיין אַכט אויף מיר, אַרײַנגעקוקט אין פּאַפּיר, געלייענט דאָס, װאָס דער לײטענאַנט האָט געשריבן.

ער האָט אַ טיפן זיפץ געטאָן, זיך באַגעגנט מיטן לײטענאַנטס אויגן און שטילערהייט, איך זאָל ניט הערן, געזאָגט:

— װידער, קיריל, שרײַבסטו בעלעטריסטיק... װאָס זשע, געפינסט זיך אויף אַ שרײַבערישער פאַרזאַמלונג? פירסט אַ דיסקוסיע װעגן ליטעראַטור?..

דער לײטענאַנט האָט זיך אינגאַנצן פאַרלוירן און אַ זאָג געטאָן:

— איך פאַרשרײַב זײַנע װערטער...

— ער קאָן דיר אָנרײדן אַ גאַנצן זאַק מיט פּוסטע זאַכן!.. ער איז דאָך אַ שרײַבער... און דאָס איז זײַן אַרבעט... מיר דאַרפן פון אים באַקומען עפּעס אַנדערש. פאַרשטײסט? ניט קיין בעלעטריסטיק...

ער האָט מיט כּעס אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און, אָפּמעסטנדיק מיך מיט אַ בײזן, עקלדיקן בליק, אַ בורטשע געטאָן:

— ער װאָלט געדאַרפט צו מיר אַרײַנפאַלן... װאָלט ער פאַרגעסן, אַז ער איז אַ שרײַבער... און דיר, בראַטאָק, װאָלט בעסער געפּאַסט אַרבעטן אין אַ קינדער־גאָרטן און ניט אױספּרעגן קיין סאָנים פון פאָלק!

ער האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער טיר און עס האָט זיך צו מיר דערטראָגן דער אָפּהילך פון זײַנע נערװעזע טריט.

איך האָב, פאַרשטײט זיך, ניט געװוּסט, װאָס פאַר אַ מאַכער איז דאָ אָט דער אָנגעדראָלענער מאַיאָר, װאָס האָט אַזוי שטאַרק אָנגעשראָקן דעם לײטענאַנט, מײַן אױספאָרשער, נאָר פאַרשטאַנען, אַז דער באַכער ברענט, דעם מאַיאָר האָט ניט געשמעקט יענעמס אַרבעט...

און, װי איך װאָסער געקוקט!

אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען מיך אױפגעטאָרעט פינעם שלאָף — מע האָט מיר, װי געװײנ־לעך, דערלײכט אָפּשלאָפן עטלעכע מינוט, — אױפגעװעקט און אװעקגעפירט מיט די לאַנגע, געדרײטע קאָרידאָרן.

דאָס מאָל האָב איך באַמערקט, אַז מײַן געװײנלעכער מאַרשרוט — פון דער אײנצל־קאַמער צו דעם אױספאָרשער — האָט זיך געענדערט. מע האָט מיך אװעקגעפירט גאָר אין אַ צװײטן עק קאָרי־דאָר, און מיר איז לאַנג אױסגעקומען שטײן מיטן פּאָנעם צו דער װאַנט, װאַרטנדיק, ביז מע װעט מיך אַרײַנפירן אין אַ קאַבינעט.

איך בין געװען טויט מיד פון אַ גאַנצן טאָג מעסטן די קאַמער — זעקס טריט צו דער װאַנט און זעקס טריט צו דער טיר, — פון די שלאָפלאָזע נעכט, און װאָלט זיך געפילט גליקלעך, װען איך קאָן זיך שוין צוזעצן אויף דער טאַבורעטקע.

ענדלעך האָט זיך דערהערט אַ הײזעריקלעכע בײזע שטים. און דער נאַדזיראַטעל האָט מיך אַרײַנגעפירט אין אַ האַלב־טונקעלן קאַבינעט, װוּ אויף דער װאַנט איז געהאַנגען אַ גרױסער פּאָרטרעט — יאָסיף סטאַלין שמײכלט: אַלײן די גערעכטיקײט...

אונטער דעם פּאָרטרעט איז געזעסן אײַנגעגראָבן דעם פּליכצװאַטן קאָפּ אין פּאַפּירן דער גראָ־בער מאַיאָר און געקרײכערט. קנוילן פון געדיכטן רויך האָבן פאַרדעקט זײַן אָנגעכמורעט פּאָנעם. ער האָט אויף מיר ניט אױפגעהױבן די אויגן, װי איך זאָל ניט געװען שטײן בײַ דער שװעל, װאַרטנדיק אויף זײַן באַפעל. עטלעכע מאָל האָט ער מיט דער האַנט זיך אַ צי געטאָן צום טעלעפאָן, לאַנג מיט עמעצן גערעדט, זעט אױס, מיט זײַן פּלױנעסטע, זיך נאָכגעפרעגט, צי שלאָפן שוין די קינדער, צי האָבן זײ באַװיזן צוגרײטן די לימודים, געזאָגט, אַז ביז טאָג זאָל מען אויף אים ניט װאַרטן, װײַל ער האָט צו טאָן מיט אײַנגעאַקשנטע סאָנים פון פאָלק, װאָס כיטרעװען, װילן ניט אָנערקענען זײערע זינד און איבקימט אױס נערװירן, פּאַטערן דאָס געזונט מיט די נערװן, נאָר זאָלן די „פּאַדליוגעס” ניט מײנען, אַז ער װעט זיך מיט זײ פּעסטען. בײַ אים װעלן זײ גיך אָנערקענען, װי זײ האָבן געװאָלט אונטערײַסן די ראַטנמאַכט, געשעדיקט...

געענדיקט זײַן געהױבענעם געשפּרעך אין טעלעפאָן, האָט ער אַרױסגענומען פון טישקעסטל אַן עפּל און לאַנג, געשמאַק אים גענומען הריזען, אַלץ ניט קוקנדיק אין מײַן זײַט.

ענדלעך, האָט ער אָפּגעטרייסלט דעם אקוראט אופגענייטן פרענטש, זיך אופגעהויבן פון שטול, איבערגעפירט אף מיר זײַנע שטאָלענע אויגן. דאָס ברייטע מאָנגאָלישע פּאָנעם האָט געטראָגן אף זיך דעם ערד־קאָליר, די טונקעלע קורצע וואָנצעס אונטער דער פלאַטשיקער נאָז האָבן א דריגע געטאָן. ער האָט געקוקט אף מיר מיט זײַנע אָנגעשטרענגטע אויגן, ווי ריאבטשיק אפן טאטן, ווי איך וואָלט אים געווען עפּעס שולדיק, און ער האָט ארויסגעקוועטשט פון זיך:

— איז אָט וואָס פאַר א פּריכט דו ביסט!.. — און ער האָט זיך פאַרכאַפּט. — איך האָב געהערט, אז דו בייזערסט זיך שטארק, ווען מע ווענדט זיך צו אײַך אף „דו”, פאָדערסט זײַן מיט דיר העפלעך, אינטעליגענטיש. נו, גוט, זאָל זײַן אזוי... זעצט זיך אָט דאָרטן... — האָט ער געוויזן אפן בענקל אין ווינקל.

ער האָט ניט געאײַלט אָנגעהויבן איבערלייגן די פּאַפּירן אפן טיש, פון מאָל צו מאָל איבערגעפירט אף מיר דעם בליק, א גלעט געטאָן די וואָנצעס און זיך אָנגערופן:

— איך דאַרף אײַך וואָרענען, אז קיין סאך צײַט האָבן מיר ניט... דער פריערדיקער אויספאָרשער איז פון די יונגע... ער האָט מיט אײַך, זע איך, געפירט „אינטעלעקטועלע”, „שרײַבערישע” געשפרעכן. בא מיר וועלן די פּיילע שטיק ניט דורכגיין...

דאָס מאָנגאָלישע פּאָנעם איז מיטאמאָל געוואָרן אָנגעשטרענגט, די וואָנצעס האָבן ווידער נערוועז א דריגע געטאָן:

— איך האָב קיין צײַט ניט זיך מיט אײַך דאָ צערעמאָניען... דערציילט אלץ וועגן אײַער קאָנטררעוואָלוציאָנערער שפּיאָנישער טעטיקייט... מיר, די אָרגאַנען, ווייסן אלץ וועגן אײַך. אָט זײַנען פאַקטן... — ער האָט אויפגעלייגט די שווערע האַנט אף א דיקער פּאַפּקע. — סטארעט זיך ניט ארויסדרייען. עס וועט ניט העלפן...

— איך האָב שוין געזאָגט, — האָב איך, פּרוּווּנדיק ריידן רויק, זיך אָנגערופן, — אז איך בין קיין שום פאַרברעכן פאַרן היימלאנד ניט באַגאַנגען... דאָס האָב איך באַוויזן מיט מײַן גאַנץ לעבן, באַזונדערס בײַ דער פאָטערלענדישער מילכאָמע, ווען איך בין דעם ערשטן טאָג אוועק פרײַוויליק אפן פראָנט און מיט דער ארמיי דורכגעגאַנגען איר רומפולן וועג...

יענער האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט:

— אַ־אַ, אײַך דאַכט זיך, אז איר טרעט ארויס אף א ליטעראַרישן אָוונט? עפּשער וואַרט איר אף אפּלאָדיסמענטן? — האָט ער יעזויטיש פרעך געזאָגט. — אָט זעט, וואָס דאָ איז פאַרשריבן, וואָס עס זאָגן אף אײַך אײַערע קאָלעגן, דעריקער, אונדזער אַגענטור, וועלכער מיר גלייבן גיכער פון אלץ...

— דאָס אלץ איז ליגן... אויסגעטראַכט... פאַלסיפיצירט! — האָב איך ניט אויסגעהאַלטן. און יענער איז אַרײַן אין גרימצאָרן:

— וואָס? ליגן? אויסגעטראַכט? פאַלסיפיצירט? הייסט עס, אונדזערע אָרגאַנען, וועלכע דער כאַווער סטאַלין גלייבט, ווי זיך אליין, פאַלסיפיצירט, טראַכט אויס? זאָגט ליגן? איר ווייסט, וואָס עס קומט אײַך בלויז דערפאַר, וואָס איר טרײַבט רעכילעס אף די אָרגאַנען?!.. מיר זײַנען באַרופן אָפּהיטן פון די סאָנים און שפּיאָנען די ראַטנמאַכט. איר טראָגט אף זיך א שווערע לאַסט מיט פאַרברעכנס...

ער האָט געמאַכט א קורצע פּאַוזע, פאַררייכערט, זיך פאַרטראַכט און, א וואָרף געטאָן דעם ציגאַר אין ווינקל, פאָרגעזעצט:

— איר זײַט א שרײַבער געווען, אזא מענטש, און שטעלט אײַער לעבן אין קאָן... איר האָט א פאַמיליע, א ווײַב מיט קינדער און ווילט ניט פאַרגרינגערן אײַער גורל?.. מיר פאָדערן פון אײַך בלויז איינס: איר דאַרפט אונדז, די אָרגאַנען, הייסט עס, העלפן. אָפנהאַרציק אנערקענען אלע אײַערע פאַרברעכנס, אלע אונטערשרײַבן און, דעריקער, העלפן דער אויספאָרשונג אופדעקן, אנטשעדיקן אײַער נאַציאָנאַליסטיש־שפּיאָנישע באַנדע...

— וואָס, מײַן באַנדע? — האָב איך א שמייכל געטאָן. — אָט דאָס איז שוין גאָר עפּעס נײַס! איך האָב זיך ניט פאָרגעשטעלט, אז איך וועל אמאָל זײַן אין א באַנדע...

— יאָ, יאָ! נאָר אזוי דאַרף מען אײַך קוואַליפיצירן!.. — האָט ער אופגערעגט מיך איבערגעריסן און געטומען שנעל, נערוועז איבערוואַרפן די פּאַפּירן אפן טיש. — איר מאַכט זיך פאַר אן אומשולדיק שעפּעלע, קלוימערשט, איר זײַט א מאַלעך, איר ווייסט, נעבעך, ניט פון עפּעס צו זאָגן... איר ווייסט ניט, אז איר זײַט אן אָנטיילנעמער פון א שפּיאָנישן צענטער... איר וועט אונדז דרייען א מוייעך און זאָגן, אז איר זײַט ניט פאַרבונדן מיט די שפּיאָנען, נאַציאָנאַליסטן איציק פעפער, פּערעץ מאַרקיש, האָפשטיין, קוויטקאָ... בערגעלסאָן... איר זײַט אפילע מיט זיי ניט באַקאַנט, וועט איר עפּשער זאָגן?.. ניט געווען פאַרבונדן מיטן מאָסקווער ייִדישן אנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט?.. מיט דעם צענטער?..

— איך בין מיט זיי ניט נאָר וואָס באַקאַנט, א סאך יאָרן בין איך מיט זיי באַפרײַנדעט, געאַרבעט צוזאַמען מיט זיי... איך בין זייער שילער...

— אָט־אָט־אָט!.. — האָט דער גראָבער מאַיאָר זיך דערפרייט. — איך זע, אז איר הייבט שוין
אָן טראַכטן...

— יאָ, איך קען זיי אַלעמען... דאָס זײַנען ערלעכע סאָוועטישע מענטשן, עמעסע פּאַטריאָטן פֿון אונדזער לאַנד... טאַקע דערפֿאַר, וואָס איך קען זיי גוט, דערפֿאַר ווייס איך, אַז זיי זײַנען ניט נאָר וווּנדערלעכע סאָוועטישע פּאַטריאָטן, נאָר אויך גרויסע שרײַבער מיט וועלט־נעמען... איך קאָן פֿאַר זיי דעם קאָפּ געבן, אַז דאָס זײַנען עכטע מענטשן...

— דערציילט בעסער, וויאַזוי האָבן זיי אײַך אַרײַנגעצויגן אין זייער נעץ! — האָט דער פֿאַרשוין אויסגעשריגן. — העלפֿט אונדז אויפֿדעקן די באַנדע... אַלע זיי האָבן שוין אַלץ אָנערקענט, אונטער־געשריבן...

— איך ווייס ניט, וואָס זיי האָבן אָנערקענט, אונטערגעשריבן, — האָב איך מיט שטאָלץ אַרײַנגעשטעלט, — נאָר דאָס זײַנען ערלעכע סאָוועטישע פּאַטריאָטן, וווּנדערלעכע שרײַבער...

— זיי אַליין אָנערקענען, אַז זיי זײַנען „סאָנים פֿון פֿאָלק”, זיי אַליין האָבן אָנערקענט, אַז זיי האָבן זיך פֿאַרקויפֿט די אויסלענדישע שפּיאָן־צענטערס, געשאַפֿן אַ קאָנטר־רעוואָלוציאָנערן שפּיאָנישן צענטער... זיי האָבן אָנערקענט...

— איך זע, אַז איר קאָנט צווינגען מענטשן אָנרעדן אויף זיך דער רוער ווייסט וואָס... איך זע, מיט וועלכע מעטאָדן איר קאָנט צווינגען...

דער אויספֿאָרשער איז אויפֿגעשפּרונגען פֿון אָרט און אַ דונער געטאָן מיטן פֿויסט איבערן טיש:

— איר טרײַבט רעכילעס אויף אונדזערע אָרגאַנען!.. פֿאַר אַזאַ זאַך וועט איר באַקומען די פֿולע קאַטושקע... איר זײַט יונג... איך פֿאַרשטיי, אַז איר זײַט געווען פֿאַרגלייבט אין די מאַכראָווע דיווער־סאַנטן. דאָס האָבן זיי אײַך אַרײַנגעצויגן אין זייער נעץ... פֿון אײַך וועלן מיר אַזוי שטרענג ניט פֿאָדערן, ווי פֿון זיי...

— איך מעלדע אײַך, אַז קיינער האָט מיך אין ערגעץ ניט אַרײַנגעצויגן. קיין שום צענטער איז ניט געווען. דאָס איז ליגן, ניט עמעס... ניט געווען...

— וואָס וואָס זאָגט איר? ניט געווען? — האָט ער זיך שטאַרקער צעשריגן, — זיי האָבן וועגן דעם געמאָלדן, און איר ווילט עס אָפּלייקענען?! וואָס זשע, איר ווייסט בעסער פֿון זיי?

— איך ווייס ניט בעסער פֿון זיי, נאָר איך קען אַ סאַך יאָרן אונדזערע גרויסע סאָוועטישע שרײַבער... דאָס זײַנען ערלעכע מענטשן, פּאַטריאָטן...

איך האָב געפֿילט, ווי מוראשקעס לויפֿן איבער מײַן פּלייצע. צי דען האָבן אונדזערע גדולים אונטערגעשריבן אַזעלכע ווילדע זאַכן אויף זיך, אויף דער ליטעראַטור? אַזעלכס האָב איך זיך ניט געקאָנט פֿאָרשטעלן. כ'בין געוואָרן פֿאַרגליווערט. פֿאַר מײַנע אויגן זײַנען דורכגעגאַנגען אונדזערע וווּנדערלעכע שרײַבער. דאָ, אין דעם וויסטן קאַבינעט, איז אין מײַן זיקאָרן אויפֿגעשוווּמען איציק פֿעפֿער, אָט דער האַרציקער, פֿול מיט קלוגשאַפֿט, דיכטער, דער פֿריילעכסטער מענטש, וועלכן איך האָב געטראָפֿן אויף מײַן וועג. וויפֿל זײַנען מיר מיט אים אַרומגעפֿאָרן איבער שטעט און שטעטלעך פֿון אוקראַינע, אַרויס־געטראָטן. סאַרא ליבשאַפֿט האָט ער זיך דעראָבערט באַם פֿאָלק! דאָוויד האָפֿשטיין, דער וווּנדערלעכער ליריקער, דער גוטהאַרציקער רעבע פֿון אַ גאַנצער פּלעיאַדע טאַלאַנטפֿולע יונגע דיכטער. לייב קוויט־קאָ, דער גרויסער קינדער־זינגער, דער עכטער פֿאָלקסמענטש. פּערעץ מאַרקיש — דער ברויזנדער טריבון, דער גרויסער מײַסטער פֿון דער עפּישער פּאָעמע, דער וווּנדערשיינער דיכטער, וואָס איז אויף דעם גרויסן בײַראָנען געווען ענלעך, — דיכטער, וועלכע זײַנען באַרימט אין דער גאַנצער וועלט, די באַשײַנונג פֿון מײַן פֿאָלק! דאָוויד בערגעלסאָן, דער גרויסער מײַסטער פֿון פּראָזע!.. איז אָט די קלאַסיקער האָבן זיך פֿאַרקויפֿט דעם אימפּעריאַליזם? זיי זײַנען געוואָרן סאָנים פֿון פֿאָלק? סאַרא ווילדע פּראָוואָקאַציע, אַ בילבל, וואָס מע קאָן פֿאַרגלײַכן מיטן ביילים־פּראָצעס, מיטן דרייפֿוס־פּראָצעס! פֿאַר זיי האָט די גאַנצע וועלט זיך אָנגענומען, אויפֿגעהויבן די שטים קעגן די שוואַרצע קויכעס, שוואַרצמייעניקעס און לעסאָף דערוויזן, אַז עס איז אַ בילבל קעגן אונדזער פֿאָלק. און ווער וועט זיך אײַנשטעלן פֿאַר אונדזערע גרויסע שרײַבער, אַז מע האָט דעם פֿאָלק פֿאַרמאַכט דאָס מויל און אונדז, זייערע יינגערע פֿרײַנט, זייערע שילער, האָט מען אויך פֿאַרשפּאַרט הינטער די גראַטעס, און מיר קאָנען גאָרנישט ניט טאָן פֿאַר אונדזערע לערער, פֿרײַנט?.. ניין, זאָל מען מיך דאָ שנײַדן אויף שטי־קער — איך וועל קיינמאָל ניט זאָגן שלעכטס אויף מײַנע פֿרײַנט, איך וועל קיינמאָל ניט אונטערשרײַבן, אַז זיי זײַנען פֿאַרעטער. אויב זיי האָבן יאָ עפּעס אויף זיך שלעכטס אונטערגעשריבן, איז דאָס אַ סימען, אַז מע האָט זיי געצוווּנגען, מע האָט זיי דערפֿירט צו אַזאַ צושטאַנד, ווען דער טויט איז זיי געווען ליבער, ווי דאָס לעבן...

דער הימל פֿון יענער זײַט פֿענצטער האָט גענומען ווערן עטוואָס גרויער, ליכטיקער. עס האָט אָנגעהויבן שאַריען אויף טאָג. איך האָב געזען, ווי דער פֿאַרשוין האָט זיך שוין אָנגעהויבן פֿאַרעדן פֿון מידקײַט. אַלעמאָל איז ער געבליבן שטום, צוגעמאַכט די אויגן, דער קאָפּ האָט זיך געבויגט צום טיש. מיטאַמאָל האָט ער אַ הייב געטאָן דעם קאָפּ. גענומען אויסרײַבן מיט די קולעקעס די אויגן,

געשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי ער וואָלט אָפּגעטריבן פֿון זיך שווערע מאַכשאָוועס. ער האָט גענומען קוקן אויף מיר מאָדנע, ווי ער זאָל ניט וויסן, ווער עס זיצט אויף דער טאַבורעטקע און וואָס דאַרף ער מיט אים טאָן. ער האָט אַ קוק געטאָן אויפֿן האַנטזייגער. זעט אויס, עס איז געקומען די צײַט, ווען ער דאַרף ענדיקן די „אַרבעט״. ער איז געזעסן און שווײַגנדיק לאַנג געקוקט אויף מיר, דערנאָך, אַ הייב געטאָן זיך פֿונעם שטול, געזאָגט:

— איך זע, אַז מיט גוטן וועלן מיר מיט אײַך גאָרנישט ניט מאַכן... איר ווילט זיך ניט אַנטוואָפֿענען, איר טרײַבט רעכילעס אויף אונדזערע אָרגאַנען. און איך האָב געמיינט, אַז איר וועט זיך פֿירן גוט און מיר וועלן קאָנען פֿאַרגרינגערן אײַער לאַגע... הייסט עס, ווילט איר ניט העלפֿן אונדז אויפֿדעקן אײַער באַנדע?..

די טיר האָט זיך פּלוצעם אָן עפֿן געטאָן, און אין קאַבינעט איז אַרײַן אַ קליינוווּקסיקער קײַלעכיקער פּאָלקאָווניק מיט אַ קײַלעכיקן ריין געגאָלטן קאָפּ און אויף דער קורצער, עטוואָס פֿאַריסענער נאָז אַ פּאָר ברילן. וואַרפֿנדיק אויף מיר אַ בייזן בליק, זיך ניט אָפּגעשטעלט, צוגעגאַן צום טיש, בײַ וועלכן עס איז געשטאַנען ווי אַ סטורקאַטש, אויסגעצויגן אין פֿרונט, מײַן אויספֿאָרשער. וווּהין האָט זיך אַהינגעטאָן זײַן האָנער? ער איז געשטאַנען, די אויגן געווענדט אויפֿן פּאָלקאָווניק, זעט אויס, זײַן נאַטשאַלניק, וועלכער האָט אַרײַנגעקוקט אינעם ריינעם פּאַפּיר, וואָס איז געלעגן אויפֿן טיש. דאָרטן איז נאָך גאָרניט געווען אָנגעשריבן און ער האָט זיך פֿאַרקרימט, פֿאַרשטאַנען, אַז דעם אויספֿאָרשער האָט זיך נאָך גאָרנישט ניט אײַנגעגעבן אויסשלאָגן פֿון מיר.

דער פּאָלקאָווניק האָט זיך אָפּגעווענדט פֿונעם טיש, אַ קוק געטאָן אין מײַן זײַט און זיך פֿאַנאַנדערגעלאַכט:

— איך זע, אַז די אַרבעט גייט בײַ אײַך זייער פּאַוואָליע...

— כאָוועך פּאָלקאָווניק, — האָט אַרײַנגעשטעלט מײַן אויספֿאָרשער, — אַ גאַנצע נאַכט זיצן מיר מיט אים און ער לייקנט אַלץ... ער טרײַבט רעכילעס אויף די אָרגאַנען און פֿאַרטיידיקט זײַנע קאָלעגן... זאָגט, אַז קיין שום פֿאַרברעכערישער צענטער איז ניט געווען... אַז די אָרגאַנען אונדזערע...

— דאָס איז אַ באַוווּסט לידעלע בײַ זיי!.. — האָט דער פּאָלקאָווניק אים אָפּגעשטעלט. — גיט אים צו פֿאַרשטיין, אַז מיט די אָרגאַנען שפּאַסט מען ניט, ווײַל זיי קאָנען מיט אים אַזוי אַ שפּאַס טאָן, ער זאָל אויפֿן גאַנצן לעבן געדענקען... אַזעלכע כיטרע סאָנים האָבן מיר געזען... זאָל ער זיך שפּילן מיט פֿײַער... ניט אַזעלכע האָבן מיר אײַנגעבראָכן...

ער האָט זיך אָנגעבויגן איבערן טיש, עפּעס שטילערהייט געזאָגט דעם מאַיאָר און זיך געלאָזט ענערגיש צו דער טיר. אויף איר שוועל זיך אַ קער געטאָן:

— זעצט פֿאָר... אויב ער וועט זיך ווײַטער אַקשענען, וועלן מיר גיך אויף אים געפֿינען אַן אופּראַווע. גלײַך מעלדעט מיר. מיר וועלן זיך מיט אים לאַנג ניט פּאָרען... מיר קאָנען צווינגען. דערקלערט עס אים פּאָפּולער... אָט אַזוי.

די טיר האָט אָפּגעהילכט, זיך פֿאַרמאַכט, און דער אויספֿאָרשער האָט פֿרײַער אָפּגעאָטעמט, זיך אַראָפּגעלאָזט אויפֿן אָרט, אָפּגעך גענומען עפּעס שרײַבן, און איך בין געזעסן, ווי אַ פֿריטשמעליעטער, פּרוּווּנדיק אַרײַנדרינגען אין די ווערטער, וואָס יענער האָט מיר פֿריִער געזאָגט. אין מײַער האָט זיך ניט געקאָנט אײַנמאָסטען דער געדאַנק, אַז עמעצער פֿון אונדזערע גרויסע שרײַבער זאָל אָנערקענען, אונטערשרײַבן אויף זיך אַזעלכע שרעקלעכע כאָטאָים. עס האָט זיך ניט געלייגט אויפֿן זינען. דאָס האָבן זיי דאָך אונטערגעשריבן אויף זיך אַ שרעקלעכן אורטייל! וואָס פֿאַר אַ צענטער? וואָס פֿאַר אַ פֿאַרבינדונג מיטן אימפּעריאַליזם? ניט אַנדערש ווי זיי האָבן אַזוי געמאָלדן, קעדיי צו די העכערע אינסטאַנצן זאָל דערגיין דער מורעדיקער אַבסורד, וואָס מע אינקרימינירט זיי. דערנאָך, דאָרט, אין די אינסטאַנצן, וועט די שווידערלעכע פּראָוואָקאַציע אויפֿגעדעקט ווערן און דער עמעס וועט אַרויפֿשווימען ווי בוימל אויפֿן וואַסער... איך האָב זיך פֿאָרגעשטעלט, ווי אַזוי מע האָט דאָרטן אין טורמע זיך אײַדיעקעוועט איבער מײַנע קאָלעגן, ווען מע האָט געצוווּנגען אונטערשרײַבן ווילדע זאַכן...

דער אויספֿאָרשער האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿונעם אָרט, אויסגעגלײַכט די ביינער און זיך אָנגעריפֿן:

— איך פֿרעג אײַך צום לעצטן מאָל און ענטפֿערט גלײַך, אָן פֿילאָסאָפֿיע. צי אָנערקענט איר, אַז זײַענדיק אַרײַנגעצויגן אינעם נאַציאָנאַליסטישן, אַנטיסאָוועטישן צענטער דורך די מאָסקווער שרײַבער...

— איך אָנערקען, — האָב איך אָן אויפֿגערעגטער איבערגעשלאָגן, — אַז קיין שום צענטער איז ניט געווען און אין ערגעץ האָט מען מיך ניט אַרײַנגעצויגן... די באַשולדיקונג איז ליגן... צוגעטראַכט פֿונעם אָנהייב ביזן סאָף...

דער פֿליכבעוואַטער אויספֿאָרשער איז געבליבן שטיין, אָנגעשפּיזט אויף מיר זײַן עקלדיקן בליק, אַ רעגע שווער געסאָפּעט, דערנאָך זיך אַ ריס געטאָן צו זײַן אָרט, אָפּגערוקט די פּאַפּקע מיט

מײַן „דיעלאָ“, אַרויסגענומען פֿונעם טישקעסטל אַ מעסער, עס ניט געײַלט צעעפֿנט, גענומען עס פּראָווען אױף דער דלאָניע. דאָס בלוט האָט זיך אין מיר אָנגעצונדן, נאָר איך האָב זיך געדולדיק אײַנגערעדט ניט פֿאַרלירן דעם מוט. באַמיִענדיק זיך האַלטן רויִק, האָב איך אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, ווינקענדיק אױפֿן מעסער, וואָס דער אױספֿאָרשער האָט געהאַלטן אין דער האַנט:

— אַזוי קלײַבט איר זיך מיך צווינגען אונטערשרײַבן אײַערע אויסטראַכטענישן? — האָב איך זיך מיט אַ שמייכעלע דאָך אױפֿגעהויבן פֿון אָרט, טאָמער וועט זײַן אַ גויטפֿאַל צו פֿאַרטיידיקן מײַן מענטשישע ווירדע. — איך ווייס ניט, באַטשאַלניק, ווו איר זײַט געווען בײַם דער מילכאָמע, נאָר איך בין די גאַנצע צײַט געווען אױפֿן פֿראָנט, געזען טויזנטער טויטן און מיך איז שווער איבער־צושרעקן... איך האָב טויזנט מאָל געזען דעם מאַלכאַמאָוועס פֿאַר די אויגן... זיך ניט דערשראָקן... און איך אייצע אײַך מיט מיר ניט שפּאַסן... איך האָב שוין ניט וואָס צו פֿאַרלירן... איך האָב געהערט, אַז איר האָט אַ ווײַב מיט קינדער... פֿאַרגעסט ניט...

ווי איך וואָלט דעם פֿאַרשוין אָפּגעגאָסן מיט אַ קאַלטן עמער וואַסער. ער איז געבליבן שטיין, ווי אַ צוגעוואַקסענער צום אָרט. צעעפֿנט דאָס מויל. ניט געוווּסט, וואָס זאָגן. ער האָט אָנגעקוקט מײַן שמייכעלע, דאָס פּאָנעם האָט זיך בײַ אים מיטאַמאָל געביטן. עס האָט זיך אױף דעם אויך באַוויזן אַ סימען פֿון אַ שמייכל, עמעס, אַן איבערגעקערטער, און ער האָט גענומען פֿאַרמאַכן דאָס מעסער:

— וואָס זשע, איר האָט געמיינט, אַז דאָס וויל איך צו אײַך אָנווענדן דאָס מעסער, אײַך סטראַשען? ניין... איך זע, אַז די פֿאַנטאַזיע אַרבעט בײַ אײַך שוואַך. כ'האָב געוואָלט פֿאַרשניצן דעם בלײַער, — האָט ער אַ ווונק געטאָן אױפֿן טיש, ווו עס איז ווייִקלעך געלעגן אַ בלײַער... און ער האָט אַפֿגיך אַרײַנגעוואָרפֿן דאָס מעסער אין טישקעסטל. אַ ווונק געטאָן אין מײַן זײַט, באַפֿוילן זיך זעצן אױף דער טאַבורעטקע און איז געוואָרן ערנסטער, שטרענגער.

ער האָט עפּעס שנעל אָנגעהויבן שרײַבן, נאָר דערהערט אַ קלונג אין טעלעפֿאָן, אָפּגעלייגט דאָס העפֿטל און געכאַפּט דאָס טרײַבל, זיך אײַנגעקוקט אין מיר, צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, שטילערהייט איבערגעכאַזוערט:

— יעסט... טאַק טאָטשנאָ... טאַק טאָטשנאָ... בודיעט סדעלאַנאָ... פּאָניאַל...

גוט, הייסט עס, טאַקע אַזוי וועט אַלץ געטאָן ווערן, ער פֿאַרשטייט.

ער האָט אַ טיפֿן געניעץ געטאָן, פֿאַרשפּיליעט דעם פֿרענטש אױף אַלע קנעפּ. אַ ווונק געטאָן מיטן בליק, איך זאָל גיין מיט אים, און געעפֿנט פֿאַר מיר די טיר.

אין קאָרידאָר האָט ער זיך אָפּגעשטעלט לעבן אַ קלײנער נישע, אויפֿגעעפֿנט אין דער וואַנט אַ טירל, עס אַן עפּן געטאָן און פֿאַר מײַנע אויגן האָט זיך באַוויזן אַ שמאָלינקער „באָקס“, ווו בלויז איין מענטש האָט געקאָנט שטיין. אַהער האָט דער פֿאַרשוין מיך אַרײַנגעשטופּט, פֿאַרהאַקט פֿאַר מײַנע אויגן דאָס טירל. איך בין שוין געשטאַנען אין אַזאַ שטיינערנעם זאַק, ווו עס איז ניט געווען מיט וואָס צו אָטעמען, ווו מע האָט זיך ניט געקאָנט אַ קערעווע טאָן.

ווען ניט דער גרויסער לאָמפּ, וואָס איז געווען אײַנגעקאָוועט אין דער סטעליע איבער מײַן קאָפּ און געשניטן די אויגן, וואָלט איך זיי צוגעמאַכט און געפּרוּווט כאַפּן אַ דרעמל, נאָר דאָס טאָן איז געווען אומעגלעך. די שײַן האָט ניט געלאָזט. איך האָב געפּרוּווט זיך אײַנהערן, וואָס טוט זיך פֿון יענער זײַט פֿון מײַן לעבעדיקן קייווער, נאָר אַלץ אַרום איז געווען שטום און טויב.

דער מויעך האָט געאַרבעט אָנגעשטרענגט. איך האָב געוואָלט באַגרײַפֿן, וואָס קומט פֿאָר אַרום מיר, אין לאַנד, אױף דער וועלט? צי דען איז זי מעשוגע געוואָרן? ניט אַנדערש, ווי דער גרויסער גאָני אונדזערער, דער פֿאָטער פֿון אַלע פֿעלקער, ווייסט ניט, וואָס הינטער זײַן נאָז טוט זיך. מע באַהאַלט פֿון אים אויס די שרעקלעכע מײַסים, וואָס קומען פֿאָר אַרום. ווען איך קאָן אים, סטאַלינען, אָנשרײַבן אַ בריוו, דערציילן אַלץ, וואָס איך האָב געזען, געפֿילט און איבערגע־לעבט פֿאַר די טעג, וואָס איך געפֿין זיך אין דעם שרעקלעכן העקדעש!

איך האָב צוגעמאַכט די אויגן, און עס האָט זיך אָנגעקײַקלט אױף מיר דער אומפֿאַרגעסלעכער פֿרימאָרגן פֿון 24 יוני 1945. דער פּאַראַד פֿון ניצאָכן איבער דעם דײַטשיש־פֿאַשיסטישן כאַיל. איך בין געשטאַנען אין דער ערשטער ריי, אַנטקעגן דעם מאַוזאָליי, פֿאַרפּוצט אין אַ נײַעם פּאַראַד־מונדיר מיט אַ קאַסקע אױפֿן קאָפּ און אַ שווערד אין דער האַנט. אױפֿן רויטן פּלאַץ זײַנען געשטאַנען אין גלײַכע רייען יובלדיקע פּאָלקן: צו איינעם פֿון יעדן פֿראָנט, וואָס האָט געקעמפֿט פֿיר יאָר קעגן די פֿאַשיסטישע קאָהאָרטעס. ס'איז געקומען דער טאָג, וואָס מיר אַלע, פֿראָנטאָוויקעס, דאָס גאַנצע פֿאָלק, די גאַנצע וועלט, האָט אױף אים געוואַרט. טויזנטער געסט פֿון פֿאַרשיידענע לענדער שטייען אין אומרויִקער דערוואַרטונג בײַ דער קרעמל־וואַנט, אַרום דעם לענין־מאַוזאָליי. עס גיסט אַ שטאַרקער רעגן, נאָר ס'מאַכט ניט אויס. כאָטש מיר זײַנען שוין פּיטש־נאַס, אַרט דאָס אונדז ניט. אונדזערע בליקן זײַנען צוגעקאָוועט צו די קרעמל־קוראַנטן. נאָך עטלעכע מינוט, און זיי וועלן אויסציילן צען. עס וועט זיך אָנהייבן דער פּאַראַד פֿון ניצאָכן. מיטאַמאָל האָט אַ הילך געטאָן דער

גרויסער האַמוין מיט שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן. אויף דער טריבונע איז אַרופגעגאַנגען סטאַלין אין זיין גענעראַליסימוסישן מונדיר. צום ערשטן מאָל האָב איך אים דערזען אַ לעבעדיקן. אין זיינע גרויע וואָנצעס האָט געשפּילט אַ שמייכעלע. אין מיין פאָרשטעלונג איז דער גרויסער „פאָטער פון פעלקער" געווען הויך און שלאַנק, נאָר איך האָב פאַר זיך דערזען אַ קליין איינגעשרומפּן מענטשל, מיט אַ צעקנייטשט, שטאַרק געשטופּלט פּנים, עפּעס ניט יענער סטאַלין, וואָס מיר האָבן געזען אויף אַלע פּאָרטרעטן. באַנאַנד מיט אים האָט זיך אויף דער הויכער טריבונע באַוויזן אַ כאַליאַסטרע הויכע מיליטערלייט — מאַרשאַלן, גענעראַלן, זיי זיינען געווען אין לאַנגע כאַקיקאָלירענע רעגנמאַנטלען. נאָר דער גענעראַליסימוס איז געווען אָנגעטאָן אין זיין קיטעל. די „באַשיידנקייט" אַליין! ער האָט מיט אַ צופרידענעם בליק באַטראַכט די אויסגעשטעלטע אויפן פּלאַץ סאָלדאַטן, אָפיצערן, זייערע רויטע שלאַכט־פּאַנען, וועלכע האָבן געפלאַטערט אונטערן ווינט. עמעצער פון סטאַלינס באַדינער האָט אונטערגעטראָגן דעם גענעראַליסימוס אַ רעגנמאַנטל, יענער זאָל אים אָנטאָן, זיך פאַרטיידיקן פונעם שטאַרקן רעגן, נאָר דער „גרויסער גענױאַלער פירער" האָט איבערגעפירט זיין אָנגעצויגענעם בליק אויף די אויסגעשטעלטע רייען דורכגענעצטע סאָלדאַטן און אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, באַפוילן אוועקנעמען דעם רעגנמאַנטל, ווי ער זאָל דערמיט מיינען: „נישקאָשע, איך קאָן שטיין אין מיין מונדיר אָן אַ רעגנמאַנטל. מיינע סאָלדאַטן שטייען אויפן פּלאַץ אָן מאַנטלען..." מיר אַלע האָבן דעם זשעסט באַמערקט און זיינען געווען באַגייסטערט, סאַראַ גרויסער מענטש פירט אָן מיט אונדז — די גערעכטיקייט אַליין! ער האָט געבראַכט דאָס לאַנד צו אַ ניצחון. איצט וועלן מיר מיט געמיינזאַמע קויכעס אויפשטעלן דאָס צערוינירטע לאַנד, פאַרהיילן די וווּנדן און עס וועט זיך אָנהייבן אַ לעבן, אַז די גאַנצע וועלט וועט אונדז מקנא זיין. מיר האָבן זיך אָנגעשטויסן וועגן דעם שוידערלעכן ווילקיר, וואָס איז דערלאָזט געוואָרן אין 1937, 1938 און אין די שפּעטערדיקע יאָרן, וועגן אומשולדיקע קאָרבאָנעס, וועגן העפקיירעס, וואָס זיינען אין לאַנד דערלאָזט געוואָרן. נאָר דאָס פאָלק האָט דעראָבערט אַזאַ גראַנדיעזן ניצחון, וועט מען איצט איינשטעלן אַ גליקלעך לעבן, דאָס פאָלק האָט דערוויזן, אויף וואָס עס איז פעיק! איצט וועט דאָס לעבן אַוועק גאָר אַנדערש. אָט שטייט דער מענטש מיט די גרויע וואָנצעס. פון אים איז אַלץ געווענדט. מער קיין העפקיירעס וועט ער ניט דערלאָזן. דאָס לאַנד וועט פון איצט אָן לעבן גליקלעך...

די קרעמל־קוראַנטן שלאָגן צען מאָל. אָט איז אַרויסגעפאָרן אויף זיין ווייסן פערד פון די ספּאַסקער טויערן דער מאַרשאַל זשוקאָוו, אַנטקעגן אים טראָגט זיך דער מאַרשאַל ראָקאָסאָווסקי, וואָס קאָמאַנדעוועט מיטן פּאַראַד. עס דוכט זיך, אַז ראָקאָסאָווסקי פליט אויף זיין פערד, וועלכער צאָקעט הילכיק מיט די טלאָען איבער דעם אַלטן ברוק פונעם רויטן פּלאַץ. פון אונטער די טלאָען רייסן זיך אַרויס פונקען. דער גאַנצער פּאַראַד — אַלע קאָלאָנעס פון די פראָנטן — שפּירט מיט באַגייסטערונג נאָך דער פייערלעכער צערעמאָניע. סטאַלין שטייט אויף דער טריבונע און אויף זיינע ליפּן אונטער די גרויע וואָנצעס שפּילט אַ שמייכל, דאָס געשטופּלטע אַלטגעוואָרענע פּנים שפּיגלט אָפּ אַ צופרידנקייט... איבערן פּלאַץ הילכט „הוראַ", אַזאַ יאָמטעוו איז דאָ נאָך קיינמאָל ניט געווען. עס פאַרשטאַרקט זיך דער רעגן, נאָר וואָס מיר רעגן, ווער מיר רעגן — דער פּלאַץ טריומפירט! עס וועט זיך אָנהייבן אַ נייע טקופע. מע וועט ניט וויסן פון הונגער, נויט, אומגערעכטיקייט. אַלע וועלן זיין גליקלעך. דאָס שלעכטס, וואָס איז געווען אין לאַנד, וועט זיך שוין קיינמאָל ניט איבערכאַזערן!..

עס הילכט דער דריטהאַלבנטויזנטיקער בלאָז־אָרקעסטער, מיט וועלכן עס פירט אָן דער גענעראַל טשערנעצקי. עס פייקלען די פייקלעך פון די יונגיטשקע סוואָראָווצעס, וועלכע הייבן אָן דעם פּאַראַד. אָט באַווייזט זיך אַ קאָלאָנע פון צוויי הונדערט סאָלדאַטן, וואָס טראָגן צוויי הונדערט פייַנטלעכע פּאַנען און שטאַנדאַרטן. אַפילו דעם שטאַנדאַרט, מיט וועלכן אַדאָלף היטלער האָט פּלאַנירט זיך דורכגיין איבערן רויטן פּלאַץ, ווען זיינע ווילדע האָרדעס וועלן אַריין קיין מאָסקווע...

אונטערן געשאַל פון די טרומייטן שלײַדערן אונדזערע סאָלדאַטן די פייַנטלעכע, פאַרכאַפּטע אין די שלאַכטן, פּאַנען צום צופוסנס פון לענין־מאַוזאָליי.

אָט שפּאַנט מיט אַ געטאָקטן טראָט איין קאָלאָנע נאָך דער צווייטער. מיר גייען שטאָלצע, איבערגעפולטע מיט פרייד, היספּײַלעס און ליבע, מיר מאַרשירן איבערן רויטן פּלאַץ, און דער „פאָטער פון אַלע פעלקער" אַפּלאָדירט אונדז, שמייכלט מיט זיין איינגעהאַלטן שמייכעלע צו אונדז, ווייל ער האָט דאָך געזיגט, ניט דאָס פאָלק, ער איז דער הויפּט־באַלסימכע היינט. ניט זיין פאָלק. זיין פאָלק איז וואָס? ער וועט וועלן, וועט ער אַרויסשיקן דאָס פאָלק אויף „סאָלאָוקי", אין זיינע לאַגערן, וועט זיך אים פאַרוועלן, וועט ער פאַרשפּאַרן אָט די אַלע גענעראַלן, די סאָלדאַטן אין טורמעס, אַלע וועלן ציטערן פאַר זיין געדער. ער איז דאָס אייבערשטע פון שטייסל. אייביק וועט מען זיך פאַר אים בוקן, וואָס ער איז אַזאַ גענױאַלער פאָלקנפירער. דער גרעסטער מענטש אויף דער ערד...

מיר האָבן אויף אים דעמלט געקוקט, ווי אויף א גאָט, געטראַכט, אז נאָך אזעלכער איז נאָך ניט געבוירן געוואָרן. נאָר פאַרוואָס האָט מען ביז דער מילכאָמע דערמאָרדעט אין די טורמעס און לאַגערן אזויפיל וווּנדערלעכע עכטע מענטשן?

מיר האָבן געגלייבט, אז מער וועלן זיך אויף אונדזער ערד קיין העפקיירעס, אומגערעכטיקייטן ניט איבערכאַזערן. דאָס גאַנצע פאָלק האָט סיי אויף די פראָנטן, סיי אין טיפן הינטערלאַנד דערוויזן די געטרײַשאַפט און איבערגעגעבנקײַט דעם לאַנד.

מיר האָבן דעמלט געגלייבט אין אים, ניט קוקנדיק דעריף, וואָס ער האָט אויף דער טריבונע דעמלט אויסגעזען אינגאַנצן ניט אזוי, ווי אויף די פּאָרטרעטן...

און אָט איז דער שאָ, שטייענדיק אין מײַן שײַנענדיקן קייווער, שיר ניט דערדושעט געוואָרן, איז מיר געקומען אויפן זינען יענער אומפאַרגעסלעכער טאָג אין יענע שאָ. און איך האָב נאָכאַמאָל א טראַכט געטאָן, אז דער „געניאַלער פירער" ווייסט ניט, וואָס עס טוט זיך אויף זײַן ערד, אז טרײַע, עכטע מענטשן שמאַכטן אין די קאַזעמאַטן, און די טאַליאָנים איזדיעקעווען זיך איבער אומשולדיקע ווי נאָר זיי קאָנען.

איך טראַכט א פאַרלוירענער וועגן מײַן לאַגע, וועגן דעם, וואָס עס קומט פאָר מיט מיר און וווּ איך געפין זיך. מיך כאַפּט ארום א שוידער.

איך האָב ניט געוווּסט, וויפל איך בין אזוי אָפּגעשטאַנען אין דעם שוידערלעכן „באָקס". דערהערט מרינ, האָב איך פאַרגעסן אין אַלץ, וועגן וואָס איך האָב נאַרוואָס געטראַכט. דאָס טירל האָט זיך געעפנט, און איך האָב דערזען מײַן אויספאָרשער און א נאַדזיראַטעל, וועלכע האָבן אויף מיר מאָדנע געקוקט. נאָך דעם, ווי איך בין אָפּגעשטאַנען דאָ אזא צײַט אָן לופט, האָב איך זיך פאָרגעשטעלט, וואָס פאַר א פּאָנעם איך האָב איצט געהאַט. מיך האָט געמאַטערט די גאַנצע צײַט א שווערער געדאַנק: וואָס וועלן איבערטראַכטן מײַנע באַקאַנטע, מײַנע פרײַנט, וועלכע געפינען זיך אויף דער פרײַ? צי דען וועט עמעצער קאָנען א קלער טאָן, אז איך בין אין עפּעס פאַרמישט, אז איך בין א פאַרעטער, און עפּעס־וואָס שולדיק? צי דען וועט מײַן זון גלייבן, אז זײַן פאָטער, וואָס איז דורכגעגאַנגען אזא שווערן וועג און לעבן, דעריקער, אויף דער מילכאָמע, האָט פאַראַטן זײַנע אידעאַלן? נאָר וויאַזוי גיט מען דאָס איבער אויף דער פרײַ? ווילדע באַשולדיקונגען ווילן אינדז צושרײַבן אומלײַט, פאַרקויפטע נעשאָמעס!

דער אויספאָרשער האָט געקוקט אויף מיר מיט האַס, א ווונק געטאָן דעם נאַדזיראַטעל, אז ער מעג מיך אָפּפירן אין מײַן איינצל־קאַמער. הײַנט בין איך פרײַ...

— פּאַשלי! קום! — האָט יענער א ברום געטאָן, און מיך אָוועקגעפירט מיט די געדרייטע קאָרידאָרן אהין, פונוואַנען מע האָט מיך גענומען, נאָך דעם ווי מע האָט מיר דערלויבט אָפּשלאָפן אויף מײַן שרעקלעכן בעטל עטלעכע מינוט, אָוועקגעפירט אהער.

איך האָב שוין פאַרפריִער געוווּסט, אז באַלד וועט דער אופזעער, וואָס שטייט, ווי א סטורקאַש, לעבן מײַן קאַמער, אריינלאָזן מיך אינעווייניק, הייסן שנעל זיך אויסטאָן און זיך צולייגן שלאָפן, אָבער ווי נאָר איך וועל אָפּליגן עטלעכע מינוט, וועט ער עפענען אין דער טיר די „קאָרמושקע" און אויסשרײַען: „פּאָדיאָם! געגוג געגעכטיקט!" און צווינגען ווידער ארומגיין איבער דער קאַמער ביז צען אזייגער באַנאַכט און דערנאָך מיך ווידער אָוועקפירן צו מײַן אויספאָרשער...

א שרעקלעכע עקזעקוציע! ווער האָט עס צוגעטראַכט ניט לאָזן שלאָפן א סאַך נעכט, דערפירן דעם מענטשן ביז מעשוגאַס?!

נאָר איך האָב זיך צונויפגענומען מיט אַלע קויכעס און זיך באַמיט האַלטן, זיך שטאַרקן.

מע וויל מיך אזויאַרום אײַנברעכן, צווינגען אָנשרײַבן אויף זיך אַליין און אויף מײַנע קאָלעגן א שרעקלעכן אורטייל, צוטראַכטן פאַרברעכנס, וועלכע איך בין קיינמאָל ניט באַגאַנגען און ניט געטראַכט באַגיין.

אַן אויסגעשעפּטער, אָפּגעשוואַכטער, ווי א שיקערער, די הענט אויף הינטן, ווי דער נאַדזיראַטעל האָט שטרענג געפאָדערט, האָב איך געפּלאָנטערט מיט די פיס איבער די האַלב־טונקעלע, קרומע קאָרידאָרן. און כאָטש מײַן היטער האָט די גאַנצע צײַט אונטערגעטריבן, איך זאָל גיין גיכער, האָט זיך בא מיר גאָרנישט ניט באַקומען. איך בין געווען שוידערלעך פאַרמאַטערט פון די שלאָפלאָזע נעכט און געוווּסט, אז דאָס איז נאָך ווײַט ניט דער סאָף. עס וועלן נאָך אָוועקגיין א סאַך נעכט, ווען מע וועט מיך ניט לאָזן צומאַכן מיט אַן אויג.

איך האָב זיך קוים־קוים דערשלעפּט צו מײַן קאַמער. מיט וואָס פאַר א פאַרגעניגן וואָלט איך א פאַל געטאָן אויף מײַן אײַזערן טורמע־בעטל אין אײַנגעשלאָפן! דאָס וואָלט איצט געווען פאַר מיר דאָס גרעסטע גליק. נאָר מיטן גאַנצן געדאַנק האָב איך פאַרשטאַנען, אז שלאָפן וועט מען מיך נאָך ניט לאָזן. דאָ איז אַלץ פּינקטלעך אויסגערעכנט. דער גראַפיק פון איזדיעקעווען זיך אויף די אַרעסטאַנטן איז דאָ א פּינקטלעכער! דאָ דערלאָזט מען ניט קיין אָפּשוואַכונג. אַלץ איז דאָ אָפּגעוווויגן, פּינקטלעך, ווי אין א גוטער אַפּטייק.

און אַט שטיי איך שוין מיטן פּאָנעם צו דער דיקער, עקלדיקער, געפּאַרבטער מיט בלאָווער לייב, טיר. זי צעעפנט זיך פאַר מיר, און איך פאַל אריין צו זיך אין קאַמער און וואַרף זיך אויף מיין טירמע־בעטל. און מיר דאַכט זיך, אַז איך בין נאָך קיינמאָל אין לעבן ניט געלעגן אויף אַזאַ גרייסאַרטיק בעטל... איך פּרוּוו צומאַכן כאָטש אויף עטלעכע רעגעס די אויגן, נאָר — אַ נעכטיקער טאָג! דער מוירעדיק גרויסער לאָמפּ שלאָגט אין פּאָנעם מיט זיינע דריי הונדערט ליכט, און נישטאָ, וווהין באַהאַלטן די אויגן. אָט־אָט וועל איך איינדרעמלען. נאָר עס צעעפנט זיך אין טיר דאָס קליי־נינקע פענצטערל פון דער „קאַרמישקע" און איך דערהער דאָס אָנגעדראָלענע קאָל פון מיין היטער:

— היי, וואָס האָסטו זיך אוועקגעלייגט אין אָנטאָן? טו זיך אויס און לייג זיך שלאָפן, ווי אַ מענטש!..

סאַראַ טייערער, באַרעמהאַרציקער פאַרשוין. ער זאָרגט פאַר מיר אַזוי שטאַרק. איך האָב געוווּסט לויט דער אינטויציע, אַז נאָך אַ מינוט צען־פופצן, און דער זעלבער פאַרשוין וועט מעלדן „אָטבאָי!", צווינגען זיך אויפכאַפּן און זיך אַרומדרייען איבער מיין קליינינקער איינצל־קאַמער...

# „דעריקער אַ מענטש — אַ סטאַטיאַ[1] וועלן מיר אים צוקלייבן"

מיינע אויספאָרשער האָבן זיך אַזוי אָפּט געביטן, אַז איך האָב נישט באַוויזן פאַרגעדענקען ניט בלויז זייערע פּענעמער, נאָר אויך זייערע נעמען. און עס איז ניט געווען פאַרשטענדלעך, צוליב וואָס ווערט עס געטאָן?

אָט האָט מיך געעגבערט מיט זיינע אָנגעשטרענגטע, שפּיציקע אויגן איינער און אָט אַ צווייטער. אָט האָט מיך גענומען סטראַשען אַ יונגער לייטענאַנטל, אַן אויסגעפּוצטער, אַקוראַט ציגעקעמטער, אין אַ שפּאָגל־נייעם מונדיר, אָדער אַן אָנגעכמורעטער באַיאָרטער אָפיצער, וועמען עס איז שוין לאַנג נימעס אומאָוועס געוואָרן זיין אַרבעט און זיינע סטאַנדאַרטע פראַגן, וועלכע ער האָט פאַרגעבן אפּריער ווייסנדיק, אַז מע וועט אים ענטפערן, אַז דאָס זיינען אָנגעטראַכטע באָבע־מייסעס, ניט געשטויגן, ניט געפלויגן. אָט האָט זיך פלוצעם אריינגעריסן אין קאַבינעט, ווי עס איז געגאַנגען דער פאַרהער, אַ גאַנצע כאָפּטע אויספאָרשער, און מע האָט דיך אָנגעהויבן באָמבאַרדירן מיט פראַגן פון אַלע זייטן. און דו האָסט ניט געוווּסט, אין וועלכער זייט קוקן און וועמען פריער ענטפערן. נאָר ווי עס זאָל ניט זיין, איז דאָס אַלץ געטאָן געוואָרן באַנאַכט, ווען די גאַנצע וועלט שלאָפט און נאָר דו איינער מוזט זיצן מיט אָפענע אויגן אויף דער צוגעקאָוועטער אין ווינקל טאַבורעטקע און זיין וואַך.

ווער עס האָט זיך איזדיעקעוועט איבער דיר, באַליידיקט אָנגערירט דיין ווירדע, געזידלט מיט די לעצטע ווערטער, און ווער עס האָט זיך באַמיט זיין צו דיר ווייך, ווי טייג, נאָר האָסט גוט פאַרשטאַנען די פריז פון יענעמס „גוטסקייט".

אָבער אַלץ האָט געדינט איין זאַך — דיך האַלטן אפן שרעקלעכן קאָנווייער: ניט לאָזן איינשלאָפן, איינדרעמלען אויף קיין רעגע דיך האַלטן אין שטענדיקער אָנשטרענגונג, אין שרעק, אין מוירע — דאָס האָט שטאַרקער פון אַלץ געווירקט אויף דיין פּסיכיק, אויף דיין אויפירונג, אויף דיינע ענטפערס.

שוין אַ שטיקל צייט, ווי איך האָב ניט געזען דעם מאַיאָר מיטן הויקער. וואָס זשע איז מיט אים געשען? אויף מיר האָט ער געמאַכט אַן איינדרוק, אַז ער ווייסט בעסער פון אַ סאַך אַנדערע, אַז איך בין אין גאָרנישט ניט שולדיק, נאָר ער דאַרף מיר פאָרט עפּעס צושרייבן, אַנדערש, פאַרוואָס זאָל מען אים דאָ האַלטן אויף דער אַרבעט, צאָלן געהאַלט? איינמאָל, ווען יענער איז געווען אין אַ גוטער שטימונג, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם נעפּל, האָט ער אויף מיין פראַגע, פאַרוואָס איז נאָך פון די דאָזיקע וועגט קיינער ניט אַרויסגעגאַן אויף דער פריי, צי דען טרעפן ניט קיין אומשולדיקע, געענטפערט מיט אַ סאַרקאַסטיש פריקרע שמייכעלע און זיך גלייך פאַרכאַפּט: „בא אונדז דערלאָזט מען ניט קיין פעלערן. סטאַלין האָט אין שפּיץ פון אונדזער אַנשטאַלט שטענ־

[1] אַן אַרטיקל (אין דעם קרימינעלן קאָדעקס).

דיק געשטעלט זײַנע בעסטע באַליבטע פֿרײַנט, מיטקעמפֿער... „אונדז גיב א מענטש — א כטאַטיא וועלן מיר אים שוין יאַקאַס צוקלײַבן!..״

און פֿון זײַן טײַוואַלאַנישער כאַכמע זײַנען בא מיר איבערגעלאָפֿן מוראשקעס איבערן לײַב.

כאָטש דער מאַיאָר איז געווען די גאַנצע צײַט אָנגעדראָלן, בײַז אָנגעכמורעט, נאָר לויט זײַן אױפֿירונג האָב איך באַמערקט, אז ער פֿאַרמאָגט ניט קיין פֿאַקטן, קעדיי מיך פֿאַרפּלאָנטערן, און ער האָט געוווּסט, אז קיין סמאָך מיך צו האַלטן הינטער די גראַטעס איז לאַכלוטן ניטאָ. ער האָט אָבער געמוזט צוטראַכטן פֿאַר מיר א לונג־און־לעבער. און ער האָט זיך געמאַטערט. ער האָט ניט געהאַט, בא וואָס זיך פֿאַרטשעפּען און זיך געדרייט ארום דעם, אז איך האָב געשריבן אַף ייִדיש, און וויבאַלד אַזוי, האָב איך געוועקט באַם פֿאָלק נאַציאָנאַלע געפֿילן און דאָס, קלוימערשט, הייסט נאַציאָנאַלע באַגרענעצטקײַט, נאַציאָנאַליזם. אַזויאַרום, האָט ער געטײַנעט, האָבן מיר גע־שטערט דורכפֿירן די פּאָליטיק פֿון אַסימיליאַציע פֿון די ייִדן. ווען מיר שרײַבן ניט אַף ייִדיש, וואָלט, קלוימערשט, דאָס ייִדישע פֿאָלק זיך ענדגילטיק אַסימילירט און עס וואָלטן ניט געווען קיין פּראָבלעמען, אַלע אומדזערע פֿעלקער וואָלטן גערעדט און געשריבן אַף איין שפּראַך, אַף רוסיש, און מיר וואָלטן גיך אױסגעבויט אַן אײנשפּראַכיקע געזעלשאַפֿט...

זײַנע טיפֿע „טעאָרעטישע באַהויפּטונגען״, ניט געקוקט אַף דער ביטערער אױסוועגלאָזער לאַגע, אין וועלכער איך און מײַנע קאָלעגן־שרײַבער האָבן זיך געפֿונען, האָבן בא מיר אָפּטלעך אַרױסגערופֿן א שמייכל, און ער האָט זיך געבייזערט, פֿאַרשטייענדיק, אז דאָ איז ער ניט אינ־גאַנצן קאָשער.

און דאָך, אז איך האָב אים עטלעכע מאָל ניט געטראָפֿן אין זײַן קאַבינעט און אַף זײַן אָרט איז געזעסן אַן אַנדערער, האָב איך א ביסל באַדויערט, ווײַל אַלע האָבן זיי אָנגעהויבן פֿון סאַמע אָנהייב.

נישטאָ מײַן אױספֿאָרשער, ווי אין וואַסער אַרײַן, נעלעם געוואָרן. און אין דעם אַנשטאַלט וועט מען דיר ניט גיין דערקלערן, וווּ איז ער אַהינגעקומען. און אײגנטלעך, ער גייט דיר אָן, ווי צײַנ־ווייטיק. געווען און נישטאָ. און כאַפּט אים דער וואַטנמאַכער. וועט זײַן א צווייטער, א דריטער. דאָ זײַנען די לײַט פֿאַראַן גענוג און איבערגענוג. אין דעם אַנשטאַלט, וווּ „דער גרויסער פֿאָטער פֿון אַלע פֿעלקער״ האַלט בעראָש זײַנע בעסטע און ערלעכסטע פֿרײַנט און מיטקעמפֿער, — יעזשאָוון, אַבאַקומאָוון, ווישינסקין, יאַגאָדען, בעריאַן, זשאַלעוועט מען ניט קיין געלט אַף אױסהאַלטן א מוירעדיקן אַפּאַראַט, קיינער ציילט זיי ניט, די לײַט, וועלכע שיקן צום טויט, אין די לאַגערן, אין די טורמעס און קאַזעמאַטן טויזנטער אומשולדיקע מענטשן...

נישטאָ איין אױספֿאָרשער, וועמען גייט עס אָן, ווו ער געפֿינט זיך און ווער וועט אים באַ־דיערן?

נאָר אין דעם פֿאַל, הײַנט, איז מײַן אױספֿאָרשער געווען אַף זײַן אָרט, אַף זײַן שטעלע און קיין האָר איז דערווײַל פֿון זײַן קאָפּ ניט אַראָפּגעפֿאַלן.

לאָזט זיך אױס, אז דעמלט, בײַס מע האָט מיך פֿאַרהאַלטן אין א געוויינלעכן דאָנערשטיק באַטאָג אין צענטער שטאָט, ניט ווײַט פֿון מײַן הויז און מיך אַרײַנגעזעצט אין א שוואַרצער מאַ־שין און פֿאַרפֿירט גלײַך אין טורמע, אין קאַמער, בײַס דער אונטערזוכונג, האָט מען צווישן מײַנע קעשענע־פּאַפּירן געפֿונען א קאָמאַנדירונג פֿונעם שרײַבער־פֿאַריין. איך בין ביז דעם פֿרימאָרגן העכער א כוידעש צײַט געווען אין די קאַרפּאַטן, אַף די נאַפֿט־באַצירקן, געלעבט די גאַנצע צײַט טיף אין די בערג, אין אַן אַרבעטער־ייִשעוו, און גאַנצע טעג און נעכט זיך געפֿונען צווישן די נאַפֿט־טורעמס, צווישן די נאַפֿטלער, זיך צוגעקוקט צו זייער אַרבעט, געשפּירט נאָך זייער לעבן, זיך צוגעהערט צו זייערע רייד, כאָכמעס, וויצן, דערלערנט די מענטשן. איך האָב זיך געקליבן אָנשרײַבן עטלעכע דערציילונגען, פֿאַרצייכענונגען, מעגלעך, א בוך וועגן דעם לעבן פֿון די אַרבע־טער־נאַפֿטלער פֿון די קאַרפּאַטן. מיך האָט אַהין קאָמאַנדירט דער שרײַבער־פֿאַריין.

א באַגײַסטערטער, אַן איבערפֿולטער מיט גוטע אײַנדרוקן וועגן מײַנע באַגעגענישן מיט אַרבעטער־נאַפֿטלער — עלטערע, ייִנגערע, וועטעראַנען, — האָב איך זיך אומגעקערט אַהיים מיטן מיין זיך גלײַך זעצן צו מײַן אַרבעט, נאָר אַפֿן צווייטן טאָג, נאָכן אומקערן זיך פֿון די קאַרפּאַטן, האָבן די „העלדישע״ בעריא־לײַט אינמיטן העלן טאָג, אינמיטן דער שטאָט „געכאַפּט דעם שרעק־לעכן פֿאַרברעכער״, וואָס האָט ניט אַרויסגעוויזן קיין באַוואָפֿנטן ווידערשטאַנד, און מע האָט אים פֿאַרשפּאַרט הינטער די גראַטעס. דאָס וואָס מע שרײַבט אים צו, מאַכט ער צו נישט און כאַסמעט ניט אונטער. ער וויל קיין שלעכטס וואָרט ניט זאָגן אַף זיך און זײַנע קאָלעגן, וואָס זיצן הינטער די גראַטעס, יענע „פֿאַרברעכער״, וועלכע האָבן געשאַפֿן אין מאָסקווע א נאַציאָנאַליסטיש־שפּיאָניש־אַנטיסאָוועטישן און נאָך דער טײַוול ווייסט, וואָס פֿאַר א צענטער. ער זאָגט, אז קיין שום צענטער איז ניט געווען, אז דאָס איז א פּראָוואָקאַציע, אַן אױסגעטראַכטע מײַסע פֿונעם אָנהייב ביזן סאָף...

נאָר וואָס זשע, די אָרגאַנען דערלאָזן ניט קיין פֿעלערן, אומזיסט זעצט מען בא אונדז ניט אײַן

קיין מענטשן, מע וועט זיי באַווײַזן, אַז זיי זײַנען פאַרברעכער, אויב מע האָט זיי אַהער געבראַכט.

און אָט דאָ האָט מען באַ מיר געפֿונען די קאָמאַנדירונג, וואָס דערציילט, אַז איך בין אַ שטיק צײַט געווען אין די קאַרפּאַטן, דאָרטן, ווו מע שעפּט פֿון די ערד־טיפֿעניש נאַפֿט. ווײַבאַלד אַזוי, איז דאָך גאַנץ וואַרשײַנלעך, אַז געפֿאָרן בין איך אַהין, אין די קאַרפּאַטן, צוליב דעם, קעדיי דורכפֿירן דיווערסיעס, אונטעררײַסן די נאַפֿט־קוואַלן, אונטעררײַסן די עקאָנאָמיק פֿון דעם לאַנד, שעדיקן, פֿירן אַנטיסאָוועטישע אַגיטאַציע... וואָס נאָך איז פֿאַראַן אין די קאַרפּאַטן? דאָרט זײַנען פֿאַראַן אַ סאַך באַנדעראָווצעס? ווער זײַנען דאָרט די באַנדעראָווצעס? אוקראַיִנישע נאַציאָנאַליסטן, קעגנער פֿון דער ראַטנמאַכט! קאָן מען דאָך טאַקע פֿאָרשטעלן דעם איניען אַזוי, אַז איך בין געפֿאָרן אין די קאַרפּאַטן, קעדיי זיך פֿאַרבינדן מיט די באַנדעראָווצעס, ביכדיי פֿאַרבינדן די יידישע נאַציאָנאַליסטן און די אוקראַיִנישע, און צוזאַמען קעמפֿן קעגן דער ראַטנמאַכט, פֿאַר אַ זעלבשטענדיקער, סאַמאָסטײַנער אוקראַיִנע... און אויב דעם אויספֿאָרשער וועט געלינגען ווײַזן־אַז עפּעס דערפֿון צונויפֿקניפּן, וועט ער באַקומען אַ גרויסע באַלוינונג, עפּענען אַ נײַ זײַטל אין דער אַרבעט פֿון בעריאַס קנופּיע...

דער אויספֿאָרשער מײַנער איז, לאָזט זיך אויס, אַוועקגעפֿאָרן נאָך מײַנע שפּורן. ער איז געקומען אין שטאָטקאָם, ווו ער האָט געטראָפֿן דעם ערשטן סעקרעטאַר, באַרוזדינען, און לאַנג זיך נאָכגעפֿרעגט, וואָס האָב איך אין זײַן נאַפֿט־ראַיאָן געטאָן, וועלכע דיווערסיע־אַקטן דורכגעפֿירט? נאָר דער סעקרעטאַר איז געווען אַן ערלעכער מענטש, אַ געוועזענער שאַכטיאָר פֿון דאָנבאַס, אָנגעקוקט דעם הויפּט־שטאָטישן „פֿאָרשטייער" מיט פֿאַרוווּנדערטע אויגן און אים געזאָגט, אַז קיין שום דיווערסיעס אויף די נאַפֿט־קוואַלן האָט דער שרײַבער ניט דורכגעפֿירט, פֿאַרקערט. זיך באַגעגנט מיט נאַפֿטלער, דורכגעפֿירט אַ גאַנצע ריי ליטעראַרישע אָוונטן, געלייענט זײַנע אייגענע ווערק, דער אוילעם האָט דעם שרײַבער גלענצנד אויפֿגענומען, דער מעכאַבער איז געווען אומעטום אַ געגאַרטער גאַסט, צונויפֿגעזאַמלט אַ סאַך מאַטעריאַל פֿאַר אַ נײַעם בוך, אָפּגעדרוקט אין דער געגנטלעכער צײַטונג אַ גאַנצע ריי אינטערעסאַנטע פֿאַרצייכענונגען וועגן די אַרבעטער...

דער אויספֿאָרשער איז געבליבן געפּלעפֿט, ניט געוווּסט, וווהין זיך אַהינטאָן. דער סעקרעטאַר האָט, לאָזט זיך אויס, וועגן מיר גערעדט אַזוי גוט, גלײַך ווי עס איז געקומען צו אים ניט קיין „גרויזאַמער אויספֿאָרשער פֿון דעם באַרימטן אַנשטאַלט", נאָר אַ מענטש, וואָס דאַרף מיר אָנשרײַבן אַ רעליאַציע, מיך צושטעלן צו אַ מעלוכישער באַלוינונג...

נאָר דער אויספֿאָרשער האָט צום סוף געבעטן, דער סעקרעטאַר פֿון שטאָטקאָם זאָל אים דערקלערן, פֿאַרוואָס איז דער שרײַבער פֿאַרפֿאָרן און זיך באַזעצט אין אַ טײַבן יאַלדיישעוו, ווו עס דרייען זיך אַרום באַנדעראָווצעס און וואָלטן געקאָנט אים הארגענען, און ניט אין שטאָט, אין האָטעל?

דערויף האָט יענער באַקומען אַן ענטפֿער, אַז דער שרײַבער האָט זיך ספּעציעל באַזעצט אויף דעם נאַפֿט־באַצירק, צווישן די נאַפֿטלער, קעדיי זיך נעענטער באַקענען מיטן לעבן פֿון די אַרבעטער. ער איז דאָך אַ שרײַבער און דאַרף גוט קענען די מענטשן און די אַרומיקײַט, וועגן וואָס ער שרײַבט...

נאָר דערמיט האָט דער אויספֿאָרשער זיך ניט געקאָנט באַנוגענען און איז אַליין צוגעפֿאָרן אין דעם יישעוו, ווו איך האָב געוווינט, און זיך גענומען דערפֿרעגן וועגן מײַנע „דיווערסיעס" און מײַן „אַנטיסאָוועטישער אַגיטאַציע". דער אוילעם קאַרפּאַטער נאַפֿטלער האָט דעם פֿאָרשוין אויסגעלאַכט, און ער איז פֿון זיי אַוועק, ווי אַן אָפּגעצוואָגענער...

לאָזט זיך אויס, אַז כוץ גוטס, האָט דער אויספֿאָרשער גאָרניש ניט געהערט וועגן מײַן רײַזע אין די קאַרפּאַטן...

און דער סעקרעטאַר פֿון שטאָטקאָם האָט אַפֿילע גלײַך אָנגעקלונגען צו מיר אַהיים, צו מײַן פֿרוי, און איבערגעגעבן, אַז דאָס, וואָס איך געפֿין זיך הינטער די גראַטעס, גלייבט ער, איז אַ מעשוגעדיקע מיספֿאַרשטייעניש און דאָס, וואָס אומרײנע לײַט ווילן מיר צושעפּן, איז אַ ווילדע זאַך און אינגיכן וועל איך באַפֿרײַט ווערן, ווײַל די פּאַרטיי און רעגירונג וועלן ניט דערלאָזן, מע זאָל אומזיסט און אומניסט זיך איזדיעקעווען איבער ערלעכע סאָוועטישע שרײַבער...

נאָך דעם, ווי איך האָב זיך באַקאַנט מיט נאָך עטלעכע אויספֿאָרשער פֿון פֿאַרשיידענע ראַנגען און כאַראַקטערן און אויסגעהערט אומגעלומפּערטע פֿראַגן און געגעבן ענטפֿערס, פֿון וועלכע אַלע זײַנען אַרויס אומצופֿרידן און מיך געזידלט מיט די לעצטע ווערטער, לעמאַי איך וויל ניט אָנערקענען מײַנע „פֿאַרברעכנס", העלפֿן דער אויספֿאָרשונג אויפֿדעקן די „סאָנים פֿון פֿאָלק", האָט מען מיך ווידער געבראַכט אין קאַבינעט, ווו איך האָב געטראָפֿן דעם הויקער, דעם מאַיאָר.

ער האָט אויף מיר געקוקט מיט גאַזלאָנישע אויגן, איז געווען איבערגערודערט. אים האָט זיך געדאַכט, אַז פֿאַר דער צײַט, וואָס ער איז דאָ ניט געווען, האָבן זײַנע קאָלעגן „מיך אײַנגעבראָכן"

און איך וועל ווערן ווייכער, נאָר ער האָט דערזען דעם זעלבן אקשן, וועלכער האָט אלץ אָפּגע־לייקנט.

נאָך מער. ער איז געווען גרייט אָנווענדן צו מיר אלע שרעקלעכע מיטלען, קעדיי מיך צווינגען אנערקענען מײַנע „פארברעכנס".

איצט האָט ער גערעדט צו מיר מיט א געהעכערטער שטים, געפאָדערט, איך זאָל אים דער־ציילן וועגן מײַן אנטיסאָוועטישער טעטיקײַט אין די קארפאטן, ווו איך בין ערשט ניט לאנג געווען, מיט וועלכע קאָנטר־רעוואָליוציאָנערע קרײַזן בין איך דאָרטן געווען פארבונדן.

דאָס איז פאר מיר געווען אינגאנצן אומדערוואַרט און איך האָב זיך אפילע פאנאנדערגעלאכט.

מיט דעם האָב איך בא אים ארויסגערופן גרימצאָרן. ער האָט זיך צעשריגן אף מיר, איך זאָל ניט מיינען, אז מיט געלעכטער וועל איך דאָ אָפּקומען. ער פארמאָגט אזעלכע מיטלען, הייסט עס, ער זאָל מיך שטענדיק אָפּגעווינען לאכן. איך זאָל ניט מיינען, אז איך זיץ דאָרט, אין שרײַ־בער־פאריין, און כאָכמע זיך, פארווײַל די מענטשן, מײַנע לייענער. וועגן לאכן און שרײַבן דארף איך אף אייביק פארגעסן. די אויספאָרשונג האָט געניע יעדיעס, אז אין דעם קארפאטער קאנט, צו די נאפטלער בין איך געפאָרן, קעדיי זיך פארבינדן מיט די אנטיסאָוועטישע, נאציאָנאליסטישע רעשטלעך און זיי העלפן שעדיקן, פירן אונטערגרײַסערישע ארבעט. און דעריקער האָט ער פון מיר געפאָדערט, איך זאָל דערציילן, וויאזוי איך האָב זיך דאָרטן און ביכלאל מאסקירט די גאנצע צײַט, וויאזוי איך האָב געפירט פאָרזיכטיק מײַן אונטערגרײַסערישע ארבעט...

אָט האָסטו דיר! א שפּאָגל־נײַער בילבל אף מײַן קאָפּ! דער אויספאָרשער האָט מיר פינקטלעך דערקלערט, אז מיט דער פראגע האָט ער זיך פערזענלעך פארנומען און האָט גענוג מאטעריאלן צונויפגעזאמלט וועגן מײַן שעדלעכער אגיטאציע און איך וועל זיך בעשום־אויפן ניט אויסדרייען...

מײַן ענטפער אף די אלע אינסינואציעס איז געווען אן איינדײַטיקער. אין די קארפאטן בין איך געווען אין א שעפערישער קאָמאנדירונג און צונויפגעזאמלט מאטעריאל פאר א נײַעם בוך. און וואָס שײַעך דעם, וואָס דער הויקער וויל מיר צושעפּען, איז דאָס א ווילדע אויסטראכטעניש פון א מענטשן מיט א קראנקער פסיכיק. א ליגן. א פאלשקײַט. א פראָוואָקאציע...

דער מאיאָר האָט געקנאלט מיטן קולעק איבערן טיש, געדראָט. ער, הייסט עס, איז דאָך אליין געפאָרן אין יענעם קאנט און פערזענלעך זיך איבערצײַגט אין מײַן אנטיסאָוועטישער ארבעט, אין דער שעדיקערײַ...

אף אלע זײַנע בייזע פראגעס האָב איך געענטפערט איינס, אז ער טרײַבט רעכילעס ניט בלויז אף מיר, נאָר אויך אף די וווּנדערלעכע ארבעטער, קאָמוניסטן, געזעלשאפטלעכע טוער פון די קארפאטן, מיט וועלכע איך האָב זיך באגעגנט פאר דער צײַט, וואָס איך בין דאָרטן געווען. ווען דער אוילעם, פאר וועלכן איך בין ארויסגעטראָטן, וואָלט באמערקט, אז איך טו קרומע זאכן, זינדיק קעגן דער ראטנמאכט, גלייב איך, וואָלט מען מיך גלײַך אָפּגעשטעלט און מיט מיר ניט געוואָלט האָבן צו טאָן... מיך האָבן דאָרטן אופגענומען אלע מיט גרויס קאָוועד און געבעטן קומען אהין אָפטער...

איך האָב זיך געשטארקט, ניט געקוקט אף דער מידקײַט, אף די שלאָפלאָזע נעכט, אף מײַן אָפּגעשוואכטקײַט. איך האָב זיך באמיט ניט פארלירן דעם מוט, ניט אָנווערן די מענטשישע ווירדע, ניט קריוודען. איך האָב געוווּסט, אז דאָ גייט ניט בלויז אין מײַן פערזענלעכן גוירל, דאָ איז א ווילדע פראָוואָקאציע קעגן מײַן פאָלק. דאָ וויל מען באשולדיקן די שרײַבער, די אינטעליגענץ, לערער, דאָקטוירים, פּראָפעסאָרן, אקטיאָרן פון יידישן אָפּשטאם, אז זיי זײַנען קעגנער פון דער ראטנמאכט, נאציאָנאליסטן און נאָך דער רועך ווייסט וואָס. דאָ שפּינט מען א שרעקלעכע פּראָ־וואָקאציע קעגן מײַן פאָלק, וואָס איז טרײַ דעם לאנד, וואָס האָט צוזאמען מיט אלע פעלקער פונעם ראטנלאנד בייס דער מילכאָמע מעסירעסנעפעשדיק געקעמפט קעגן פאשיזם, צענדליקער טויזנטער בעסטע זין פון מײַן פאָלק זײַנען געפאלן אין די שלאכטן פארן קאָוועד און לעבן פון אונדזער היימלאנד, וועד זשע וויל פארקאָכן א נײַעם „ביילים־פּראָצעס", „א דרייפוס־פּראָצעס"?!

טעמפּע קעפּ! אזעלכס איז שוין געווען. דאָס איז שוין פאר דער וועלט ניט קיין נײַס! עס לעבן נאָך אף אונדזער ערד מענטשעלעך, וועלכע בענקען נאָך די אלטע פארשאָלטענע צײַטן און ווילן אָנרייצן די שווארצע קרײַזעס אף אונדזער פאָלק. אָט ערשט ניט לאנג האָבן שווארצמייעניקעס פארקאָכט א שפּאָגל־נײַע קויטיקע קאשע מיט אזויגערופענע „קאָסמאָפּאָליטן", די יידן, הייסט עס, זײַנען קלוימערשט אנטיפאטריאָטן, שוינען ניט דאָס לאנד, ווו זיי זײַנען געבוירן געוואָרן, ווו זיי ווײַנען שוין טויזנט יאָר אין איין ברידערלעכער מישפּאָכע מיט אלע סאָוועטישע פעלקער. פאר די שווארצע קרײַזעס איז דאָס געווען א לעקעכל פאר דורכפירן זייערע אנטיסעמיטישע פראָוואָקאציעס, אנטיפאטריאָטן. מיט וואָס זשע וועלן זיי דערקלערן, וואָס בייס דער מילכאָמע איז א האלבער מיליאָן יידישע כעוורע געווען אפן פראָנט און דרײַ הונדערט טויזנט זײַנען געפאלן אין די בלוי־טיקע שלאכטן, צענדליקער טויזנטער זײַנען געבליבן קאליקעס, אינוואלידן?..

עס איז נאָך ניט אָפּגעקילט געוואָרן דאָס פֿאַרגאָסענע בלוט, די סאָלדאַטן האָבן נאָך ניט באַוויזן פֿאַרהיילן זייערע ווונדן, און אָט איז ווידער געקומען אַן אומגליק — די בעסטע שרײַבער, אַקטיאָרן, דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, די אינטעליגענץ איז ווידער באַשולדיקט געוואָרן הינט בעריאַס בלוטדורשטיקע קאַטן אין פּאַראַט, נאַציאָנאַליזם, שעדיקערײַ און נאָך אין דער ריער ווייסט וואָס.

זיי שפּינען אַ שרעקלעכע נעץ, גרייטן אומגעלומפּערטע פֿאַלשע פּראָצעסן, וואַרפֿן אָן אַ פּאַכעד אַף די פֿעלקער. עכטע פּאַטריאָטן ווערן באַשולדיקט אין פּאַראַט, אין שאַפֿן לעפּישע „צענטערס", „אָרגאַניזאַציעס", ניט געשטויגן, ניט געפֿלויגן!

און מע וויל מיך צווינגען, איך זאָל אַזאַ מיִעסקייט, נידערטרעכטיקייט אונטערשרײַבן?

קיינמאָל ניט! דאָס וועלן זיי זיך פֿון מיר ניט דערשלאָגן... איך וועל גיכער נעמען אַף זיך דעם טויט.

דער הויקער זאָגט מיר, ווידער, אַז איך קאָן „פֿאַרלײַכטערן מײַן לאַגע", אַלץ, וואָס מע וויל מיר צושרײַבן, זאָל איך אָנערקענען, נעמען אַף זיך, איך זאָל זיך ווענדן אין די הייכע אינסטאַנצן און בעטן באַגנעדיקונג, מע זאָל מיר מויכל זײַן... וואָס מויכל זײַן?! קיינמאָל וועל איך דאָס ניט טאָן! איך בין ניט שולדיק, איך אָנערקען ניט קיין פֿאַבריקירטע „פֿאַרברעכנס", איך וויל ניט, מע זאָל מיך באַגנעדיקן, ראַכמאָנעס האָבן אַף מיר — איך בין ניט באַגאַנגען קיין שום פֿאַרברעכנס און קאָן אַרומגיין איבער דער וועלט מיט אַ הויך פֿאַרהויבענעם קאָפּ און קוקן מענטשן גלײַך אין די אויגן!

דער אויספֿאָרשער רופֿט מיר אָן אַ גאַנצע ריי נעמען פֿון מײַנע קאָלעגן, שרײַבער, וועלכע זיצן אויך, פּונקט ווי איך, אין אָט דעם מוירעדיקן טורמע־הויז, אין פֿאַרשיידענע קאַמערן. איך בין מיט זיי גאָר גוט באַקאַנט, מיט אייניקע אַפֿילע באַפֿרײַנדעט. „פֿאַרוואָס, — פֿרעגט ער, דער אויספֿאָרשער, — ווילט איר ניט דערציילן וועגן זייערע פֿאַרברעכערישע, אַנטיסאָוועטישע מײַסים? איר זײַט געווען דער פּיליאָריקער רעדאַקטאָר פֿונעם זשורנאַל „סאָוועטישע ליטעראַטיר". פֿונעם „שטערן". די אַלע „פֿאַרברעכער" האָבן זיך בײַ אײַך געדרוקט, און איר ווילט ניט דערציילן וועגן זייער אַנטיסאָוועטישער, שפּיאָנישער טעטיקייט, איר ווילט ניט העלפֿן אויפֿדעקן זייערע פֿאַרברעכנס?"

פֿאַר מײַנע אויגן גייען דורך מײַנע קאָלעגן־שרײַבער, וואָס געפֿינען זיך אין דעם דאָזיקן שרעקלעכן הויז, וואָס איז באַרימט אין דער גאַנצער וועלט, — טאַלאַליעוווסקי, באַליאַסנע, פּינטשעווסקי, זאַבאַרע, לויצקער, שעכטמאַן, מײַדאַנסקי, גוטיאַנסקי, קיפּניס, בוכבינדער און נאָך. און אַדעס שמאַכטן אין די טורמע־קאַמערן נאָטע לוריע, ווײַנערמאַן, הובערמאַן, דרוקער... פֿאַרוואָס וויל איך ניט דערציילן וועגן זייער אַנטיסאָוועטישער טעטיקייט? ווער זשע קאָן אַלץ וועגן זיי דערציילן מער און גענויער, ווי איך? כּוץ דעם, וואָס איך בין געווען דער רעדאַקטאָר, האָב איך נאָך פֿיל יאָרן אָנגעפֿירט מיט דער ייִדישער סעקציע באַם שרײַבער־פֿאַריין...

יאָ, געוויס, ענטפֿער איך, אָט די אַלע מענטשן קען איך פֿיל יאָרן. איך קאָן אײַך דערציילן בלויז איינס: אַלע ווי איינער זײַנען זיי געטרײַע סאָוועטישע שרײַבער, בירגער, עכטע וואָרט־מײַסטערס, טרײַע זין פֿון דעם היימלאַנד און זײַנען אין גאָרנישט ניט שולדיק. דאָס, וואָס מע האָט זיי פֿאַרשפּאַרט אין טורמע, איז אַ פּראָוואָקאַציע...

דער פֿליכעוואַטער הויקער שמייכלט אונטער, קוקנדיק אַף מיר, שאָקלט מיטן קאָפּ:

— אַלע זײַנען זיי בײַ אײַך גוטע און ערלעכע, גאָט די נעשאָמע שולדיק. און איך וועל אײַך באַלד ווײַזן, וואָס זיי זאָגן וועגן אײַך, וועגן אײַער אַנטיסאָוועטישער שפּיאָנישער טעטיקייט...

— יעדער פֿון זיי קאָן האָבן די אַדער יענע פֿעלערן אין דער שאַפֿונג, מע קאָן זיי קריטיקירן, נאָר דאָס האָט אַ שײַכעס ניט צום קאָמיטעט פֿון מעלוכישער געפֿאַרלאָזיקייט, נאָר צו ליטעראַרישער קריטיק. און דאָס, וואָס אייניקע פֿון די דאָזיקע קאָלעגן מײַנע זאָגן איידעס קעגן מיר, איז אַ קלאָרער איניען. איך בין שוין פֿאַר דער צײַט, וואָס איך געפֿין זיך דאָ בײַ אײַך, דורכגעגאַנגען אײַער „אַקאַדעמיע" און זע, וויאַזוי איר קאָנט צווינגען אומשולדיקע מענטשן נעמען אַף זיך זינד, פֿאַרברעכנס, וועלכע זיי זײַנען קיינמאָל ניט באַגאַנגען...

— ווידער טרײַבט איר רעכילעס אַף אונדזערע אָרגאַנען?! — האָט זיך דער אויספֿאָרשער צעשריגן, ווי ניט מיט זײַן קאָל, — מיר וועלן דאָס אײַך דערמאָנען! וועגן אײַער פֿאַרברעכערישער טעטיקייט וועט מען אײַך זאָגן אין די אויגן. טאַקע אײַערע קאָלעגן, וועלכע איר קענט גוט. זיי וועלן אַף אײַך זאָגן איידעס, און איר וועט זיך מער ניט קענען אויסדרייען!

איך האָב ניט פֿאַרשטאַנען, וואָס ער רעדט. וואָס פֿאַר אַן איידעס? ווער, וואָס, ווען? ווער וועט עס מיר זאָגן אין די אויגן וועגן מײַן „פֿאַרברעכערישער, אַנטיסאָוועטישער טעטיקייט"?..

נאָר קיין ענטפֿער אַף דעם האָב איך ניט באַקומען. דער מאַיאָר האָט ווידער ציגעגעבן, אַז איך אַליין קאָן פֿאַרלײַכטערן מײַן לאַגע. ער קאָן אַפֿילע הײַנט פֿאַרענדיקן די אויספֿאָרשונג, און איך וועל אַרויס אַף דער פֿרײַ, זיך טרעפֿן מיט דער פֿרוי און מיטן זון... אָדער באַלימען אַ מינ־

מאַלע שטראָף, א מינימאַלן טערמין. אָבער צוליב דעם דאַרף איך „אופֿהערן כיטרעווען, דער־צײלן גענוי וועגן מײַן נאַציאָנאַליסטישן, אַנטיסאָוועטישן, שפּיאָנישן צענטער, וועגן מײַנע קאָלעגן, איך דאַרף אופֿדעקן זײערע פֿאַרבינדונדען...״

כ׳מעלדע דעם אויספֿאָרשער:

— איך האָב שוין געענטפֿערט אױף דער פֿראַגע און כ׳באַשטעטיק ווידער: קײן שום אַזעלכע צענטערס זײַנען ניט געווען און האָבן ניט געקאָנט זײַן...

— מיר האָבן פֿעסטגעשטעלט, אַז א צענטער בא אײַך עקזיסטירט! איר קאָנט זאָגן, אַז אײַך איז גאָרנישט ניט באַוווּסט וועגן דעם צענטער, נאָר ער איז געווען...

— איך ווײס, אַז אַזא צענטער איז ניט געווען און ניט געקאָנט זײַן. וואָלט ער געווען, וואָלט איך וועגן אים געווּסט... דאָס איז אויסגעטראַכט, א פֿאַלסיפֿיקאַציע... אונדזערע שרײַבער זײַנען פּאַטריאָטן פֿונעם לאַנד, פֿון סאָוועטנפֿאַרבאַנד...

מײַנע לעצטע ווערטער האָבן דעם אויספֿאָרשער אופֿגערײצט ביז גאָר און איך ווײס ניט, וואָס ער וואָלט געטאָן, ווען עס צעקלינגט זיך ניט דער טעלעפֿאָן אױף זײַן טיש.

זיך אופֿגעהויבן נערוועז פֿון שטול, האָט ער אָנגעקוועטשט אין א קנאָפּקע און עס איז ארײַנגעקומען דער נאַדזיראַטעל, ווען דער פֿאַרשוין האָט באַפֿױלן מיך אָפּפֿירן אין קאַמער.

עס האָט שוין אָנגעהויבן אין פֿענצטער שאַרײַען אױף טאָג.

און ווידער דאָס זעלבע, וואָס אַלע טאָג: עס צעעפֿנט זיך די „קאָרמושקע״ אין דער טיר פֿון מײַן אײנצל־קאַמער, דער קעכער שטעקט מיר ארײַן אַן אויסגעקרימט אַליומיני־שיסעלע מיט עפּעס א געקעכטס, א ביסל פֿאַרזשאַווערטע טיולקעס, א קווערטל אָקרעפּ. און א גאַנצן טאָג שפּאַן ארום איבער דער קאַמער. ניט קײן פֿרישע לופֿט, ניט קײן מענטש, מיט וועלכן מע זאָל קאָנען זיך דורכשמועסן, זיך דורכרײדן, זיך עפּעס דערוויסן, וואָס עס טוט זיך אױף גאָטס וועלט.

עס זײַנען אַדורך נאָך עטלעכע טעג.

דאָס מאָל האָט מען מיך ארײַנגעפֿירט אין א גרעסערן קאַבינעט, וווּ, כוץ מײַן אויספֿאָרשער, זײַנען געזעסן נאָך עטלעכע מיליטערלײַט, געהערט עפּעס צווישן זיך, געלאַכט. מיך האָט עס פֿאַרוווּנדערט. איך האָב אױף די פֿענעמער פֿון אָט די לײַט זעלטן געזען א שמייכל און שוין גע־טראַכט, אַז זײ קאָנען בּיכלאַל ניט לאַכן און שפּאַסן.

ווי מע וואָלט זיך צונויפֿגערעדט, האָט קײנער פֿון דעם אוילעם ניט אופֿגעהויבן קײן בליק אױף מיר, ווי איך זאָל דאָ ניט זײַן.

די צײַט איז געגאַן. איך האָב זיך ניט פֿאָרגעשטעלט, וואָס קומט דאָ פֿאָר און צוליב וואָס זיצט מײַן אויספֿאָרשער אין אַזא ארומרינגלונג, וואָס קלײַבט מען זיך טאָן מיט מיר?

פֿון יענער זײַט טיר דערהערט זיך א גערודער, גיכע טריט. מע פֿירט ארײַן אהער אַן על־טערן אַרעסטאַנט — א רירעוודיקן, מיט א לענגלעך אָפּגעצויגענעם פּאָנעם, אין א פּאָר ברילן, וואָס רוקן זיך אַלעמאָל אַראָפּ נידעריקער אױף דער שפּיציקער נאָז. דער מענטש פֿירט זיך דאָ ניט, ווי אַן אַרעסטאַנט. ער גריסט זיך צום אויספֿאָרשער, בוקט זיך צו די ארומיקע, ווי זײ זאָלן זײַן אַלטע באַקאַנטע.

דעם פֿאַרשוין הײסט מען זיך צוזעצן ווײַטער פֿון מיר, אין צווײטן ווינקל. דער אוילעם ווערט אײַנגעשטילט. און איך קוק זיך בעסער אײַן אין דעם פֿאַרשוין אין די ברילן.

וואָס איז דאָס? צי הײבן זיך בא מיר אָן האַליוצינאַציעס פֿון די שווערע, שלאָפֿלאָזע נעכט, פֿון מידקײַט? ווער זיצט עס דאָרטן אין ווינקל און רײַבט מיט א טיכעלע די גלעזלעך פֿון די ברילן?

יאָ, געווים, ענלעך אױף מײַן אַלטן באַקאַנטן, אױף מײַן שאָכן, דעם עלטערן שרײַבער ק. די טורמע האָט אים שטאַרק געענדערט, נאָר די שנעלע באַוועגונגען, זײַן הוסטל, זײַן נעבעכדיק שמײכעלע, מיט וועלכן ער כאַנפֿעט זיך פֿאַר די קאַגעביסטן, וואָס זיצן אױף זײערע בענקלעך דאָ און דאָרט, — אַלץ איז זײַנס!

נאָר ווי קומט ער אהער? און פֿאַרוואָס קוקט דער אויספֿאָרשער אױף אים מיט אַזעלכע צו־טרויִלעכע אויגן? מיר דאַכט, אַז אפֿילע מיט א קאַפּעלע אָפּשײַ.

איך באַמערק, אַז ק. האַלט זיך אין דער ארומרינגלונג גאַנץ פֿרײַ און הײמיש. ער גײט צו צום טיש, נעמט א ציגאַר, פֿאַררײכערט, טוט זיך א בוק פֿאַרן אויספֿאָרשער און זאָגט: „מערסי!״, זעצט זיך ווידער אַוועק אױף זײַן אָרט און פֿירט איבער דעם בליק אױף מיר, א בליק פֿון צופֿרידנ־קײַט, וואָס ער זעט מיך דאָ, אױף דער צוגעקאָוועטער צום דיל טאַבורעטקע.

אין קאַבינעט ווערט שטיל. מײַן אויספֿאָרשער פֿאַרלעשט דעם פּאַפּיראָס אין דעם אַשבעכער און מעלדעט מיר, אַז ער פֿירט דורך אַן אָטשנע סטאַווקע, — ער שטעלט מיך אויג אױף אויג מיט אַן אײדעס, וואָס וועט דערווײַזן מײַן שולד אין די שווערע פֿאַרברעכנס, וואָס מע אינקרימינירט

מיר און וועלכע איך לייקן אָפּ... און דערביַי גיט ער מיך א פרעג, צי איז מיר באקאנט די פּערזענלעכקייט, וואָס זיצט אנטקעגן מיר?

געוויס, איך בין באקאנט מיט דעם מאן. קיין סימפּאטיע האָט ער בא מיר קיינמאָל ניט ארויסגערופן. דאָס איז געווען א שרייַבער מיט א סאך פּרעטענזיעס. ער האָט זיך די גאנצע צייַט געקלאָגט אף דער רעדאקציע און דעריקער אף מיר, געשריבן מעלדונגען און אָנקלאָגעס אין די הייכע פּענצטער. איך האָב מיט אים געהאט קאָנפליקטן איבערגענוג, ער פלעג אונדז שטענדיק באשילדיקן, אז מיר אנערקענען אים ניט, מיר דערשאצן אים ניט און איז געווען אין קאס אף אינדז אין אף דער גאנצער וועלט.

און אָט האָט דער גורל אונדז צונויפגעפירט אין דעם קאבינעט.

דער אויספאָרשער האָט זיך געווענדט צו יענעם מיט א פראגע, צי קען ער מיך, צי ווייסט ער, ווער איך בין?

— א שיילע! — איז ק. אויפגעשפרונגען פון בענקל און א שטעק געטאָן די בריל אף זייַן שפּיציקער נאָז, — געוויס! איך קען אים פון לאנג! ער איז געווען דער הויפּט־רעדאקטאָר פון אינדזער עלטסטער ליט דער אנטיסאָוועטישער, נאציאָנאליסטישער טעטיקייט... ער איז געווען איציק פעפערס רעכטע האנט און האָט דורכגעפירט אף אוקראַינע אלע זייַנע פארברעכערישע, שפּיאָנישע פארגעבינגען... וואָס רעדט איר, ווען ניט ער, וואָלטן מיר דען געווען אין טורמע? מיר וואָלטן שפּאצירט פראנק און פרייַ אפן קרעשטשאטיק...

איך בין אופגעוואָטן געוואָרן, דערהערנדיק זייַנע רייד, און זיך שיר ניט געוואָרפן אף אים, קוקנדיק אף זייַנע פאלשע אייגן, אף דעם עקלדיקן טייוולאָנישן שמייכעלע. א טראכט געטאָן, אז דער פארשיין איז משוגע, פון זינען, אָדער זיך פארקויפט פאר א שיסעלע קוליש... ער איז פעיק אף אזעלכע זאכן!

דער אויספאָרשער האָט א ווונק געטאָן אף מיר, ווי אייגער רעדט: נו, איר הערט? אן אומ־פארטייישער מענטש און רעדט צו דער זאך. ער האָט גלייַך אלץ אנערקענט, אונטערגעשריבן און העלפט די אָרגאנען אופדעקן אייער אנטיסאָוועטישן, שפּיאָנישן צענטער. אָט ווי מע דארף זיך בא אונדז פירן! אי איר לייקנט אלץ אָפּ און ווילט ניט אייסגעבן אייערע פארברעכער.

און ער קערט זיך אָפּ צו ק., זאָגט, אז יענער זאָל דערציילן גענויער וועגן דער פארבינדונג פון איציק פעפערן מיט מיר, וויאַזוי האָט יענער מיר איבערגעגעבן זייַנע שפּיאָנישע פארגעבונגען, וויאַזוי האָט זיך ק. דערוווסט וועגן דעם...

און דער מיגיל טוט א שמייכל, פאריכט די ברילן: וואָס הייסט? ער ווייסט עס גאנץ גענוי אין פּינקטלעך! ער, ק., איז געווען מייַן נאָענטער שאָכן. ער האָט געהאט א טעלעפאָן מיט א כלאָקיראטאָר. פעפער פלעג מיר אלע פארגעבונגען איבערגעבן אין טעלעפאָן און ער, ק., האָט ניט איין מאָל אונדז אונטערגעהערט...

איך האָב באמערקט, ווי אייניקע בייַוועזנדע, דערהערנדיק אזא ענטפער, האָבן א קנייטש געטאָן מיט די אקסלען און קוים אייַנגעהאלטן זייערע שמייכעלעך.

און איך האָב אָנגעקוקט מייַן אָפּאָנענט און זיך אָנגערופן:

— נו, נאטשאלניק, איר האָט געהערט יענעמס ענטפער? דורכן טעלעפאָן, לאָזט זיך אויס, גיט מען איבער שפּיאָנישע פארגעבונגען!.. דורכן טעלעפאָן!.. אייַער „סטוקאטש" אייַער „מאָסער", האָט זיך פארפלאָנטערט און טראכט ניט, וואָס ער רעדט. איך מעלדע אייַך ווידער, אז פעפער — דאָס איז א טרייַער סאָוועטישער מענטש! א פאָלקס־שרייַבער, א קאָמוניסט פונעם 19־טן יאָר, ער האָט געקעמפט פאר דער ראטנמאכט, ער איז געזעסן אין די טירמעס... און ק. טרייַבט אף אים רעכילעס...

דער אויספאָרשער האָט איבערגעשלאָגן, ניט געלאָזט ריידן ווייַטער. ער האָט פארשטאנען, אז ק. האָט ארויסגעזאָגט נארישקייַטן, און זיך ווידער געווענדט צו אים:

— דערציילט דער אויספאָרשונג, ווו האָט דער שולדיקער געפירט די אנטיסאָוועטישע פּראָ־פּאגאנדע און וויאַזוי?

— וואָס הייסט ווו? אף די אָוונטן, וואָס ער האָט דורכגעפירט אין קיעוו און אין א ריי שטעט פון אוקראַינע... — האָט יענער פלינק געענטפערט.

די מענטשן, וועלכע זייַנען געזעסן דאָ און דאָרט און האָבן זיך צוגעהערט די רייד פון דעם בלאָפער, האָבן זיך געקרימט, גענענעצט. די לעפּישקייַט פון זייַנע „באווייַזן" האָבן קיינעם ניט געקאָנט איבערצייַגן. מע האָט געזען, אז אלץ איז בא דעם פארשיין געווען גענייט מיט ווייַסע בייַזל, און איך האָב ארגומענטירט אלץ אָפּגעוואָרפן און דערוויזן, אז זייַן פּלאפּלען האלט ניט אויס קיין שום קריטיק.

— ווי שטעלט איר זיך פאָר, נאטשאלניק, — האָב איך געזאָגט, — איך האָב געפירט אנטי־סאָוועטישע פּראָפּאגאנדע אף אינדזערע ליטעראַרישע אָוונטן? וואָס זשע, איך בין אראָפּ פון זינען?

אויב איך האָב געפירט פּראָפּאַגאַנדע, איז דאָס געווען אויסשליסלעך סאָוועטישע פּראָפּאַגאַנדע. שטעלט זיך פאָר, איך טרעט ארויס אויף א ליטעראַרישן אָוונט, ווו עס זיצן הינדערטער מיינע לייענער, סאָוועטישע פּאַטריאָטן, און איך זאָג עפּעס קעגן אונדזער אָרדענונג. דער אייגענער וואָלט דאָך מיך ארויסגעשלייַדערט פונעם זאַל אָן א נאָסילקע, אָן א טראָגבעטל! מע וואָלט אויף מאָרגן מיך אויסגעשלאָסן פון פאַריין און, פאַרשטייט זיך, פון פּאַרטיי. דערצו נאָך, קלער איך, אַז אויף אונדזערע ליטעראַרישע אָוונטן זיינען טאָמיד געווען אייערע מיטאַרבעטער, אינפאָרמאַטאָרס, צענזאָרן — פרעג איך אייַך, קאָנט איר גלייבן אָט דעם בלאָפער, דעם טייוול, דעם אויסוואורף? ער האָט פאַרלוירן, אויב אפילו ער האָט אמאָל געגעכטיקט בא אים, דאָס געוויסן!

איך האָב דעם טייוול אריינגעזאָגט א כאַך בייזע ווערטער. צום ערשטן מאָל אין לעבן האָב איך פאַר זיך דערזען אַן עכטן פּראָוואָקאַטאָר, א פאַרקויפטע נעשאָמע. בא זועמען קיין זאַך איז ניט הייליק.

יאָ, זעט אויס, אַז מיין אויספאָרשער, ווי אייך זיינע קאָלעגן, זיינען ניט געווען באַנייסטערט פון דער „אָטשנע סטאַווקע" — פון דעם שטעלן אויג אויף אויג. זי האָט ווייניק וואָס צוגעגעבן צו דעם, וואָס מע האָט דאָ געוועבט קעגן מיר. זעט אויס, דער בייזער וויץ, וואָס עס האָט פאַר מיר ארויסגעבראַכט מיין אויספאָרשער פריער מיט עטלעכע טעג וועגן דעם, אַז ווי „גיב נאָר א מענטשן וועלן זיי א סטאַטיא פאַר אים צוקלייבן", האָט איצט ניט געשפּילט.

דער פאַרקויפטער פאַרשוין איז אין דעם פאַל ניט געווען אויף דער הייך און, זעט אויס, ניט פאַרדינט זיין שטיקל ברויט.

איך בין געווען דערשיטערט און ניט געקאָנט באַנעמען, ווי קאָן א מענטש אָנווערן זיין געוויסן, זיך אַזוי וואָלוול פאַרקויפן, פאַראַטן זיינע באַקאַנטע, ניט פאַרשטיין, אַז וואָס פאַר א שענדלעכן וועג האָט ער זיך געשטעלט?

מע האָט דעם פאַרשוין גלייַך אַוועקגעפירט פונעם קאַבינעט. ער האָט ניט אויסגעפּילט זיין „מיסיע"...

# פאַראַן גוטע מענטשן אויף דער וועלט

זעט אויס, די בעגעגעניש מיט דעם „איידעס" ק., זיינע רייד, האָבן ניט געמאַכט קיין גרייכן איינדרוק אויף מיין אויספאָרשער און זיינע קאָלעגן. זיינע „באַווייַזן" קעגן מיר זיינען געווען אַזעלכע לעפּישע און צוגעטראַכטע, אַז אפילו יענע, וואָס האָבן אים יעדן פרייַז געמייט „פעסטשטעלן" מיין אַנטיסאָוועטישע, שפּיאָנישע טעטיקייט, האָבן אין דעם ניט געקאָנט גלייבן. דאָס, וואָס מע האָט געוואָלט פאַבריקירן, האָט זיך ניט געקלעפּט, און זיי איז אויסגעקומען זיך ווידער ברעכן דעם קאָפּ, צוטראַכטן עפּעס נייַס, קעדיי ווי־ניט־איז באַרעכטיקן מיין אַרעסט.

איך ווייס ניט, וואָס איז געשען, נאָר נאָך דעם האָט מען מיך עטלעכע נעכט ניט געפירט אויפן פאַרהער און איך האָב באַקומען די מעגלעכקייט זיך א ביסל אויסשלאָפן אויף מיין טורמע־בעטל און זיך אָנעמען מיט פרישע קויכעס.

עמעס, די נאַדזיראַטעליעס, וועלכע האָבן מיך אָפּגעהיט, ניט אראָפּגענומען דאָס אויג פון דעם „געפערלעכן פאַרברעכער", פונעם „עלטסטן" פון די שרייבער־פאַרשווערער. האָבן מיך גע־וועקט, געזידלט, לעמיי ליג איך ניט אויף דער פּלייצע, נאָר אָפּגעקערט צו דער וואַנט. לעמיי דעק איך זיך איבער מיט דער קאָלדרע און זיי, מיינע היטער, זעען ניט מיין פּאָנעם... פון מאָל צו מאָל, ווי נאָר איך פלעג אנשלאָפן ווערן, האָבן זיי געטראַכקעט מיטן קולעק אין דער טיר, גע־וועקט אומראַכמאָנעסדיק, זיך איזדיעקעוועט איבער מיר.

אָבער אין איינער א טיפער נאַכט, נאָך דעם, ווי איך האָב זיך אומגעקערט אין קאַמער, האָב איך בא מיין טיר באַמערקט א יונגן סאָלדאַט פון א יאָר צוויי־און־צוואַנציק, מיט בלויע אויגן און ליכטיקע האָר. עפּעס גאָר ניט ענלעך אויף די אָנגעדראָלעטע, בייזע און גלייַכגילטיקע נאַדזיראַ־טעליעס, וועלכע זיינען געווויינט זען מענטשלעכע צאָרעס, טרערן, ווייטיקן. דער יונגער סאָלדאַט האָט אויף מיר געקוקט מיט טיפן מיטגעפיל און באַגייסטערונג, געוואָלט מיך עפּעס פרעגן, נאָר אין עק קאָרידאָר איז געשטאַנען א צווייטער נאַדזיראַטעל פון די שפּאַרבער־היטער, און דאָס באָכערל האָט מוירע געהאַט עפענען דאָס מויל. זיך אָפּגעקערט פון מיר.

עס איז שוין געווען טיפע נאַכט, און איך בין געשמאַק געשלאָפן. דער יונגער סאָלדאַט האָט מיך פאַר דער צייַט קיין איין מאָל ניט אויפגעוועקט, ניט געשטערט דעם שלאָף, ניט געזידלט, ניט געמאַכט קיין באַמערקונגען, לעמיי איך דעק איבער דעם קאָפּ מיט דער קאָלדרע. קעדיי דער מעכטיקער לאָמפּ זאָל ניט שניידן די אויגן.

מיט גאָרנישט איז דער נייַער היטער מייַנער ניט געווען ענלעך אויף יענע, וועלכע האָבן זיך געטשעפּעט אַלעמאָל, געזידלט, געדראָט אַרייַנטרייַבן אין קאַרצער.

איך האָב דערהערט, ווי עס האָט זיך שטילערהייט געעפנט די „קאַרמושקע" און דערזען דאָס בלאָנדע באָכער. ער האָט א ווונק געטאָן, איך זאָל צוגיין.

ער האָט שטילערהייט א שעפּטשע געטאָן, אַז ער איז איינער אין קאָרידאָר, און איך האָב ניט וואָס פאר אים מוירע האָבן. מייַן פאַמיליע, וואָס איז אָנגעשריבן אויף דעם פּאַפּירל, וואָס הענגט אויף מייַן טיר, איז אים גוט באַקאַנט. ער האָט ערשט ניט לאַנג געלייענט אין קאַזאַרמע באַ זיך א בוך דערציילונגען. די פאַמיליע פון דעם אווטאָר איז גריגאָרי פּאָליאַנקער... צי קער איך זיך עפּעס אָן מיט יענעם, וואָס האָט אָנגעשריבן דעם בוך?.. ער איז אים שטאַרק געפעלן געוואָרן...

לעכאַטכילע האָב איך זיך פאַרלוירן, ניט געוווּסט, וואָס אים ענטפערן, צוליב וואָס האָט ער עס מיר געזאָגט? דאָ טאָר מען ניט ריידן מיט די אַרעסטאַנטן... דאָ איז עס זייער שטרענג... פאַרבאָטן. און דאָך האָט דער באָכער מיר פאַרגעבן אַזאַ פראַגע.

עפּעס איז דער יונגער סאָלדאַט מיר פונעם ערשטן בליק געפעלן געוואָרן און איך האָב אים געענטפערט שטילערהייט, אַז דאָס בין איך דער אווטאָר פון יענעם בוך...

ער איז געבליבן שטיין אַנציקט:

— זייַט איר א שרייַבער? און אייַך, אַזאַ מענטשן, האַלט מען הינטער די גראַטעס? אַזאַ מענטשן?!..

איך האָב מיט ווייטיק א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, צושטימענדיק. און יענער האָט מיט באַגייַסטערונג און פאַכעד אַלץ געקוקט אויף מיר, ניט געקאָנט גלייבן, אַז ער זעט פאַר זיך א לעבעדיקן שרייַבער, וועמענס בוך דערציילונגען ער האָט ערשט ניט לאַנג געלייענט...

איך האָב באַמערקט, ווי דער סאָלדאַט איז געשטאַנען אין פאַרלעגנהייַט, פאַרלוירן, זיך געפילט ניט גוט, וואָס ער היט אָפּ אַזאַ מענטשן, וואָס ער געפינט זיך דאָ און פילט אויס אַזאַ פליכט...

— איך בין דאָ צופעליק... עטלעכע אונדזערע סאָלדאַטן האָט מען אַרויסגערופן אין שטאַב... איך לערן זיך אין אַן אַרטילערישער מיליטער־שול... געזאָגט, אַז דאָס נעמט מען אונדז אויף א פאָר וואָכן אויספילן א פאַרגעבונג... קאַנוואָירן „סאָנים פון פאָלק"... באַ זיי סטייַען ניט קיין מענטשן... און „„סאָנים פון פאָלק" האָט מען פאַר דער לעצטער צייַט אייַנגעזעצט א סאַך... איז אָט האָט מען אונדז אהער געבראַכט... איך קוק זיך צו און קאָן ניט פאַרשטיין, וואָס פאַר א „סאָנים" זייַנען זיי? דאָרטן זיצט אַן אוויאַ־קאָנסטרוקטאָר, ווייַטער — א פּראָפעסאָר פון אוניווערסיטעט... עטלעכע גרויסע דאָקטוירים. איר זייַט א שרייַבער... וואָס זשע פאַר א סאָנים זייַט איר? איך פאַרשטיי גאָרניט...

דאָס פּאָנעם זייַנס, א פאַרפלייצטס מיט שטאַרקער שייַן, איז געווען אין טרויער. און איך האָב אים שטילערהייט געזאָגט, ער זאָל ניט ריידן, ווייַל ער קאָן דערפון שטאַרק לייַדן...

— וועלכע נאָך ביכער האָט איר אָנגעשריבן? איך וועל גערן זיי קריגן אין ביבליאָטעק און איבערלייענען... — האָט ער געשאָקלט מיטן קאָפּ, דער נאַיווער יאַט, — אַזעלכע מענטשן האַלט מען אין טורמע...

וואָס האָב איך אים געקאָנט זאָגן? וואָס האָב איך אים געקאָנט דערקלערן?

זעט אויס, אין צווייטן עק קאָרידאָר האָבן זיך דערהערט טריט, און ער האָט שנעל צוגעשלאָסן די „קאַרמושקע", ניט געסטייַעט.

אין עטלעכע מינוט אַרום האָט זיך ווידער צעעפנט די „קאַרמושקע" און איך האָב אָפּסנייַ דערזען דעם באָכער, דעם יונגן סאָלדאַט:

— דאָס איז געווען דער דזשורנע... — האָט ער א זאָג געטאָן, — אַזאַ בייזער, ווי א כייַע, א רוצח... באַ אונדז אין שול זייַנען די אָפיצערן אידעלע, גוטע און די... ברר... איך וועל בעטן, מע זאָל מיך צונעמען פונדאַנען. איך קאָן ניט קוקן, ווי מע מוטשעט דאָ מענטשן... ווען מע שיט מיר אָן א זאַק מיט גאָלד, וואָלט איך דאָ ניט געדינט... בעשום־אויפן... אַזעלכע באַרימטע מענטשן האַלט מען דאָ, הינטער גראַטעס... פאַר וואָס?

איך האָב אויפמערקזאַם אָנגעקוקט דעם בלאָנדהאָריקן באָכער מיט די מיידלשע נאַיווע אויגן. איך האָב ניט געקאָנט באַנעמען, פאַרוואָס האָט ער אַזוי אָפן צוטרוילעך זיך צערעדט פאַר מיר? צי ווייסט ער, וואָס פאַר א פּסאַק ער קאָן קריגן, אויב עמעצער פון די לייַט וועט דערהערן, דערזען, אַז ער שמועסט מיט „א סוינע פון פאָלק"?

צי עפּשער איז דאָס א שפּיל, א פּראָוואָקאַציע? מע האָט עפּעס פאַרטראַכט און מע האָט דעם באָכער אונטערגעשטעלט?..

— שרײַבט איר, הייסט עס, ביכער? — האָט ער זיך אָנגערופֿן, אײַנקוקנדיק זיך אין יענער ריכטונג, פֿונוואַנען עמעצער פֿון דער נאַטשאַלסטווע קאָן קומען, — איר ווייסט, איך שרײַב אויך לידער... נאָר דאָס זײַנען שוואַכע לידער... ווען איך וואָלט זיי אײַך געקאָנט ווײַזן, איר זאָלט זיי איבערלייענען און מיר זאָגן... נאָר דאָס איז אוממעגלעך... איך פֿאַרשטיי... איך האָב נאָך אין שול אָנגעהויבן שרײַבן לידער. אין אכטן קלאַס... איך האָב זיך באַפֿרײַנדעט מיט אַ שילערן און איך האָב איר אָנגעשריבן עטלעכע לידער... איר ווייסט, איך האָב זיך גיט פֿאַרגעשטעלט, אַז מע זאָל אײַנזעצן אין טורמע אַזעלכע מענטשן, ווי איר... בא מיר איז אַזאַ מענטש, וואָס שרײַבט ביכער, הייליק...

ער האָט מיט ווייטיק געשאָקלט מיטן קאָפּ און אין דער רעגע, זעט אויס, געקלערט, מיט וואָס וואָלט ער מיר געקאָנט קומען צו הילף?

א טיפֿן טראַכט געטאָן, האָט ער זיך שטילערהייט אָנגערופֿן:

— און פֿונוואַנען זײַט איר? איר האָט אַ פֿאַמיליע, קינדער?

מיט טיפֿן טרויער האָב איך געזאָגט, אַז איך האָב אַ פֿאַמיליע און מײַן שטוב געפֿינט זיך פֿון אָט דער טורמע אינגאַנצן צוויי־דרײַ קוואַרטאַלן. א זון האָב איך, וואָס איז מיט עטלעכע יאָר יינגער פֿון אים, ער לערנט נאָך אין שול...

— און אַ טעלעפֿאָן איז דאָרט פֿאַראַן? עפּשער ווילט איר, איך זאָל אָנקלינגען, איבערגעבן פֿון אײַך אַ גרוס? איך קאָן דאָס טאָן...

— געווען אַ טעלעפֿאָן, נאָר איך ווייס ניט, עפּשער האָט מען אים אָפּגעשלאָסן...

דער סאָלדאַט האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן, פֿאַרמאַכט דאָס טירל און איז אָפּגעשפּרונגען אין אַ זײַט. זעט אויס, אַז עמעצער האָט זיך דאָרט, אין קאָרידאָר, באַוויזן און ער האָט זיך דערשראָקן.

איך האָב זיך אַראָפּגעלאָזט אױף מײַן בעטל, געפּרוּווט באַגרײַפֿן, וואָס איז דאָס פֿאַר אַ סאָלדאַט, פֿאַר אַ מענטש? לויטן אויסזען, האָב איך געטראַכט, איז דאָס אַ האַרציקער באָכער, וועלכן מע קאָן גלייבן. דאָ קומט ניט פֿאָר קיין שפּיל. אַזאַ וועט ניט אונטערפֿירן, ניט אָפּנאַרן. מע דאַרף אים געבן דעם טעלעפֿאָן. שוין אַזאַ צײַט, אַז ניט די פֿרוי, ניט דער זון, ניט די מאַמע, די אייגענע ווייסן ניט, וווּ איך בין און צי לעב איך נאָך. איך בין אָפּגעריסן פֿון דער גאַנצער וועלט. קיינער שטעלט זיך ניט פֿאָר, וואָס פֿאַר אַ פֿאַרברעכן בין איך באַגאַנגען. איך דאַרף רי־זיקירן — בעטן דעם באָכער, ער זאָל פֿאַרזיכטיק אָנקלינגען און איבערגעבן, אַז איך בין אין גאָרנישט ניט שולדיק... אַ פֿאַבריקירטע מײַסע. איך האַלט זיך שטאָלץ, פֿעסט און בין ניט גע־פֿאַלן בא זיך. איך בין פֿול מיט גלויבן, אַז די גערעכטיקײַט וועט זיגן און איך וועל זיך אומ־קערן אַהיים. צו מײַן אַרבעט...

אָבער פֿון דער צווייטער זײַט, האָט מיך אַרומגעכאַפּט אַ שרעק, אַ פֿאַרדאַכט: ווי קאָן איך גלייבן אַ מענטשן, וואָס באַוואַכט מיך אין דער שרעקלעכער טורמע? איך זע אים דאָס ערשטע מאָל... דאָס קאָן זײַן אַ מיִעסע פּראָוואָקאַציע, איך קאָן אונטערפֿירן מײַן פֿאַמיליע... ניין, איך טאָר דאָס ניט טאָן. בשום־אופֿן. דאָס איז געפֿערלעך.

איך בין ביז טאָג ניט געשלאָפֿן און אַלץ געטראַכט, וואָס זאָל איך טאָן. איך וואָלט זיך געפֿילט גליקלעך, ווען איך באַקום אַ לעבעדיקן גרוס פֿון מײַנע היימישע. איך וואָלט געווען אױפֿן זיבעטן הימל, ווען איך קאָן זיי איבערגעבן, זיי זאָלן זיך פֿאַר מיר ניט זאָרגן, דאָס ערגסטע בין איך דאָ שוין אויסגעשטאַנען. פֿאַר דער צײַט בין איך דאָ דורכגעגאַן אַ גאַנצע אַקאַדעמיע, און אויב איך וועל דאָ אומקומען, זאָל מען בשום־אופֿן ניט גלייבן, אַז איך בין געווען אַ פֿאַרע־טער, אַ „סוינע פֿון פֿאָלק”. איך בין געווען און ביזן סאָף געבליבן טרײַ מײַן לאַנד און מײַנע ליכטיקע אידעאַלן...

וואָס איז דאָס? עפּעס עפֿנט זיך ניט דאָס טירל, די „קאָרמושקע”, עס באַווײַזט זיך ניט מײַן מאַלעך. פֿאַרוואָס האָב איך געצויגן, געווען געדאַרפֿט אים גלײַך זאָגן דעם נומער פֿון מײַן שטוביקן טעלעפֿאָן, ער זאָל איבערגעבן מײַניקע אַ האַרציקן גרוס און דערנאָך, אויב דאָס איז ניט קיין בייזער שפּאַס, זאָל ער מיר איבערגעבן אַ גרוס פֿון מײַן שטוב, פֿון מײַנע ליבע, און דעמלט וועל איך זײַן בעקויעך איבערטראָגן אַלע רעדיפֿעס, באַליידיקונגען, אַלע צאָרעס...

דער קאָפּ האָט זיך שטאַרק געדרייט. וויפֿל געדאַנקען האָבן זיך אין מויעך געראַיעט! וואָס נאָר האָב איך ניט איבערגעטראַכט פֿאַר דער קורצער צײַט! יאָ, דאָס איז, דאַכט זיך, דער איינציקער שאַנס — איבערגעבן אױף דער פֿרײַ מײַן ערשטן גרוס און באַקומען פֿון דער היים אַ ידיע. און גלײַך איז געקומען אַ צווייטער געדאַנק: ניין, איך טאָר ניט שטעלן אין געפֿאַר מײַן זון, מײַן פֿרוי, מײַן מוטער, די פֿרײַנט...

איך געפֿין זיך אין אַ שרעקלעכן אָרט, קיין פֿויגל קאָן אַהער ניט דערגרייכן. דאָ קאָן מען פֿאַרקאָכן אַ מיִעסע קאַשע און מײַן גאַנצע מישפּאָכע קאָן לײַדן צוליב אײַן ניט־ריכטיקן טראָט פֿון מײַן זײַט.

איך בין נאָך קיינמאָל ניט געווען אין אזא שווידערלעכער לאגע, ניט געקאָנט באשטימען, וואָס טאָן. און אזוי, צווישן יאָ און ניין, ווען דער קאָפּ איז שיר ניט צעשפּרונגען געוואָרן פון א געדאנקען־פארפלייצונג פון ראיווינעס, בייזע בילדער, האָב איך פּלוצעם דערהערט, ווי עס עפנט זיך פּאַרזיכטיק, שטילערהייט די „קאַרמושקע" און איך האָב דערזען דעם סאָלדאט. אונדזערע אויגן האָבן זיך באגעגנט. און אין דער רעגע האָב איך פעסט באשטימט, אז אזעלכע אויגן קאָנען ניט פעלשעווען, אָפּנארן. מע דאַרף זיי גלייבן!

און איך בין אנטשיידן צוגעגאנגען צו דער טיר און אים אפן אויער געזאָגט דעם נומער פון מיין טעלעפאָן און איינגערוימט, וואָס ער זאָל איבערגעבן מיינִיקע.

ער האָט גאָרנישט ניט פארשריבן. עטלעכע מאָל איבערגעכאזערט דעם נומער פון מיין טעלעפאָן, וואָס ער דאַרף איבערגעבן, און געזאָגט, אז ער וועט ברענגען ענטפער אין צוויי מעסלעס ארום, ווען ער וועט דאָ ווידער דעזשורען.

— זאָרגט זיך ניט... איך וועל אלץ פאר אייך טאָן... — האָט ער א זאָג געטאָן, און דאָס טירעלע האָט זיך גלייך פארמאכט.

און ערשט איצט האָבן זיך אָנגעהויבן מיינע שרעקלעכע מאטערנישן, וואָס האָבן זיך ניט אָפּגעשטעלט אַף קיין רעגע. איך האָב אלץ ניט אופגעהערט טראכטן, צי האָב איך געטאָן רעכט, צי דערלאָזט א שרעקלעכן פעלער, געשטעלט אין גרויסער סאקאָנע מיין פאמיליע, מיין פרוי און קינד? אין מיין אָפּגעשוואכטן מויעך האָבן זיך געדרייט אָן א שיר געדאנקען, וויאזוי קאָן זיך דאָ פאנאנדערוויקלען א פּראָוואָקאציע. א ווערטעלע אויסצוריידן — אין דעם שרעקלעכן אנשטאלט דורכפירן אזא אָפּעראציע! אן אומגעהערטע זאַך! נאָר כאפּן אַף צוריק איז שוין געווען אומעג־לעך. דער סאָלדאט איז שוין ניט געווען.

עמעצער האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר און א ברום געטאָן „פּאָדיאָם!, אופשטיין!", נאָר איך בין ניט געשלאָפן. קיין שלאָף האָט מיך ניט גענומען.

שאָען, טעג, נעכט פון דערוואַרטונג!

ווער קאָן אָפּמעסטן זייער קראַפט? וויפל קויכעס נעמען זיי צו באם מענטשן! איך האָב שוין זועגן גאָרנישט ניט געטראכט. כאָטשבי ווידער דערזען מיין נייעם באקאנטן, זיך עפּעס דערוויסן פון אים. צי האָט ער אויסגעפילט זיין צוזאָג? צי האָט ער געהאלטן וואָרט? צי האָט ער ניט אונטערגעפירט? צי איז פארווירקלעכט געוואָרן מיין טרוים — איבערגעבן פון מיין לעבעדיקן קיווער, פון מיין איינצל־קאמער א גרוס אַף דער פריי? צי וועל איך ווען־ניט־איז קריגן פון דער היים א יעדִיעֶ, וואָס קומט דאָרט פאר נאָך דעם, ווי מע האָט מיך אזוי אכזאָריעסדיק ארויסגעריסן פון מיין געמיטלעכער שטוב, פון מיינע נאָענטע און ליבע?

נאָך אזויפיל שווערע מילכאָמע־יאָרן, נאָך אזויפיל ניסיוינעס, דאַרף איך שמאכטן הינטער אָט די פארזשאווערטע גראטעס! פאר וואָס? פאר ווען? פאר וועלכע זינד?! וואָס זשע, איז שוין די וועלט מעשוגע געוואָרן, צי זי האָט זיך דאָרטן איבערגעקערט? נעמען א גאנצע ליטעראטור, א גאנצע קולטור און זי פארניכטן, פארשפארן אין טורמע און גרייטן פארן גאנצן פיללייַדנדיקן פאָלק אונדזערס א שרעקלעכע פּראָוואָקאציע! א גאנץ פאָלק מעלדן פאר פארעטער, שפּיאָנען, דיווערסאנטן!.. א פאָלק, וואָס האָט געבראכט דער וועלט אזא ברייטן צושטייַער דער קולטור, דער עקאָנאָמיק, דער קונסט, דער פילאָסאָפיע, דער טעכניק!..

ניין, אזא מעשוגאַס איז שווער געווען אויסקלערן. איך פארמאַך די אויגן און טראכט זיך איין אין דער לאגע פון מיינע פריינט, קאָלעגן־שרייַבער, גרויסע און קלענערע, אלטע קלאסיקער, ליבלינגען פון דער וועלט און טאלאנטפולע קינסטלער, וועלכע זייַנען אָקאָרשט דורכגעגאנגען די שווערע מילכאָמע און געבראכט מיט זיך אין זייערע סאָלדאטישע זעקלעך ראָמאנען, פּאָעמעס, דערציילונגען, לידער, וועלכע וועלן אינגיכן באשייַנען, דערהייבן אונדזער ליטעראטור. און אָט זייַנען די טייַערע שעפער אין טורמע, און אומענטשן, קאַטן איזדיעקעווען זיך איבער זיי און איבער דעם ליכטיקן אָנדענק פון די געפאלענע פרייַנט אונדזערע אין די שלאכטן מיט די היטלערישע כאיאָלעס. עס קומען אפן זינען הארצמאן און הערשל דיאַמאנט, מיישע אראָנסקי און מוישע כאשטשעוואצקי, העלמאָנד און גאָלדענבערג, לאָפּאטע און באָראָדיאנסקי, אלטמאן און רעדקאָ, קאָראָבייניק און שאפּיראָ, אָליעווסקי און בראָנפמאן, דובילעט און שויכעט, ווינער און זעלדין, ראָסין און גאָדינער, דובינסקי און נאָך און נאָך אנדערע טייַערע, טאלאנטפולע שעפער פון אונד־זער ליטעראטור און קולטור.

גאָט מייַנער, ווי פּאמעלעך עס גייט די צייַט! מיר שטעלט זיך פאָר, אז זי האָט זיך ביכלאל אָפּגעשטעלט און באוועגט זיך ניט. ווי לעבט מען דורך אָט די צוויי שרעקלעכע מעסלעסן? ווי דערלעב איך דערזען דעם באָכער מיט די בלויע אויגן, דעם מאלעך, וואָס איז דורך א נעס דער־פלויגן צו מיר אין אָט דעם שרעקלעכן הויז!

ער איז געקומען! ווי א גוטע בשורה, ווי א פרילינג־שוואלב, און צו מיר א שמייכל געטאָן, דערפרייט מײַן אַנגעווייטיקטע נעשאָמע מיט האָפענונג.

איך האָב מיט פארטײַעטן אָטעם זיך אײַנגעהערט, ווי עמעצער פּאָרעט זיך פּאָרזיכטיק בא דער „קאָרמושקע". עס איז געווען שפּעט נאכט. דער אוילעם ארעסטאנטן איז שוין, זעט אויס, לאַנג געשלאָפן און מע האָט קוים געהערט די שטילע טריט און דעם אָטעם פונעם אופזעער אין לאנגן קאָרידאָר. איך האָב אומגעדולדיק געווארט. צי איז דאָס ער?

יאָ. ער האָט פּאָרזיכטיק געעפנט דאָס טירל, זיך ארומגעקוקט מיט מוירע, ווי ער זאָל זיך גרייטן צו א גרויסן פארברעכן, געקוקט ארום, צי שפּירט קיינער ניט נאָך אים.

ער האָט אַף מיר א קוק געטאָן און אַף זײַן עטוואָס דערשראָקענעם פּאָנעם האָט א פינקל געטאָן א שמייכל, און דאָס פּאָנעם זײַנס האָט זיך גלײַך צעשטראַלט מיט אינערלעכער גוטסקײַט און מיט כיין.

איך בין צוגעשפּרונגען צום פענצטער און דערהערט זײַן שטיל שעפּטשען. אין דער רעגע, האָט זיך מיר געדאכט, איז ניט געווען קענטלעך, ווער איז גליקלעכער פון אונדז?

— א גרוס אײַך פון אײַער פרוי און זון... איך האָב געקלונגען, און זיי זײַנען ארויסגעגאַנגען מיך באַגעגענען... זיי האָבן געבעטן איבערגעבן, איר זאָלט ניט פאלן בא זיך... אײַערע פרײַנט זאָגן, אז איר וועט זיך אינגיכן אומקערן אהיים... זיי האָבן אָנגעשריבן א בריוו צו סטאַלינען. זיי בעטן, איר זאָלט זיך ניט באומרויִקן און פאר זיי זיך ניט זאָרגן...

ער האָט זיך ווידער פּאָרזיכטיק ארומגעקוקט און, ארויסגענומען פון קעשענע א קליין אײַנגעוויקלט פּאַפּירל, עס מיר דערלאַנגט: „לייענט, זיי האָבן דאָ אָנגעשריבן... לייענט שנעלער, צערײַסט עס און גיט עס מיר אָפּ, וועל איך עס פארניכטן... אין קאַמער טאָרט איר דאָס צעטעלע ניט האלטן... מע וועט עס בא אײַך געפינען, זײַנען מיר ביידע פארפאלן. שנעלער לייענט..."

און די „קאָרמושקע" האָט זיך צוגעמאכט.

איך בין אָפּגעטראָטן צו מײַן בעטל, זיך אָפּגעקערט צו דער יואַנט און שנעל איבערגעלייענט די עטלעכע ווערטער, וועלכע עס האָבן אָנגעשריבן מיט אן אײַלנדיקן קסאַוו מײַנע ליבסטע מענטשן אַף דער ערד.

טרערן האָבן מיך געדריקט, און איך האָב זיך קוים אײַנגעהאלטן, כ'זאָל זיך ניט צעוויינען. וויפל צײַט בין איך אין דעם פארשאָלטענעם הויז, וויפל מאָל דערציטערט געוואָרן פון קאַס, פאר־דראָס, געווען גרייט זיך וואַרפן אַף מײַנע ווילדע פארפאָלגער, ראָצכים, אויסגעהערט דער רועך ווייסט וואָס פון אומענטשן, פּאַלשע בריִעס, פּאַכדאָנים, שלעגג, נאָר זיך געהאלטן, קיינמאָל ניט געגעבן מײַנע געפילן זיך צעשפּילן.

איך האָב עטלעכע מאָל איבערגעלייענט דאָס צעטעלע, קעדיי פארקריצן אין מײַן זיקאָרן יעדעס וואָרט, יעדער אָס. מײַן פרייד איז ניט צו באשרײַבן. איך האָב דערפילט אין זיך פרישע קויכעס. מיר האָט זיך געדאכט, אז עס זײַנען בא מיר אויסגעוואקסן פליגל. איך בין געוואָרן שטאָלץ בא זיך און פארשטאנען, אז מיך וועלן מײַנע פארפאָלגער ניט אײַנברעכן. זיי וועלן מיך ניט קענען צווינגען, איך זאָל אַף זיך און אַף מײַנע אומגליקלעכע קאָלעגן אָנריידן דער רועך ווייסט וואָס. זאָל זײַן, אז אין אייניקע מײַנע ווערק זײַנען געווען די אָדער יענע פעלערן — נאָר דאָס איז ניט קיין פארברעכן — זאָלן זיי עס מיר צושרײַבן. אָבער פאבריקירן א בילבל, אז בא אונדז איז געווען עפּעס א צענטער, עמעצער האָט זיך פארנומען מיט פײַנטלעכע זאכן, נאציאָנאליסטישער טעטיקײַט און אנדערע באָבע־מײַסעס — דאָס ניט! א ליגן! א פּראָוואָקאַציע, א בילבל אַף דער ליטעראטור און אַף מײַן פאָלק, און אויב ניט איצט, וועט עס שפּעטער אָפּגעוואָרפן ווערן. עס לעבט נאָך יוישער, גערעכטיקײַט!

און ווי עס איז מיר ניט געווען שווער, האָב איך אַף קלייניטשקע שטיקעלעך צעריסן דאָס טײַערע צעטעלע און עס איבערגעגעבן מײַן יונגן פרײַנט, ער זאָל עס פארניכטן, קיין פויגל זאָל דערפון ניט וויסן.

איך בין געווען אין א דערהויבענער שטימונג. עס האָט זיך געדאכט, אז אין מײַן פינצטער־רער, עקלדיקער קאמער האָט זיך אומדערווארט ארײַנגעריסן א שטראַלכל פון דער זון און גע־בראכט לעבן און האָפענונג. אין דער מינוט האָב איך א סאַך דעראָבערט — גלויבן, אז עס זײַנען פאראַן גוטע, הארציקע, אופריכטיקע מענטשן אַף דער וועלט, יוישער, געוויסן, און וויבאלד אזוי, איז נאָך דער הימל ניט אַף דער ערד! קאָן מען נאָך וואַרטן אַף יוישער, אַף גערעכטיקײַט!

# אין די הויכע פענצטער

אין דעם גרייסאַרטיקן אַנשטאַלט, וואָס שטייט אין סאַמע צענטער פון אונדזער וווּנדערלעכער שטאָט קיִעוו, זיינען הינטער די הויכע שטאָקן זייַנען געווען נידעריקע און גאָר נידעריקע שטאָקן, קעלערס מיט אַ סאַך קלייניקע און גרעסערע קאַמערן, קאַזעמאַטן, געדיכט באַפּעלקערטע מיט אומשולדיקע מענטשן, האָט זיך דאָס לעבן אַנגעהויבן דעריקער באַנאַכט...

די ברייטע פענצטער, וואָס קוקן צו דער גאַס, זייַנען געווען שטאַרק באַלויכטן ווי בייס אַ גרייסן יאָמטעוו.

די „אַרבעט" האָט דאָ געזאָטן. דאָ האָט מען געפירט אַ מעסוקענע שלאַכט מיט געשפּענסטער. פינדאַנען איז געווען איין וועג — אויף לוקיאַנאָווקע, אויף דער פּערעסיפּקע, און פון דאָרטן — אין די לאַגערן, ערגעץ אין אויסרייַסעניש — אין דער טייגע, איז דער טונדרע, סיביר, קאַזאַכסטאַן...

וויפל טייערע, ערלעכע מענטשן, אומשולדיקע, עכטע העלדן פון בירגערקריג, פון דער אויפבייונג, פון דער פאָטערלענדישער מילכאָמע, טרייַע פּאַטריאָטן זייַנען דורכגעגאַנגען דורך די טויבע אין טעמפּע אייַזערנע טויערן, אייַנגעמויערטע אין שטיין און בעטאָן אָט דאָרטן, לינקס, באַם שמאָלן געסעלע, וואָס האָט אויף פאַרבייַגייער אָנגעוואָרפן אַ שרעק, אַ פּאַכעד!

בא דעם שוואַרצן טויער, אין דעם טויבן געסל, זייַנען גאַנצע מעסלעסן געשטאַנען פרויען און קינדער, מאַמעס און באָבעשיס מיט טאָרבעלעך סוכאַרעס, וואַרעמע רעקלעך, פּוישטן און וואָס עס האָט זיך געמאַכט — מע איז געשטאַנען און געוואַרט, עפּשער וועט מען קאָנען עפּעס איבערגעבן די נאָענטע און ליבע, וועלכע זייַנען דאָ געווען פאַרשפּאַרט. וויפל טרערן זייַנען דאָ פאַרגאָסן געוואָרן! מיט וואָס פאַר אַן אויגן האָט מען דאָ אַרויסגעקוקט, מע זאָל זיך דערפרעגן, צי וועט מען קאָנען זיך עפּעס דערוויסן וועגן די אַרעסטירטע, צי געפינען זיי זיך נאָך דאָ, צי האָט מען זיי שוין ערגעץ פאַרשיקט, צי לעבן זיי נאָך?..

די רייען האָבן זיך ניט פאַרקלענערט, נאָר גאָר פאַרקערט, געוואָרן פיל גרעסער, ווייַל טאָג און נאַכט זייַנען געקומען צו די דאָזיקע שוואַרצע טויערן שוואַרצע „וואָראָנעס" מיט פרישע, צאַפּלדיקע אַרעסטירטע און מע האָט ניט געזען ניט קיין אָנהייב, ניט קיין סאָף.

דער „גרויסער פרייַנט פון פעלקער", דער „געני" האָט געזאָגט, אַז „וואָס גיכער מיר וועלן זיך דערנענטערן צום סאָציאַליזם, אַלץ מער וועלן זייַן סאָנים פון פאָלק... אַלץ מער וועט זיך פאַרשטאַרקן דער „קלאַסן־קאַמף..."

אַזוי־אַרום איז דאָס אָנגעדראָלענע שרעקלעכע פּילשטאָקיקע הויז געוואָרן מיט יעדן טאָג אַלץ געדיכטער באַפּעלקערט. און די אויספאָרשער האָבן זיך פאַרמאָסטן וואָס גיכער אַרויסשלאָגן פון די „סאָנים" „באַווייַזן", כסימעס, אַז מע האָט געשעדיקט דעם לאַנד, אַז מע איז געווען שפּיאָנען, דיווערסאַנטן, נאַציאָנאַליסטן און נאָך דער רועך ווייסט וואָס, זיך געסטאַרעס וואָס גיכער באַפרייַען די קאַמערן פאַר שפּאָגל־נייַע „סאָנים", „דיווערסאַנטן", „שעדיקער".

און דאָס טעמפּע געסל, וואָס לענגויס דעם שוואַרצן טויער, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ געסל פון טרערן, טרויער, יעסורים. שטענדיק האָט מען דאָ געקאָנט טרעפן פאַרווייַנטע פרויען אין קינדער מיט טאָרבעלעך סוכאַרעס, וואַרעמע לייַבלעך, פּוישטן — מע האָט געוווּסט, אַז פון די דאָזיקע שרעקלעכע טויערן פירט דער וועג אין אויסרייַסעניש, אין יענע מעקוימעס, ווו „צוועלף באַדאָשים אין יאָר איז ווינטער, דאָס איבעריקע — זומער..."

מיט שרעק אין פּאַכעד איז דער קיִעווער אוילעם פאַרבייַגעגאַנגען דאָס שרעקלעכע הויז, ווו גאַנצע נעכט זייַנען די ברייטע פענצטער געווען באַלויכטן מיט עלעקטרישער שייַן. אַ גרויל פּלעג אַרומכאַפּן, ווען מע האָט אַ טראַכט געטאָן, וואָס דאָרטן טוט זיך אָפּ אין די נעכט...

און מיר זייַנען געזעסן אין אונדזערע שטייגן, גיט ווויסנדיק, וואָס עס טוט זיך פון יענער זייַט וואַנט. אין די שטילע נעכט, ווען די שטאָט פּלעג אייַנשלאָפן און אַלץ אַרום האָט אויסגעזען, ווי טהאָם, זייַנען צו אונדז קוים דערגאַנגען די אָפּקלאַנגען פון פאַרשפּעטיקטע טראַמווייַען, געריישן, דאָס טופּען פון אַרעסטאַנטישע טריט, שווערע הוסטן פון מענטשן, וועלכע האָבן זיך אומגעקערט פון פאַרהער, דער טומל פון שלעסער און שטאָלענע פּרענטעס אויף די אייַזערנע טירן. פאַרטאָג־צו איז דאָס הויז ביסלעכווייַז שטילער געוואָרן. נאָך זייער גרויסער האָרעוואַניע פון „אויפדעקן" נייַע „סאָנים פון פאָלק", „פאַרעטער", „שעדיקער", „נאַציאָנאַליסטן", „פאַרשווערער" און אַנדערע „פאַרברעכער", האָבן די „היטער פון גרעם געזעץ" זיך געקליבן אַהיים. אין איינער אַזאַ נאַכט, ווען איך האָב געטראַכט, אַז קיין שום טייַוול וועט מיך אין אַזאַ צייַט ניט באַאומרויִקן, האָב איך דערהערט

א טומל בא מײַן טיר און דער נאדזיראטעל האָט א בורטשע געטאָן, איך זאָל זיך שנעל אָנטאָן און ארויסגיין „אָן די זאכן”.

עפּעס מאָדנע! און איך האָב געטראכט, אז מע האָט מיר שוין ארײַנגעשריבן די פּאָר צענדליק יאָר, צי נאָך עפּעס, און מע וועט מיך אָפּשיקן ערגעץ. נאָר דאָס מאָל האָט מען מיך שנעל אוועקגעפירט אין אן אומבאקאנטער ריכטונג און אָנשטאָט די שמאָלע, האַלבפינצטערע, עקלדיקע קאָרידאָרן, דורכגעזאָפּטע מיט קאַרבאָלקע, האָט מען באפוילן פארקערעווען רעכטס, ארויף טרעפּ. עס האָט זיך פאר מיר געעפנט א ברייטער קאָרידאָר, א פארפלייצטער מיט עלעקטרישער שײַן. אפן דיל זײַנען געווען אויסגעשפרייט רויטע טעפּיכער. הויכע טירן, פארצויגענע מיט שווארצן דערמאטין, רעכטס און לינקס — קאבינעטן, קאבינעטן אָן א שיר, און איך האָב א טראכט געטאָן, אז מע פירט מיך ניט צו די געוויינלעכע אויספאָרשער, נאָר אין די הויכע פענצטער, צו די גדולים, צו די באלעבאטים פון דעם אנשטאלט.

מיט אזעלכע הויכע לײַט איז מיר דאָ נאָך ניט אויסגעקומען זיך באגעגענען. און גאנץ פארשטענדלעך, עס האָט מיך ארומגעכאפּט א שטארקער אומרו.

מײלע, ריידן מיט געוויינלעכע אויספאָרשער פון פארשיידענע ראנגען האָב איך שוין געהאַט א שטיקל דערפארונג, געוווּסט, וויאזוי מע פירט זיך אויף, שוין אפילע געוווּסט די סטאנדארטע פראגן, וועלכע זיי וועלן מיר פארגעבן, נאָר מיט הויכע טשינעס?!

בא א ברייטער דערמאטין־טיר, שווארץ, ווי קויל, האָט מײַן אופזעער מיך אָפּגעשטעלט, באפוילן שטיין מיט פּאָנעם צו דער וואנט, און אליין ארײַן אינעווייניק. כ׳ווייס ניט, וויפל עס האָט געדויערט, ביז ער איז א פארפּאַליעטער ארויס אין קאָרידאָר און מיך א טאָרע געטאָן מיטן עלנבויגן, איך זאָל ארײַנגיין.

און אָט בין איך אריבערגעטראָטן די הויכע שוועל און דערזען פאר זיך א מוירעדיק גרויסן קאבינעט, באדעקט מיט א גרויסן קילים. אין ווײַטן עק, לעם דער וואנט איז געשטאנען א גרויסער דעמבענער טיש, באדעקט מיט בלאָווּלעכן געוואנט. אף דער וואנט אין גאנצן וווּקס האָט אראָפּגעקוקט דער „פאָטער פון פעלקער” סטאלין. עטוואָס ווײַטער א ביסל — א קלענערער פאָרטרעט, פון וועלכן עס האָט אראָפּגעקוקט דער הויפּט־באלעבאָס פון דעם אנשטאלט, סטאלינס געטרײַסטער פרײַנט און מיטקעמפער לאווּרענטי בעריאַ... אף א ווייכן שטול צווישן די צוויי גויִנים איז געזעסן א דריטער „גוי”, פונקט אין אזעלכע פענסנע, ווי אף בעריאס נאָז, עפּעס א קליין מענטשל אין א גענעראלישן מונדיר, א דארער, אײַנגעשרומפּענער פארשוין, און ווען ניט דער שפּאָגל־נײַער, געפרעסטער מונדיר, וואָלט איך געמיינט, אז דאָס איז א געוויינלעכער נאחזיראטעל, אָדער אן אויספאָרשער פון א נידעריקן ראנג. נאָר לויט דעם, ווי ס׳זײַנען אלע מינוט ארײַנגעלאָפן צו אים הויכע טשינעס און געבליבן פאר זײַן טיש, ווי די סטורקאטשעס, אויסגעצויגענע, שווײַגנדיקע מיט אומבאווּעגלעכע קעפּ, האָב איך פארשטאנען, אז דאָס איז גאָר־גאָר א ווּיכטיקער נאטשאלניק. און טאקע, ווי עס האָט זיך ארויסגעוויזן, האָט מען מיך געבראכט צום וויצע־מיניסטער יעסיפּענקאָ. ער אליין מיט זײַן פערזאָן האָט באשטימט זיך מיט מיר באקאנען.

דאָס דארע, טרוקענע גענעראלעכל האָט לאנג ניט געקוקט אין מײַן זײַט, געווען פארטאָן אין זײַנע געדאנקען, א פּאָר מאָל אראָפּגענומען דאָס טעלעפאָן־טרײַבל און געגעבן עמעצן וויכטיקע אנווײַזונגען. ענדלעך, האָט ער אופגעהויבן אף מיר דעם בליק. און זײַנע פענסנע האָבן זיך צעגלאנצט הינטערן בלויען אבאזשור.

ארום דעם גרויסן דעמבענעם טיש, וואָס האָט דערמאָנט דעם רוסישן בוכשטאב „ט”, זײַנען געשטאנען ווייכע בענקלעך. מיר האָט דער גענעראל א ווונק געטאָן אף א בענקל, וואָס איז געווען אָפּגעזונדערט פון זײַן טיש. פון רעכטס און לינקס זײַנען געזעסן צוויי טאָארטע פרויען אין ברילן. אפן טיש לעבן יעדערער פון זיי זײַנען געלעגן פּעקעלעך מיט שילערישע העפטן, בלײַערס. די פרויען האָבן פון מאָל צו מאָל געוואָרפן אף מיר בליקן, ווי מע וואָלט מיך געוואָלט פארגעדענקען. איך האָב פארשטאנען, אז דאָס זיצן צוויי סטענאָגראפיסטקעס, וועלכע וועלן דארפן פארשרײַבן דעם געשפּרעך, וואָס דער באלעבאָס פון דעם הויז וועט באלד מיט מיר פארפירן.

אין גרויסן קאבינעט מיט די בליאסקענדיקע ליוסטרעס און טעפּיכער האָט געהערשט אן אָנגעשטרענגטע שטילקײַט.

דער וויצע־מיניסטער האָט מיך לאנג באטראכט, פאריכט די פענסנע אף דער קורצער נאָז און ווידער אָפּגעשטעלט אף מיר דעם בליק. א קוק געטאָן רעכטס און לינקס, צי זײַנען די סטענאָגראפיסטקעס גרייט צוטרעטן צו זייער שווערער אַרבעט, האָט ער זיך אָנגערופן, אָנמאָלנדיק אף דעם טרוקענעם שפּיציקן פּאָנעם א ניט נאטירלעך שמייכעלע:

— אָט אזעלכער איר זײַט? — האָט ער זיך אָנגערופן און זיך אופגעהויבן, צורוקנדיק צו זיך אף דעם טיש זײַן שווערן זייגער. — און איך האָב זיך אײַך פאָרגעשטעלט אן אנדערן... איר זײַט דאָך נאָך גאָר יונג און שוין באוויזן דורכגיין אזא גרויסן וועג...

ער האָט אופֿגעהויבן אַף די דלאָניעס א גרויסע פּאַפּקע, וואָס איז געלעגן ניט ווײַט פֿונעם זייגער, גענומען זי בלעטערן, עפּעס האָט אים פֿאַרינטערעסירט און ער האָט זיך אָנגעבויגן איבערן זײַטל. די פֿענסנע האָבן זיך אַראָפּגעגליטשט פֿון דער נאָז און זײַנען געבליבן הענגען אַף א גאָלדן קייטעלע... דער באַלעבאָס האָט זיי גלײַך אומגעקערט אַפֿן אָרט.

— אַ־אָ, טוט נאָר א קוק! — האָט ער גענומען שאָקלען מיטן קאָפּ. — געווען פֿאַר דער מילכאָמע און נאָך דער מילכאָמע א פֿאַראַנטוואָרטלעכער רעדאַקטאָר, אָנגעפֿירט מיט דער יידישער סעקציע אין שרײַבער־פֿאַריין, אַלע יאָרן פֿון מילכאָמע געווען אַפֿן פֿראָנט... באַלוינט מיט אָרדענס און מעדאַלן... מיר דאַכט, אַז מע האָט זיך צוגעײַלט, וואָס מע האָט אײַך אײַנגעזעצט. אַלץ, וואָס איר ווייסט, וואָלט איר אונדז געקאָנט מיטיילן אַף פּאַפּיר, מיר זאָלן אײַך ניט דאַרפֿן פֿאַרמוטשען...

ער האָט געמאַכט א קליינע פּאַוזע און צוגעגעבן:

— נו, נישקאָשע, אַלץ איז אין אונדזערע הענט, ווי איר פֿאַרשטייט. יאָסיף וויסאַריאָנאָוויטש סטאַלין לערנט אונדז זיך לערנען אַף אונדזערע פֿעלערן. און ווער עס טוט גאָרניט, דער מאַכט ניט קיין פֿעלערן. דאָס איז דיאַלעקטיק...

איך האָב אָנגעשטרענגט דעם געהער. מיר איז ניט געפֿעלן געוואָרן דאָס טײַוולאָניש שמייכעלע אַף די ליפּן פֿונעם באַלעבאָס, די ווייכע רייד זײַנע, אַפֿילע דאָס, וואָס זײַנע פֿענסנע־גלעזלעך האָבן פֿריילעך געפֿינקלט אונטער די ליוסטרע־שטראַלן.

ער האָט זיך אָנגעלענט אַף דעם פֿוכקן פֿאַרענטש פֿונעם לעדערנעם פֿאָטעל. גענומען ווידער בלעטערן די פּאַפּירן אין דער פּאַפּקע און פֿאַרגעזעצט אַלץ מיט דעם זעלבן ווייכן טאָן:

— אַ־אָ, כאָטש איר זײַט נאָך גאָר יונג, נאָר מיט אזא גרויסן פּאַרטיי־סטאַזש... גוט... זייער גוט... און געווען א סעקרעטאַר פֿון דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע אין שרײַבער־פֿאַריין... נו, נישקאָשע, אַלץ איז אין אונדזערע הענט...

זײַן רייך־געגאָלטער קאָפּ האָט זיך פֿאַרנייגט. עטלעכע לאַנגע רעגעס איז ער געזעסן, גלײַך ווי א דרעמל האָט אים אַרומגעכאַפּט. און מיטאַמאָל האָט ער זיך אופֿגעהויבן, א טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ, איבערגעפֿירט אַף מיר זײַן אָנגעצויגענעם בליק און זיך אָנגערופֿן:

— איר מוזט אונדז אָפֿנהאַרציק ענטפֿערן אַף איין פֿראַגע: איר, א מענטש מיט אזא פֿײַנער ביאָגראַפֿיע, וויאַזוי האָט איר געקאָנט פֿאַרקריכן אין אזא נאַציאָנאַליסטישער שפּיאָנישער באַנדע?.. ווי האָט איר געקאָנט זײַן אין אזא באַנדע אויסוואָרפֿן, סאָנים פֿון פֿאָלק?

דאָס טרוקענע פּאָנעם זײַנס איז געוואָרן אָנגעשטאָלט, עס האָט זיך אינגאַנצן געענדערט, און איך האָב פֿאַר זיך דערזען אן אומענטש, א טאַליען. איך האָב פֿון אים אָפּגעקערט דעם בליק, זיך געפּרוווט אײַנהאַלטן, קעדיי ענטפֿערן רויק, ניט אַרויסווײַזנדיק מײַן אופֿגערעגטקייט. איך בין דאָך הילפֿלאָז פֿאַר אזא פֿאַרשוין אין אזא מונדיר, א פֿאַרשוין, וואָס פֿאַרנעמט אזא מין ראַכוועסדיקן פֿאָטעל לעם די סאַמע העכסטע פֿענצטער. איבערכאַפּנדיק דעם אָטעם, פֿילנדיק אַף זיך די לאַסט פֿון זײַן אַכזאָריעסדיקן פֿײַנטלעכן בליק, האָב איך געענטפֿערט.

— איך האָב געמיינט, אַז דאָ רעדט מען אַנדערש, ווי דאָרטן... — האָב איך א ווונק געטאָן אין יענער ריכטונג, פֿונוואַנען מע האָט מיך אַהער געבראַכט. — עס איז ניט געווען קיין נאַציאָנאַליסטישע שפּיאָנישע באַנדע בא אונדז, אַזויאַרום, האָב איך דאָרטן ניט געקאָנט זײַן... וואָס איז שייך דער „באַנדע"... ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די פֿאָטערלענדישע מילכאָמע, זײַנען בא אונדז אין דער יידישער סעקציע פֿון שרײַבער־פֿאַריין, ווו איך בין געשטאַנען אין שפּיץ, געווען העכער זעכציק טאַלאַנטפֿולע שרײַבער, סאָוועטישע פּאַטריאָטן. דעם ערשטן טאָג, ווען היטלער איז אָנגעפֿאַלן אַף אונדזער לאַנד, זײַנען מיר אַלע, ווי איינער, פֿרײַוויליק אוועק אַפֿן פֿראָנט. העכער פֿערציק ליטעראַטן זײַנען געפֿאַלן אין די שלאַכטן, מיט זייער בלוט זיך אונטערגעכאַסמעט לעטויוועס דעם לעבן און גליק פֿון אונדזער לאַנד... און זיך איזדיעקעווען איבער זייער ליכטיקן אָנדענק איז דער גרעסטער פֿאַרברעכן... אַדאַנק זייער בלוט זיצן מיר איצט אין אַזעלכע קאַבינעטן...

דאָס קליינע מענטשעלע איז פֿון רעציכע אונטערגעשפּרונגען און דאָס פּאָנעם זײַנס איז גרין און בלאָו געוואָרן. דאָס קאָל האָט זיך בא אים איבערגעריסן און, פֿרעסנדיק מיך מיט זײַן בייזן, אַכזאָריעסדיקן בליק, האָט ער זיך צעשריגן:

— צום טײַוולס מוטער! איך האָב געמיינט, אַז איר זײַט א סאָוועטישער מענטש, אַז איר ווילט אונדז העלפֿן פֿאָטער ווערן פֿון אײַער מיעסער באַנדע! אין קאַרצער! אין קעלער!..

ער האָט אָנגעקוועטשט אַף דער קנאָפּקע אַפֿן טיש. עס איז, ווי אן אָפּגעבריטער, אַרײַנגעשפּרונגען דער נאַדזיראַטעל, ניט פֿאַרשטייענדיק, פֿאַרוואָס גוואַלדעוועט אַזוי דער הויכער נאַטשאַלניק. א רעגע איז יענער געשטאַנען א פֿאַרלוירענער, געקוקט אַף מיר און א ווונק געטאָן:

— פּאָשלי!..

איך האָב זיך געלאָזט צו דער טיר, פֿילנדיק אַף זיך דעם ראָצכישן בליק פֿון דעם וויצע־מיניסטער.

איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס דאַרף זײַן אַ פּאַרשוין פֿון יענע, װעמען מע האָט אָנגעטאָן גענעראַלישע מונדירן ערשט ניט לאַנג: זײַן קאָל, זײַן אױסגעקרימטע צורה, זײַן געשרײ איז שטאַרק ענלעך אױף דער זידלערײַ פֿון די טורמע־נאַדזיראַטעליעס.

מע האָט מיך געפֿירט איבער די באַקאַנטע קאָרידאָרן, אָט איז שױן מײַנער. ניט װײַט געפֿינט זיך מײַן קאַמער. איך בין געװען שטאַרק פֿאַרמאַטערט. די אױגן האָבן זיך געקלעפּט, כ׳האָב געטרוימט אַרײַנקומען אין מײַן הקדש, זיך אַ װאַלגער טאָן אױף מײַן טורמע־בעטל און אײַנשלאָפֿן. איך האָב ניט געפֿילט קײן פֿאַרדראָס, װאָס איך האָב באַקומען אַזאַ פּײַנעם אױפֿנאַם באַם װיצע־מיניסטער יעסיפּענקאָ, נאָך מער, איך האָב געפֿילט אַ שטיקל באַפֿרידיקונג, װאָס איך דאָ, אין די הױכע פֿענצטער, האָב איך ניט אָנגעװױרן מײַן מענטשלעכע װירדע, ניט פֿאַרלױרן מײַן געװיסן.

מאָדנע. עפּעס צו לאַנג דױערט דער צוריקװעג צו מײַן קאַמער. עפּשער איז דאָס דערפֿאַר, װאָס איך פֿיל אַזאַ שטאַרקע מידקײַט? די פֿיס טראָגן מיך קױם?

נײן, די טרעפּ זײַנען געגאַן אַראָפּ, ניט צו יענעם קאָרידאָר, װוּ מײַן גרױסאַרטיקע קאַמער געפֿינט זיך.

דאָ האָט געשמעקט מיט שימל, פֿױלקײַט קעלער. די פֿענצטערלעך מיט די פֿאַרזשאַװערטע גראַטעס זײַנען געװען געצילט אין אַ טעמפּער שטײנערנער װאַנט, איבער װעלכער עס האָבן געקלעטערט אַראָפּ קױטיקע װאַסער־שטרעמלעך, דער גערוך פֿון נעץ, שימל און נאָך דער רױעך װײסט פֿון װאָס האָט געשטיקט, פֿאַרשלאָגן דעם אָטעם. דאָ איז אױסגעקומען פֿאַרנײגן דעם קאָפּ. איבער אים איז געהאַנגען די סטעליע און געדאַכט האָט זיך, אַז אָט־אָט װעט זי פֿאַלן אױף דיר און צעקװעטשן. עכטע מיטלאַלטערלעכע קאַטאַקאָמבעס. האַלבפֿינצטערע. װען איר שטײט אױף דער קאָראָלענקאָ־װאָלאָדימירסקע־גאַס און קוקט אױפֿן געזעצטן פּילשטאָקיקן הױז — דעם געװעזענעם אַרבעט־פּאַלאַץ, אױף דער שװידערלעכער געבײַדע, װוּ עס איז בײס דער פֿאַשיסטישער אָקופּאַציע פֿון אוקראַיִנע געװען די געסטאַפּאָ — צי דען קאָן מען זיך אָנשטױסן, װאָס פֿאַר אַ מיִעסע „אונטערשטע שטאָקן“, פֿאַדװאַלן עס געפֿינען זיך אין הױף?!

פֿון בײדע זײַטן קאָרידאָר — אײַזערנע טירן מיט די באַרימטע „קאָרמושקעס“ און „גלאַזאָקן“ — „אײגעלעך“. אין די דאָזיקע נאָרעס שמאַכטן, װי אױפֿן טויט, לעבעדיקע מענטשן, װאָס װײסן ניט, פֿאַר װעלכע זינד. די אַקשאָנים, װעלכע װילן זיך ניט מודה זײַן אין דעם, אין װאָס זײ זײַנען ניט שולדיק, מאַטערן זיך דאָרט, קאָלזמאַן זײ װעלן ניט אונטערשרײַבן דאָס, װאָס אומענטשן שרײַבן זײ צו.

בײַ אײנער פֿון די טירן האָט דער נאַדזיראַטעל מיך אָפּגעשטעלט. צו מײַנע אױערן האָט זיך פֿון דער קאַמער דערטראָגן אַ װילדער געשרײ, אַ קלאַפּערײַ אין דער טיר, געװאַלדן, װי מע זאָל דאָרטן עמעצן שעכטן.

עס איז צוגעלאָפֿן אַהער אַ באַאַרטער אױפֿזעער אין װײַסע שטעקשיך, אָפּגעמאָסטן מיך מיט אַ בײזן בליק, געעפֿנט דעם שלאָס און אַרײַנגעשטױסן מיך אין קאַמער. אַ האַלבפֿינצטערער העקדעש מיט אַ קלײן בלינד טורמע־פֿענצטערל, אױסגעריבענע, אָפּגעקאַלופּעטע נאַסע װענט. אױפֿן דיל זײַנען אין בײדע זײַטן געלעגן צעריסענע, צעפּיצלטע שטרױיענע טיופֿיאַקעס, בײַ דער טיר האָט זיך געװאַלגערט אַן איבערגעקערטע פּאַראַשע, אין װינקל איז געשטאַנען אַ קלײנװוּקסיקער געזעצטער פּאַרשױן מיט אַ געדיכט באַװאַקסן שרעקלעך פּאָנעם און אַ געשױרענעם קאָפּ. דאָס העמד איז אױף אים געװען צעריסן, צעפּיצלט, באָרװעסע, לאַנג ניט־געװאַשענע פֿיס, שרעקלעכע אױגן... ניט אַנדערש, װי דער פּאַרשױן האָט זיך גערירט פֿון די געדאַנקען. ער האָט אױף מיר געקוקט, מיך דורכגענומען אױף דורך און דורך. מיר זײַנען בײדע געשטאַנען אײנער קעגן דעם צװײטן עטלעכע מינוט, באַטראַכט אײנער דעם אַנדערן, און איך האָב פֿון אָנפֿאַנג ניט געקאָנט פֿאַנאַנדערקלײַבן: װער איז ער? אַ משוגענער אָדער פֿון יענע, װעלכע סימולירן משוגעאַס? אָבער װי עס זאָל דאָרט ניט זײַן, דאַרף איך זײַן אױף דער װאָך, איך שטעל זיך ניט פֿאָר, װאָס דער פּאַרשױן קאָן אין אַ רגע אַרום אױפֿטאָן.

„יאָ, אַ שײנע קאָמפּאַניע! אַ שײנער שאָכן... — האָב איך אַ טראַכט געטאָן, — מיט אַזאַ פּאַרשױן איז גוט חױגען אין אײן טורמע־קאַמער...“

שװער אָטעמענדיק, איז ער נעענטער צוגעגאַן צו מיר, אױסגעשטרעקט די האַנט:

— איך הײס מוזיקאַ סטעפּאַן... אַ קאָניוך פֿון זשוקאָװקע... געהערט אַזאַ דערפֿל לעבן זװעניגאָראָדקע?..

— מוזיקאַ? זײער גוט... — האָב איך אים דערלאַנגט די האַנט און זי שטאַרק אַ קװעטש געטאָן.

דער פּאַרשױן האָט זיך פֿאַרקרימט, אָפּגעשפּרונגען אין אַ זײַט, שאָקלענדיק מיט קאָפּ:

— אַ־אַ! אַ שטאַרקע האַנט באַ דיר... — האָט ער זיך אָנגערופן מיט שרעק. — איך זע, אַז ד'ביסט אונדזער ברודער, נישט פון דער אינטעליגענציע. די אויספּאַרשער האָבן מיך געשלאָגן, געוואַלט האַרגענען, און איך האָב נישט געלאָזט. „פוילע אינטעליגענטן!" — האָב איך זיי געשריגן, און זיי האָבן מיך געשלאָגן איבערן קאָפּ... זעסט, ווי איך בין פאַרבלוטיקט? זיי האָבן צוגענומען פון דער קאַמער די בעטלעך און איבערגעלאָזט קויטיקע טיופיאַקעס, און איך פּאַדער...

ער האָט זיך געלאָזט לויפן צו דער טיר און גענומען שרייַען און קלאַפּן מיט די קולעקעס אין דער „קאַרמושקע".

זי האָט זיך געעפנט און דער נאַדזיראַטעל האָט גענומען דראָען:

— אויב דו וועסט גלייַך נישט אופהערן טומלען, וועל איך דיך טייקעף פאַרשפּאַרן אין קע־לער, אין קאַרצער...

— און דאָס וואָס איז באַ דיר, אַ גאַניידן? — האָט מוזיקאַ זיך נאָך שטאַרקער צעשריגן, — איך וועל גיין אַפילע אויף יענער־וועלט, נאָר זאָל מיט מיר צוזאַמען גיין דער נאַטשאַלניק!

אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט דער פּאַרשוין ווידער גענומען קלאַפּן אין דער טיר:

— היי, איך פּאַדער, מע זאָל אַרויסרופן אַהער צו מיר דרייַ איידעס. טשערטשילן, סטאַלינען און רוזוועלטן! אַנדערש דערקלער איך אַ הונגער־שטרייַק!

מוזיקאַ דערנענטערט זיך ווידער צו מיר, וויל עפּעס דערציילן און כאַפּט פון דיל זייַנע שטיוול און הייבט זיי אָן וואַרפן אויף דער טיר, שרייַען.

ווידער עפנט זיך די „קאַרמישקע" און עס באַווייַזט זיך דעם נאַדזיראַטעלס לאַכנדיק פּאָנעם:

— שטילער! באַלד וועל איך אויף דיר אָנרייצן בייזע הינט!

— ביסט אַליין אַ בייזער הונט! דו און דייַן נאַטשאַלניק! — ענטפערט מוזיקאַ און לויפט ווי־דער צו דער „קאַרמישקע", — רופט אַרויס אַהער אַ קאָמיסיע! זאָל מען צונעמען אויף אַן עקספּערטיזע מייַנע מויכעס, און איך וועל דערוויַיל אַרומגיין אָן זיי...

ער אָטעמט שווער, לויפט אַרום עטלעכע מינוט איבער דער קאַמער, ווי אַ דולער, כאַפּט זיך באַם קאָפּ און שרייַט:

— וואָס האַלט איר מיך דאָ, באַנדיטן! דאַרטן אין שטאַל וואַרטן אויף מיר מייַנע פערד! מ'ע דאַרף זיי אינטערשיטן סיטשקע און אָנפּאָיען! לאָזט מיך צו מייַנע פערד! איר ווייַט מענטשן, צי כייעס?..

איך שטיי צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט אַ טויט־מידער און שטעל זיך נישט פּאָר, וואָס איך דאַרף טאָן. זיך אַראָפּלאָזן אויפן צעפּיצלטן טיופיאַק און פּרווון אייַנשלאָפן, נאָר ווי קאָן מען אויסהאַלטן דעם געשריי פון מייַן שאָכן, מוזיקאַ? ער רוט נישט קיין רעגע, קלאַפּט אַלעמאָל מיט די פיס, מיט די פויסטן אין דער טיר און פּאַדערט דרייַ איידעס: טשערטשילן, סטאַלינען און רוזוועלטן, אָדער אַ קאָמיסיע, וואָס וועט באַ אים אָפּנעמען די מויכעס זייַנע, אָפּשיקן אין דער „לאַבאָלאַטאָריע" אויף אויספּאָרשונג, און ער וועט דערוויַיל אַזוי, אָן זיי אַרומגיין...

ער כאַפּט דאָס דעקל פון דער פּאַראַשע, וואָס וואַלגערט זיך אין ווינקל, שלייַדערט עס אין דער טיר און דאָס טשעהונעגע דעקל צעשיט זיך אויף שטיקלעך. דער נאַדזיראַטעל עפנט אויף די טיר, פּירט אַוועק דעם שאָכן מייַנעם, און איך צי זיך אויס אויפן צעריסענעם קויטיקן טיופּיאַק אין וויל ווי־ניט־איז איינדרעמלען, נאָר עס גייט אַוועק אַ פערטל שאָ, ווידער צעעפנט זיך די טיר פון דער קאַמער, מע שלייַדערט אַרייַן מוזיקען, אָן אָפּגעגאָסענעם פון קאָפּ ביז פיס מיט וואַסער, די אויגן נאָך שרעקלעכער, דאָס רעשט העמד איבגאַנצן צעפּיצלט. ער וויינט, ער טומלט, קלאַפּט אָפּסנייַ אין דער טיר:

— גאַזלאָנים, ראָצכים, געסטאַפּעס! ווער האָט אייַך דערלויבט שלאָגן מוזיקען? מוזיקאַ האָט פאַרדינסטן פאַר דער ראַטנמאַכט! מוזיקאַ איז אַ קאָניוך, מוזיקאַ האָט אייַך נישט געטאָן שלעכטס. ער איז פאַר דער רעוואָליוציע...

ער ווישט מיט די קויטיקע הענט די אויגן און צעשמירט שטאַרק דאָס שמוץ אויף דעם איבערגעקרימטן, צעבלוטיקטן פּאָנעם.

נאָר אָט בלייַבט ער שטיין אינמיטן דער קאַמער, שטעלט אָן אויף מיר די אויגן, אין וועלכע עס לויפן אַרום טייַוואָלאָנימלעך. און פּלוצעם רופט ער זיך אָן:

— מע רופט נישט קיין איידעס צו מיר... נישט רוזוועלטן, נישט סטאַלינען, נישט טשערטשילן... אין אָן זיי וועל איך דעם הונט — דעם אויספּאָרשער, קיין וואָרט נישט זאָגן! און האָדיע! עפּשער וועסטו, בראַטאָק, גיין זאָגן איידעס פאַר מוזיקען?..

ער לייגט זיך אַוועק אויפן קאַלטן, קויטיקן דיל, וואָס איז פאַרוואַלגערט מיט שטרוי פונעם צעריסענעם טיופּיאַק, און מיטאַמאָל ווערט זייַן פּאָנעם אָנגעשטרענגט, ערנסט. ער ווענדט זיך צו מיר:

— זאָג, נו זאָג מיר, פֿאַרוואָס האָט מען מוזיקען אַהער פֿאַרטריבן? מוזיקאַ איז ניט קיין פֿאַרעטער! מוזיקאַ איז אַ סאָלדאַט. אַ יאָר צײַט געווען אין פּעכאָטע. דרײַ מאָל געווען פֿאַרווונדעט, און לעבן ראָסטאָוו אַרײַנגעפֿאַלן אין פּלען צו די דײַטשן. די געסטאַפּאָס האָבן מיך פֿאַרשפּאַרט אין אַ טעפּלושקע און אַוועקגעפֿירט קיין דײַטשלאַנד. איר זײַט געווען אין דײַטשלאַנד בײַ די געסטאַפּאָס? אין דאַכאַו ביסטו ניט געווען? נו, ווייסטו גאָרניט! מע האָט מוזיקען אַרײַנגעוואָרפֿן אין אַן אונטערערדישן זאַוואָד לעבן בראַנדענבורג און אים געצוווּנגען שטיין בײַ אַ סטאַנאָק — אויסאַרבעטן פּאַטראָנעס, סנאַריאַדן פֿאַר דעם ווערמאַכט! און וואָס האָט מוזיקאַ געקאָנט טאָן? צוויי מאָל געפּרוּווט אַנטלויפֿן. נאָר וויִאַזוי ווּעסטו אַנטלויפֿן, אַז אַרום זײַנען געסטאַפּאָס, שטעכלדראָט און אָווטשאַרקעס, בייזע, ווי די וועלף. האָט מוזיקאַ געמוזט אַרבעטן. הונדערטער אונדזערע געפֿאַנגענע, פֿאַרטריבענע, ייִנגלעך און מיידלעך פֿון אוקראַיִנע, ווײַסרוסלאַנד האָבן די געסטאַפּאָס געצוווּנגען שטיין בײַ די וואַרשטאַטן און אַרבעטן... און מוזיקאַ האָט געאַרבעט. ווען דער נאַדזיראַטעל, אָט דער באַנדיט, וואָלט דאָרטן געווען, וואָלט ער אויך געאַרבעט. וואָס האָסטו געקאָנט מאַכן? נאָר מוזיקאַ איז געווען אַ פּאַטריאָט. עס איז געווען ווינטער. דער יאָרטאָג, ווען דער כאַווער לענין איז געשטאָרבן. מוזיקאַ האָט זיך דערמאָנט אין דעם און אויסגעשלאָסן די עלעקטרע, אָפּגעשטעלט די טראַנסמיסיעס, אַרויפֿגעקראָכן אויף אַ טיש און אויסגעשריגן אויפֿן גאַנצן צעך: „היי, סאָוועטישע מענטשן! שטעלט זיך אָפּ און פֿאַרנייגט די קעפּ! הײַנט איז דער טאָג פֿון טרויער — לענין איז אין אַזאַ טאָג געשטאָרבן!" איך האָב אָנגעהויבן זינגען דעם „אינטערנאַציאָנאַל". און אַלע אונדזערע כעווריע און מיידלעך האָבן געזונגען. די געסטאַפּאָס זײַנען אַרײַנגעלאָפֿן אין צעך, ווי צעריינצטע הינט, און גענומען שרײַען, שלאָגן. אויף מוזיקען האָבן די קאַטן זיך אַרויפֿגעוואָרפֿן און שיִר ניט דערשטיקט. מע האָט מיך און נאָך צוואַנציק אונדזערע רוסישע קנעכט אַוועקגעפֿירט אין דאַכאַו און דאָרטן געקאַטעוועט. אין דאַכאַו... געהערט וועגן אַזאַ טויט־לאַגער? דאָרטן איז געווען מוזיקאַ און געוואַרט אויפֿן טויט. אונדזערע האָבן מיך באַפֿרײַט פֿון דאַכאַו, און איך האָב זיך אומגעקערט אַהיים... אַוועק אַרבעטן אויף דער שטאַל, געוואָרן אַ קאָניוך. נאָר עס איז ניטאָ, מיט וואָס האָדעווען די פֿערד, און דרײַ פֿערד זײַנען געפֿאַלן. וואָס בין איך שולדיק? האָט מען מוזיקען אַרײַנגעוואָרפֿן אין טורמע, געבראַכט אַהער און געזאָגט, אַז מוזיקאַ איז אַ סוינע, אַ דײַטשישער שפּיאָן, אַ קאָנטרע... און ווער האָט געזונגען דעם „אינטערנאַציאָנאַל"? ווער מען האָט די געסטאַפּאָ אין דאַכאַו געקאַטעוועט? איך פֿרעג אײַך!..

ער בלײַבט מיטאַמאָל שטיל, הייבט זיך אויף פֿונעם טיופּיאַק, וואַרפֿט פֿון דאָרטן אַרויס דאָס לעצטע ביסל צעקנייטשטע שטרוי און צעשאַרט עס מיט די פֿיס איבערן דיל, לויפֿט צו צו דער טיר און נעמט קלאַפּן מיט די פֿויסטן, און ווען עס עפֿנט זיך די „קאָרמושקע" און דער נאַדזיראַטעל קוקט אַרײַן, הייבט אָן שרײַען מוזיקאַ:

— היי, קאַטיוגעס! איך פֿאָדער, מע זאָל אַהער ברענגען דרײַ אײדעס: טשערטשילן, סטאַלינען און רוזוועלטן! זאָלן זיי מיך מישפּעטן! איך פֿאָדער!..

און ווידער לויפֿט אַרום איבער דער קאַמער מוזיקאַ, הייבט אָן וויינען, רײַסן אויף זיך דאָס רעשט פֿון זײַן צעפּיצלט העמד:

— איך האָב געבעטן, מע זאָל צונעמען פֿון מײַן שאַרבן דעם מאַרך און אַוועקטראָגן אין „לאַבאָראַטאָריע" אויף דערלערנען, און איך וועל אַזוי אַרומגיין...

איך קוק מיט פּאַכעד און מיטגעפֿיל אויף דעם אומגליקלעכן מענטשן. אָט ערשט ניט לאַנג האָט ער אַזוי זאַכלעך און ערנסט דערציילט וועגן דאַכאַו, און ווידער האָט זיך בײַ אים אין קאָפּ עפּעס איבערגעדרייט און ער קלאַפּט שוין ווידער אין דער טיר און פֿאָדערט די דרײַ אײדעס...

און איך זיץ אויף דעם צעריסענעם טיופּיאַק מײַנעם, צוגעשפּאַרט מיט דער פּלייצע צו דער פּײַכטער, קאַלטער וואַנט און דער קאָפּ ווערט צעשפּאָלטן, איך בין טויט מיד און קאָן ניט כאַפּן קיין דרעמל. איך האָב שטאַרק ראַכמאָנעס אויף מײַן שאָכן און אייגנצײַטיק בין איך גרייט אים דערשטיקן. וויפֿל איך בעט אים ניט, ער זאָל זיך באַרויִקן, לאָזן אײַנשלאָפֿן כאָטש אויף עטלעכע מינוט, נאָר ער שאָקלט מיטן קאָפּ, קוקנדיק אויף מיר מיט זײַנע ברייט־צעעפֿנטע אויגן, זאָגט, אַז מער וועט ער ניט טומלען, פֿאַרשטעלט מיט דער האַנט דאָס מויל און אין אַ פּאָר מינוט אַרום צעבושעוועט ער זיך ווידער, נעמט שלײַדערן זײַנע שטיוול אין דער טיר...

ס'איז שוין דורכגעלאָפֿן נאָך אַ נאַכט און נאָך אַ טאָג. איך האָב שוין פֿאַרגעסן דעם כעזשבן, וויפֿל עס האָט זיך געצויגן די שרעקלעכע עקזעקוציע. נאָר אָט האָט זיך צעעפֿנט די טיר און צוויי געזונטע נאַדזיראַטעליעס זײַנען אַרײַן אין קאַמער, גענומען מײַן שאָכן אונטער די הענט און אַוועקגעשלעפּט צום אַרויסגאַנג.

איך האָב ניט געוווּסט, צי איז איצט טאָג אָדער נאַכט. איך האָב זיך אויסגעצויגן אויף מײַן טיופּיאַק, געפּרוּווט אײַנדרעמלען, נאָר אין קאָפּ האָט געזשומעט, און איך האָב בעשום־אויפֿן ניט געקאָנט אײַנשלאָפֿן. איך האָב זיך ניט געקאָנט באַפֿרײַען פֿון מוזיקאַס פֿאָדערונג, מע זאָל אים

ברענגען צו זײַן פּראָצעס דרײַ אידעס: טשערטשילן, סטאַלינען און רוזוועלטן. צוליב וואָס זײַנען אים נייטיק געווען אזעלכע הויכע אידעס, וועט, דאכט זיך, קיינער קיינמאָל ניט קאָנען דער־קלערן...

איך האָב זיך לאַנג געמאַטערט, ניט קאָנענדיק זיך באַפרײַען פון די קאָשמאַרן, וואָס עס האָט אױף מיר אָנגעוואַלגערט מײַן שאָכן, נאָר די מידקײַט האָט סאָפקאָלסאָף פאַרכאַפּט דעם איבנאָן, און איך בין פונדעסטוועגן אײַנגעשלאָפן. אָבער דאָס האָט געדויערט גאָר ניט לאַנג. מע האָט מיך אױפגעוועקט און ווידער אױעקגעפירט איבער די קאָרידאָרן. איצטיקן בין איך, ווי אַ פּריטשמע־ליעטער, געזעסן אין קאַבינעט פון דעם אויספאָרשער. ער איז געשטאַנען באַם טיש, געדרייכערט, געבויערט מיך מיט די אויגן אױף דורך און דורך. אױף זײַן ריין געגאָלט פּאָנעם האָט אױפגעלעבט אַ טײַוולאָניש שמייכעלע. ער האָט זיך אָנגערופן:

— איך האָב אײַך פאַרגעסן דערקלערן. אזויווי איר זײַט אַ פּאָליטישער אַרעסטירטער ניט קיין קרימינעלער, האָט איר די רעכט מעלדן, אױב איר זײַט מיט עפּעס ניט צופרידן... מ'רן זאָגן, מיט דעם עסן... מיט דער קאַמער, מיט דער אױפירונג פון די טורמע־אױפזעער... שכײנים... אויב איר האָט אָנקלאָגעס...

— איך בין מיט אַלץ באַ אײַך צופרידן. קיין אָנקלאָגעס באַ מיר זײַנען ניטאָ, — האָב איך אָפּגעהאַקט.

— און ווי געפעלט אײַך מוזיקאַ, אײַער שאָכן? — האָט ער מיט ביטל אַ זאָג געטאָן. — פאַר אײַך, אַלס שרײַבער, דאַרף אזאַ טיפּ זײַן אינטערעסאַנט...

— זייער אינטערעסאַנט!.. — האָב איך זיך אָפּגעקערט. — אַ דאַנק, וואָס איר זאָרגט פאַר מיר... איך בין זייער צופרידן...

— איר האָט זיך שלעכט אױפגעפירט, ווען אײַך האָט אַרויסגערופן דער גענעראַל... — האָט ער נאָך אַ לאַנגער פּאַוזע געזאָגט, — יענער וואָלט געקאָנט פאַרלײַכטערן אײַער לאַגע, ווען איר פירט זיך בעסער... פון אים איז אָפּהענגיק אײַער גורל... ער האָט געוואָלט, ווי בעסער, און איר?.. ניט גוט אזוי... זייער ניט גוט! ניט אַלעמען רופט אַרויס צו זיך דער גענעראַל... איר האָט אָנגעוווירן אײַער שאַנס. אַלצײַנס וועט אײַך אויסקומען אָנערקענען, אַז איר זײַט אַ מעלוכישער פאַרברעכער... און אויב איר שוינט ניט זיך, טאָ דאַרפט איר אַ טראַכט טאָן וועגן אײַער פרוי, אײַער זון... זיי קאָנען זיך פּלוצעם אַרומזען אין טיפן קעלער באַנאַנד מיט אײַך... מיט די אָרגאַ־נען שפּאַסט מען ניט...

איך בין געוואָרן דערשיטערט, דערהערנדיק די רייד. וואָס? מײַן פרוי און זון קאָנען אויך אַהער אַרײַנפאַלן?! פאַר וואָס? פאַר וועלכע זינד? וואָס קומט פאַר אױף דער וועלט? איז דאָס לעבן פון אַ מענטשן קיין גראָשן ניט ווערט?

דער קאָפּ האָט מוירעדיק ווײ געטאָן, זיך געדרייט. איך בין געזעסן אױף מײַן טאַבורעטקע און ניט פאַרשטאַנען, וואָס מע רעדט צו מיר, וואָס עס קומט מיט מיר פאָר. דער מענטש, וואָס קוקט אױף מיר מיט זײַן טײַוולאָניש שמייכעלע, האָט מיט די לעצטע ווערטער וועגן מײַן פאַמיליע אינ־גאַנצן צערודערט מײַן האַרץ, מײַן מויעך. און דער האָס האָט מיך שטאַרקער אַרומגעכאַפּט. איך וועל זיך האַלטן ביזן סאָף. מע דאַרף זיך שטאַרקן. וואָס עס זאָל ניט זײַן, וועל איך ניט אונטער־שרײַבן קיין ווילדע באַשולדיקונגען! אויב איך האָב זיך אזאַ צײַט געהאַלטן און מיך האָט מען ניט געקאָנט אײַנברעכן, וועל איך זיך האַלטן אויך ווײַטער, ביזן סאָף!

## די ווילדע פּראָוואָקאַציע

איינער פון מײַנע אויספאָרשער, אַ ציניקער און אַ כאָכמאַטש, האָט געזאָגט:

— אַ גאָלדענע צײַט איז געקומען. איצט איז גרינג זיך אויסלערנען צו זײַן אַ יוריסט. ווײַזסט אים אָן אױף אַ מענטשן, און זאָגסט: „נעמט אָפּן פאַרהער אָט דעם פּאַרשוין און גיט אים, לאָמיר זאָגן, צען יאָר...” און עס גייט אוועק אַ גאַנג! דאָ ליגט ניט קיין גרויסע טוירע. דערציילט אים, דעם פּאַרשוין, אַ שטיקל אַנעקדאָט, און ער האָט ניט באַוויזן אַוועקלויפן, ווי מע דאַרף, און מעלדן אױף דיר... איז ער פּאַרטיק! געוווּסט און ניט געמאָלדן...

אונדזערע אויספאָרשער האָבן זיך אָנגעשטויסן אױף אַ שטיינערנער וואַנט, האָבן זיך איבער־צײַגט, אַז קיינער פון אונדז איז אין גאָרנישט ניט שולדיק. נאָר מע האָט באַפוילן ליקווידירן אַ ליטעראַטור, זי פאַרטיליקן, אָפּמעקן פון דער ערד, פאַבריקירן אַן „אינייען”, ווײַזן דער וועלט, אַז

מע טוט אַלץ „לויטן געזעץ", פאַרבלענדן דער וועלט די אויגן, און אַט שפּינט מען שוין עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד אַ נעץ פון שעקער.

עס איז אָנגעקומען אַן אָנווייַזונג פון אַ הויכן נאַטשאַלניק, מע זאָל פאַרקאָכן אַ קאַשע און אַרייַנציִען אין איר אַ גרויסע גרופּע מענטשן, באַרימטע, בעקאַוועדיקע, באַוווסטע דער גאַנצער וועלט מענטשן, וואָס זייַנען אַרייַן אין דער געשיכטע, האָבן באַשייַנט מיט זייער טאַלאַנט און רום די קולטור, דאָס פאָלק...

גערעדט און געטאָן.

אין אַ פראָסטיקן יאַנוואַר־פאַרנאַכט 1948 יאָר איז אין מינסק געהאַרגעט געוואָרן דער באַרימטער, גרויסער אַקטיאָר און דענקער שלוימע מיכאָעלס.

דאָס פאָלק איז געווען דערשיטערט פון אַזאַ קלאַפּ, פון אַזאַ שווערן פאַרלוסט.

נאָך דעם, ווי מע האָט געקעפּט דעם ראָש פונעם באַרימטן מאָסקווער גאָסעט, האָט מען שוין לייַכט געקאָנט ליקווידירן דעם טעאַטער... נאָך דעם, ווי מע האָט דערמאָרדעט דעם ראָש פונעם יידישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט אין מאָסקווע, איז שוין געווען ניט שווער צו נישט מאַכן, אָפּשאַפן אַליין דעם קאָמיטעט.

און ווײַבאַלד אַזוי, איז דען שווער צו מעלדן, אַז דער קאָמיטעט איז געווען אַ נאַציאָנאַליסטישער און שפּיאָנישער צענטער, וואָס האָט געדינט דעם וועלט־אימפּעריאַליזם?!.. און ווער וועט שטערן איצט דעם „געניאַלן פאָטער" אײַנזעצן אין טורמע און צעשיסן די וווּנדערלעכע שרייַבער, וועלט־באַרימטע מייַסטערס פון וואָרט דאַוויד בערגעלסאָן... פּערעץ מאַרקיש... איציק פעפער... לייב קוויטקאָ... דאַוויד האָפשטיין און הונדערטער אַנדערע קולטור־טוער, זשורנאַליסטן, דאָקטוירים, געלערנטע, אינזשעניערן, אַדוואָקאַטן, מיליטערלייט, העלדן פון דער סאָוועטישער אַרמיי, וועלכע זייַנען געווען נאָענט צו דעם „שרעקלעכן צענטער".

בלויז אַ קורצע צייַט איז אַוועק, און די „געזעצגעבער" האָבן זיך געכאַפּט, אַז מע דאַרף ביזן סאָף פאַרווירקלעכן דעם טיפן פאַרטראַכט פון דעם „גאָען" — אויב פאַרניכטן אַ קולטור, אַ פאָלק, איז ביזן גרונט. אין די טורמעס האָט מען אַרייַנגעשלייַדערט די גרעסטע, די עלטסטע, די באַרימטסטע שרייַבער, נאָר אױף דער פרייַ איז געבליבן אין פאַרשיידענע שטעט און רעפּובליקן דער יינגערער דאָר שרייַבער, קינסטלער, קולטור־טוער. עמעס, די מערהייַט פון דעם דאָזיקן דאָר איז דורכגעגאַן די מילכאָמע, האָט זיך געשלאָגן קעגן דער פאַשיסטישער פעסט, פאַרגאָסן בלוט צוזאַמען מיט אַלע פעלקער פון לאַנד, איז באַלוינט געוואָרן מיט הויכע מעלוכישע אויסצייכענונגען — אָרדענס און מעדאַלן. עס איז דאָך אַ ביזאָיען פאַר דער וועלט: ווי קאָן מען פאַרניכטן אַזעלכע שרייַבער? נאָר לאָזן לעבן טאָר מען זיי אויך ניט — אַזוי האָט באַשטימט דער „געניאַלער פירער". מע דאַרף אויך די יינגערע גענעראַציע פאַרשפּאַרן הינטער די גראַטעס. „אַבי אַ מענטש, אַ סטאַטיאַ וועט מען פאַר אים צוקלייַבן".

געזאָגט און געטאָן! מע האָט אייַנגעזעצט אין די טורמעס די בעסטע שרייַבער פון דעם מילכאָמע־דאָר, טראָץ אַלע זייערע פאַרדינסטן פאַרן היימלאַנד.

אַט שמאַכטן שוין וויפל צייַט הינטער די גראַטעס, אין די טורמעס און לאַגערן און ווייסן ניט פאַר וואָס און פאַר ווען אומשולדיקע, טאַלאַנטפולע נאָטע לוריע און אייַזיק הובערמאַן, כאָנע ווייַנערמאַן און אַווראָם גאָנטאַר, מוישע טייף און מאָטל גרוביאַן, בוזי מילער און מאָטל טאַלאַלאַיעווסקי, נאָטאַן זאַבאַרע און עלי שעכטמאַן, יאַנקל יאַקיר, שמועל גאָרדאָן און נאָך און נאָך. מאַלטינסקי האָט זיך אומגעקערט פונעם פראָנט אָן אַ פוס, נאָר נישקאָשע, אָן אַ פוס, אַ קראַנקער, צעבראָכענער, קאָן ער אויך שמאַכטן אין טורמע!..

דו גייסט אַרום איבער דייַן קאַמער, און דער קאָפּ ווערט צעבראָכן פון דולע געדאַנקען. וואָס איז געשען אױף דער וועלט? פאַר וואָס? פאַר ווען? וווּ איז יושער, וווּ איז געוויסן, גערעכטיקייַט? דו גריבלסט זיך אין דער פּילטויזנטיאָריקער געשיכטע פון דער מענטשהייַט און דו קאָנסט ניט באַגרייַפן, פאַרוואָס אימפּעראַטאָרן, שאַכן, קייסאָרים פאַרניכטן זייערע דיכטער, זינגער, טרייַע דעם פאָלק...

די ערשטע צייַט נאָך דעם, ווי מע האָט דיך אַרייַנגעשלייַדערט אין די שרעקלעכע קאַזעמאַטן, ווען מע טרייַבט דיך פון דער קאַמער דייַנער אין קעלער, אין קאַרצער, מע דראָט דיר מיט טויט־שטראָף, מיט דער טליע, מיט רעדיפעס, איז שוידערלעך. נאָר ווען דו געוווינסט זיך צוביסלעך צו צו אַזאַ לעבן, ווערט דיר עטוואָס גרינגער, ווערסט אַ שטיקל פילאָסאָף, הייבסט אָן טראַכטן, און אויב דו ביסט דערצו נאָך אַ מענטש מיט אַ גופּיל פון הומאָר, הייבסטו אָן אויפנעמען אַ סאַך זאַכן, ווי אַ טראַגיקאָמעדיע...

(פאָרזעצונג קומט)

# צו אונדזער מעמאריאל

## דאָס לעבן און שאפונג פון די יידישע סאָוועטישע שריפטשטעלער-קאָרבאָנעס פונעם סטאַלין-טעראָר



### דאָוויד בערגעלסאָן

(1952 — 1884)



עגן דאָוויד בערגעלסאָנס לעבן און שאפונג איז פאראַן א היפשע ליטעראטור. זינט ער האָט פארעפנטלעכט זײַן גרעסערע דערציילונג „ארום וואָקזאל" אין 1909, האָבן וועגן אים געשריבן די גרעסטע יידישע קריטיקער און ליטעראטור־פאָרשער.

בערגעלסאָן איז ארויסגעפאָרן פון קיעוו קיין אויסלאנד אין 1921 און זיך אומגעקערט אהיים אין אָנהייב פון די צוואנציקער יאָרן. ער האָט קיינמאָל זיך ניט געהאלטן פאר אן עמיגראנט. אין 1926 לאָזט ער ארויס א זשורנאל „אין שפאן", אין וועלכן ער רופט די יידישע ליטעראַרישע אינטעליגענץ, זי זאָל דינען דער רעוואָליוציע. אָט דער

רוף איז ניט געווען קיין עמאָציאָנעלער צײַט־אימפּולס, קיין עפּיזאָד אין זײַן אידעאָלאָגישער אָריענטאַציע. אין דער רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטן אין וואַרשע דעם 3־טן יוני 1930 אויף א קאָבאַלעספּאָנעם, געווידמעט זײַן ענדגילטיקן אָפּפאָרן קיין סאָוועטנפאַרבאַנד, האָט ער דערקלערט:

„דער ליכטיקער פונקט אין דער אַלוועלטלעכער ייִדישער ליטעראַטור איז איצט די ליטעראַטור אין ראַטנפאַרבאַנד, און ניט דערפאַר, וואָס דאָרט זײַנען שוין געשאַפן געוואָרן ווערק פון גרויסער באַדײַטונג, נאָר דערפאַר, וואָס זי גייט אויף א ריכטיקן וועג. עס איז זייער שווער אין א צײַט פון קאָלאָסאַלער צעטרייסלונג און בויונג צו געבן גאַנצע, פאַרגאַנצטע ווערק. די ליטעראַטור בלײַבט הינטערשטעליק, שטייט איצט די אויפגאַבע פאַר דער דאָרטיקער ליטעראַטור וואָס צו טאָן: צי בלײַבן הינטערשטעליק און שאַפן ווערק פון לעבנס, וואָס זײַנען שוין פאַרקילט, אָדער, פאַרקערט, אויפכאַפּן דעם גאַנג, דעם ריטם פון דער צײַט. די ליטעראַטור אין ראַטנפאַרבאַנד איז אָפּט געגליכן צו א סימפאָנישן אָרקעסטער, וואָס געפינט זיך אין א לויפנדיקן שנעלצוג. עס זײַנען אָפּגעריסענע, ניט־פאַרענדיקטע קלאַנגען. אָבער מיר, וואָס שטייען אויפן וואָקזאַל, האָבן דעם כיישעק זיך אַרײַנצוכאַפּן אין דעם אײַלנדיקן צוג. די ליטעראַטור האָט דאָרט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך לאַסטן, און ס'וועט געזאַמלט פיל נײַער רוישטאָף פונעם אַרומיקן לעבן".

בערגעלסאָן אליין איז ניט געבליבן אויפן וואָקזאַל — ער האָט זיך אַרויפגעכאַפּט אין לויפנדיקן צוג.

דעם 26 סעפּטעמבער 1932 דרוקט די צײַטונג „בירעבידזשאַנער שטערן" א מיטיילונג וועגן דעם, אז דעם 13 סעפּטעמבער איז פון אויסלאַנד געקומען קיין מאָסקווע דער שרײַבער דאַוויד בערגעלסאָן און אז לויט דער אויפגאַבע פון דער ניו־יאָרקער קאָמוניסטישער צײַטונג „מאָרגן־פרײַהייט" וועט ער באַזוכן בירעבידזשאַן. דעם 1 נאָיאַבער האָט דער בירעבידזשאַנער שטאָטראַט צונויפגערופן א פײַערלעכן פּלענום, געווידמעט דעם שרײַבער. בערגעלסאָן איז שוין דעמלט געווען דער אַווטאָר פון זײַן גרונט־ווערק „באַם דניעפּער". אויפן פּלענום פונעם בירעבידזשאַנער שטאָטראַט האָט ער זיך אויסגעדריקט אזוי:

„דאָ ניט לאַנג צוריק האָט מיר איינער א כאַווער, א קאָמוניסט, וועלכער האָט פריִער געהאַט א שײַכעס צו די קליינבירגערלעכע ייִדישע פּאַרטייען, געזאָגט: „אך, ווען איר שרײַבט אָן דעם בוך „באַם דניעפּער" מיט א יאָר 20 פריִער!" האָב איך אים געענטפערט: „אך, ווען מײַן לערער וואָלט געווען ניט איר, נאָר לענין!"

גלײַך נאָך זײַן אָנקומען אין ראַטנפאַרבאַנד האָט דאַוויד בערגעלסאָן זיך גענומען פאַרן בוך „בירעבידזשאַנער". ווי באַוווּסט, איז ער דערשינען אין 1934, און ס'איז געווען איינס פון די בעסטע ווערק אין דער ליטעראַטור וועגן דער ייִדישער אַווטאָנאָמער געגנט.

אין דרײַ יאָר אַרום איז אין בירעבידזשאַן פאָרגעקומען גאָר אַן אַנדער פּלענום אין פאַרגלײַך מיט יענעם, אויף וועלכן די בירעבידזשאַנער געזעלשאַפטלעכקײַט האָט אזוי באַגײַסטערט אויפגענומען דעם שרײַבער. ס'האָט זיך אָנגעהויבן דאָס זיבן־און־דרײַסיקסטע יאָר, און שוואַרצע כמאַרעס האָבן פאַרצויגן אויך בירעבידזשאַן. די צײַטונג „דער עמעס" טרעט אַרויס מיט אַן אַרטיקל „כאַווקין און זײַן „סוויטע"". כאַווקין איז געווען דער סעקרעטאַר פונעם בירעבידזשאַנער געגנטלעכן פּאַרטיי־קאָמיטעט. מע האָט אים שוין אַרעסטירט. מע האָט זיך דערמאָנט, אז „דער שרײַבער כ' דאַוויד בערגעלסאָן האָט זיך פאַרוואַנדלט אין א מין פּראָפעסיאָנעלן ליבזאָגער פון כאַווקינען..."

בלויז צופעליק האָט דעם גרויסן שרײַבער אויסגעמיטן דעמלט אין 1937, כאַווקינס גורל. נאָכן 1937 האָט בערגעלסאָן, דער אַווטאָר פון „נאָך אַלעמען", „שטורעם־טעג", „מידאַס־האַדין", „דער טויבער" און פיל אַנדערע ראָמאַנען און דערציילונגען, וועלכע זײַנען שוין באַם לעבן פונעם שרײַבער געוואָרן קלאַסיק, באַוויזן אָנצושרײַבן דעם צווייטן טייל פונעם ראָמאַן „באַם דניעפּער", די דראַמעס „פּרינץ רעוביייני" און „כ'וועל לעבן" און א סאַך אַנדערע ווערק. די יאָרן פון דער גרויסער פאַטערלענדישער מילכאָמע האָבן אין בערגעלסאָנען אויפגעדעקט ווידעראַמאָל דעם פּובליציסטישן פונק. ווען מע וועט אויפזאַמלען זײַנע פאַרצייכענונגען און אַרטיקלען, וועלכע האָבן זיך דעמלט געדרוקט אין דער צײַטונג „איינikײַט", וועט זיך באַקומען א היפּשער באַנד.

בײַס דער מילכאָמע איז דער שרײַבער געווען א מיטגליד פונעם ייִדישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט, א מיטגליד פון דער רעדקאָלעגיע פון דער צײַטונג „איינikײַט". אַרעסטירט האָט מען אים צוזאַמען מיט א סאַך אַנדערע מיטגלידער פונעם קאָמיטעט אין יאַנוואַר 1949 און צעשאָסן אין אויגוסט 1952.

אין דער געשיכטע פון דער ייִדישער ליטעראַטור איז זײַן נאָמען פאַרשריבן מיט גאָלדענע אויסיִעס.

# אַלעקסאַנדער בראַכמאַן

(1942 — 1897)

אין בירָאבידזשאַנער געגנטלעכן מעלוכע־אַרכיוו ווערן פֿאַרהיט דאָקומענטן, וואָס האָבן אַ שײַכעס צום ערשטן צוזאַמענפֿאָר פֿון דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט אין דעקאַבער 1934 — אַרויסטרעטונגען פֿון די דעלעגאַטן און געסט, פּראָטאָקאָלן פֿון זיצונגען, באַגריסונגען. צווישן זיי געפֿינט זיך אַ דאָקומענט, אין וועלכן ס'ווערט געזאָגט: „דער קאָמוניסטישער אוניווערסיטעט פֿון די מײַרעוו־נאַצמינדערהייטן אויף מאַרכלעווסקיס נאָמען שיקט אַ פֿלאַמיקן באָלשעוויסטישן גרוס דעם ערשטן ראַטן־צוזאַמענפֿאָר פֿון דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט... דער קאָמוניסטישער אוניווערסיטעט פֿון די מײַרעוו־נאַצמינדערהייטן באַטראַכט ווי אַן ערן־זאַך דאָס גרייטן פֿאַר אײַך באָלשעוויסטישע קאַדרען".

אונטער דער באַגריסונג שטייען דרײַ כסימעס: רעקטאָר — פֿרומקין (עסטער), סעקרעטאַר פֿון פּאַרטקאָם — פּיאַטיגאָרסקי, פֿאַרוואַלטער פֿונעם ייִדסעקטאָר — בראַכמאַן. דאָס איז אַ דאָקומענט, וועלכער באַשטעטיקט, אַז אַלעקסאַנדער בראַכמאַן איז געווען פֿאַרוואַלטער פֿונעם ייִדישער סעקטאָר פֿונעם מײַרעוו־אוניווערסיטעט.

עס איז באַוווּסט, אַז א. בראַכמאַן האָט אַליין זיך געלערנט אין אָט דעם אוניווערסיטעט, געווען רעדאַקטאָר פֿון דער צײַטונג „מײַרעווקע" בײַ דעם לערן־אַנשטאַלט, שפּעטער — ביזן 1936, ווען דער אוניווערסיטעט איז פֿאַרמאַכט געוואָרן — איינער פֿון זײַנע לעקטאָרן.

געבוירן געוואָרן איז א. בראַכמאַן אין האָמעל, ווײַסרוסלאַנד, פֿון דער פֿריִער יוגנט זיך אַרײַנגעצויגן אין דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג. אין אָנהייב פֿון די דרײַסיקער יאָרן האָט ער אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקן אינטערעס צו פֿאָרשונגס־אַרבעט

קיין פֿאָטאָ־פּאָרטרעט האָט זיך ניט פֿאַרהיט.

א. בראַכמאַן:

צו דער מעטאָדאָלאָגיע פֿון דער אַלט־ייִדישער געשיכטע

אין געביט פֿון סאָציאָלאָגיע, היסטאָריאָגראַפֿיע, מאַרקסיסטיש־לענינישער פֿילאָסאָפֿיע. ער איז געווען אַ מיטגליד פֿונעם פּרעזידיום פֿון דער אַלרוסלענדישער געזעלשאַפֿט צו שטודירן די ייִדישע שפּראַך, ליטעראַטור און געשיכטע. אין די זשורנאַלן און צײַטונגען האָט ער אָפּגעדרוקט אַ גרויסע צאָל אַרטיקלען וועגן דער ייִדן־פֿראַגע אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד, ווי אויך אין פּעדאַגאָגישע זשורנאַלן — מאַטעריאַלן וועגן ייִדיש און ייִדישער ליטעראַטור.

אָט זײַנען בלויז אייניקע פֿון א. בראַכמאַנס קאַפּיטאַלע אַרבעטן: „די ייִדן־פֿראַגע אין די בורזשואַזע רעוואָליוציעס פֿון מײַרעוו־אייראָפּע" (זשורנאַל „וויסנשאַפֿט און רעוואָליוציע", 1936, נום. 1 [8]), „אַן אַקטועלע פֿראַגע" (זשורנאַל „שטערן", 1939, נום. 10), „צו דער מעטאָדאָלאָגיע פֿון דער אַלט־ייִדישער געשיכטע" (דאָרט, 1940, נום. 11 — 12). אין אַ בוך־פֿאָרם זײַנען דערשינען זײַנע ווערק: עקאָנאָמישע געאָגראַפֿיע (צוזאַמען מיט י. זשיוו), כרעסטאָמאַטיע (1928), קלאַסן־קאַמף (צוזאַמען מיט נ. טאָמסינסקי און ש. פּאַלאַטניק), כרעסטאָמאַטיע צו דער געשיכטע פֿון דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד. אונטער זײַן אָנפֿירונג (צוזאַמען מיט י. זשיוו) האָבן די סטודענטן פֿונעם ייִדסעקטאָר פֿון דעם מײַרעוו־אוניווערסיטעט צונויפֿגעשטעלט אַן אַטלאַס פֿון קאַרטאָגראַמעס און דיאַגראַמעס „ייִדן אין פּססר". דער בוך איז דערשינען אין 1930 מיט אַ פֿאָרוואָרט פֿון פֿרומקין (עסטער).

אַ מענטש מיט הויכער קולטור, האָט א. בראַכמאַן אָפּגעגעבן פֿיל אויפֿמערקזאַמקייט דער פֿראַגע וועגן דער ריינקייט און סטרוקטור פֿון דער ייִדישער שפּראַך. ווען אין 1934 האָט די סאָוועטישע ייִדישע פּרעסע פֿאַנאַנדערגעוויקלט די דיסקוסיע ערעוו דער אַלוקראַיִנישער שפּראַך־באַראַטונג, האָט ער אָפּגעדרוקט אין דער צײַטונג „דער שטערן" אַן אַרטיקל „אויך אין אונדזער שול איז ניט אינגאַנצן גלאַט" — וועגן דער גרינגשעצערישער באַציִונג פֿון די ייִדישע לערער צו דער שפּראַך. אַליין האָט ער

געשריבן זײַנע אַרבעטן מיט גרויס אכריַיעס צו דער שפּראַך, פלײַסיק געשליפן יעדן זאַץ.

פון גרויסער דערקענטעניש־ווערט איז זײַן אַרבעט „צו דער מעטאָדאָלאָגיע פון דער אַלט־ייִדישער געשיכטע", אין וועלכער ער האָט געגעבן אַ טיפן מאַרקסיסטישן אַנאַליז פונעם אָרט פון דעם אַלט־ייִדישן פאָלק אין דער סיסטעם פונעם אַלטערטום, אין דער שקלאַפן־אײגנטימערישער פאָרמאַציע. די דאָזיקע אַרבעט, כאָטש זי איז ניט פרײַ פון די אָפּטע אין יענער צײַט וווּלגאַר־סאָציאָלאָגישע עלעמענטן, טראָגט אויך הײַנט אַן אַקטועלן כאַראַקטער אין געביט פון פאָרשן די אַלט־ייִדישע געשיכטע.

אין זײַן אַרבעט „אַן אַקטועלע פראַגע", אָנגעשריבן אין דער פאָרם פון אַ בריוו אין רעדאַקציע פונעם זשורנאַל „שטערן", האָט אַ. בראַכמאַן געשטעלט די פּרינציפּיעלע פראַגע וועגן דער אָפּשאַצונג פונעם כאַסידיזם און פון דער האַסקאָלע: וואָס שטעלט מיט זיך פאָר דער כאַסידיזם. „עס דאַרף נעמען אַ סאַך צו דער לײַכטזיניקער אינדיפערענטער באַציִונג פון אונדזער זשורנאַליסטיק און פרעסע צו פראַגן פון ייִדישער געשיכטע, — שרײַבט ער. — עס דאַרף פאַרשטאַרקט ווערן דער שפּעריִער בונד צווישן די שרײַבער, פּובליציסטן און היסטאָריקער... מע דאַרף אופּאַסן, ענדלעך, אַז געשיכטלעכקײַט איז ניט אַן עפּיזאָד, ניט אַ צוגאָבעלעמענט, נאָר אַ שטענדיקער פאַקטאָר..."

אַ. בראַכמאַן איז געפאַלן אַלס קאָרבן פונעם סטאַלין־קולט. די אויבנאָנגעוויזענע אַרבעט מיקויעך דער אַלט־ייִדישער געשיכטע איז געווען דאָס לעצטע ווערק זײַנס. לויט אַנדערע ידיעות איז ער אומגעקומען אויפן פראָנט אין 1942.



# יאשע בראָנשטיין

(1937 — 1906)



י דאָזיקע שורעס קאָן מען איצטער ניט לייענען אָן שוידער:

„אין אונדזער שרײַבער־אָרגאַניזאַציע איז געזעסן אַ פאַרמאַסקירטער סוינע פון פאָלק בראָנשטיין, וועלכער האָט זיך אַזוי אַקטיאָריש געפירט, אַז ער איז אויסגעוויילט געוואָרן אַפילע אין דער ביוראָ פון דער ייִדסעקציע, און אויף דער אַלגעמיינער שרײַבער־פאַרזאַמלונג איז ער אַפילע אַרויסגעטראָטן מיט אַ פאָרטראָג „וועגן דער טראָצקיסטיש־אַווערבאַכישער דיווערסיע אין דער ליטעראַטור". דער דאָזיקער סוינע האָט, פאַרשטענדלעך, דעם איניִען פאַרקריפּלט, גערעדט אַלגעמיינע פראַזעס וועגן שוין לאַנג באַוווּסטע זאַכן און אויסבאַהאַלטן די קאָנקרעטע טראָצקיסטישע און נאַציאָנאַל־פאַשיסטישע שעדיקערײַ אין דער סאָוועטישער ליטעראַטור פון ווײַסרוסלאַנד, כדי אַזוי־אַרום דעזאָריענטירן די פאַרזאַמלונג און אָפּווענדן די שאַרפקײַט פון דער קריטיק אין אַ זײַט".

די ציטאַטע איז גענומען פון אַ באַריכט וועגן אַ שרײַבער־פאַרזאַמלונג אין מינסק אין מײַ—יוני 1937. וואָס זשע האָט אַזוינס אויפגעטאָן יאשע בראָנשטיין, דער פאַרמאַסקירטער „סוינע פון פאָלק", מע זאָל אים אַזוי טאַדלען?

געבוירן געוואָרן אין דער ווײַסרוסישער שטאָט בעלסק, האָט ער נאָך אין עלטער פון 15 — 16 יאָר אַרויסגעגעבן אין דער דאָרטיקער שול אַ געשריבענעם פון דער האַנט זשורנאַל „באַפרײַונג", און אין 1919 גייט ער פרײַוויליק אַוועק אין דער רויטער אַרמיי, באַטייליקט זיך אין די שלאַכטן פונעם בירגערקריג. נאָך דער דעמאָביליזאַציע ווערט ער אַ סטודענט צוערשט אין אַן אַרבפאַק, דערנאָך — אין מאָסקווער אוניווערסיטעט און אינעם אינסטיטוט פאַר רויטער פּראָפעסור. צו יענער צײַט געהערן זײַנע ערשטע ליטעראַטור־קריטישע אַרבעטן, וועלכע רוקן אים אַרויס אין די פאָדערשטע רייען פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור־קריטיק. מע באַשטימט אים פאַרן פאַרוואַלטער פון דער קאַטעדרע פון ייִדישער ליטעראַטור און שפּראַך אינעם מינסקער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט. פּראָפעסאָר בראָנשטיין איז אויך אַ וויסנשאַפטלעכער אַרבעטער פון ייִדישן סעקטאָר פון דער ווײַסרוסישער וויסנשאַפט־אַקאַדע־

מיִע, שפּעטער — מיטגליד־קאָרעספּאָנדענט פון דער אַקאַדעמיִע.

אין 1930 דערשײַנט יאָשע בראָנשטײנס בוך „אַטאַקע", אין וועלכן עס זײַנען אײַנגעשלאָסן געוואָרן ליטעראַריש־קריטישע אַרטיקלען פאַר די ערשטע פינף יאָר פון זײַן שעפערישער טעטיקײַט. דער בוך האָט אַרויסגערופן הײסע שטרײַטן איבער זײַן פּאָלעמישן נוסח און לײַדנשאַפטלעכער אַנגרײַפערישקײַט.

אָנגעהויבן פון אַן אַרטיקל וועגן דעם „ייִדישן פּיסאַרעוו", דעם „ערשטן ייִדישן ראַזנאָטשינעץ" אַווראָם־אורי קאָוונער, האָט בראָנשטײן אײַנגאַנצן זיך אָפּגעגעבן דער נײַער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור. איזי כאַריק און זעליק אַקסעלראָד, אַרן קושנירעוו און איציק פֿעפער, דאָוויד בערגעלסאָן און הירש אָרלאַנד — יעדערער פון אָט די באַדײַטנדיקע שאַפער האָט באַקומען אין זײַנע אַרבעטן אַ טיפע אָפּשאַצונג.

ניט שטענדיק זײַנען בראָנשטײנס קריטעריִען צונויפגעפאַלן מיט די אָפּשאַצונגען פון אַנדערע אויטאָריטעטע ליטעראַטור־קריטיקער — אַזעלכע, ווי מ. ליטוואַקאָוו, י. דאָברושין, מ. עריק, עס פלעגן זיך צעפלאַקערן הײסע שטרײַטן, נאָר בראָנשטײן האָט זיך פעסט געהאַלטן בײַ זײַנע פּאָזיציעס, דעריקער אין פראַגן פון סטיל־זוכענישן, פּסיכאָ־אידעאָלאָגישער ציל־אײַנשטעלונג, פּראָבלעמען פון מאַרקסיסטיש־לעניניש ליטעראַטור־מעטאָדאָלאָגיע.

ניט ווייניקער באַדײַטנדיק איז געווען בראָנשטײנס אַרבעט אין געביט פון דער ווײַסרוסישער ליטעראַטור־קריטיק. ער האָט אָפּעראַטיוו רעאַגירט אויף יעדן וויכטיקן בוך פון די ווײַסרוסישע שרײַבער, וואָס עס איז אויך פאַרעכנט געוואָרן ווי אַ „כעט", און אויף די שרײַבער־פאַרזאַמלונגען אין מינסק אין מײַ—יוני 1937 האָט מען אים אויפגעוואָרפן: „ער האָט מיט דעם געמײנט צו פאַרדעקן זײַן נאַציאָנאַליסטישן פּאַרצוף. אינדערעמעסן האָט... בראָנשטײן זיך אַרײַנגעריסן אויך אין דער ווײַסרוסישער ליטעראַטור און דאָרט געשעדיקט..."

אַזוי אַרום, האָט די מײַלע זיך פאַרוואַנדלט אין אַ כיסאָרן, נאָך מער — אין אַ פאַרברעכן. עס האָבן געדאַרפט דורכגײן יאָרן און יאָרן, קעדײ די ליטעראַרישע געזעלשאַפטלעכקײַט זאָל אָפּסנײַ אַ קוק טאָן ניכטער אויף יאָשע בראָנשטײנס שאַפונג. און דעמלט (אין 1963, אין 26 יאָר אַרום נאָך בראָנשטײנס אומקום) וועט דער פאָלקס־שרײַבער פון ווײַסרוסלאַנד מיכאַס לינקאָוו שרײַבן אין דער „ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ": „י. בראָנשטײן איז שוין פון לאַנג ניטאָ אויף דער וועלט, ער איז אומגעקומען אין פּעריאָד פונעם פּערזאָנען־קולט, ער איז אַ קאָרבן פון רעכילעס און ווילקיר. זאָלן די דאָזיקע קורצע שורעס אַרויסרופן אין זיקאָרן פון זײַנע פרײַנט דאָס ליכטיקע געשטאַלט זײַנס און דערמאָנען אונדז אַלעמען, אַז די בעסטע פון זײַנע ווערק דאַרפן אומגעקערט ווערן דעם הײַנטיקן לייענער".

דעם מעמאָריאַל־אָפּטײל פירט כ א ִ ם ב ײ ד ע ר



# ליטעראַרישע געדענק־דאַטעס



## מאָטל גרוביאַן

(1972 — 1909)

## ניט־פאַרעפנטלעכטע לידער

### צום פאָלק

וועמ ס'איז שטום צו דײַנע לײדן,
ווי א שטײן באם ברעג יאם,
און קאָן בלויז דיך מיט גיפט באריידן, —
זאָלן זיי אוועק מיט רויך און פלאַם.
ווער סע ווארפט דיר אוף די ווינד,
אז ווי שאָף דו ביסט געגאַנגען
צו דער שכיטע, —
זאָל דערשטיקן זיי דער פלאַם
פון מײַן צווייטויזנטיאָריקן געראַנגל.
שרײַב אָן דעם אורטייל
מיט צווײַגן פון אלע זייערע טליִעס
אָף זייער אייגענער הויט! —

און וואָרן זיי, אז כ'בין ניט קיין פעלד
מיט אויסגעשלאָגענע פון האָגל זאנגען.
ניטאָ די האַנט,
וואָס זאָל אין וויגעלע
פון גלײַכגילט מיך פארוויגן.
סע ליגט דאָס מעסער
אין גראָז נאָך פײַכט.
און איך פון שלאָף זיך וואַרף,
ווי אונטערן אײַז א טײַך —
איך האָב לײַדנדיק גענוג געשוויגן!

18 מארט 1966

## קום, מענטש!

דורך שטויב, דורך שטיין,
דורך ברידער־קוואָרים
קום, מענטש, לאָמיר גיין
מיט צאָרן
קעגן א נײַער מאגייפע,
וואָס אויף דער ערד ברענט,
קעגן די ליבלינגען אייכמאנס
מיט מאלפּישע הענט,
קעגן די שיידים
מיטן קאַין־צייכן אויפן שטערן,
קעגן די, וואָס מיט א נײַעם
מײַדאנעק זיך שווערן.
קום, מענטש, רוף אויף זיי
צו דער שטראָף אצינד,
ביז דער הימל
איז פון קרעמאטאָריע־קוימענס
ניט געוואָרן בלינד,
ביז אויפן האלדז פון דײַן קינד
קיין שטיוול נאָך טרעט,
ביז דײַן טאטן
ניט ארויסגעשלעפּט
מ׳האָט פון בעט.
קום, מענטש, אצינד,
ביז עס איז ניט שפּעט!
איך בין דער נאָווי,
בעשײַעס איך זאָג,
אויף אייביק פארשאָלטן
איז זייער טאָג —
פאר די לעבעדיק־פארשאָטענע,
פאר די מיט שטיוול צעטראָטענע,
מיט בענזין באגאָסענע,
פאר אין גרוב ניט דערשאָסענע,
מיט שטעקנס פארשמיסענע,
מיט אויטשאָרקעס צעריסענע,
פאר די מיט אויגן האלב־אָפענע,
פאר די הערצער אָן האָפענונג,
פאר דעם זויגקינד פארשלאָפענעם,
פאר יונגוואַרג און זקיינים,
אפּיקאָרסים און גלויביקע,
זויבערע און שטויביקע,
באלמעלאָכעס און סאָכרים,
מיידלעך און באָכערים,
פאר דאָקטוירים און אדוואָקאטן,
פאר מײַן אלטינקן טאטן,
פאר פּאָליאקן און טשעכן,
פאר פראנצויזן און ציגײַנער,
פאר די האָריגעס
אין ווײַסרוסלאנד,
פאר די שכיטעס אין אוקרײַנע,
פאר הײַנט און פאר נעכטן,
פאר די, וואָס מאָרגן
מע וויל ערשט שעכטן.
דורך שטויב, דורך שטיין,
דורך ברידער־קוואָרים,
קום, מענטש, לאָמיר גיין
מיט צאָרן.

## א שמעטערלינג

נאָך אזא שיינעם טאָג מיט א זומער־רעגן
דערזען כ׳האָב: א שמעטערלינג
טרינקט זיך אין טײַך,
הייבט אויף זיך און פאלט,
מיט פליגעלעך פארביקע זיך לײַכט.

האלט זיך, שיינהײַט מײַנע, האלט דיך,
כאָטשבי נאָך א פערטל רעגע,
ס׳איז דײַן אומגליק
מיר זען ניט לײַכט...
און די כוואַליעס בושעווען, ווימלען —
און ס׳געשריי
דערגרייכט ניט צו די ווײַטע, קאלטע הימלען!

צוליב וואָס און ווען
אין אזאווירבל ארײַן?
האָסט א טאָג א גאנצן
לעבן נאָך געקאָנט,
טרינקען זוניקן ווײַן,
פלאטערן און שוועבן...

א טאָג? — פאר דער האלבער רעגע
האָט דער ווינט מײַנע ברעמען
אויסגעברענט.
כ׳בין אליין אזא, קעסיידער
אָן זין געקראָכן אינעם פײַער,
ניט וויסנדיק צוליב ווען?

## פון אקאַפּ

גאָט האָט געקוילעט
מײַן קינד אין לעבעדיקן וויגל,
זײַן מאַמע צום אַיוון
מיט אווטאָמאַטן און הינט
אין פאַרמאַכטן וואַגאָן געטריבן.
איך בין דורך א נעס
אפן פראָנט לעבן געבליבן,
דעם כאַליף
האָט גאָט אויסגעווישט
אין מײַנע פליגל! —
איז גאָט, ווײַזט אויס, א שויכעט?
מײַן קינדס לעבעדיק וויגל
ווי א וואָלקן זיך רויכערט —
און זײַן מאַמע, וואָס מע האָט
א יונגע אין אַיוון פאַרברענט,
גייט אַרויס פון פײַער
מיט א וואָלקן אויף די הענט,
וויגט אים, ווי א קינד
מע וויגט אין וויגל.
גאָט האָט אויסגעווישט
דעם כאַליף
אין מײַנע פליגל,
אַש מיר געשאָטן
אין די אויגן.
אַליין האָט ער זיך צו דער ערד,
ווי איבער א קרוג אָנגעבויגן,
זײַן דאָרשט געלאָשן.
דעמלט
האָב איך אַרויסגעטאַנצט
פון מײַן אָקאָפּ,
מײַן גלויבן אוועקגעשטעלט
באַם וואַלד
אויף א גרין בערגל,
און אויסגעשאָסן
גלײַך אין קאָפּ...

## זאָג איך צו מײַן פעדער

אין די געטאָס מיך געשאָסן,
אין די וועלדער מיך געהאַנגען,
מיך געטרונקען אין די ברונעמס
און געקאָסעט מיך ווי זאַנגען.
אין די גאַז־אַיוונס געשטיקט,
גאַנצע שטעטלעך אויסגעראָטן, —
און צוריק בין אופגעגאַנגען
אַלע טויטן כ'האָב באַזיגט.
זאָג איך צו מײַן שײנער פעדער:
קום אַרײַן אין מײַנע סעדער,
אײַנגעבויגן זאָלסט ניט זײַן!
ביסטו דאָרשטיק, טרינק צו זאַט
פון מײַן ברונעם, פון א בלאַט,
וואָס איז פול מיט טוי באַשאָטן.
איך וועל איצטער זײַן דײַן שאָטן,
בייג זיך מער אָבער ניט אײַן,
בעסער שטעך זיך מיר אין האַרץ אַרײַן,
דאָרט דײַן דאָרשט וועסטו פאַרלעשן,
אין די שכיטע־טעג פאַרגעסן.
טרערט מיט טוי מײַן צאַרטע פעדער,
קוקט אין ברונעם טיף זיך אײַן,
און עס דרעמלען מײַנע גרינע סעדער.

14 יולי 1971

## די לעוואָנע אין יאַם

שטייט די לעוואָנע אויף א שטיין
אינמיטן יאַם און שרײַט,
כ'האָב דיר אַראָפּגעלאָזט
א זילבערנעם לייטער,
קום אַרויף, ס'איז שוין צײַט.
פונדאַנען אַראָפּוואַרפן אין יאַם
וועסטו דײַן ווייטיק
און זיך אומקערן צום ברעג,
ווי א כוואַליע ריין.
דײַן ווײַנגאָרטן בליט שיין,
אים ניט אופעסן וועט דער פלאַם
פון מילכאָמע און שרעק.
שטייט די לעוואָנע אויף א שטיין
אינמיטן יאַם און שרײַט,
און איך אויף א זילבערנעם לייטער
זע העט פון ווײַט,
מײַן יונגן ווײַנגאָרטן,
וואָס בליט פאַרשײַט
און רעדט עפּעס אויף זײַן לאָשן
מיט יעדער זעמדעלע אפן ברעג...

1964

## אַן אָריגינאַל

כ׳בין אַן אָריגינאַל;
איך לאַך, ווען פֿון אַ זיבעטן
עטאַזש פֿון פֿענצטער איך פֿאַל.
איך לאַך און וויין,
ווען אויף מײַן סטעליע
אַ שטריק זיך וויגט
פֿאַר די, וואָס האָבן דאָס פֿאָלק געשטיקט.
כ׳בין אַן אָריגינאַל;
מיט מײַן פֿערדל
שפּרינג איך איבעראַל.
איבער שײַטערס,
שפּאַרבער־נעסטן
שפּרינג איך צו מײַן
ריינעם קוואַל!
כ׳בין אַן אָריגינאַל;
אָפּט אַלייז אַ צעפּאָלאָכעט פֿערדל —
און ס׳איז שווער אויף מיר צו רײַטן.

גרינע פֿעלדער,
פֿרישע פֿעלדער —
און נאָך אַלץ דאָס אַלטע בײַטשל?
נאָך אַ שמיץ
און נאָך אַ קנאַל,
מע מוז זיך פֿירן לײַטיש;
דאָס איז דאָך אַ זונען־שטראַל,
און ניט דאָס בײַטשל!
גרינע פֿעלדער,
פֿרישע ערדן,
שלינג און שלינג די ווײַטן,
ווידער פֿאָר איך
אויף מײַן פֿערדל,
ווי אין די אַלטע צײַטן.

12 יולי 1971

## וואַלד

גאָט מײַנער, ווי ליב איך האָב ביז ווייי
דעם מיטאַמאָל אין וואַלד
אַנטפּלעקטן פֿרילינג,
פֿון ערשטע פֿייגל דעם געשריי,
מײַן פּלוצעם בלינד ווערן פֿון בליץ,
אין דאָס עפֿענען די אויגן
נאָכן דונער,
ווען דאָס האַרץ
גיסט זיך איבער שוין פֿון העלקײַט,
דער זיקאָרן קורץ ווערט,
ווי דאָס ווײדעלע באַם קליינעם סאָלאָוויי;
איך פֿאַרגעס אין פּוילן בלאַט

פֿון האַרבסט,
אַז אויף דער וועלט
פֿאַראַנען איז אויך וועלקונג...

נאָר כ׳האָב געזען דעם וואַלד
אויך שפּעט אין האַרבסט,
ער ווערט פֿאַרוואָלקנט, ווי אַ מענטש,
וואָס דערפֿילט די עלטער אומגעריכט
און שאַרט אַרײַן אין האַרצן
נאָך אַ ביסל פֿײַער.

1964

## פֿינף־און־צוואַנציקער

וואַלטן אַפֿן בוים
פֿינף־און־צוואַנציקער געוואַקסן,
ווי באַ די רעשאָים־גווירים,
זיך איך מיר
זומער און ווינטער
און שרײַב מיר שירים.
גרינען צווײַגן אויף די אַקסלען
און בלעטער וואַקסן.

וואַלטן אַפֿן בוים
פֿינף־און־צוואַנציקער געהאַנגען,
מאַך איך מיר
אַ סודע באַ אַ טיש אַ לאַנגן
און מײַנע כאַווײרים, די פּאָעטן
געבראַכט ביז איינעם,
וואַלטן זיי געלויבט מיך ביזן
זיבעטן הימל,
געזאָגט, כ׳בין ראָבערט בערנס,
אָדער העינריך היינע...
ס׳גרינען צווײַגן אויף די אַקסלען
און בלעטער וואַקסן.

וואַלטן אַפֿן בוים
פֿינף־און־צוואַנציקער געוואַקסן,

װי בא די רעשאָים־גװירים,
קאָן זײַן, אז געשטאָרבן
װאָלטן אינעם הארץ מײַנע שירים.
זאָלן זיי שוין בעסער,
די פֿינף־און־צװאַנציקער,
אפֿן בוים ניט װאַקסן,
זאָלן גרינען בלעטער און צװײַגן
אױף די אקסלען...

27 יון 1967

## בא דער װאָלגע

װיפֿל דער ייִד
זאָל אין דער װאָלגע
ניט קריכן,
קריכט פֿון אים דער ייִד
ניט אראָפּ;
ער לייענט ניט
קיין ייִדישע ביכער,
האװעט ניט אױף מערק
צוליבן פֿינצטערן,
ביטערן גראָשן,
קען אויך שוין קימאט
ניט אינגאנצן זײַן לאָשן.
און דער ייִד
קריכט פֿון אים ניט אראָפּ.
װאָס האָט ער אין קאָפּ? —
די אלטע אלע דײַגעס,
קיין דונער
זאָל פּלוצעם ניט אראָפּ,
ניט צעברעכן באם בוים
די צװײַגן.

אָט שטייט ער, דער בוים,
פֿול מיט אזא אשירעס!
די פֿייגעלעך
זינגען אין רוים,
פֿון דער שיינקײַט
מע קאָן קראַפּירן;
נאָר דאָס הארץ —
א שטיק אנטראַציט.
װײַל סע קריכט ניט
אין דער װאָלגע דער ייִד,
קריכט פֿון אים ניט אראָפּ
דער ייִד.

ער האָט טעכטער
און איידעמס א װאלד,
אייניקלעך —
איבערגעװאַשן גאָלד.
דירעס און מעבל
און דעם מאָרגנשטערן.
און אלץ ארום אים בליט.
נאָר װיפֿל סע קריכט ניט
אין דער װאָלגע
דער ייִד,
קריכט פֿון אים ניט אראָפּ
דער ייִד.

יול, 1968, קױבישעװ

## באם טיש

װאָס טוט מען מיט אזא אומאָרדענונג אױף מײַן טיש?
דאָ האָט אלץ אינײנעם זיך איבערגעמישט:
מײַנע יונגט־לידער און לידער פֿון צאר און צװייפֿל.
איך װאָלט זיי גערן איצט צעשיידן,
די לידער פֿון צאר און צװייפֿל,
מיט אן אלטער צײַטונג פֿארדעקן,
זיי זאָלן צו מיר באנאכט ניט ריידן...
די יונגט־לידער מיט מאָרגן־טױ כ'װאָלט באַפּרישט,
אז זיי זאָלן מיט זומער שמעקן!
איך האָב פֿײַנט די אומאָרדענונג אױף מײַן טיש,
און שטופּ אלע לידער פֿון צאר און צװייפֿל
אין א באזונדער זעקל.

●

# געווידמעט שאָלעם־אַלייכעמס 130־יאָריקן יובילײ

## קיעוו:

אין ליטעראַרישן מוזיי באַם שרײַבער־פֿאַרבאַנד פֿון אוקראַינע האָט זיך געעפֿנט אַן אויסשטעלונג, געווידמעט דעם קלאַסיקער פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור שאָלעם־אַלייכעם. אין דער עקספּאָזיציע — פֿילצאָליקע אויסגאַבעס פֿון שאָלעם־אַלייכעמס ווערק. דעם גרעסטן טייל פֿאַרנעמען ביכער, וועלכע זײַנען דערשינען אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד אויף ייִדיש, רוסיש, אוקראַיניש און אַנדערע שפּראַכן מיט אַן אַלגעמיינעם טיראַזש פֿון 50 מיליאָן עקזעמפּליאַרן.

פֿילצאָליקע פֿאָטאָגראַפֿיעס באַקאַנען די צושויער מיטן שרײַבערס מיטצײַטלער, קרויווים, פֿרײַנט.

צום ערשטן מאָל האָבן די יובילײ־אויסשטעלונג צוגעגרייט די טוער פֿונעם מוזיי אײַנייִנעם מיט אַקטיוויסטן פֿון דער קיעווער ייִדישער קולטור־געזעלשאַפֿט, וועלכע האָבן פֿאַרגעשטעלט ביכער פֿון זייערע פּערזענלעכע קאָלעקציעס.

• • •

אַן אָוונט, געווידמעט דעם 130־טן געבורטסטאָג פֿון שאָלעם־אַלייכעמען, איז דורכגעגאַן אין קולטור־פּאַלאַץ פֿונעם קיעווער זאַוואָד „באָלשעוויק".

דעם אָוונט האָבן אָרגאַניזירט די קיעווער ייִדישע קולטור־געזעלשאַפֿט און די היסטאָריש־קאָנטקענטעניִשע פֿאַרייניקונג „קליאָ".

פֿאַר די פֿאַרזאַמלטע זײַנען אַרויסגעטראָטן ליטעראַטור־פֿאָרשער, פּאָעטן, אַקטיוויסטן פֿון דער געזעלשאַפֿט.

זיי האָבן גערעדט וועגן דעם צושטײַער, וואָס דער גרויסער מײַסטער האָט אַרײַנגעטראָגן אין דער ייִדישער קולטור, וועגן די פֿאַרבינדונגען פֿון שאָלעם־אַלייכעמען מיט ל. טאָלסטאָי און מ. גאָרקי, וועגן די „קיעווער אַדרעסן" פֿונעם שרײַבער.

דער אָוונט האָט זיך פֿאַרענדיקט מיט אַ קאָנצערט, אין וועלכן עס האָבן אָנטייל־גענומען אַרטיסטן פֿון דער קיעווער פֿילהאַרמאָניע און פֿונעם ייִדישן זעלבסטעטיקן פֿאָלקלאָר־קאָלעקטיוו „שאָלעם".

א. מאָנאַסטירסקי

## באָברויסק:

אין קלוב פֿונעם באָברויסקער זאַוואָד אויף לענינס נאָמען איז פֿאָרגעקומען אַן אָוונט, געווידמעט שאָלעם־אַלייכעמס 130־טן געבורטסטאָג. דעם אָוונט האָט אָרגאַניזירט דער אָרטיקער קלוב פֿון ליבהאָבער פֿון דער ייִדישער קולטור אויפֿן נאָמען פֿון מענדעלע מוכער־ספֿאָרים.

אין זייערע אַרויסטרעטונגען האָבן דער לערער פֿון די ייִדיש־קורסן אַבראַם וואָלפֿערט און דער ייִדישער דיכטער פֿיניע פּלאָטקין אונטערגעשטראָכן, אַז דער טכום־האַמוישעוו פֿונעם ביזרעוואָליוציאָנערן רוסלאַנד האָט אויף דער גרענעץ פֿון צוויי יאָרהונדערטער אַרויסגערוקט אַזעלכע גיגאַנטן־קלאַסיקער פֿון דער וועלט־ליטעראַטור, ווי מענדעלע מוכער־ספֿאָרים, יִצחאָק־לייבוש פּערעץ, שאָלעם־אַלייכעם, כאַיִם־נאַכמען ביאַליק. און ניט געקוקט אויף די גרויסע פֿאַרלוסטן, וואָס עס זײַנען פֿאַרשאַפֿן געוואָרן סײַ בײַם סטאַלינס פּערזאָנען־קולט, סײַ אין גאַנג פֿון דער צווייטער וועלט־מילכאָמע, ווערן אַצינד, אַדאַנק דעם קורס פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, געשאַפֿן באַדינגונגען צוליבווידערופֿשטעלן די ייִדישע קולטור.

ע. זעליקמאַן

## קעשענעוו:

דער מאָלדאַווישער שרײַבער־פֿאַריין האָט אָפּגעמערקט שאָלעם־אַלייכעמס יוביליי. דעם פֿײַערלעכן אָוונט האָט געפֿירט דער סעקרעטאַר פֿון דער רעפּובליקאַנישער פֿאַרוואַלטונג מיכײַ טשימפּוי. וועגן דעם גרויסן שרײַבער, וועגן די פּראָבלעמען פֿון דער הײַנטצײַטיקער ייִדישער קולטור האָבן גערעדט די שרײַבער יעכיעל שרײַבמאַן, מיכאַיִל כאַזין און וואַסילי וואַסילאַקי. נײַע ווערק האָבן פֿאָרגעלייגט באָריס סאַנדלער, מיכאַיִל פֿעלזענבאַום, מישע לעמסטער, באָריס כאַיִס, ליובע פֿעלדשער.

דער אוילעם האָט וואַרעם אויפֿגענומען די וועטעראַנען פֿון דער ייִדישער בינע געניע זלאַטאַיא און מאַניע צוויט, די אַקטיאָרן פֿונעם קעשענעווער רוסישן דראַמאַטישן טעאַטער אויף א. פּ. טשעכאָווס נאָמען, וועלכע האָבן באַוויזן סצענעס פֿון שאָלעם־אַלייכעמס פּיעסע „טעוויע דער מילכיקער", די זינגערן זשעניע כאַזינאַ, וואָס האָט אויסגעפּילט עטלעכע ייִדישע פֿאָלקסלידער אונטערן אַקאָמפּאַנעמענט פֿונעם מוזיק־קענער סערגאָ בענגעלסדאָרף.

מ. כאַרקאָווער

## פריש אין זיכאָרן

הירש רעלעס

# די נאָוואָהרודקער געטאָ

אין נאָוואָהרודאָק בין איך דאָס ערשטע מאָל געקומען אין א קורצער צײַט ארום נאָך דעם, ווען די דאָזיקע געגנטן האָבן זיך פאראייניקט מיטן סאָוועטישן ווײַסרוסלאנד. דער קאָמיסאריאט פון פאָלקס־בילדונג האָט מיך געשיקט אין נאָוואָהרודאָק אונטעריכטן ליטעראטור און שפראך אין א ייִדישער שול. אין יאנוואר 1941 האָט מען מיך איבערגעפירט ארבעטן אלס הויפּטרעדאקטאָר פון ראדיאָ־טראנסלירונג, אָבער מיטן טנאַי, איך זאָל אייניצײַטיק קאָנען פאָרזעצן די פּעדאגאָגישע ארבעט. דעם 15 יון 1941 האָט מען מיך קאָמאנדירט אויף צוויי וואָכן אין מינסק, ווו עס האָט מיך פארכאפּט די מילכאָמע.

ווען מע האָט די געגנט באפרײַט פון די פאשיסטן, האָב איך זיך דערוווּסט די שרעקלעכע ידיִעס, אז מײַן פרוי און דאָס קינד האָבן זיך א לאנגע צײַט אויסבאהאלטן פון די פאשיסטן בא די שכיינים — ניט קיין ייִדן, נאָר ס'האָט זיך געפונען אן אויסוווּרף, וועלכער האָט זיי ארויסגעגעבן. אדהײַנט ווייס איך ניט, ווו זייער געביין איז אהינגעקומען און ווען ס'איז זייער יאָרצײַט.

גלײַך נאָך דער מילכאָמע האָב איך באזוכט נאָוואָהרודאָק, נאָר כ'בין געווען פארצאָרנט און ניט געקאָנט געגוי אויספאָרשן, וואָס איז דאָרט פאָרגעקומען אין געטאָ. כ'בין נאָך א פּאָר מאָל געווען דאָרט אויף קיייווער־אָוועס. כאָטש ווו מײַן פרוי און מײַן קינד זײַנען באערדיקט האָב איך ניט געוווּסט. כ'פלעג קומען אינדערפרי און פארנאכט אוועקפאָרן. מער האָב איך ניט געקאָנט דאָרט זײַן... צו שווער האָט מיך געדריקט דער שוידערלעכער פארלוסט.

איצט, זומער 1988, האָב איך באשטימט, אז קאָלזמאַן עס זײַנען נאָך פאראן לעבעדיקע איידעס, דארף איך זיי אויפזוכן און זיך דערוויסן פון זיי, וואָס עס איז געווען דאָרט און צי ס'איז אן עמעס, אז אין דער געטאָ איז ארויסגעוויזן געוואָרן א ווידערשטאנד.

פון די היגע אײַנוווינער האָב איך זיך דערוווּסט, אז אויף הײַנטיקן טאָג לעבן אין נאָוואָהרודאָק געציילטע נעפּאשעס, וועלכע זײַנען געווען אין געטאָ. דאָס זײַנען דוואָסיע יאָסעליעוויטש, איליא זאמאָשטשיק, סאָפיע זאבעלינסקאיא און נאָך א פּאָר מענטשן. אנדערע, וועלכע האָבן דאָ פארזוכט דעם טאַם פון געטאָ, זײַנען צעוואָרפן איבער דער גאנצער וועלט.

האָב איך זיך ניט געפוילט און באזוכט אלע היגע, וועלכע זײַנען געווען אין דער געטאָ און האָבן זיך ארויסגעראטעוועט פון דאָרט. אלץ, וואָס זיי האָבן מיר אויסדערציילט וועגן יענעם שוידערלעכן גענעם, האָב איך פארשריבן וואָרט אין וואָרט. און אויף וויפל די הויפּט־געשעענישן פאלן זיך צונויף אין יעדער מיטיילונג, האָב איך באשלאָסן פארעפנטלעכן בלויז איינעמס א דערציילונג.

— סאָפיע זאבעלינסקאיא וועט אײַך איבערדערציילן וועגן דעם מיט אלע פּישטשעווקעס! — האָט מען מיר געעצעט. — זי האָט א שטארקן זיקאָרן און איז א גוטע דערציילערן. הײַנט איר ריידן ייִדיש! קלאָרע דיבורים וועט איר הערן.

ווי איך האָב זיך איבערצײַגט, איז דאָס טאקע אזוי געווען...

אפן גאנעק האָבן מיך באגעגנט א פּאָר מענטשן אין בעקאָוועדיקן עלטער: א הויכער מאנצבל א גאנץ סימפּאטישער, מיט פרײַנטלעך שמייכלענדיקע אויגן, און א רונד־פּאָנעמדיקע פרוי, ניט קיין הויכע, מיט געקרײַזלטע האָר, האָב איך פארשטאנען, אז דאָס איז סאָפיע גריגאָריעוונע. אפן ערשטן קוק האָט מען געקאָנט זיך איבערצײַגן, אז יענע, ווער עס האָט זי געקענט פון אמאָל, האָבן ניט אומזיסט באטאָנט, אז אין דער יוגנט איז זי געווען א שיינהײַט און אז אין איר אָנוועזנהײַט האָבן אפילע די גרוביאנעס זיך געסטארעט זײַן איידל און אויסגעהאלטן.

ס'האָט מיך פארכידעשט, וואָס זי האָט מיך באטראכט אזוי אויפמערקזאם. ניט שוין זשע האָט זי מיך געקענט פון יענער צײַט, ווען איך האָב דאָ געארבעט!

— ווי איז אײַער פאמיליע? — פרעגט זי בא מיר ערנסט.

ווען כ'האָב זיך פאר איר פאָרגעשטעלט, האָט זי מיר געענטפערט:

— איך הער אזא פאמיליע דאָס ערשטע מאָל. און אײַך פּערזענלעך קען איך אויך ניט. אזוי אז בא אײַך וועט זיך גאָרנישט באקומען, מיט פאלשע זאכן פארנעם איך זיך ניט. — און זי האָט נאָך עפּעס צו מיר געטײַנעט.

— וואָס איז די מעניִע, וואָס איר קענט מיך ניט און איר ווייסט מיך ניט? — פרעג איך בא איר. — איך וועל אײַך ווײַזן מײַנע דאָקומענטן און די קאָמאנדירונג, וועט איר זען, ווער איך בין.

— איר קאָנט זײַן א שאָליעך פון דעם אייבערשטן אליין, וועל איך אויך ניט געבן קיין באַשטעטיקונג א מענטשן, וועלכן איך זע דאָס ערשטע מאָל.

— וואַרט אַ ווײַלע, — האָט איר געייצעט דער מאַן, — קאָך זיך ניט אַזוי. הער פריִער אויס, וואָס דאַרפן זיי. דערוויס זיך, וואָס פאַר אַ באַשטעטיקונג פאַרלאַנגען זיי.

— וואָס איז דאָ פאַראַן צו פאַרשטיין? זיי ווילן, אַז איך זאָל אָנשרײַבן אַ באַשטעטיקונג, אַז זיי זײַנען געווען אין דער געטאָ און נאָכדעם אין דעם פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד.

ערשט דאַן איז צו מיר דערגאַנגען, וואָס פאַר אַ מיספאַרשטייעניש איז דאָ פאָרגעקומען.

— איר האָט, קאַנטיק, שלעכט פאַרשטאַנען, איך דאַרף ניט קיין שום באַשטעטיקונגען.

— אויב אַזוי, איז וואָס פאַרלאַנגט איר פון מיר?

— אָט די דאָזיקע פראַגע האָט איר מיר געדאַרפט שטעלן באַם סאַמע אָנהייב. איך האָב דאָך אײַך געזאָגט, ווער איך בין. מיך אינטערעסירן געשעענישן, וועלכע זײַנען דאָ פאָרגעקומען אין דער צײַט פון אָקופּאַציע. און אויף וויפל איר זײַט געווען אין דער געטאָ, וויל איך זיך דערוויסן, וואָס איז דאָרט דאַן פאָרגעקומען.

— נו, אויב אַזוי, איז שוין אַנדערע רייד, — און פּלוצלינג, ווי זי וואָלט זיך ערשט דערמאָנט: — זע, וואָס שטייען מיר דאָ, אינמיטן הויף? וואָס, מיר האָבן קיין שטוב ניט? קומט אַרײַן, וועלן מיר זיך זעצן באַם טיש, ווי בײַ לײַטן פירט זיך אין אַזעלכע פאַלן. איך וועל דערציילן אַלץ בעאַריכעס, וואָס אײַך אינטערעסירט. אַדרעאַבעא, זאָלן די קינפטיקע דורות טאַקע וויסן, וואָס די פאַשיסטישע ראָצכים האָבן דאָ אָפּגעטאָן. מע טאָר וועגן דעם ניט פאַרגעסן, וואָרעם מענטשיש בלוט איז ניט קיין וואַסער. — און ווען מיר זײַנען שוין געזעסן באַם טיש, האָט סאָפיע גריגאָריעוונע אַרויסגעשטעלט פאַר מיר אַ טעלער:

— אויף וויפל איר וועט אַלץ פאַרשרײַבן און עס קאָן אַמאָל דערגיין צו די קינפטיקע דורות, איז דאָס אַ גאַנץ ערנסטער ענין, בעט איך אײַך, אויב איר וועט עס געבן פון מײַן נאָמען, זאָלט איר פּינקטלעך באַשרײַבן, וואָס איך דערצייל אײַך. און אָן קיין שום באַפּוצונגען. דאַן וועט עס זײַן קולע עמעס. וואָרעם אַז מע דערציילט וועגן דעם דער הײַנטיקער יוגנט אַזוי ווי ס'איז פאָרגעקומען, לייגט זיך עס ניט אײַן אין זייער געדאַנק. איז אויב איר וועט נאָך צו דעם צוגעבן גוזמעס, וועלן זיי אָוואַדע ניט גלייבן. און ביכלאַל איז עס אַ געשיכטלעכע זאַך, דאַרף מען זי איבערגעבן דאָקומענטאַל. אײַך וווּנדערט, מיסטאָמע, ווי קומט צו מיר אַזאַ פאַרשטאַנד אין הילכעם שרײַבערײַ? איז קוקט ניט, וואָס איך בין איצט ניט מער ווי אַ הויז־באַלעבאָסטע. כ'האָב אַמאָל געענדיקט אַ גימנאַזיע, און ביז איצט פיל איך אַ ציִונג צו שיינער ליטעראַטור. ווען ס'פאַלט מיר אַרײַן אין די הענט אַ גוטער בוך, לאָז איך אים ניט אַרויס, ביז איך לייען ניט איבער פון טאָוול ביז טאָוול. נו, זײַט איר גרייט צו פאַרשרײַבן? איז הערט.

אין נאָוואָהרודקער געטאָ בין איך אַרײַנגעפאַלן צופעליק, קאָן מען זאָגן. מאַממעס אַליין בין איך אַ געבוירענע פון אַ שטעטל וואָסעליוב, וואָס געפינט זיך ניט ווײַט פון דאַנען. בײַ אונדז פלעגט מען טאַקע זאָגן, אַז נאָוואָהרודאָק און וואָסעליוב זײַנען אַ שטוב מיט אַ קאַמער. וואָסעליובער יונגעלײַט פלעגן שטודירן אין נאָוואָהרודאָק. בײַ אונדז איז נאָך אַ כיידער געווען און אַן אָנפאַנג־שול.

ווען איך האָב אין נאָוואָהרודאָק פאַרענדיקט די גימנאַזיע, האָט זיך אין מיר דערוועקט אַ פאַרלאַנג שטודירן מעדיצין. האָב איך באַשטימט פאָרן קיין עסטרײַך האַלטן עקזאַמענעס אין מעדיצינישן אוניווערסיטעט אויפן פאַקולטעט פון פאַרמאַקאָלאָגיע. דערהערט אַזאַ זאַך, האָט זיך די מאַמע אײַנגעשפּאַרט: זי וועט ניט דערלאָזן, אַז אַ יונג מיידל, קימאַט אַ קינד זאָל אָוועקפאָרן פון די עלטערן, און נאָך אין אַן אַנדער לאַנד.

— איך וועל דאָרט ניט זײַן אַליין. עס פאָרן פון נאָוואָהרודאָק נאָך כעווריע. — בין איך אײַנגעשטאַנען אויף מײַנס.

— וועסטו צוזאַמען מיט זיי אַראָפּגיין פונעם גלײַכן וועג, — האָט זי צו מיר געטײַנעט.

נאָר דער פאָטער האָט זיך אַנדערש באַצויגן צו דעם.

— אויב מיר וועלן זי איצטער אָפּהאַלטן, וועט זי נאָכדעם צו אונדז האָבן פּרעטענזיעס, אַז מיר זײַנען שולדיק אין דעם, וואָס זי האָט קיין אוניווערסיטעט ניט געענדיקט, טאָ זאָל זי פאָרן. סײַווי וועט זי ניט אויסהאַלטן. טויזנטער יונגעלײַט שטרעבן אַהין. מע נעמט נאָר אָן געציילטע. וועט זי דאָך געוויס זיך אומקערן און וועט זיך שוין ווײַטער ניט רײַסן, וווּהין פאַר איר איז ניט אָנגעמאָסטן.

איז געבליבן, אַז איך זאָל פאָרן האַלטן עקזאַמענעס. און וואָס מיינט איר? אויסגעהאַלטן. אויף דעם האָבן די עלטערן זיך ניט גערעכנט. און דאָך האָבן זיי זיך אײַנגעשפּאַרט און בעשום־אויפן ניט געלאָזט מיך פאָרן שטודירן.

דעם עמעס געזאָגט, קאַרטשעט מיך ביז איצט, וואָס ס'האָט זיך דאַן ניט באַקומען אַזוי, ווי איך האָב געוואָלט. כאָטש ווער ווייסט, וויִאַזוי וואָלט זיך דאָך אויף ווײַטער צוגעפּגעלייגט מײַן לעבן, און צי וואָלט בײַ אַנדערע אומשטאַנדן געווען מיר באַשערט צו דערלעבן ביז דער עלטער.

בין איך געבליבן זיצן אין וואָסעליוב, און בײַ די עלטערן איז אויפגעשווומען אַ נײַע דאגע — אויסגעבן מיך, איך זאָל, כאָלילע, ניט בלײַבן קיין אַלטע מויד.

מיט מײַן אויסוואַל האָבן זיך די עלטערן ווייניק גערעכנט, און זיי האָבן מיך געצוווּנגען כאַסענע האָבן פאַר דעם, וועמען זיי האָבן פאַר מיר אויסגעקליבן. פאַרגעסט ניט, אַז מיר האָבן דאַן געלעבט אין אַנדערע באַדינגונגען. ניט אַזוי, ווי בײַ די סאָוועטן. מיר האָבן געלעבט אין פּריצישן פּוילן, וווּ אין די שטעטלעך האָט נאָך שטאַרק געהערשט דער פּאַטריאַרכאַלער שטייגער. אין לײַטישע מישפּאָכעס איז דאַן אָנגענומען געווען, אַז קינדער דאַרפן אין אַלץ פאָלגן די עלטערן. נאָר דאָ מוז

איך איַך זאָגן, אַז מײַנע עלטערן האָבן ניט שלעכט אָנגעטראָפן. אַ מאַן האָבן זיי מיר אויסגעקליבן אַ פֿאַרכאַדיאַשטשן. אין דעם פֿראַט האָב איך ניט פֿאַר וואָס זיי אופֿצוּוואַרפֿן. אָט ווי איר זעט אים פֿאַר די אויגן, כאָטש ער איז שוין אין די יאָרן, דאָך איז ער נאָך ניט אינגאַנצן אָפּגעבליאַקעוועט. אַזוי אַז מע קאָן נאָך פֿאַרשטיין, וויִאַזוי ער האָט אויסגעזען אין דער יוגנט. און ניט נאָר וועגן אויסערלעכן אויסזען רעדט זיך דאָ... איר זעט, ער האָט זיך אָפּגעקערט. ער איז בײַ מיר זייער אַ באַשייד־נער און האָט פֿײַנט, אַז מע גיט אים קאָמפּלימענטן.

אונדזער כאַסענע איז פֿאָרגעקומען מיט אַ יאָר פֿריִער, איידער עס זײַנען געקומען צו אונדז די סאָוועטן. און ווען ס'האָט אויסגעבראָכן די מילכאָמע, איז מײַן ערשטלינג, דאָס זונעלע, אַלט געווען צוויי מיט אַ האַלבן יאָר.

מיט אַ פּאָר כאָדאָשים פֿריִער איידער די מילכאָמע האָט זיך אָנגעהויבן, איז מײַן מאַן מאָבי־ליזירט געוואָרן אויף שוץ־אַרבעט. ווען די היטלעריסטן האָבן זיך דערנעענטערט צו נאָוואָהרודאָק, איז ער צוזאַמען מיטן טייל אָפּגעטראָטן אויף מיזרעך. און ווען די פֿאַרפֿלוכטע מאַלכאַמאָוועסן זײַנען אַרײַן צו אונדז, אין וואָסעליוב, האָבן זיי גלײַך אָנגעהויבן די רעדיפֿעס, און מערסטנס איז עס אויסגעפֿאַלן אויף די ייִדן. אויסער דעם, איז ניט געווען מיט וואָס אַ טאָג איבערצוקומען. קיין ברויט האָט מען אין די אויגן ניט געזען. פֿלעג איך מיט דער מאַמען אַרײַנגאַנווענען זיך אין אַ וואָסער־ניט־איז דאָרף און אויסבײַטן עפּעס פֿון די כפֿייצים, וואָס בײַ מיר זײַנען איבערגעבליבן פֿון דראָשע־געשאַנק, אויף ברויט, קאַרטאָפֿל אָדער אויף עפּעס מילכיקס פֿאַרן קינד. קיין סאַך האָט מען ניט געטאָרט טראָגן. מע האָט זיך געקאָנט אָנרײַסן אויף אַ פּאָליצײַ אָדער אויף אַ דײַטש, וואָלט ער אָפּגענומען, און מע וואָלט נאָך צופֿרידן געווען, וואָס ער האָט ניט דערשאָסן. אַזעלכע פֿאַלן פֿלעגן אויך טרעפֿן.

יעדעס מאָל, ווען מיר פֿלעגן קומען פֿון דאָרף, פֿלעגן מיר זיך דערוויסן שוידערלעכע נײַעס: אויף דער גאַס האָט מען אויסגעהאַרגעט עטלעכע מישפּאָכעס, אויף יענער גאַס האָט מען פֿאַרגוואַלטיקט פֿרויען, פֿון טורמע האָט מען ווידער אַרויסגעפֿירט מענטשן און זיי אופֿגעהאַנגען. הײַנט וואָס פֿאַר רעציכעס פֿלעגן פֿאָרקומען אינעם שטעטל אין אונדזער אָנוועזנהײַט! ס'איז ניט צו באַשרײַבן!

ווען מיר פֿלעגן דאַרפֿן גיין אין דאָרף, פֿלעג די מוטער אויסשמירן מיר דאָס פּאָנעם מיט סאַזשע און אָנטאָן מיר אויפֿן קאָפּ אַ שמוציק טיכל.

איינמאָל קומען מיר אַהיים און דערוויסן זיך זייער ניט קיין פֿריילעכע נײַעס. צוויי פּאָליצײַען זײַנען דאָ געווען און האָבן זיך נאָך מיר נאָכגעפֿרעגט. ווען די מאַמע האָט עס דערהערט, האָט זי מיך גלײַך אָנגענומען פֿאַר דער האַנט און געזאָגט:

— קיין איין מינוט וועלן מיר דאָ מער ניט בלײַבן. קום, איך וועל דיך אוועקפֿירן אין דאָרף סלאָוויטשנע, ווו עס לעבט אונדזער אַ פֿרײַנט לאַווסקי, וועט מען דיך דאָרט פֿריטוליען אויף אַ קורצער צײַט.

מיר האָבן זיך נאָך אַלץ גערעכנט, אַז די רויטע אַרמיי וועט זיך אײַנגיכן אומקערן. ס'האָט זיך ניט געגלייבט, אַז די אָקופּאַציע וועט דויערן לאַנג.

לאַווסקיס גוט איז געווען אָפּגעצוימט מיט אַ געדיכטן פּאַרקן. האָבן מיר זיך באַהאַלטן דאָרט אויפֿן בוידעם. איך האָב מוירע געהאַט זײַן אַליין, איז די מאַמע געבליבן מיט מיר אויף עטלעכע טעג. אויפֿן פֿערטן טאָג רופֿט זיך אָפּ צו מיר די מאַמע:

— איך וועל זיך אומקערן אַהיים. און אין עטלעכע טעג אַרום וועל איך ווידער צו דיר קומען.

פֿאַרטאָג האָט זיך די מאַמע אומגעקערט צוריק אַ פֿאַרוויינטע, אַ פֿאַרכאַלעשטע. קוים אַרויסגע־צויגן פֿון איר, וואָס ס'איז פֿאָרגעקומען. ווײַזט זיך אַרויס, אַז אין וואָסעליוב איז פֿאָרגעקומען אַ גרויסע שכיטע, און ס'זײַנען אומגעקומען מײַן טאַטע, מײַן ייִנגער ברודערל און דאָס אייפֿעלע, מײַן זונעלע.

דרײַ מעסלעס זײַנען מיר אָפּגעלעגן אויפֿן בוידעם מיט פֿאַרמאַכטע אויגן, צווישן זיך אַפֿילע קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. צו קיין שום שפּײַז זיך ניט צוגערירט.

סאָפּקאָלסאָף איז די מאַמע געקומען צום לאָשן:

— וואָס שײַעך מיר, אַרט מיך ניט אויסגיין דאָ, אויפֿן אָרט. דאָס איינציקע, וואָס איך וואָלט געוואָלט, איז קומען צו קווורע, ווי בײַ ייִדן איז אָנגענומען געוואָרן. נאָר ווי איך זע, איז דאָס אויך אויסגעשלאָסן. אָבער דו ביסט נאָך יונג, האָסט נאָך פֿיל צענדליקער יאָרן אין צוקונפֿט. דאַרפֿסט נאָך פֿאַרזעצן אונדזער דאָר. וואָרעם אויב, כאָלילע, ניט, וועט ער אויף אייביק זײַן אונטערגעשניטן מיטן וואָרצל. מוזסטו איבערוואַרטן די צאָרע. נישקאָשע, די סאָוועטן וועלן אָנזאַמלען קויכעס און וועלן אויסקאָרעניען די האַזיקע מענוואָלים.

מיר זײַנען נאָך אַ צײַט אָפּגעלעגן אויפֿן בוידעם, און קיין אויסלייזונג איז ניטאָ, רופֿט זיך אָן צו מיר די מאַמע:

— דאָ בלײַבן ווײַטער איז קיין טאַכלעס ניט. עס גייט צו ווינטער. אויפֿן בוידעם וועלן מיר דערפֿרירן ווערן, און אין שטוב זײַן וועלן מיר אויך ניט קאָנען. אויסער דעם, שטעלן מיר אין סאַ־קאָנעס די באַלעבאַטים. אויב מע וועט אונדז געפֿינען דאָ, וועט מען זיי אויך ניט שאַנעווען.

איז געבליבן, אַז קאָלזמאַן ס'האָט זיך נאָך ניט אײַנגעשטעלט דער ווינטער, דאַרף מען זיך לאָזן אין וואַלד זוכן די פּאַרטיזאַנער. מיר זײַנען געווען זיכער, אַז אין די וועלדער זײַנען זיי פֿאַראַן. מע דאַרף נאָר וויסן, ווו זיי געפֿינען זיך.

באַם געזעגענען זיך זײַנען די באַלעבאַטים מיט אונדז גאַנץ פֿײַן זיך באַגאַנגען. מע האָט אונדז

באַזאָרגט מיט שפּײַז, עס זאָל סטײַען אױף א היפּשער צײַט, אונדז געגעבן װאָס אָנצוטאָן, עס זאָל אונדז זײַן װאַרעם, און מיר האָבן זיך געלאָזט אין װאַלד.

מיר האָבן געבלאָנדזשעט אין דער סאַמע געדיכטעניש און ניט געװוּסט, װוּ מיר געפינען זיך און װוּהין מיר גײען, אַבי װײַטער פון די װױנונגען און װעגן. פאַר א װאָלף צי פאַר א װעפּער האָבן מיר ניט אַזױ מורא געהאַט, װי פאַר א פאַשיסט. פון צײַט צו צײַט פלעג צו אונדזערע אױערן דער־גײן אַן אָפּגעװײַטערטע הודזשעריַי, האָבן מיר שױן פאַרשטאַנען, אַז ניט װײַט פון אונדז איז א װעג. נאָר װוּהין פירט ער, האָבן מיר ניט געװוּסט...

פאַרנאַכט האָבן מיר דערהערט א שאָרכען פון די קוסטעס, פאַרשטאַנען, אַז דאָרט פאַרטײַען זיך אָדער כײַעס, אָדער מענטשן, האָבן מיר זיך געסטאַרעט װאָס גיכער זיך דערװײַטערן פון דעם אָרט. מיטאַמאָל דערהערן מיר הינטער זיך, און דאַפּקע אױף ייִדיש:

— פרױען, האָט קײן מורא ניט פאַר אונדז. מיר בלאָנקען דאָ אַרום, װי איר.

מיר קערן זיך אום — צװײ יונגעלײַט. אין צעקנײטשטע קלײדער, פאַרװאַקסענע.

— װוּהין אײַלט איר? — פרעגן זײ בײַ אונדז.

— װוּהין די אױגן טראָגן.

דעם עמעס זאָגנדיק, האָבן מיר זיך דערפרײט מיט דער דאָזיקער באַגעגעניש. אין קאָמפּאַניע װעט זײַן גרינגער אַרומװאַנדערן.

פון זײ האָבן מיר זיך דערװוּסט, אַז טיף אין די נאַליבאָקער װעלדער געפינען זיך פּאַרטיזאַנישע אָטריאַדן. ס׳איז דאָרט דאָ אַפילע אַן אָטריאַד, װאָס באַשטײט פון די אַנטלאָפענע פון די אַרומיקע געטאָס, איבערהױפּט פון דער נאָװאָהרודקער געטאָ. דאָרט האַלט מען א פאַרבינדונג מיטן דאָזיקן אָטריאַד, און מענטשן גײען גרופּעסװײַז אַרױס צו די פּאַרטיזאַנער. דער קאָמאַנדיר פון דעם אָטריאַד איז בעלסקי. האָבן די דאָזיקע יאַטן באַשטימט זיך דורכשמוגלען אין נאָװאָהרודקער געטאָ, קעדײ פון דאָרטן טרעפן אין בעלסקיס אָטריאַד. דערקלײַבן זיך צו די פּאַרטיזאַנער אױף אַן אַנדער אױפן איז קימאַט װי אוממעגלעך. ער געפינט זיך אין אַזאַ װאַלד־געדיכטעניש, אַז ס׳איז זײער שװער אים צו געפינען. און אומבלאָנקען א לאַנגע צײַט אין װאַלד איז געפערלעך, איבערהױפּט נאָך װינטער.

האָבן מיר באַשטימט צושטײן צו די יאַטן. װי ס׳האָט זיך אַרױסגעװיזן, האָבן די יאַטן געהאַט מיט זיך א קאָמפּאַס, און מיט זײַן הילף האָבן מיר געהאַלטן די ריכטונג אױף נאָװאָהרודאָק.

צװײ מעסלעס האָט געדױערט אונדזער בלאָנקעניש. די ערשטע נאַכט האָבן מיר גענעכטיקט אין א פּוסטער סטאָראָזשקע, װאָס האָט זיך אונדז געטראָפן אין װאַלד. די צװײטע נאַכט האָבן מיר געהאַלטן אין אײַן בלאָנקען. צו נאָװאָהרודאָק האָבן מיר זיך דערקליבן פרי פאַרטאָג. האָבן מיר באַשטימט דאָ, בײַם ראַנד פונעם װאַלד, אין די געדיכטע קוסטעס, איבערװאַרטן ביז דער נאַכט. דאַן װעלן מיר זיך דורכשמוגלען אין געטאָ. װי מיר האָבן זיך דערװוּסט, האָט די נאָװאָהרודער געטאָ זיך געפונען אין עק שטאָט, אױף דער פּערעסיקע.

אין נאָװאָהרודאָק האָב איך געװוּסט אַלע גאַסן און אַלע הינטערגעסלעך, האָב איך זיך גלײַך אָריִענטירט, װיאַזױ מיט א װײניקער געפאַר זיך דערקלײַבן צו דער געטאָ.

מיר האָבן זיך געלאָזט גײן אַהין נאָך האַלבנאַכט. דער צױם פון דער געטאָ האָט זיך געצױגן צװישן פּוסטקעס און הױפן. די װאַך פון דער געטאָ האָט געציטערט פאַר איר פעל, פלעג זי בײַנאַכט מורא האָבן צו גײן אַרום דער צױם.

די יאַטן האָבן זיך אַרױסגעװיזן פאַרױסזעענדיקע. זײ האָבן פאַרכאַפּט מיט זיך א צװענגל אױף איבערשנײַדן דעם דראָט. און אַזױ האָבן מיר דורך א הױף זיך אַרײַנגעגאַנװעט אין געטאָ.

פון ערשטן טאָג האָבן מיר גלײַך דערפילט, װאָס פאַר א גענעם דאָרט איז. כאָטש די באַשרײַבונגען פון די צאָרעס און פּײַנען, װעלכע שטײען פאַר די רעשאָים און זינדיקע איבערצוטראָגן אין גענעם, איז װײניק־װאָס װערט אַנטקעגן דעם, װאָס מיר האָבן איבערגעטראָגן דאָרט.

אױף דער אַרבעט האָט מען געטריבן אַלעמען אָן אױסנאַם. פון די צעבאָמבירטע געבײַען האָט מען פון די רעשטלעך װענט באַדאַרפט אַרױסבאַקומען די ציגל, אַז זײ זאָלן זײַן גאַנץ און אָפּגערײ־ניקט פון צעמענט. מע האָט איבערגעטראָגן שטײנער, געגראָבן טראַנשײען, געשלעפּט װאַסער, גערײ־ניקט אָפּטרעטן און װאָס איר װילט. אַלטע, יונגע, פרױען, מענער — אַלע האָבן געדאַרפט אַרבעטן. הײַנט די מאַזשגיכים מיט די נאַהײַקעס און אױטאָמאַטן — עכטע סאַדיסטן. װוּ האָט מען נאָר אַזױנע פּסױלעס אָנגעקליבן? אײנער שרעקלעכער פונעם צװײטן. פאַר א טאָג האָרעװאַניע פלעג מען געבן צװײ הונדערט גראַם ברױט און א טעלער בורדאַ, װי מע האָט אָנגערופן דעם דאָזיקן, מישטײנס־געזאָגט, זופּ. נאָך ערגער פון די אָפּזעער האָבן זיך געהאַלטן זײערע העכערע נאַטשאַלניקעס. איבער־הױפּט איז שװידערלעך שװער געװען איבערטראָגן די פּײַן פון די געביטס־קאָמיסאַרן טראַובע און האַזע. זײער אױסזען אַלײן פלעג אָנטרײַבן א פּאַכעד. בײדע — מיט בלױע פּעטע נעז און מערדערישע אײגעלעך. שיסן א מענטשן האָט געהאַט בײַ זײ א װערט, װי צעקנאַקן א סעמעטשקע. טאָמער פלעג װער אױף דער אַרבעט ניט אַזױ א קער טאָן זיך, האָט מען אים געשאָסן אױפן אָרט. און דערבײַ פלעגן זײ פילן אַזאַ האַנאָע, װי זײ װאָלטן אױסגעזשליאָקעט א גלאָז שנאַפּס. רעציכעסדיקע סאַדיסטן — אַנדערש װעסטו זײ ניט אָנרופן. און בײדע האָבן ליב געהאַט אױסקלײַבן די שענסטע פרױען, אױס־שטעלן אין א רײ און מיט די נאַהײַקעס שמײַסן זײ אין פּאָנעם.

— יודישע פראױלען איז פערבאָטען זײַן שאָן! — פלעגן זײ טײַנען און הירזשען דערבײַ. דאָס האָט געהײסן, אַז זײ זײַנען גוט געשטימט און פאַרװײַלן זיך.

ס'האָט זיך שטאַרק פאַרגעדענקט נאָך אַ שוידערלעכער מענוואָל, דער פאַרפלוכטער אויסוואָרף בובענהיים. דער פלעג קומען מיט אַן אָווטשאַרקע, וועלכע איז אין באַלעבאָס געווען געראָטן, און זיי ביידע פלעגן זוכן די, וואָס באַהאַלטן זיך אויס פון דער אַרבעט. שטויסט זיך בובענהיים אָן אויף אַזאַ מענטשן, רייצט ער גלייך אויף אים אָן דעם הונט, און דער צעיושעטער קעלעוו רייסט פונעם מענטשן גאַנצע שטיקער.

איינמאָל האָט בובענהיימען זיך איינגעגעבן אויסגעפינען צוויי יען, וואָס זיינען ניט אַרויס צו דער אַרבעט: די מעובערעסע פרוי שאַליאַנסקאַיאַ און דעם ברעטיאַנקער מילנערס אַ טעכטערל פון אַ יאָר פערצן. האָט ער געצוווּנגען זיי אויסטאָן זיך באַקעט, אויפקלייבן זיך אינמיטן פּלאַץ, און ער האָט זיי געשמיסן מיט אַ נאַהייקע, אַז בלוט האָט געשפּריצט אין אַלע זייטן. איך האָב עס אַליין מיט די אייגענע אויגן געזען. מיר האָט זיך נאָך פאַרגעדענקט, ווי די פּאָליצייִשע פרויען זיינען געשטאַנען אין אַ זייט און האָבן געלאַכט. דער פאָרזיצער פון דעם יודנראַט, דער דאָקטער פריידאָוויטש, האָט געפרוּווט זיך איינשטעלן פאַר די פרויען, האָט אים בובענהיים דערלאַנגט אַ פּראַסק, אַז יענער איז, נעבעך, געפאַלן און ניט געקאָנט קומען צו־זיך. אַן אַלטן ייִדן, וועלכער האָט ניט געקאָנט אַרויסגיין אויף דער אַרבעט, האָט בובענהיים איבערגעבראָכן ביידע הענט. אין דער געטאָ האָט מען דעם דאָזיקן מענוואָל גערופן בובע. מיט בובען האָט מען געשראָקן די קינדער, ווען זיי פלעגן וויינען. ווי נאָר מע פלעגט אַ זאָג טאָן: „אָט גייט בובע!", פלעגן זיי גלייך אנשוויגן ווערן און לויפן באַהאַלטן זיך... ביז איצט האָט ער געלאָזט נאָך זיך אַ שעם. ווען עמעץ טוט אָפּ עפּעס אַ גאַזלאָנישע, זאָגט מען באַ אונדז אויף אים, אַז ער איז אַ בובע. ס'קאָרטשעט מיך, ניט שוין האָבן די דאָזיקע מענוואָלים, ווי טראָגבע, האַזע און בובענהיים, אויסגעמיטן די טליע? ניט שוין זשע האָבן זיי ניט באַצאָלט פאַר זייערע אומגעהערטע גרוליקע רעציכעס? און אויב זיי זיינען מיטן אייגענעם טויט אויסגעפּיגערט, איז ווי שפּייט זיי ניט אַרויס די ערד. און טאָמער לעבן זיי, איז עס אַ שאַנד פאַר דער וועלט, וואָס מע דערלאָזט עס.

אַנטשולדיקט, וואָס איך האָב זיך אַזוי צעקאָכט. אַלעמאָל, ווען איך דערמאָן זיך וועגן זיי, ווער איך אַ פאַרטרייסלטע. שוין פופציק יאָר זיינען אַדורך, און יענע בילדער שטייען נאָך אַלץ פאַר די אויגן.

ווען איך האָב דערזען, וואָס עס טוט זיך אין געטאָ, האָט אין מיר דאָס בלוט גענומען קאָכן: אַזעלכע אומדערהערטע אַכזאָריעס קומען פאָר, און ס'גייט דורך אָן נעקאָמע. ניט שוין זשע איז מען באַ זיך אַזוי געפאַלן, אַז מע קאָן איבער אונדז טאָן, וואָס מע וויל?.. אויף וויפל מיר געדענקט זיך, איז אין נאָוואָהרודאָק אין דער צייט פון דער פּריצישער הערשונג געווען אַזויפיל רעוואָליוציאָנער געשטימטע יוגנט, אַזוינע דרייסטע כעוורע. אייניקע פון זיי האָב איך געזען דאָ, אין געטאָ. נאָר זיי זיינען געווען נידעריקער פון גראָז און שטילער פון וואַסער. ניט שוין זשע האָבן די צעיושעטע דראַקאָנען אינגאַנצן דערשטיקט און צעטראָטן אין אונדז די מענטשן־ווירדע? האָב איך מיט אייניקע כעוורע גערעדט וועגן דעם, האָבן זיי מיר געענטפערט:

— אונדז לערנסטו מאָראַל, און אַליין ביסטו אהער אריין, ווי אַ שעפעלע אין דער בוינע.

— ווייל מע האָט מיר געזאָגט, אַז דאָ טוט זיך עפּעס אויף צו פאַרייניקן זיך מיט די פּאַרטיזאַנער. איצט זע איך, אַז ס'איז באָבע־מייסעס. מיר זיינען מיט דער מאַמען פּאַשעט מיעס אריינגעפאַלן.

— צו גיך מאַכסטו אַזאַ אויספיר. — מער האָב איך פון זיי קיין וואָרט ניט געקאָנט זיך דערשלאָגן.

איך האָב געוואָלט זיך טרעפן מיט די יאַטן. מיט וועלכע מיר זיינען געקומען אהער, נאָר איך האָב ניט געקאָנט אויף זיי אָנטרעפן. און ביכלאַל האָב איך באַמערקט, אַז פאַר די לעצטע טעג זיינען פון דער וווינונג, ווו מיר האָבן געלעבט, נעלעם געוואָרן עטלעכע מענטשן. ווען איך האָב עס אַרויסגעזאָגט פאַר די שכיינים, האָבן זיי מיר געענטפערט:

— וואָס זשע, דו ווייסט ניט, ווו מיר געפינען זיך? פונדאַנען וועלן מיר אַלע נעלעם ווערן מיט דער צייט.

האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ס'איז עפּעס אָן אָנצוהערעניש, נאָר קאָנקרעט האָב איך פון זיי זיך גאָרנישט ניט דערשלאָגן.

איינמאָל, ווען די ערד איז שוין באַדעקט געווען מיט שניי, האָט מען אַ גרופּע מענטשן פון דער געטאָ אַוועקגעפירט אַרבעטן אויף אַ געהילץ־זאַוואָד. מיך האָט מען אויך איינגעשלאָסן אין דער דאָזיקער קאָמאַנדע.

דער אָנפירער פון דער גרופּע, סערגיי, האָט זיך באַצויגן צו אונדז ניט שלעכט. און דער אויפזעער, מיליאַווסקי, האָט אונדז מעכאַבעד געווען מיט געבאַקטע קאַרטאָפל און ניט געצוווּנגען שווער אַרבעטן. דאָרט איז צו מיר צוגעגאַנגען אַ יונגערמאַן. די פאַמיליע זיינע האָט ער מיר ניט אָנגערופן.

— וואָס האָט אייך געצוווּנגען פרייוויליק קומען אין געטאָ? — האָט ער באַ מיר געפרעגט.

לעכאַטכילע האָב איך געטראַכט, עפּשער איז ער פון די שמעקערס, וואָס ווילן פון מיר זיך עפּעס דערוויסן, קעדיי איבערדערציילן עס נאָכדעם די פּאָליציייען? האָב איך אים געענטפערט:

— אַנדערש איז ניט געווען, ווו אַהינטאָן זיך. דאָ זיינען מיר כאָטש מיט אַלעמען.

— די יאַטן, מיט וועלכע איר האָט זיך אהער דערקליבן, האָבן מיר אַנדערש דערציילט וועגן דעם ציל פון אייער קומען אהער.

— ווו זיינען זיי, די יאַטן?

— דאָרט, וווהין זיי האָבן געשטרעבט. און דאָס, וואָס דו ביסט פּאַרזיכטיק מיט ווערטער, טוסטו זייער גוט. צווישן אונדזערע ייִדעלעך זײַנען אויך פּאַראַן אַזוינע, וואָס מע טאָר זיי ניט געטרויען. זיי מיינען, אַז מיט דעם, וואָס זיי וועלן אומברענגען אַנדערע, וועלן זיי זיך ראַטעווען.

— איך בין ניט פֿון די. אָף מיר מעגט איר זיך פֿאַרלאָזן. איך מיט דער מאַמען זוכן אַ וועג צו די פּאַרטיזאַנער. מיר ווילן קעמפֿן מיט די פֿאַשיסטן, און ניט וואַרטן, ביז זיי וועלן אונדז אומברענגען, ווי די שעפּעלעך.

— ניט אַלע וואַרטן, ווי די שעפּעלעך.

— אָט בין איך שוין דאָ אַ צײַט. און איך זע ניט, אַז מע זאָל איבער די מערדער נעמען נעקאָמע. זיי איזדיעקעווען זיך, ווי זיי ווילן. און קיין שום ווידערשטאַנד.

— הער זיך אײַן, מיידעלע...

— וואָס פֿאַר אַ מיידעלע בין איך דיר? באַ מיר איז אַ זונעלע אומגעקומען אין געטאָ. דרײַ יאָר וואָלט אים שוין איצט געווען.

— נו, זאָל זײַן ניט מיידעלע. אָבער זאָג מיר, וויאַזוי שטעלסטו זיך פֿאָר דעם קאַמף מיט זיי דאָ, אין געטאָ? צום בײַשפּיל, ווען באַ מיר וואָלט געווען געווער, איז וואָס וואָלט איך באַדאַרפֿט טאָן?

— אָפּלייגן אָף קאַלט, ווי די נעווײַלעס, אַזעלכע נידערטרעכטיקע מערדער, ווי טראַאַבע, האַזע, בובע אָדער די צעיושעטע פּאָליצײַען, וואָלטן דאַן די איבעריקע געציטערט פֿאַר נעקאָמע.

— נו, און דאָס ווילסטו ניט נעמען אין אַכט, אַז פֿאַר איינעם אַזאַ מעס וועט מען אומברענגען הונדערטער לײַט אין געטאָ. צו טײַער וועט עס קאָסטן. מיר האָבן אויסגעקליבן אַן אַנדער מעטאָד. גרופּעסווײַז גייט מען אַרויס פֿון געטאָ אין וואַלד, קעדיי זיך פֿאַרייניקן מיט די פּאַרטיזאַנער, און קעמפֿן מיט די פֿאַשיסטן מיט אַלע מיטלען. אויב דו ביסט אויך גרייט אײַנשליסן זיך, איז האָב געדולד. אין די באַעגנטסטע אָוונטן וועט מען נאָך אײַך קומען און מע וועט אײַך אַרויספֿירן פֿונדאַנען, דאָס הייסט דיך און דײַן מאַמען.

די ווײַטערדיקע טעג האָבן זיך געצויגן ווי פּעך. ס'איז שוין סאָף דעקאַבער. עס שטאַרקן זיך די פֿרעסט. אָף מיצקעוויטש־גאַס איז פֿאָרגעקומען אַ נײַער פּאָגראָם. זיבן טויזנט נעפֿאַשעס זײַנען אומגעקומען. איבערהויפּט אַלטע לײַט און קינדער. ניט היינט־מאָרגן קאָן צו אונדז דערגיין די ריי. און דער יאַט ווײַזט זיך ניט. האָבן מיר שוין פֿאַרלוירן די גאַנצע האָפֿענונג אָף אים, און מיר האָבן באַשטימט אַליין וויַ־ניט־איז אַרויסקריכן פֿון געטאָ. ערשט די ישועה איז טאַקע געקומען.

שפּעט אין אָוונט האָט זיך אין דער וווינונג, וווּ מיר האָבן זיך געפֿונען, געװאָוועט עפּעס אַ ניט קיין יונגער מענטש אין אַ פּעלץ, אין וואַליקעס. פֿונוואַנען האָט ער מיך געוווּסט, ווייס איך ניט. נאָר ער איז צו מיר צוגעגאַנגען און האָט געמאָלדן:

— אין אַ האַלבער שאָ אַרום וואַרט איך אָף אײַך הינטער דער געבײַדע. קיין איבעריקע בעבעכעס זאָלט איר ניט שלעפּן מיט זיך. אַלע קליידער טוט אָף זיך אָן. גייט אַרויס פֿונדאַנען אומבאַמערקט. טאָמער וועט מען באַמערקן, טאָ זאָגט, אַז איר קלײַבט זיך איבער אין אַן אַנדער וווינונג. זעט, פֿאַר אַ האַלבער שאָ זאָלט איר גרייט זײַן.

— מיר זײַנען שוין גרייט. מיר האָבן ניט קיין שום בעבעכעס.

— ווי מיר האָבן אָפּגערעדט. אין אַ האַלבער שאָ אַרום. — און ער איז גלײַך נעלעם געוואָרן.

ווען מיר זײַנען אַרויס הינטער דער שטוב, האָבן מיר דערזען דרײַען, אים און נאָך צוויי יונגעלײַט. דער מאַנצבל האָט געשפּאַנט פֿאָרויס, און מיר זאַלבעפֿערט האָבן זיך געשלעפּט נאָך אים. ס'האָט זיך געפֿילט, אַז ער ווייסט דאָ אַלע ערטער. אין עפּעס אַ הויף איז דער מאַנצבל צוגעגאַנגען צו אַ פּאַרקן, דאָרט האָט ער פֿאַנאַנדערגענומען די ברעטער, און מיר האָבן אַנגעטראָפֿן אָף נאָך אַ הויף.

— מיר זײַנען שוין איסער דער געטאָ, — האָט ער אונדז געמאָלדן. — נאָר שטיל און שאַ.

באַם אַרויסגיין הינטער דער שטאָט, האָט אונדזער באַגלייטער זיך אומגעקערט מיטן פּנים צו אונדז און געהייסן אַלץ טאָן, ווי ער. ער האָט גענומען שטעלן הינטערשטע טריט. דאָס הייסט, ער איז געגאַנגען מיט דער פּאָטיליצע פֿאָרויס. לעכאַטכילע איז עס אונדז אויסגעקומען עפּעס מאָדנע. ער איז פֿון זינען אַראָפּ צי וואָס? דערנאָך איז צו אונדז דערגאַנגען, אַז דאָס טוט זיך צוליב קאָנספּיראַציע. אויב די פֿאַשיסטן וועלן זיך אָנשטויסן אָף אונדזערע שפּורן, וועלן זיי מיינען, אַז זיי פֿירן ניט פֿון געטאָ, נאָר פֿאַרקערט.

אַזאַ גאַנג איז געווען ניט קיין קליינע אָפּקומעניש, איבערהויפּט פֿאַר דער מאַמען. באַגאָסן מיט קאַלטן שווייס, האָבן מיר זיך קוים דערקליבן ביזן ברייטן דורכגעטראָטענעם שליאַך. דאָ זײַנען מיר שוין געגאַנגען, ווי געוויינלעך. אײַנגיכן האָבן מיר פֿאַרקערעוועט אָף אַ שמאָלן שטעג, וועלכער האָט אונדז געבראַכט צו אַ כוטער, ניט ווײַט פֿון אַ וואַלד.

דער באַגלייטער האָט אונדז צוגעפֿירט צו אַ הײַזל. די לאָדנס זײַנען געווען פֿאַרמאַכט, האָט ער שוואַך אַ קלאַפּ געטאָן אין אַ לאָדן.

— ווער? — האָט זיך גלײַך דערהערט פֿונעם הײַזל.

— קאָסטיע, עפֿן!

קאָנטיק, אַז דעם באַגלייטערס קאָל איז קאָסטיען געווען גוט באַקאַנט, ווײַל ער האָט טייקעף געעפֿנט די טיר.

מיר זײַנען אַרײַן אין שטוב. וואַרעם — אַ מעכײַע. אָפֿן טיש האָט געברענט אַ קאָרניק.

ווי איך האָב זיך נאָכדעם דערוווּסט, איז דער באַלעבאָס פֿון דער שטוב געווען קאָנסטאַנטין

גריגאָריעוויטש קאָזלאָווסקי — א פאַרבינדלער בא די פּאַרטיזאַנער. צו אים פלעגט מען פירן די אנטלאָפענע פון געטאָ און פון דאָרט זיי נאָכדעם צושטעלן אין שטאַב פונעם פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד. אפן כעזשבן פון קאָנסטאַנטין גריגאָריעוויטשן זיינען פאַראַן הונדערטער געפּאַשעס, געראַטעוועטע פון געטאָ...

ווען מיר האָבן זיך א ביסל אָנגעוואַרעמט, האָט קאָנסטאַנטין גריגאָריעוויטשעס פרוי מיט א ווילקע אַרויסגעשלעפּט פונעם אויוון א גרויסן טשוהון מיט באָרשטש. זי האָט צעשטעלט טעלער אפן טיש, אָנגעשניטן ברויט און צעגאָסן דעם באָרשטש אין די טעלער.

— גיס מיט א מאָס, — האָט איר געוואָרנט דער מאַן, — זיי זיינען, קאָנטיק, שטאַרק אויסגע־הונגערט. — און אונדז האָט ער דערקלערט: — מיינט ניט, אז איך זשאַלעווע דאָס געקעכטס. נאָר אז מע איז שטאַרק אויסגעהונגערט און פאַרדאַרבן, דאַרף מען עסן צוביסלעך און אָפּטער. אנדערש קאָן עס שטאַרק פאַרשאַטן. בא אונדז זיינען געווען אזעלכע פאַלן.

אזא געקעכטס האָבן מיר אין די אויגן ניט געזען זינט די מילכאָמע האָט זיך אָנגעהויבן. קאָנט איר זיך שוין פאָרשטעלן, מיט וואָס פאַר א געשמאַק האָבן מיר דאָס געגעסן.

— איצט זייט איר אין רעשוס פון אָט דעם באַלעבאָס, — האָט אונדז געזאָגט דער באַגלייטער, זיך אָפּגעזעגנט און איז אוועק.

קאָנסטאַנטין גריגאָריעוויטש האָט אונדז אָפּגעפירט אין וואַלד, און דאָרט, צווישן די קוסטעס, האָט זיך פאַר אונדז אנטפּלעקט א זעמליאַנקע. ער איז אַריין, אָנגעצונדן א קוראַנ. און געהייסן אונדז אויך אַריינקומען.

— דאָ וועט איר זיך געפינען, ביז מע וועט קומען נאָך אייך. זייט שטיל, רואיק, קיין פּיפּס זאָל מען פון אייך ניט הערן. אַרויסגיין מעגט איר נאָר בא א נויטבאַדערפעניש. רוט זיך אויס, וואָרעם עס שטייט פאַר א לאַנגער איבערגאַנג.

דער דיל פון דער זעמליאַנקע איז פאַרדעקט געווען מיט סאָסנע־צווייגן. איך און די מאַמע האָבן זיך גלייך אויסגעשפּרייט אפן דיל און איינגעשלאָפן. אף מאָרגן זיינען מיר אויפגעשטאַנען, ווען אין דרויסן איז שוין געווען גוט ליכטיק. די יאַטן זיינען נאָך געשלאָפן. די באַלעבאָסטע האָט אונדז געבראַכט א גרויסן טאָפּ אָפּגעקאָכטע קאַרטאָפל, א הליאַק טיי און ברויט. מיר האָבן קוים פאַנאַנדערגעוועקט די יאַטן, זיי זאָלן אויפשטיין פרישטיקן. אויסער דעם, האָט אונדז די פרוי צוגעטראָגן א זעקעלע סוכאַרעס.

— דאָס וועט אייך צוניץ קומען, ביז איר וועט זיך דערקלייבן צו די פּאַרטיזאַנער.

אונדז האָט זיך מאַמעש ניט געגלייבט, אז מיר האָבן זיך געראַטעוועט פון די פאַשיסטישע מאַל־כאַמאָוועסן. ס'האָט זיך אַלץ געדוכט, אז אָט וועט, ווי א הײשעריק, אף אונדז אָנפאַלן בובע מיט זיין קעלעוו, און מע וועט פון אונדז רייסן שטיקער, פאַרוואָס מיר זיינען ניט אַרויס אף דער אַרבעט.

ווען ס'איז געוואָרן פינצטער, זיינען אין דער זעמליאַנקע אַריין צוויי יאַטן, באַוואָפנט מיט אָברעזן.

די יאַטן זיינען געווען אונדזערע באַגלייטער צו די פּאַרטיזאַנער. געגאַנגען זיינען מיר אין טיפעניש פון וואַלד א גאַנצע באַכט. אין וועג האָבן מיר זיך דערוווּסט, אז אונדזערע באַגלייטער זיינען מיט א פאַר כאַדאָשים צוריק אנטלאָפן פון נאָוואָהרודקער געטאָ. געבוירענע זיינען זיי געווען פון וואַרשע. איצט קעמפן זיי אינעם פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד אף אָרדזשאָניקידזעס נאָמען.

איך ווייס ניט, וויפל קילאָמעטער מיר האָבן דורכגעמאַכט, נאָר אף מאָרגן באַטאָג זיינען מיר שוין געווען אין דער נאַליבאָקער פּושטשע. דאָרט זיינען געווען פיל זעמליאַנקעס. אין איינער פון זיי האָט מען אונדז אַריינגעפירט. ס'זיינען געזעסן עטלעכע לייט. איינער פון זיי האָט זיך בא אונדז פאַנאַנדערגעפרעגט, ווער זיינען מיר, אונדזערע פראַפעסיעס, מיט וואָס פאַר א ציל זיינען מיר געקומען אין וואַלד. ווי איך האָב זיך נאָכדעם דערוווּסט, איז דאָס געווען דער קאָמאַנדיר פון דעם אָטריאַד בעלסקי.

איך האָב געקאָנט דרוקן אף א מאַשינקע, האָט מען מיך איינגעאָרדנט אין שטאַב אלס סעקרעטאַר. באַגלייך מיט דעם איז מיר פון צייט צו צייט אויסגעקומען אָנטיילנעמען אין די דיווערסיע־אַקציעס קעגן דעם סוינע. די מוטער מיינע האָט מען איינגעאָרדנט אינעם שטייגער־קאָמבינאַט אלס שניידערקע.

זייענדיק אין אָטריאַד, האָב איך זיך איבערצייגט, אז אין דער נאָוואָהרודקער געטאָ האָט מען אויסגעקליבן א ריכטיק מיטל, ווי אזוי צו קעמפן מיט די פאַשיסטן. נאָר פון אויסער דער געטאָ האָט מען זיי געקאָנט דערלאַנגען. איבערהויפּט זיינען טעטיק געווען די גרופּע פון כאַים־לייזער לעווינען און פון יאַשקע דעם אייווער (אזוי האָט מען אים גערופן, מאַכמעס ער האָט געשטאַמט פון אייוויע).

באַנאַכט פלעגן זיי גיין אין נאָוואָהרודאָק אף געיעג. דאָרט האָבן זיי געוווּסט אַלע שפּאַרונקעס. אף זייער כעזשבן האָבן גערעכנט צענדליקער פאַשיסטישע ברוים, וועלכע זיי האָבן אָפּגעשיקט אף יענער־וועלט. אָפט פלעגן זיי ברענגען פאַשיסטישע מערדער אין פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד און צושטעלן זיי צום געריכט.

כ'האָב אליין מיט מיינע אויגן געזען, ווי כאַים־לייזער מיט זיינע יאַטן האָבן געבראַכט אין וואַלד אליין דעם נאַטשאַלניק פון דער נאָוואָהרודקער טפיסע, ביכאָווידזי און וועאַצמוי.

איך קאָן ניט זאָגן פּינקטלעך, נאָר די צאָל פּלייטים פון דער נאָוואָהרודקער געטאָ און אנדערע אַרומיקע געטאָס האָט אין אונדזער פּאַרטיזאַנישער פאַרייניקונג באַטראָפן ניט איין הונדערטער. און די מערהייט פון זיי זיינען געווען טעטיקע קעמפער. ניט אַלעמען, ווער ס'האָט געשטרעבט אַרויסגיין

פון געטאָ, האָט זיך עס אײַנגעגעבן. ניט ווייניק זײַנען אומגעקומען באַם איבערגיין די צוים. פון מײַנע באַקאַנטע זײַנען אַף אַזאַ אױפן אומגעקומען די שוואַנגערע פרוי שאַליאַנסקאַיאַ מיט איר מאַן יוסף.

פון די אַנגעקומענע פלעגן מיר געוויר ווערן וועגן דעם, וואָס עס קומט פאָר אין דער געטאָ. אַזוי האָבן מיר זיך דערוווּסט וועגן דעם צווייטן פּאָגראָם, ווען עס זײַנען אין אויגוסט 1942 אומגעקומען באַ דרײַ טויזנט ייִדן. אין דער געטאָ זײַנען פאַרבליבן בלויז עטלעכע הונדערט פאַכלײַט, וועלכע מע האָט איבערגעפירט אַף דער מינסקער גאַס און באַזעצט אין אַ לאַנגער געבײַדע. אָט די קאַזאַרמע איז געווען אַרומגעצאַמט מיט אַ געדיכטן פּאַרקן און מיט שטעכלדראָט. פון דאָרט אַרויסגיין איז געווען אוממעגלעך, און אַרײַנדרינגען אַהין האָבן געקאָנט נאָר די געסטאַפּאָווצעס און פּאָליצײַען.

אַלס עלטסטער איבער די פאַכלײַט האָט די דײַטשישע קאָמאַנדשאַפט באַשטימט אַ יונגן יאַט אַרנשטיין, האָט ער גלײַך געמאָלדן:

— כאַווײרים, ניטאָ אַף וואָס צו ריכטן זיך. לאָמיר עפּעס צוטראַכטן אַף גיכער ניצל ווערן פונדאַנען. דאָ זײַנען מיר איזאָלירט אַזוי, אַז אַף קיין שום פאַרבינדונג מיט די פּאַרטיזאַנער איז ניטאָ וואָס צו האָפן.

איז אויפגעשוווּמען אַ פּלאַן, אַז מע דאַרף מאַכן אַן אונטערגראָבונג פון זעכציק־זיבעציק מעטער די לענג, מע זאָל קאָנען אַרויס אַף אַ געוויסער דיסטאַנץ פון דער צוים. דעם אַרײַנגאַנג אין דער אונטערגראָבונג האָט מען באַשלאָסן מאַכן אונטער דעם דיל פון דער געבײַדע.

די אונטערגראָבונג איז אויסגערעכנט געווען, אַז מע זאָל קאָנען אַרויספּויזען פון דאָרט. אין דעם הויף האָבן זיך געוואַלגערט ברעטער און פּלאַקנס. קעדיי פאַרפעסטיקן די ערד, זי זאָל פון דער הייך זיך ניט שיטן, האָט מען געמאַכט אַ באַלקן פון די ברעטער, וועלכע זײַנען געווען אָנגעשפּאַרט אַף די פּלאַקנס, אײַנגעגראָבענע אין דער ערד. אַז די וואָך זאָל ניט באַמערקן, האָט מען געאַרבעט נאָר באַנאַכט. די אויסגעגראָבענע ערד איז פאַרבאַהאַלטן געוואָרן אַפן בוידעם. טיף אין האַרבסט איז די אונטערגראָבונג געווען פאַרטיק.

די נאַכט, ווען מע האָט זיך געלאָזט אַרויספּויזען, איז געווען אַ שטאָק־פינצטערע. און באַם אַרויסגיין פון דער אונטערגראָבונג האָט קיינער ניט געוווּסט, וווּ מע געפינט זיך און אין וועלכער ריכטונג דאַרף מען גיין. איז מען גרופּעסווײַז אַוועק אין דער פינצטערניש, וווּהין די אויגן טראָגן...

אַף וויפל די געטאָ איז געווען פולקום איזאָלירט פונעם אַרומיקן לעבן, איז אוממעגלעך געווען באַצײַטנס געבן צו וויסן די פאַרבינדלער, אַז זיי זאָלן באַגעגענען די אַרויסגעראַטעוועטע.

פאַרטאָג האָט די פּאָליציי באַמערקט, אַז קיינער גייט ניט צו דער אַרבעט. האָט מען זיך אַ וואָרף געטאָן אין דער געבײַדע. זיי האָבן זיך אָנגעשטויסן אַף דער אונטערגראָבונג. גלײַך איז געוואָרן אַן אַליאַרם. מע האָט זיך געלאָזט זוכן די אַנטלאָפענע, אייניקע האָט מען געפונען אין די קוסטעס, אייניקע — אַפן וועג צום וואַלד. די פאַשיסטישע מערדער האָבן אַזוי געקאַכט, אַז די, וועמען זיי האָבן געפּאַקט, האָט מען אַפן אָרט צעשאָסן. אָבער די מערהײַט אַנטלאָפענע זײַנען יאָ דערגאַנגען צו די פּאַרטיזאַנער. פון מײַנע באַקאַנטע האָבן זיך געראַטעוועט די לערערן פאָרטנאַיאַ, אַרל ביטענסקי, מישע בלאָך, מיכאיל קאַהאַן, יאַראָשעווסקי, אַווּרעמל, קושע, יאַשע, וועלדע. די פאַמיליעס זייערע, צום באַדויערן, ווייס איך ניט. פון זיי האָב איך זיך דערוווּסט וועגן דער אונטערגראָבונג.

אָט האָב איך וועגן דער נאָוואָהרודקער געטאָ דערציילט קימאַט אַלץ, וואָס איך ווייס. פון דעם קאָן מען מאַכן אַן אויספיר, אַז אין דער געטאָ גופע איז קיין אַקטיווער ווידערשטאַנד קעגן די פאַשיסטן ניט געווען, ווי, לאָמיר זאָגן, אין וואַרשע צי אין לאַכווע אָדער אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך.

ווען די רויטע אַרמיי האָט אונדז באַפרײַט, זײַנען קימאַט אַלע קאָמפּספּעציקע מאַנצבלען פון אונדזער אָטריאַד אַוועק אַפן פראָנט. פרויען אויך. אָבער איך האָב ניט געקאָנט פאַרלאָזן די שוואַכע מוטער, בין איך געבליבן אין נאָוואָהרודאָק.

די ערשטע צײַט האָט מען אונדז דערלויבט טראָגן געווער. בין איך געווען באַוואָפנט מיט אַ נאַגאַן. באַקאַנטע פלעגן זען, ווי איך גיי באַוואָפנט, איז עס פאַר זיי אויסגעקומען מאָדנע.

— ווי קומט עס צו דיר? — האָבן זיי געטײַנעט. — מיט אַזאַ צאַרטן און איידעלן אויסזען דאַרף מען זיך האַלטן פאַר דער מאַמעס פּאַדאָל.

— זאָל זיך נאָר מיר טרעפן אַ געוועזענער פּאָליציי, וועט איר זען, ווי האַרב און אומראַכמאָנעסדיק איך קאָן זײַן צו אַזעלכע קלאָוים. די שוידערלעכע צײַט האָט מיך שטאַרק פאַרהאַרטעוועט.

אין אַ קורצער צײַט אַרום האָט זיך, גאָט צו דאַנקען, אויסגעפונען מײַן מאַן. ער האָט געאַרבעט אַף אוראַל אַף אַ מיליטערישן זאַוואָד. נאָך דער מילכאָמע האָט ער זיך אומגעקערט אין נאָוואָהרודאָק. באַ אונדז איז געבוירן געוואָרן אַ זונעלע. איצט איז ער שוין אַן אָנגעזעענער אינזשעניער און לעבט אין מינסק.

ייִדן, געבוירענע אין נאָוואָהרודאָק אָדער אין די אַרומיקע שטעטלעך, קאָן מען דאָ איצט אָנציילן עטלעכע צענדליק, און אַ פּאָר צענדליק וועט איר דאָ טרעפן אָנגעפאַרענע פון די מיזרעך־ראַיאָנען. אָט אַזאַ איז דער סאָף פון דער דאָזיקער געשיכטע...



וויטאַלי פּאַנאָוו

# אַן אַ פֿאַרעלטערונג־טערמין

קיין שנײי איז נאָך ניט אויסגעפאַלן, אָבער דער פראָסט האָט שוין געגעבן וועגן זיך צו וויסן. פּלאַטאָן וויקטאָראָוויטש זשילאַ גייט, אָנשפּאַרנדיק זיך אויף אַ שטעקן, צום אָפּשטעל פֿונעם אויטאָבוס. אין די לעצטע יאָרן טוט ווײ דער פֿוס אַלץ שטאַרקער, און הינקען הינקט ער אונטער פֿון פֿרילינג 1945. דעמלט, אויפֿן ברעג פֿון דעם טײַך שפּרײַע, ווו זשילאַ מיט זײַנע כאַווירים האָבן זיך געגרייט צו אַן אַטאַקע, האָבן אָפּט אָנגעהויבן זיך רײַסן פֿאַשיסטישע מינעס. אַ שפּליטער האָט צעלעכערט דעם שטיוול און די שטויביקע קירזע האָט אָנגעבריאַקנעט מיט בלוט. די אויטאָמאַטן־אָפּטיילונג איז אַוועק אין אַטאַקע אָן איר קאָמאַנדיר, דעם עלטערן סערזשאַנט זשילאַ. אין די ניט־פֿולע צוואַנציק יאָר איז ער געוואָרן אַ קאַוואַלער פֿונעם אָרדען פֿון רויטן שטערן, באַלוינט מיט די מעדאַלן „פֿאַר באַפֿרײַען וואַרשע" און „פֿאַר אײַנעמען בערלין". דאָס איז ניט ווייניק פֿאַר אַ באָכער, וואָס האָט נאָך ניט באַוויזן אַפֿילע אַ יאָר מילכאָמע האַלטן. מע האָט אים מאָביליזירט אין 1944־טן, ווען אונדזערע שלאַכטלײַט האָבן באַפֿרײַט די טערנאָפּאָליער געגנט. די פֿאַרפֿאַרענע פּראָנטאָוויקעס האָבן באַוווּנדערט די דרייסטקײַט פֿון דעם מײַרעוו־אוקראַיִנישן באָכער.

פּלאַטאָן זשילאַ האָט געהאַט זײַן אייגענעם כעזשבן מיטן סוינע — פֿאַר זײַן ברודער פּאַוועל און דער שוועסטער אירינע, וועלכע זײַנען אומגעקומען אין דער פֿאַשיסטישער קנעכטשאַפֿט; פֿאַר זײַן מומע, אַ יונגע פֿרוי, וועלכע די באַנדעראָווצעס האָבן, צוזאַמען מיט איר מאַן, אַ סאָוועטישן אָנגעשטעלטן, לעבעדיקערהייט פֿאַרברענט אינעם פֿלאַקערנדיקן מויער פֿונעם ווישנעוועצקער שלאָס.

ווען דער סאָלדאַט האָט זיך אומגעקערט אַהיים, האָט ער פֿאַרשטאַנען, אַז די מילכאָמע האָט זיך נאָך ניט פֿאַרענדיקט. ער האָט געדינט אין דער מיליציע. און ווידער, ווי אויפֿן פֿראָנט, האָבן זײַנע הענט געהאַלטן אַן אויטאָמאַט. די באַנדעראָווצעס, אויסגעשולטע און באַוואָפֿנטע מיצאַד די פֿאַשיסטן, האָבן זיך אַרומגעשלעפּט איבער די אַרומיקע וועלדער. אין אַט דעם קאַמף איז אומגעקומען פּלאַטאָנס פֿעטער וואַסילי איוואַנאָוויטש זשילאַ, אַ שלאַכטמאַן פֿונעם פֿאַרניכטונגס־באַטאַליאָן. פּלאַטאָן זשילאַ האָט געשלאָגן די באַנדיטן ווי פֿאַשיסטן — אָקשאָנעסדיק און דרייסט. די לעצטע פֿון זיי זײַנען אין די 50־ער יאָרן, אונטער דער וואַך פֿון זײַן אויטאָמאַט, שמוציקע, בייזע, אַרויסגעקראָכן פֿון די אונטערערדישע בונקערס. אָט אַזוי האָט פּלאַטאָן זשילאַ אײַנגעשטעלט די סאָוועטנמאַכט אויף זײַן ערד.

דער מענטשלעכער זיקאָרן פֿאַרמאָגט זײַנע געזעצן. צומאָל גייט די נעקאָמע ווי די שײַן פֿון אַ ווײַטן שטערן — לאַנגע יאָרן. הײַנט פֿאָרט פּלאַטאָן וויקטאָראָוויטש אין געגנט־צענטער — טערנאָפּאָל. דאָרט, אין קלוב פֿון די וועטעראַנען, קומט פֿאָר דער געריכט איבער איינעם פֿון די פֿאַלײַציען — איוואַן שאַפּאָוואַל. פּלאַטאָן וויקטאָראָוויטש איז אויף אָט דעם געריכט אַן איידעס. ניט ווייניק יאָרן, שוין נאָך דער מילכאָמע, האָבן זיי אָפּגעלעבט אין איין יישעוו, — שאַפּאָוואַל האָט נאָך דער טורמע זיך אומגעקערט אין ווישנעוועץ. דער געוועזענער „שוצמאַן" — אַזוי האָט מען דאָ אויפֿן דײַטשישן מאַניר גערופֿן די פֿאַרעטער, — האָט בייס די באַגעגענישן אָפּגעטראָטן דעם וועג, אונטערכאַנפֿענענדיק געשמייכלט, אַפֿילע געפּרוּווט אַ שמועס טאָן. אָבער פּלאַטאָן וויקטאָראָוויטש האָט געשוויגן — ער האָט בעשום־אויפֿן ניט געקאָנט שאָלעם מאַכן מיט דעם, וואָס שאַפּאָוואַל גייט אַרום צוזאַמען מיט אים איבער דער סאָוועטישער ערד. פֿיל פֿון דעם, וואָס עס האָט זיך פֿאַרגעדענקט דעם מינדעריעריקן פּלאַטאָן זשילאַ, קאָן ער ניט מויכל זײַן שאַפּאָוואַלן. זשילאָס כאַראַקטער האָט זיך אויסגעפֿורעמט אויפֿן פֿראָנט — אונטערן פֿײַער פֿון דעם סוינע, צווישן מענטשן, פֿאַר וועלכע ערגער פֿונעם וואָרט „סוינע" איז געווען בלויז דאָס וואָרט „פֿאַרעטער". אויפֿן פֿראָנט זײַנען פֿאַר אַזעלכע ניט געווען לינדערנדיקע אומשטאַנדן, קיין אַנדער מאָס פֿון שטראָף, אויסער די העכסטע.

דאָ, אויפֿן געריכט, זעט שאַפּאָוואַל אויס נעבעכדיק. שוין ניט קיין יונגער מענטש, אויב מע קאָן אים נאָך אָנרופֿן מענטש, זיצט ער אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק איינגעהויקערט און הערט אָנגעשטרענגט.

אין איינעם אַן אווגוסט־טאָג פֿון 1942 האָט דאָס ייִנגל פּלאַטאָן זשילאַ זיך אויסבאַהאַלטן צווישן די קוסטעס אויף דעם שלאָס־באַרג, וואָס האָט זיך געהויכט איבער דער ייִדישער געטאָ. דאָס בלוט איז מאַמעש פֿאַרגליווערט געוואָרן. דורכן דורכגאַנג, וועלכן די היטלעראָווצעס און די פּאָליציײַען האָבן געמאַכט אין דעם הילצערנעם פּאַרקן אַרום דער געטאָ, האָט מען געטריבן צום דער־שיסן די געשוואָלענע פֿון הונגער און קלעפּ אסירים. די פּאָליציײַען האָבן אַרויסגעריסן פֿון די רייען קליינע קינדער און אויך יענע, באַיאָרטע, וואָס האָבן קוים געשלעפּט די פֿיס. מיטן גאַנצן קויעך האָבן די פּאָליציײַען זיי געוואָרפֿן אין די לאַסטמאַשינען. פֿון די קלעפּ אינעם באָרט פֿון די קוזאָווס זײַנען די קינדער גלײַך אויף אייביק אַנשוויגן געוואָרן. דער צוואַנציקיאָריקער שאַפּאָוואַל, א יונגער, ספּריטנער, קוקנדיק אונטערטעניק אין די אויגן פֿון די פֿאַשיסטן, האָט געשמײַסט מער פֿון אַלע. אַרויסגעריסן און געשלײַדערט זויגקינדער, געמיימעסט די פּאַרווערטיילטע מיטן אויטאָמאַט, געטראָטן מיט די פֿיס די זקינים. עטוואָס שפּעטער, ווען מע האָט געטריבן די מענטשן צו דער דאַמבע, האָט איינע א פֿרוי אָנגעהויבן גיין צו קינד. א פּאָליציײַ האָט זי צוזאַמען מיטן ניי־געבוי־רענעם קינד אַראָפּגעוואָרפֿן אינעם שליוז.

...שאַפּאָוואַל הערט די גוויִעס־אײדעס פֿון פּלאַטאָן וויקטאָראָוויטשן, און א מאַכטלאָזע בייזקייט שפּריצט פֿון זײַנע אויגן. וואָס האָט אים געקאָסט דעמאָלט, אין 1942־טן, דערהאַרגענען אָט דעם פּלאַטאָנען? גאָרניט. באַנדערא האָט אין זײַנע „צירקוליאַרן" אָפּגעמערקט: קיין שום שרעקלעכס וועט ניט געשען, אויב פֿון פֿערציק מיליאָן אוקראַיִנער וועט בלײַבן א העלפֿט...

ווען אין 1939 איז אויף דער מײַרעוו־אוקראַיִנישער ערד געקומען די סאָוועטנמאַכט, האָט מען שאַפּאָוואַלס פֿאָטער געגעבן ערד. איוואַן האָט זיך געלערנט. אָבער אין יולי 1941 דרייט זיך דער יונגער, שטאַרקער באָכער אַרויס פֿון דער מאָביליזאַציע און גייט ניט אַוועק מיט די אָפּטרעטנדיקע טיילן פֿון דער רויטער אַרמיי. דערפֿאַר אָבער, ווען די פֿאַשיסטן זײַנען אַרײַן אין ווישנעוועץ, האָט ער מיט א בענדל אויפֿן אַרבל (פֿון דער אוקראַיִנישער פּאָליציי) שוין קאַנוואָירט מיט אַן אויטאָמאַט אין די הענט העכער 100 מענטשן, פֿון דער ייִדישער אינטעליגענץ און סאָוועטישע אַקטיוויסטן, צום רומעלער יאַר. דאָרט זײַנען זיי דערשאָסן געוואָרן. שוין דעמאָלט האָט שאַפּאָוואַל געגענטפּערט די פֿרויען, וועלכע זײַנען געקומען צו דער פּאָליציייִשער אופּראַווע זיך דערוויסן וועגן דעם גורל פֿון זייערע נאָענטע: „גרייט פֿאַר זיי קאַסטנס". די דאָזיקע ווערטער וועלן אויפֿן גאַנצן לעבן זיך אײַנקריצן אין זיכּאָרן פֿון איינער א פֿרוי, אַן אײדעס אויפֿן געריכט, דעמאָלט נאָך א קליין מיידעלע, פֿייגע אײַזענבערג, וועלכע האָט טאַקע מער קיינמאָל ניט געזען איר טאַטן, איר ברודער, איר פֿעטער.

די סאָוועטנמאַכט האָט געעפֿנט פֿאַר איוואַן שאַפּאָוואַלן פֿיל וועגן, און דאָס זײַנען געווען, זאָל זײַן ניט קיין גרינגע אין יענע יאָרן, אָבער וועגן פֿון קאָוועד. ער האָט ניט ליב געהאַט קיין שווערע וועגן. ווען די פֿאַשיסטן האָבן פֿאַנאַנדערגעלאָזט די באַנדע „אוקראַיִנישע פּאָליציי", טרעט שאַפּאָוואַל פֿרײַוויליק אַרײַן אין דער „דײַטשיש־אוקראַיִנישער פּאָליציי". ער ווערט א „שוצמאַן". אויף די קורסן אין דער שטאָט קרעמענעץ האָבן פֿאַשיסטישע אינסטרוקטאָרן געלערנט די „שוצמענער" אונטערצינדן א הויז, אַרעסטירן מענטשן און זיי פּײַניקן. „וואָס האָט מען נאָך אײַך געלערנט?" — פֿרעגט דער פּראָקוראָר. אָבער שאַפּאָוואַל דרייט זיך אויף קאַלעריי אויפֿאַנים אַרויס פֿונעם וואָרט „שיסן", און ניט אומזיסט, ווי מיר וועלן זען. ער האַלט אין איין קלאָגן זיך: „מע האָט אונדז ניט אָנגעטרויט, געגעבן בלויז צו פֿינף פּאַטראָנען". אַן אייביקער פֿאַרדראָס פֿון א הונט אויפֿן באַלעבאָס. דאָרט טאַקע, אין קרעמענעץ, האָט שאַפּאָוואַל, צוזאַמען מיט אַנדערע פּאָליציײַען, געגעבן א שווּע טרײַ צו זײַן היטלערן.

די פֿאַשיסטן האָבן געשאַצט די מעשאָרסים ניט טײַער. צוערשט האָט מען זיי געצאָלט פּופּצן אָקופּאַציע־מאַרקעס א כוידעש, שפּעטער האָבן די דײַטשן אַרײַנגעלייגט זייער געהאַלט צו זיך אין קעשענע. מע האָט זיי געזאָגט: ס'איז דאָ א געטאָ, עס זײַנען פֿאַראַן פֿאַמיליעס פֿון רויטאַרמייער און פֿון סאָוועטישע אַקטיוויסטן, — ראַבעוועט. און זיי האָבן גערויבעוועט.

אויפֿן געריכט האָט שאַפּאָוואַל געפּרוּווט זיך אויסדרייען און לײַגן. ער וויל זייער ניט, ס'זאָל זיך בא אים איבערכאַזערן דער גורל פֿון זײַן שעף, דעם פֿאַרטרעטער פֿונעם קאָמענדאַנט פֿון דער ווישנעוועצקער פּאָליציי יאַ. ג. אָסטראָווסקי, וועלכן מע האָט שוין דערשאָסן צוזאַמען מיטן פּאָלי־ציי יע. ד. סאָצקי. דער געריכט האָט דעמאָלט אויך אָפּגעהאַלטן זײַנע זיצונגען דאָ, אין טערנאָפּאָ־ליער קלוב פֿון די וועטעראַנען. ס'איז סימבאָליש, וואָס די פּאַרעטער פֿונעם היימלאַנד מישפּעט מען אין דער געבײַדע, וועלכע געהערט די מענטשן, וואָס זײַנען געגאַנגען איבערן וועג פֿון געוואַגט־קײַט און העראָיִזם אין די זעלבע יאָרן, ווען די באַשולדיקטע האָבן אַראָפּגעקרעכעוועט אויפֿן בלוטיקן שטעג פֿון פֿאַראַט. פֿיל וועטעראַנען זיצן אין זאַל צוזאַמען מיט יונגע אַרבעטער, שילער פֿון די

עלטערע קלאַסן, סטודענטן. אױף די פּידזשאַקן פֿון די וועטעראַנען זעט מען אָרדענס און מעדאַלן. דאָס זײַנען אוקראַיִנער, רוסן, ייִדן, ווײַסרוסן. זיי הערן האַרב און רויִק. בלויז צײַטנווײַז שמייכלען זיי, ווען שאַפּאַוואַל באַקלאָגט זיך: „איך בין געווען אַ פֿינצטערער באָכער, מע האָט מיך געצווּנגען. כ'האָב זיך דערשראָקן...“

פֿאַר אונדז ליגט אַ דאַטירטער מיטן 5 יולי 1944 „אַקט וועגן דער אויספֿאָרשונג פֿון די פֿאַרברעכנס, וועלכע די דײַטשיש־פֿאַשיסטישע פֿאַרכאַפּער זײַנען באַגאַנגען אין דער שטאָט ווישנעוועץ און אין ווישנעוועצער ראַיאָן“. אָט זײַנען עטלעכע אויסצוגן פֿון אָט דעם דאָקומענט:

„לויטן באַפֿעל פֿונעם קאַפּיטאַן פֿון דער דײַטשישער אַרמיי שטענטער, האָט מען דעם 10 יולי 1941 צונויפֿגעטריבן 40 מאַנצבילען און דערשאָסן אינעם קעלער. פֿריִער האָט מען זיי געשלאָגן מיט לאָפּעטעס, קאָלבנס, געשטאָכן מיט באַגנעטן“.

„אין אויגוסט 1942 איז געקומען פֿון קרעמענעץ קיין ווישנעוועץ, אַלס צוגאָב צו די פּאַראַנענע זשאַנדאַרמען און פּאָליצײַען, אַ גרופּע געסטאַפּאָ־לײַט און זשאַנדאַרמען און אָנגעהויבן די מאַסן־פֿאַרניכטונג פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג. אין ערשטן טאָג פֿונעם פּאָגראָם זײַנען דערשאָסן געוואָרן אינעם יאַר הינטער דער שטאָט 2500 מענטשן. צו נאָיאַבער 1942 האָט די געטאָ אופֿגעהערט עקזיסטירן, ווײַל אַלע, וואָס האָבן זיך געפֿונען אין איר, זײַנען אויסגעראָטן געוואָרן“.

„ווי עס דערציילן אײדעס, האָט מען אין ווישנעוועץ אומגעבראַכט בײַ 6000 מענטשן. די דײַטשיש־פֿאַשיסטישע פֿאַרכאַפּער, צוזאַמען מיט די פֿאַרעטער, האָבן אויסגעראָטן ייִדן, אוקראַיִנער, פּאָליאַקן, אַקטיוויסטן, קאָמוניסטן און קאָמיוגיסטן...“

אַפֿילו אין באַשטראָפֿן גערעכטיק אַלע מערדער, די פֿאַשיסטן און פּאָליצײַען, וועמענס הענט עס זײַנען אײַנגעטונקט אין בלוט פֿון סאָוועטישע מענטשן, איז דעמאָלט, אין 1944־טן יאָר, געווען פּשוט אוממעגלעך. דער קאַמף האָט געדויערט. און ניט נאָר אויפֿן פֿראָנט. אין 1943 איז די רעדל־פֿירער פֿון די אוקראַיִנישע בורזשואַזע נאַציאָנאַליסטן, וועמענס „קאַדער“ ס'איז געווען די „שוץ־פּאָליציי“, ענדגילטיק געוואָרן קלאָר, אַז די אוואַנטיור פֿונעם פֿאַשיסטישן דײַטשלאַנד האָט געליטן אַ מאַפּאַלע. מע האָט שוין געדאַרפֿט אַ טראַכט טאָן וועגן דעם קינפֿטיקן קאַמף קעגן דער סאָוועטן־מאַכט. אויסער דעם, האָט זיך פֿאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די ווישנעוועצער פּאָליצײַען וועט מען שיקן אין ווײַסרוסלאַנד — קעמפֿן מיט די פּאַרטיזאַנער. דאָס האָט שוין געשמעקט מיט אַן עמעסער מילכאָמע, און די „שוצמענער“, וועלכע זײַנען געווען געוווינט צו פֿאַרניכטן שוצלאָזע, האָבן עס ניט ליב געהאַט. קאָנטאַקטירנדיק די האַנדלונגען מיט די פֿאַשיסטן, האָט די באַנדעראָווישע קאָמאַנדשאַפֿט אָפּגעגעבן אַ באַפֿעל די פּאָליצײַען אוועקצוגיין אין וואַלד און אָרגאַניזירן נאַציאָנאַליסטישע באַנדעס. אויפֿן פֿאַרהער אין 1945 האָט דער געוועזענער שעף פֿונעם שטאַב פֿון דעם דריטן אָפּטייל פֿונעם דײַטשישן מיליטער שולצער באַוויזן: „לעכאָלהאָפֿאָכעס איין מאָל אין וואָך האָבן מיר געשיקט אין דער אוקראַיִנישער אופֿשטענדלערישער אַרמיי (אַזוי האָבן די באַנדעראָווצעס אָנגערופֿן זייערע באַנדעס) צו דרײַ־פֿיר אווטאָמאַשינען מיט געווער“.

פֿיל פֿון די ווישנעוועצער פּאָליצײַען, און זיי האָבן באַטראָפֿן בײַ דרײַ צענדליק, האָט מען באַשטראָפֿט אין די נאָכמילכאָמע־יאָרן. זייערע קוואָרים זײַנען פֿאַרשאָלטן מיצאַד דעם פֿאָלק. זאָלן אונדז „מױכל זײַן“ אײניקע „הומאַניסטן“ אויפֿן מײַרעוו — די מאַסן־מערדער האָבן באַקומען און באַקומען אויך הײַנט לויט זייערע פֿאַרדינסטן. אַגעוו, שווײַגן עפּעס די מײַרעווודיקע ראַדיאָ־קוילעס, וועלכע האָבן ליב צו טײַנען וועגן דעם „אידייִשן“ יעסאָד פֿון דער טעטיקײַט פֿון די בורזשואַזע נאַציאָנאַליסטן, וועגן די געריכט־פּראָצעסן אין טערנאָפּאָל...

אַלזאָ, אָפּזיצנדיק זייערע, האָגאָם קורצע, טפֿיסע־טערמינען (דעם געריכט איז איצט אויסגעקומען אָפּצושאַפֿן יענע, פֿריִערדיקע אורטיילן), האָבן אָסטראָווסקי און שאַפּאַוואַל זיך אומגעקערט קיין ווישנעוועץ. נאָך אַ שיקרעס האָבן זיי זיך געקלאַפּט אין דער ברוסט, דערקלערנדיק די לאַנדס־לײַט: „מיר זײַנען אונדזערס שוין אָפּגעזעסן!“ צי זײַנען זיי טאַקע אײַנדערעמעסן זייערס אָפּגעזעסן? פֿיל מענטשן האָבן געצווייפֿלט. יעוופֿימי סאָצקי האָט, אויף יעדן פֿאַל, זיך באַזעצט אין דער שטאָט אַבאַקאַן, קראַסנאָיאַרסקער קאַנט. זײַנע קרויווים האָבן פֿאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז ער האָט זיך אופֿגעהאַנגען. פֿון קינדווײַז אָן האָט מען אָט דעם טאַכשיט גערופֿן אין ווישנעוועץ „דער געקויפֿטער“. אַ גאַסן־שיקער און אַ כוליגאַן, איז ער שטענדיק געגאַנגען אַהין, ווו ס'האָט געשמעקט מיט גנייווע. עמעס, ס'פֿלעג טרעפֿן, אַז פֿון זײַן מויל האָט זיך אַרויסגעריסן אַן „אידייִש“ וואָרט.

אין יולי 1944 האָט די פּאָליציי אַרעסטירט דעם פֿאָרזיצער פֿונעם אָלשאָוועצקער דאָרפֿסאָוועט ט. פּ. דעמטשאַן. אויף דער דאַמבע לעבן ווישנעוועץ איז ער אַראָפּגעשפּרונגען פֿונעם וואָגן און זיך אַ וואָרף געטאָן אין טײַך, פּרוּווּנדיק אַנטלויפֿן. סאָצקי האָט אַרויסגעריסן די ביקס בײַ אַן אַנדער פּאָליצײַ, און, דערשיסנדיק דעמטשאַנען, צופֿרידן געזאָגט: „אָט אַזוי דאַרף מען האַרגענען קאָמוניסטן“. נאָך איין קאָמוניסט, בערעסטאָווסקין, וועלכער האָט געפּרוּווט אַנטלויפֿן פֿון די טאַליאַנים, האָט סאָצקי דעריאָגט אין גאַס און אים דערשאָסן.

ווען אין 1942 האָבן די פאַשיסטן געטריבן די ייִדישע באַפעלקערונג הינטער דער שטאָט צום יאַר, האָט סאַצקי צוערשט אַראָפּגעריסן די מאַלבושים פון די פאַרורטיילטע, נאָכדעם האָט ער. אײַנײַנעם מיט אָסטראָווסקין און שאַפּאָוואַלן, זיך געשטעלט לעבן דער גרוב און געשאָסן אין די נאַקעטע מענטשן.

יאַקאָוו אָסטראָווסקי איז געווען דער שטעלפאַרטרעטער פונעם קאָמענדאַנט פון דער ווישנעווצער דײַטשיש־אוקראַיִנישער פּאָליציי. א זון פון אן אָרטיקן קאַצעוו, וועלכער האָט אויך געהאַלטן א רעסטאָראַן, האָט ער באַקומען דעם צונאָמען „דער הויפּט־העקער". אויסער דעם אַקטיוון אָנטייל אין דער אָרגאַניזאַציע פון באַוואַכן די געטאָ, וואָס עס האָט באַטײַט, לויט אָסטראָווסקיס ווערטער, „שאַפן א געגנעם אויף דער ערד" (בא די אסירים האָט מען אָפּגענומען אַלע שפּײַז־פּראָדוקטן און דאָס וואַסער, מע האָט זיי אומגעבראַכט מיט אומדערטרעגלעכע אַרבעטן, יעדן טאָג זײַנען געשטאָרבן 10—15 מענטשן), האָט ער זיך „באַרימט געמאַכט" מיטן אָנטייל אין די מאַסן־דערשיסונגען. שוין נאָך דעם, ווי מע האָט ליקווידירט די געטאָ, האָט אָסטראָווסקי זיך אַרומגעדרייט אין די אומגעגנטן, אויסגעזוכט אסירים, וועמען די אוקראַיִנישע באַפעלקערונג האָט אויסבאַהאַלטן. דעמאָלט האָט ער דערשאָסן אינמיטן פעלד א ייִדישקע, וואָס האָט ביז דער מילכאָמע געאַרבעט אין א קראָם, און אויך דערשאָסן איר טעכטערל. א צווייט מאָל — א יונגן מאַנצבל מיטן זון. דערבײַ האָט אָסטראָווסקי ניט פאַרגעסן אויסצוטאָן זײַנע קאָרבאָנעס.

נאָך דער מילכאָמע האָבן די באַנדעראָווציעס פאַרשפּרייט קלאַנגען, אז זיי האָבן געהאַרגעט בלויז ייִדן, זאָרגנדיק וועגן דער „ריינקייט פון דער אוקראַיִנישער נאַציע". אָבער אין 1943 האָט דער באַנדעראָוועץ אָסטראָווסקי פאַרניכטעט צוזאַמען מיט זײַנע פרײַנטלעך די מישפּאָכע פונעם אָרטיקן שמיד, דעם אוקראַיִנער פּאָפּעל, אַלפּי נעס זײַנען גאַנץ געבליבן צוויי מיידעלעך אין עלטער פון 9 און 12 יאָר. אַזוינס האָט אָסטראָווסקי ניט געקאָנט דולדן. דראָענדיק מיטן פּיסטאָלעט, האָט ער צוגענומען די מיידעלעך בא די שכיינים, וועלכע האָבן זיי אויסבאַהאַלטן. די מיידעלעך האָט ער געזאָגט: „קומט צום טאַטן..." ער האָט זיי אָפּגעפירט אפן בעסוילעם און דערשאָסן.

אַנומלט האָט די באַנדע, אין וועלכער ס'איז געווען אָסטראָווסקי, פאַרכאַפּט פיר פאַרטיזאַנער־אויספירער פון קאָוופּאַקס פאַרייניקונג. זיי זײַנען אומגעקומען מיט א העלדישן טויט. אַליין א פאַכדן, וואָס האָט זיך געטרייסלט פאַר זײַן פעל, האָט ער אף קיין גראָשן ניט געשאַצט א פרעמד לעבן. „א סאַך מענטשן האָט איר געהאַרגעט?" — האָט אים געפרעגט דער אויספאָרשער. „ניט קיין סאַך. א מענטשן 25—30". מע האָט אים געכאַפּט בא א ליגן. ער האָט אָנגעהויבן שעמעוודיק זיך פאַרענטפערן: פאַרגעסן, דער זיקאָרן האָט אונטערגעפירט...

מע האָט אונדז באַוויזן א קינאָלענטע: אָסטראָווסקי גייט אונטער א וואַך איבער די ערטער, ווו ער איז באַגאַנגען זײַנע פאַרברעכנס. א הויכער, אַן אויסגעדאַרטער, פירט ער פאַנאַנדער מיט זײַנע לאַנגע הענט, שטייענדיק אפן דנאָ פונעם רומעלעווער יאַר. ער זאָגט: „ניין, קיינער האָט ניט געפּרוווט אַנטלויפן. כאָטש איך דערמאָן זיך, אז איינער האָט געפּרוווט. מע האָט אים דאָרט, ניט ווײַט פונדאַנען, דערשאָסן..."

סימבאָליש איז, וואָס די אויספאָרשונג איבער די פאַרעטער האָבן געפירט די אָפיצערן פונעם מעלוכישן זיכערהײַט־קאָמיטעט, זין פון אוקראַיִנישע פאַרטיזאַנער, דער מאַיאָר וו. א. פּשעניטשני און דער קאַפּיטאַן א. פּ. מיראָשניטשענקאָ. איר האָט אַמאָל געפּרוווט צונויפקלײַבן אײַנײַנעם א קרישלדיקע זאַך, וואָס איז צעבראָכן געוואָרן מיט העכער 40 יאָר צוריק, און וועמענס שפּליטערס זײַנען זיך צעפלויגן אין אַלע זײַטן? אַן ערעך פונקט אַזא קאָמפּליצירטע אופגאַבע איז געשטאַנען פאַר די טערנאָפּאָליער טשעקיסטן. געהאָלפן האָבן זיי פיל מענטשן פון דער אומגעגנט. קימאַט א כוידעש צײַט האָבן זיי אין א דעקאַבערדיקער קעלט געזוכט די ערטער, ווו מע האָט מאַסנווײַז באַגראָבן די קאָרבאָנעס. צוזאַמען מיט די טשעקיסטן האָבן אויסגעפאָרשט יעדן מעטער פונעם באָדן די האָרעפּאַשניקעס פונעם קאָלווירט אף נ. ק. קרופּסקאַיאַס נאָמען.

ווען געוויסע מײַרעוודיקע יוריסטן צעפירן מיט די הענט, טײַנענדיק, אז זיי זײַנען אָנמעכטיק צו קעמפן מיט די קריגס־פאַרברעכער, — וואָס קאָן מען דערווײַזן אין 40 יאָר אַרום? — איז א שטיקל עמעס אין זייערע ווערטער פאַראַן. אָבער נאָר א שטיקל עמעס. יאָ, ס'איז שווער, אָבער מעגלעך. די טערנאָפּאָליער געריכט־פּראָצעסן האָבן דאָס נאָכאַמאָל דערוויזן.

ווערטפולע באַווײַזן האָבן געגעבן צענדליקער איידעס. מיר האָבן שוין אויבן דערמאָנט וועגן פּלאַטאָן וויקטאָראָוויטש זשילאַ. אין קיִעוו האָט זיך אָפּגעפונען אַן אַרבעטערן פון א זאַוואָד פּייגע אײַזנבערג. דעמאָלט, אין אווגוסט 1942 (מירן דערמאָנען: די פאַשיסטן האָבן טרומייטעט אף דער גאַנצער וועלט, אז זיי האָבן פאַרנומען סטאַלינגראַד, ווען די סאָוועטישע סאָלדאַטן האָבן זיך געשלאָגן פאַר יעדן מעטער פון דער וואָלגער ערד), האָט מען פּייגען, א מינדעריעריקע נאָך, אוועקגעשטעלט אין איין העמד בא דער שרעקלעכער גרוב, די קויל פון א „שוצמאַן" (זי געדענקט ניט פּינקטלעך, וועמענס קויל — אָסטראָווסקיס, סאַצקיס צי שאַפּאָוואַלס) האָט ניט געטראָפן אין ציל.

ניט קיין געטראָפענע, איז זי געפאַלן אין דער גרוב צוזאַמען מיט די טויטע קערפּערס פון דער מאַמען, פון די שוועסטער, פונעם ברודער. זי האָט נאָך באַוויזן צו הערן דאָס כּישופֿישע געלעכטער און די ווערטער פון א פּאָליצײַ: „דערנאָך וועלן מיר זיי באַשיטן מיט צוקער...״ די מערדער האָבן פאַרשאָטן די גרוב מיט א דעזינפעקצירטן פּראָשעק.

פײַגע האָט זיך אַרויסגעקראַבקעט פון דער גרוב. מענטשן האָבן זי אויסבאַהאַלטן: פּריִער פּאָליאַקן, דערנאָך אוקראַיִנער. זי האָט זיך דערוואַרט אויף דעם אָנקום פון דער סאָוויעטישער אַרמיי. אויסער דעם, האָט דאָס גאַנצע אוקראַיִנישע דאָרף, ריזיקירנדיק מיטן לעבן, אויסבאַהאַלטן דאָס ייִנגל אַנדריי ראָזענבערגן, וועלכער האָט אַלפּי נעס זיך געראַטעוועט פון דער געטאָ. איצט אַרבעט ער אין אַן אויטאָ־באַזע אין זבאַראַזש. די היטלעריסטן האָבן געהאַלטן פאַר אידעאַל, ווען אַן אוקראַיִנער האָט געהרגעט א פּאָליאַק און פאַרקערט, ווען צוזאַמען האָבן זיי געהרגעט ייִדן.

שאָפּאָוואַלן האָבן מאַמעש צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט אײדעס. ב. א. ראָמאַנישין, א טוישעווע פון ווישנעוועץ, האָט דערציילט, אַז שאָפּאָוואַל, פאַרוויילנדיק זיך, האָט געשאָסן דורך די שפּאַרונעס פונעם פּאַרקן אין די געטאָ־אסירים. דאָס זעלבע האָט באַשטעטיקט נ. אי. גאָספּאָדאַריסקאַ, וועלכער האָט אויך געזען מיט די אייגענע אויגן, ווי שאָפּאָוואַל האָט, שלאָגנדיק מיט א שטעקן אין מיטן קאָלבן פונעם אַוטאָמאַט, געטריבן אויף אַרבעט די אויסגעשעפּטע, אַן קײכעס, מענטשן. מ. ט. שמודאַ האָט געזען, ווי שאָפּאָוואַל האָט דערשאָסן אַן אומבאַקאַנטן מאַנצבל, וועלכער האָט געפּרוּווט זיך אַרויסרײַסן פון דער געטאָ. דעם דאָזיקן צופאַל האָבן באַשטעטיקט אויך אַנדערע אײדעס.

וו. ס. מאַראָז האָט אין 1941 נאָכגעשפּירט, ווי שאָפּאָוואַל האָט קאָנוואָירט די פאַרורטײלטע צום רומעלעווער יאַר. זי איז דעמלט געקומען אויפן פּלאַץ אין צענטער פון ווישנעוועץ, זוכנדיק איר מאַן, דעם סאָלדאַט פון דער רויטער אַרמיי, ווײַל מע האָט גערעדט, אַז די פאַשיסטן האָבן געבראַכט אַהער קריגס־געפאַנגענע. „זי פּלאָנטערט!״ — האָט א ברום געטאָן שאָפּאָוואַל אויף דער אײדעס־זאָגערן, היפּנאָטיזירנדיק זי מיטן בליק. „גאָרנישט פּלאָנטער איך ניט״. — האָט רויִק און פעסט געענטפערט וו. ס. מאַראָז.

מיר האָבן דערציילט בלויז וועגן אייניקע גוויִעס־אײדעס, אָבער זיי האָבן זייער געהאָלפן אונדזערע טשעקיסטן. אָסטראָווסקי האָט געוווינט אין ווישנעוועץ. ער האָט אויפמערקזאַם געשפּירט נאָך דער אַרבעט פון די טשעקיסטן, פאַרשטייענדיק, אַז דער קרײַז ווערט פאַרשלאָסן. ווען מע האָט אים אַרעסטירט, האָט ער זיך ניט געוווּנדערט און האָט גלײַך אָנגעהויבן צו געבן באַווײַזן.

סאָצקי האָט זיך פאַרטײַעט אין דער שטאָט אַבאַקאַן, קראַסנאָיאַרסקער קאַנט. כאַסענע געהאַט פאַר אַן אַלמאָנע פון אַן אומגעקומענעם סאָלדאַט. לעצטנס האָט מען אים באַשטימט א פּענסיע — 120 רובל. מע האָט אים אַפילו באַלוינט מיט דער מעדאַל „וועטעראַן פון מי״. עמעס, אין דער אויפירונג פונעם „וועטעראַן״ האָט מען באַמערקט ניט ווייניק מאָדנע מאָמענטן. ער האָט ניט געהאַט קיין קינדער, קיין פרײַנט. מע דערציילט, אַז צוזאַמען מיט אָסטראָווסקין האָט ער אין 1942 געשלאָגן מיט א שטעקן א גרופּע ייִדישע קינדער, וועלכע זײַנען אַרויסגעלאָפן פון דער געטאָ בעטן א נעדאָווע. אַפילו איינער א פאַשיסט האָט א געשריי געטאָן אויף די פּאָליצײַען. מיט א קלאַפּ פונעם שטיוול אין פּאָנעם האָט סאָצקי שיר ניט דערהאַרגעט די אַכטיאָריקע אַניע זימאָוויטש — זי האָט אויפגעהויבן א ליאַלקע, וועלכע האָט זיך געוואַלגערט אין גאַס.

די פאַרטייִישע און מעלוכישע אָרגאַנען פון דער טערנאָפּאָליער געגנט, די אָנפירונג פונעם קאָמיטעט פון מעלוכע־זיכערהײַט האָבן באַקומען הונדערטער בריוו אַלס אָפּרוף אויף די געריכט־פּראָצעסן איבער די פאַרעטער. נאָך די געריכט־פּראָצעסן האָט אויפמערקזאַם געשפּירט די גאַנצע באַפעלקערונג פון דער געגנט. די איבערוועגנדיקע מערהײַט — מיט באַפרידיקונג און עמעץ־ווער מיט פּאַכעד. ווען מע האָט שאָפּאָוואַלן פאַרמישפּעט צו טויט־שטראָף, האָט דער איבערפילטער זאַל שטורמיש אַפּלאָדירט. און דאָס איז ניט קיין כידעש, ווײַל אין די מײַרעוו־אוקראַיִנישע געגנטן איז, מיסטאָמע, ניטאָ קיין איין מישפּאָכע, וועלכע האָט ניט אויסגעפּרוּווט אויף זיך דעם פאַשיסטישן און באַנדעראָווישן טעראָר. עס איז ניטאָ קיין איין דאָרף, ווו עס זײַנען אין די מילכאָמע־יאָרן ניט אומגעבראַכט געוואָרן סאָוועטישע מענטשן: די פּאַרזיצערס פון דאָרפראַטן און פון קאָלווירטן, די אַקטיוויסטן, לערער, פאַרטיזאַנער און אונטערערדלער, גלאַט אַזוי פרידלעכע אײַנוווינער. אויף אָט דער פאַרהעלטניסמעסיק ניט־גרויסער טעריטאָריע זײַנען אומגעקומען א מיליאָן 557 טויזנט 904 מענטשן. א האַלבן מיליאָן באָכערים און מיידלעך האָט מען פאַרטריבן אין קנעכטשאַפט. ווייניקער פון זיי האָט זיך אומגעקערט אַהיים.

א נוצלעכע אַרבעט פירן דורך די קאָמיוגיסטן פונעם טערנאָפּאָליער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט, וועלכע האָבן זיך פאַרייניקט אין א וויסנשאַפטלעך־פּראַקטישער עקספּעדיציע „זוכונג״. אָנגעהויבן

האָט זיך עס פֿון דעם, וואָס אין 1981 זײַנען צוויי סטודענטן־פּילאָגן — קאָסטיע שענדעראָווסקי און נאַדיע שקליאַרענקאָ — אַרויסגעפֿאָרן בײַם די קאַניקולן אין זאַלעשטשיצקער ראַיאָן. זיי האָבן זיך געגריבלט אין די אַרכיוון, געטראָפֿן זיך מיט גוייִשע־אידיעס פֿון די געשעענישן, באַזוכט די מישפּאָכעס פֿון די אומגעקומענע. זיי האָבן צונויפֿגעשטעלט אַ צעטל פֿון די קעמפֿער פֿאַר דער סאָוועטנמאַכט, וועלכע זײַנען אומגעקומען אויף דער טעריטאָריע פֿונעם ראַיאָן. אין קומענדיקן יאָר זײַנען איבער דער געגנט זיך פֿאַנאַנדערגעפֿאָרן שוין עטלעכע צענדליק סטודענטן. זיי האָבן אײַנגעפֿירט אַ „געדענק־בוך“, אין וועלכן עס זײַנען אַרײַנגעטראָגן געוואָרן 7 טויזנט אומגעקומענע קעמפֿער פֿאַר דער סאָוועטנמאַכט, אײַנוווינער פֿון דער געגנט. אַ סאַך נעמען זײַנען פֿעסטגעשטעלט געוואָרן צום ערשטן מאָל. די אַרבעט ווערט פֿאָרגעזעצט. די פֿאַרייניקונג „זוכונג“ איז אַ באַשטאַנדטייל פֿונעם קלוב אויפֿן נאָמען פֿון יאַראָסלאַוו גאַלאַן. אַזעלכע קלובן, וועלכע טראָגן דעם נאָמען פֿונעם פּלאָמיקן שרײַבשטעלער און פּובליציסט, דעם קאָמפּראָמיסלאָזן קעמפֿער קעגן פֿאַשיזם און נאַציאָנאַליזם, וועלכן די באַנדעראָווצעס האָבן דערמאָרדעט, זײַנען געשאַפֿן געוואָרן אין אַלע מײַרעווידיקע געגנטן פֿון דער אוקראַיִנישער רעפּובליק.

...אין איינעם פֿון די גרויסע מײַרעוו־אוקראַיִנישע געגנט־צענטערס האָט געלעבט אַ יונגער קאָמפּאָזיטאָר, אַ סטודענט פֿון דער קאָנסערוואַטאָריע. זײַן שפּעטערישע ביאָגראַפֿיע האָט זיך צונויפֿגעלייגט זייער גליקלעך. שוין די ערשטע זינגלידער זײַנע האָבן באַקומען פֿליגל און זײַנען אַרויסגעפֿלויגן ווײַט אויסער דער גרענעץ פֿון דער רעפּובליק און אַפֿילו פֿונעם לאַנד. עס האָבן זיי געזונגען אויך אוקראַיִנער, וואָס לעבן אין אויסלאַנד, צווישן אַנדערע, מענטשן מיט פּראָגרעסיווע אָנשויונגען. אינגיכן אָבער האָט זיך אָנגעהויבן אַ וואָזגעניש אינעם נאַציאָנאַליסטישן לאַגער. צוזאָגנדיק געלט־פּרעזענטן און לויבנדיק אים ביזן הימל, האָבן די באַנדעראָווצעס זיך געסטאַרעט קעגנשטעלן דעם טאַלאַנטפֿולן יונגן קאָמפּאָזיטאָר דער סאָציאַליסטישער קולטור פֿונעם אוקראַיִנישן פֿאָלק. ער האָט אָבער ניט געגלויבט זיך פֿאַרפֿירן. נאָר די וועגן צו שאַפֿונג זײַנען ניט קיין לײַכטע וועגן. ס'האָט זיך אַזוי באַקומען, אַז אַרויספֿליִעסקענדיק אין די ערשטע לידער זײַן לויטערן, פֿרישן געפֿיל פֿון דער וועלט, האָט דער יונגער קאָמפּאָזיטאָר אין זײַנע ווײַטערדיקע ווערק ניט געקאָנט אײַנהאַלטן די דערגרייכטע הייכן. די לידער זײַנען געוואָרן שוואַכער פֿון די פֿריערדיקע. דער קאָמפּאָזיטאָר האָט מיט גרויסע מאַטערנישן זיך אַליין געזוכט. אָבער דער אַלקאָהאָל איז געווען אַ שלעכטער מיטהעלפֿער... ער האָט זיך גענומען דאָס לעבן.

דער זעלבסטמאָרד פֿונעם יונגן קאָמפּאָזיטאָר האָט טיף אויפֿגערודערט די געזעלשאַפֿטלעכקייט פֿון דער רעפּובליק. אַלע האָבן שווער איבערגעלעבט די דאָזיקע טראַגעדיע. ס'האָבן אָבער זיך געפֿונען סײַ בײַ אונדז, סײַ אין אויסלאַנד „באַוווּנדערס“, וואָס האָבן געפּרוּווט אויף דעם מענטשלעכן צאָרן אָנלעבן אַן אומרייִנעם פּאָליטישן קאַפּיטאַל. ס'האָבן אָנגעהויבן קריכן פּראָוואָקאַציאָנעלע קלאַנגען. אין זייער גאַנצער מעכטיקייט האָבן געשריגן די „ראַדיאָ־קוילעס“, און מע דאַרף זאָגן, אַז אונדזערע אידעאָלאָגישע קעגנער האָט זיך אײַנגעגעבן ערגעץ־ווו אײַנפּלאַנצן זייער ווערסיע. זיי האָבן אַפֿילו גערופֿן „נעקאָמע נעמען“. אין וועמען? פֿאַר וואָס? די פּראָוואָקאַטאָרן איז אַלצאיינס. אַבי צעצינדן נאַציאָנאַליסטישע שטימונגען.

מע קאָן פֿירוואַרפֿן: צי ניט צופֿיל דרייסט פֿאַרבינד איך די פֿאַרגאַנגענהייט מיט דער קעגנוואַרט? אָבער דער אידייִשער קאַמף, ווי דאָס לעבן אַליין, איז ניט קיין פּאַשעטער געשמעלץ פֿונעם אַוואַר, פֿון דער קעגנוואַרט און פֿון דער צוקונפֿט.

צו אָט אַזעלכע מאַכשאָוועס האָט מיך געבראַכט דער געריכט־פּראָצעס איבער די פֿאַרעטער פֿונעם היימלאַנד...



# לויט די שפּורן פון די קריגס־פאַרברעכער



### צו ש. וויזענטאלס יובליי

דער באַוווּסטער „יעגער נאָך די נאַציסטן" שי־מען וויזענטאַל איז אַלט געוואָרן 80 יאָר. אַדאַנק דעם ייִדישן דאָקומענטאַציע־צענטער, בעראָש פון וועלכן ער שטייט, זײַנען אַנטדעקט געוואָרן הונ־דערטער נאַציסטישע פאַרברעכער.

ש. וויזענטאַל איז געבוירן געוואָרן אין שטעטל בוטשאַטש, לעבן לוואָוו, אין אַ פאַרמעגלעכער סאָכ־רישער מישפּאָכע. אַ דיפּלאָמירטער אינזשעניר, האָט ער פאַר דער מילכאָמע געהאַט אַן אייגענע אַרכיטעקטור־קאָנטאָר אין לוואָוו. בײַסן וועלט־קריג געווען פאַרשפּאַרט אין אויסראָטונגס־לאַגער, באַ־פרײַט געוואָרן פון מאַוטהאַוזען אין 1945.

וויזענטאַלס פערזענלעכקייט און זײַן טעטיקייט פלעגן צומאָל אַרויסרופן ווידערשפּרעכלעכע אָפּ־שאַצונגען. פון איין זײַט, איז ער, לעמאָשל, געווען א קעגנער פון דער „קאַלטער מילכאָמע", האַלטנ־דיק, אַז זי פירט צו קעגנזײַטיקער אומפרײַנטלעכ־קייט און שאַפט מעניעס פאַרן אויפדעקן געוועזענע נאַציסטן. ער האָט אָבער אויך געמאָלדן וועגן דעם, אַז אין זײַן רעשוס „געפינען זיך אָנגאַבן מיקויעך דער נאַציסטישער פאַרגאַנגענהייט פון אַ ריי הויכ־געשטעלטע טוער פון דער דײַטשישער דעמאָקראַ־טישער רעפּובליק". ס'איז געווען אַ צײַט, ווען דעם ייִדישן צענטער פון דאָקומענטאַציע האָט מען בײ־כלאַל געוואָלט פאַרבאָטן צו געפינען זיך אין ווין. ברונאָ קרײַסקי, אַ ייִד לויט דער אָפּשטאַמונג, האָט, זײַענדיק דער קאַנצלער פון עסטרײַך, באַשולדיקט דעם „יעגער נאָך די נאַציסטן" אין דעם, אַז יענער האָט בײַס דער מילכאָמע קלוימערשט מיטגעאַרבעט מיט די היטלעריסטן. וויזענטאַל האָט אָנגעגעבן אויף קרײַסקין אין געריכט, אָבער שפּעטער האָט ער אָפּגערופן זײַן טוויִע. ניט לאַנג צוריק איז ער אַרויסגעטראָטן קעגן דעם ייִדישן וועלט־קאָנגרעס, ווען די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע האָט געפירט אַ קאַמ־פּאַניע פאַר „דורכוואַלגערן" קורט וואַלדהײַמען אויף די וואַלן פון אַ פּרעזידענט פון עסטרײַך. לויט ווי־זענטאַלס מיינונג, האָט אַזאַ קאַמפּאַניע אונטערגע־העצט דעם אַנטיסעמיטיזם אין זײַן לאַנד.

### מע זעצט פאַר זוכן דעם נאציסטישן פארברעכער

שימען וויזענטאל האלט, אז דער נאציסטישער פארברעכער יאָזעף מענגעלע לעבט ביז הײַנט און זעצט פאַר זיך באהאלטן פון דער שטראָף. מענגע־לעס קיווער, וועלכער איז אנטדעקט געוואָרן מיט 4 יאָר צוריק הינטער סאן־פאולאָ (בראזיליע), אנט־האלט אינדערעמעסן, לויט וויזענטאלס מיינונג, דאָס געביין פון אן אנדער מענטש. וויזענטאל און זײַנע קאָלעגן פונעם צענטער אין לאָס־אנדזשעלעס האָבן א גרונט כּוישעד צו זײַן, אז מיר זײַנען איידעס פון א קונציקער פארשווערונג, וואָס האָט א ציל אָפּצו־נארן די אלוועלטלעכע געזעלשאפטלעכקייט, איבער־צײַגן זי אין דעם, אז דער אוישוויצער טאַליען איז שוין ניטאָ אויף דער וועלט.

קוידעמקאָל, באמערקט מארווין כּיער, א טוער פון וויזענטאלס צענטער, וווּנדערט די פּאָזיציע פון די פעדעראלע אָרגאנען פון פשא. דער אָפּטייל פון יוסטיץ־מיניסטעריום, וועלכער זאמלט אָנגאבן וועגן געוועזענע נאציסטישע פארברעכער, זאָגט זיך אָפּ צו מאכן צוטריטלעך די מאטעריאלן וועגן דעם קיי־ווער אין בראזיליע.

ס'איז באוווּסט, אז מענגעלע איז ארײַנגעפאלן נאָך דער מילכאָמע אין די הענט פון דער ארמיי־שער אויסשפּירונג פון פשא, אָבער מע האָט אים אינגיכן אָפּגעלאָזט.

### צוגאַסט אין מאָסקווע

שימען וויזענטאלס צווישנפעלקערלעכער צענטער האָט צוזאמען מיט דער אקטיאָרישער גילדיע פון פשא פארגעשטעלט פאר די מאָסקווער צושויער דעם פילם „געונאציד", וועלכער איז מיט עטלעכע יאָר צוריק אָפּגעמערקט געוואָרן מיט דער פרעמיע „אָסקאר". דעם פילם האָבן געשאפן די אמעריקאנער ארנאָלד שווארצמאן און מארווין כּיער. די מאָסקווער פרעמיערע איז פארגעקומען אין צענטראלן אקטיאָרן־הויז.

**דאָוויד בעלקין,**
קאַנדידאַט פון פילאָלאָגישע וויסנשאַפטן

# פושקין רעדט אַף ייִדיש

די געשיכטע פון די איבערזעצונגען פון פושקינס לידער און פּראָזע אַף ייִדיש איז ניט נאָר ניט אָנגעשריבן, נאָר שוואַך דערלערנט און ניט גענוג באַוווּסט. מיר ווייסן מער וועגן דעם אינטערעס פונעם גרויסן דיכטער צום ביבלישן מיזרעך, איידער וועגן דעם, וויאַזוי עס קלינגען די איבערזעצונגען פון זײַנע פּאָעמעס און לידער אַף דער הײַנטצײַטיקער שפּראַך פון די ייִדן אין רוסלאַנד. ווי באַוווּסט, האָט מען פושקינען אַרויסגעשיקט אין 1820 פון די ברעגן פון דער ניעווא, און אין די פיר יאָר, וואָס ער איז געווען א באַאַמטער אַף דאָרעם פון רוסלאַנד, האָט ער ניט איין מאָל זיך אָפּגעשטעלט נעכטיקן אָדער עסן מיטיק אין ייִדישע קרעטשמעס; זיך צוגעקוקט צו דעם אומבאַקאַנטן פאַר אים שטייגער פון די אָרעמע שטעטלעך; געזען גרוי־בערדיקע זקיינים, וועלכע זײַנען געזעסן אײַנגעהויקערט איבער דער טוירע; געשמייכלט צו יונגע, שיינע ייִדישקעס, געשריבן וועגן איינער פון זיי וויציקע לידער; און ער פלעג אַפילע זיך אָנטאָן, לויט די זיכרוינעס פון מענטשן פון זײַן צײַט, אין טראַדיציאָנעלע מאַלבושים פון די שטעטלשע ייִדן.[1] די דאָזיקע וווּנדערבאַרע טאָלעראַנץ פונעם יונגן רוסישן געני צו אַלדאָס „פרעמדס" אין פּראַט פון שטייגער, מינהאָגים, שפּראַך און קונסט, האָט באַוווּנדערט זײַנע מיטצײַטלער. מיסטאָמע פון דאָרט, פון מאָלדאַוויע, ציִען זייער אָנהייב די דינע פעדעם פון פושקינס פּאָעטישן אינטערעס צום געשטאַלט פרנעם שווײַגנדיקן, פאַראַוואָלטן זאָקן, וועלכער איז פאַרקערפּערט אין דער ליד „אין ייִדישן הײַזקעלע ברענט א קאַנעץ..."

אַפילע הײַנט ווייסן מיר נישט ניט די פּינקטלעכע צאָל איבערזעצונגען פון פושקינס לידער און פּראָזע אַף ייִדיש, ניט די קוואַליטעט פון דער דיכטערישער איבערגעשטאַלטיקונג, האַגאַם שוין אין די ערשטע יאָרן פונעם גרויסן אָקטיאַבער האָבן פושקינס ווערק א קלונג געטאָן אַף ייִדיש מיט דער פולער קראַפט, און אין דעם איז ניט געווען קיין שום צופעליקײַט. די עכטע שטרעבונג פונעם רוסישן פּאָעט דערנעענטערן מיט דער הילף פון „געפילן גוטע" די מענטשן פון מײַרעוו און מיזרעך איז געווען אין אײַנקלאַנג מיטן רעוואָליוציאָנערן רוסלאַנד. כ'וויל דערמאָנען בלויז צוויי פאַקטן.

אין 1919, אין ברען פונעם בירגערקריג, איז אין מאָסקווע דערשינען א זאַמלבוך מיט אַן אומגעריכטן פאַר דער ביז־רעוואָליוציאָנערער צײַט נאָמען: „א. ס. פושקין. לידער און געדיכטן פון פאַרשיידענע פעלקער, צונויפגעזאַמלטע אונטער דער רעדאַקציע פון וואַלערי בריוסאָוו". די ניט־געוויינלעכקײַט פונעם נאָמען איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס דער גרויסער פּאָעט האָט געשאַפן בלויז אַף זײַן מוטער־שפּראַך, און פּלוצעם — „לידער און געדיכטן פון פאַרשיידענע פעלקער". די פאָרשער פון פושקינס שאַפונג, פונקט ווי די אַרויסגעבער פון זײַנע ווערק, האָבן, פאַרשטייט זיך, געוווּסט וועגן פושקינס אינטערעס צום פאָלקלאָר פון די מיזרעך־פעלקער, צו דער געשיכטע פון די אַזיאַטישע לענדער, צום כאַראַקטער פון די קעגנזײַטיקע באַציִונגען פון די דאָזיקע לענדער מיט רוסלאַנד, אָבער דעם ברייטן לייענער — און דער בוך איז געווען געווענדט גראָד צו אים — איז דאָס ניט געווען באַוווּסט. פושקינס געני האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר אים אין א נײַער שײַן. די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע האָט דערנעענטערט פושקינען צום לייענער. די לידער זײַנען זיך פאַנאַנדערגעגאַן, ווי דער פּאָעט האָט געטרוימט, „איבער גאַנץ רוס דער גרויסער".

[1] Богач Г. Ф. Далече северной столицы (О творчестве Пушкина в Молдавии). Иркутск, Восточно-Сибирское книжное издательство, 1979, с. 4, 53, 58, 61, 62, 72, 84 и др.

אלס רעדאַקטאָר און צונויפשטעלער פונעם זאַמלבוך, האָט וואַלערי בריוסאָוו צעשטעלט די לידער לויט אָפּטיילן און אָנגעשריבן צו יעדער ליד ניט קיין גרויסן פאָרוואָרט. דער זאַמלבוך איז דערשינען אין דער סעריע „פאָלקס־ביבליאָטעק“. ס'איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז פאַר אַ סאַך אָנטיילנעמער פונעם בירגערקריג איז עס געווען די ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט פושקינס פּאָעטישער וועלט. אינעם זאַמלבוך „לידער און געדיכטן פון פאַרשיידענע פעלקער“ האָבן אַן אָנגעזעען אָרט פאַרנומען פושקינס שורעס, וועלכע זײַנען געווענדט צו די לענדער און פעלקער פונעם מיזרעך. וואַלערי בריוסאָוו האָט אויסגעטיילט אין דער ריזיקער וועלט פון פושקינס פּאָעזיע אַזעלכע אָריענטאַלע רעגיאָנען און נאַציאָנעלע סוויוועס, ווי „קרים און קאַווקאַז“, „די וועלט פונעם איסלאַם“, „אוראַלטע יידן“, „אַראַוויע און פּערסיע“, „טערקײַ“ אאַ. דער דערשינענער אין 1919 זאַמלבוך האָט אונטערגעשטראָכן דעם קינסטלערישן אינטערנאַציאָנאַליזם פונעם גרויסן פּאָעט, יענע צײַט פון פושקינס שעפערישער ירושע, וועלכע איז געוואָרן באַזונדערס אַקטועל און נאָענט די ברייטע מאַסן פונעם נאָך־אָקטיאַבערישן רוסלאַנד.

אין דעם פאַקט, וואָס פושקינס פּאָעזיע האָט געשטייגערט אין אַן אַנדערער פאַר איר סוויווע, איז צו מערקן סײַ איר מענטשנליבע, סײַ די ווירקלעכע צייונג צו איר מיצאַד דעם קליינעם פאָלק, וואָס ווערט פאַרפאָלגט אין רוסלאַנד. אַליין דאָס באַווײַזן זיך פון „יעווגעני אָניעגין“ אויף יידיש אין דער פאָרם פון אַ באַזונדער בוך, וואָס ציילט 178 זײַטן[1], אינעם ווײַטן שוין איצט 1919 יאָר, רעדט אַן און פאַר זיך: סײַ וועגן דעם דרייסטן טאַלאַנט פונעם איבערזעצער, וועלכער האָט ניט מוירע געהאַט אַוועקצוזעצן זיך אַרבעטן איבער דעם סאַמע פאַרפולקומטן ווערק פונעם רוסישן געני; סײַ וועגן די פּאָעטישע מעגלעכקײַטן פון דער שפּראַך, אויף וועלכער ס'איז פאַרגעשטאַנען איבערצוגעבן די ברעגלאָזע וועלט פון פּאָעטישע בילדער וועגן דעם לעבן פון דער רוסישער געזעלשאַפט ערעוו דעם אויפשטאַנד פון די דעקאַבריסטן; סײַ וועגן די פּאָטענציעלע מעגלעכקײַטן פון דער לייענער־סוויווע, וועלכער עס איז אַדרעסירט די איבערזעצונג. פאַרשטייט זיך, אַז די יידן אין רוסלאַנד, צום אונטערשייד פון די פעלקער פון אייראָפּע און אַזיע, האָבן געהאַט אַ מעגלעכקײַט טאָמיד זיך דירעקט קאָנטאַקטירן מיט דער רוסישער קולטור, און זיי זײַנען געווען ווי צוגעגרייט צום אויפנעמען פושקינס ראָמאַן אין פערזן.

צום באַדויערן, זײַנען אונדז ניט באַוווּסט קיין פאַקטן, אַז אַווראָם גראָדזענסקיס איבערזעצונגען זײַנען דערשינען אין די ווײַטערדיקע יאָרצענדליקער, האָגאָם באַוווּסט איז עפּעס אַנדערש: אַ סאַך אויסלענדישע קענער פון דער רוסישער שפּראַך האָבן מוירע געהאַט באַלד זיך נעמען איבערצוזעצן „יעווגעני אָניעגינען“, זעענדיק, אַז דעם דאָזיקן גרויסן און נאָבעלן ציל איז אוממעגלעך אויסצופילן[1].

עס ווילט זיך גלייבן, אַז דער אינטערעס פון איינעם פון די גאָניאַלסטע פּאָעטן צום יידישן פאָלק איז געווען אַ קעגנזײַטיקער. אין אָנהייב די 30־ער יאָרן זײַנען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אומבאַוווּסטע ביז דעמלט בלעטלעך פון פושקינס אַרכיוו מיט זײַנע פאַרנאָטירונגען פון יידישע בוכשטאַבן.[2] די פאַראַנענע ביבליאָגראַפישע אָנצײַגערס אויף רוסיש, געווידמעט פושקינען, — און אַזעלכע זײַנען דאָ ניט ווייניק! — אַנטהאַלטן ידיעות וועגן די איבערזעצונגען פון זײַנע ווערק אויף די שפּראַכן פון די פעלקער פון פּסר, דערונטער אויף דער יידישער שפּראַך. אָבער די דאָזיקע ידיעות זײַנען ניט שטענדיק קיין פולע. אָפּט פאַלן פון זיי אַרויס איבערזעצונגען פון פושקינען, וועלכע זײַנען דערשינען אין די פּעריאָדישע אויסגאַבעס פון די 30־ער יאָרן.

אין גאַנג פון דער צוגרייטונג צום 100־טן יאָרטאָג זינט פושקינס טראַגישן טויט, קורץ ביז פעווראַל 1937, האָבן זיך באַוויזן אין די יידישע צײַטונגען און זשורנאַלן, וועלכע זײַנען אַרויסגעגעבן אין מאָסקווע, קיִעוו, כאַרקאָוו, מינסק, ביראָבידזשאַן, איבערזעצונגען פון פושקינען, ווי אויך אַרטיקלען און לידער, געווידמעט זײַן שאַפונג. אַזוי, למשל, דרוקט דאָוויד האָפשטיין אין אַפּרעל־נומער פונעם זשורנאַל „פאַרמעסט“ זײַן איבערזעצונג פון דעם „קאַרגן ריטער“. אין 1937 שליסט ער אײַן די דאָזיקע איבערזעצונג, עטוואָס אַ פאַרבעסערטע, אינעם זאַמלבוך „פושקינס דראַמאַטישע ווערק“, וועלכע ס'האָט אַרויסגעלאָזט אין קיִעוו דער אוקרנאַצמינדפאַרלאַג. דעם אָנגעזעענעם יידישן פּאָעט האָט צוגעצויגן צו זיך אויך פושקינס פּראָזע. אין 1935 גייט אַרויס אין פאַרלאַג „דער עמעס“ זײַן איבערזעצונג פון פושקינס ראָמאַן „דובראָווסקי“. אין פיר יאָר אַרום ווערט אין מאָסקווע אַרויסגעגעבן אַ נײַע אויפלאַגע פונעם ראָמאַן אין ד. האָפשטיינס איבערזעצונג.

אָנהייבנדיק פון דער מיט פון די 30־ער יאָרן, טרעט אַרויס דאָוויד האָפשטיין ווי אַן אַמערסטן אַקטיווער און אַמערסטן רײַפער איבערזעצער פון פושקינען. אין 1935 גייען אַרויס אין פאַרלאַג „דער עמעס“ „בעלקינס דערציילונגען“ אין האָפשטיינס איבערזעצונג. אין 1936 פּובליקירט האָפשטיין אין מאַרט־נומער פונעם זשורנאַל „פאַרמעסט“ די איבער־

[1] אין 1974 איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אינעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“ נומ. 6 (ז. 86) אַ קורצע רעשימע פון פושקינס ווערק פאַר צוואַנציק יאָר (1919—1939), וועלכע ס'האָט צונויפגעשטעלט אַבע פינקעלשטיין. די רעשימע איז וויכטיק דערמיט, וואָס זי ווײַזט אָן אויף די איבערזעצונגען, וועלכע זײַנען איבערגעגעבן געוואָרן דעם לייענער אין 1918 און 1919. אַחוץ „יעווגעני אָניעגין“, האָט אַ. אי. גראָדזענסקי איבערגעזעצט אויף יידיש די פּאָעמע „פּאָלטאַווע“, וועלכע איז דערשינען אין כאַרקאָוו אין 1918. אין דעם זעלבן יאָר איז אַרויס פון דרוק אין קיִעוו אין אַ באַזונדער ביכל „דאָס מײַסעלע וועגן אַ פישער און אַ [גאָלדן] פישעלע“ אין דער איבערזעצונג פון אי. גיליגיטש.

[1] גענוי וועגן דעם זע דעם אַרטיקל פונעם אַקאַדעמיקער מ. פּ. אַלעקסייעוו: „יעווגעני אָניעגין“ אויף די שפּראַכן פון דער וועלט“. אינעם זאַמלבוך „מײַסטערשאַפט פון איבערזעצונג“, 1964, מ., „סאָוועטסקי פּיסאַטעל“, 1965, ז. 273—286.

[2] «Рукою Пушкина». Изд. „Academia“, М.—Л., 1935, с. 61, 62.

זעצונג פון פושקינס „רוסאלקע“. אין זעלבן זשורנאל, אין סענטיאבער־נומער, איז פארעפנטלעכט געווארן מוישע כאשטשעוואצקיס איבערזעצונג פונעם „קופערנעם רייטער“. אין קומענדיקן, אין „פושקינס יאר“, איז די דאזיקע איבערזעצונג דערשינען אין מאסקווע אין א באזונדערן בוך מיט איליוסטראציעס לויט די מאטיוון פונעם קינסטלער אלעקסאנדער בענוא.

דער אויסערגעוויינלעכער פארשונג־אינטערעס צו פושקינען און צו זיין גורל, צו דער עפאכע, וועלכע ער האט אנגערופן „אכזאריעסדיקער יארהונדערט“, צו דעם הומאנישן כאראקטער פון זיינע לידער און פאעמעס, צו זיין קינסטלערישער מייסטערשאפט און ענגער פארבינדונג מיט דער רעוואלוציאנערער באוועגונג, — דאס אלץ האט אופגערופן די יידישע דיכטער, קריטיקער און פראזאיקער צו אן אקטיוון אנטייל אין דער פאפולאריזירונג פון דער יערושע פונעם גרויסן פאעט צווישן די ארבעטנדיקע מאסן. סימפטאמאטיש אין אט דער הינזיכט איז דער קריטישער איבערזיכט פון די איבערזעצונגען אף יידיש, מיט וועלכן ס'איז ארויסגעטראטן אין סאף 1936 בער סלוצקי.[1] פון דעם דאזיקן איבערזיכט האט דער רוסישער, און פינקטלעכער, דער אלפארבאנדישער לייענער, באקומען אן אביעקטיווע פארשטעלונג וועגן די דערגרייכונגען פון די יידישע דיכטער אין דער אינטערפרעטאציע פון פושקינס ווערק אף יידיש.

דעם 10 פעוורואל 1937, אין 100־טן יארטאג פון זיין טויט, האט די טאשקענטער רעפובליקאנישע צייטונג „פראוודא וואסטאקא“ אפגעדרוקט מ. כ. באטשייעווס ליד „דעם גרויסן מייסטער“, וועלכע איז איבערגעזעצט געווארן פון דער „ארטיקער יידישער שפראך“, וויזט אויס פון די בוכארער יידן.

און אין פעוורואל־נומער פונעם מאסקווער זשורנאל „30 דניי“ („30 טעג“), געווידמעט פושקינען, איז אפגעדרוקט די איבערזעצונג אף רוסיש פון איציק פעפערס ליד „ערשט ניט לאנג — מיט א יארהונדערט צוריק“, געווידמעט דעם גורל פונעם רוסישן געני.

זיין ליד, געווענדט צו פושקינען, וועלכע איז אנגעשריבן געווארן נאך אין 1912, האט דאוויד האפשטיין אפגעדרוקט אין דער איבערזעצונג פון ד. וויגאדסקאיא אין יאנואר־נומער פונעם לענינגראדער זשורנאל „ליטעראטורני סאווריעמעניק“ (שפעטער איז די ליד איינגעשלאסן געווארן אין אלע זאמלביכער פונעם פאעט, וועלכע זיינען דערשינען אף רוסיש).

אין דער זעלבער צייט דערשיינט אין קיעוו אין דאוויד האפשטיינס איבערזעצונג די גרעסערע דערציילונג „די בארישניע־פויערטע“, וועלכע פושקין האט געשאפן אין גרויס־באלדינא הארבסט־צייט 1830. אין דער הויפט־שטאט פון אוקראינע איז דערשינען א גרויסער באנד פון 268 זייטן, וועלכער שליסט איין פראקטיש אלע פושקינס דראמאטישע ווערק. אין דער איבערזעצונג פון ליפע רעזניקן און דאוויד האפשטיינען זיינען אינעם באנד אריין: די טראגעדיע „באריס גאדונאוו“, די קליינינקע טראגעדיעס: „דער קארגער ריטער“, „מאצארט און סאליערי“, „דער שטיינערנער גאסט“, „דער מאלצייט ביים דער פעסט“, „סצענעס פון די ריטערישע צייטן“ און „די רוסאלקע“.

דער קיעווער אוקרנאצמינדפארלאג האט מיט א באזונדערס ברייטער האנט ארויסגעלאזט פושקינס ווערק אין דער איבערזעצונג אף יידיש. אין ה. ארלאנדס איבערזעצונג איז ארויס פון דרוק די צווייטע אופלאגע פונעם ראמאן „דעם קאפיטאנס טאכטער“. דער יידישער לייענער האט באקומען פושקינס „געשיכטע פונעם דארף גאריוכינא“ אין ליפע רעזניקס איבערזעצונג. אין יאנואר־פעוורואל־נומער פונעם קיעווער זשורנאל „סאוועטסקאיא ליטעראטורא“ פארן 1937 יאר האט ליפע רעזניק דערציילט וועגן די שוועריקייטן צו איבערזעצן פושקינס דראמאטורגיע אף יידיש. אלס ביישפיל האט ער געבראכט א ריי ערטער פון דער טראגעדיע „באריס גאדונאוו“.

ווי מיר האבן שוין דערמאנט, איז אין פארלאג „דער עמעס“ דערשינען אין דער איבערזעצונג פון ט. פישמאן, אונטער שמועל האלקינס רעדאקציע, „דאס מייסעלע וועגן דעם קייסער סאלטאן“. האלקין האט אין אט דעם פושקין־יאר איבערגעזעצט און ארויסגעגעבן אין מאסקווע דעם „קארגן ריטער“.

אין זעלבן 1937 איז דערשינען אין טאשקענט אף דער שפראך פון די בוכארער יידן פושקינס ראמאן „דובראווסקי“ אין ר. ס. באדאלאווס איבערזעצונג. אין 1938 איז אין טאשקענט אפגעדרוקט געווארן „דער סטאנציע־אופזעער“ (דער אווטאר פון דער איבערזעצונג איז אינעם בוך ניט אנגעוויזן).

נאך דעם פושקין־יאר דערשיינט אין קיעוו א באנד, וועלכער האט באקאנט דעם יידישן לייענער מיט דער ליריק און מיט די עפיגראמען פונעם רוסישן געני. אין מינסק איז ארויס פון דרוק אין 1938 אין דער קינדער־סעריע „באם שייטער“ פושקינס „מייסעלע וועגן דעם גאלעך און זיין ארבעטער באלדא“ אין עזרא פינינבערגס איבערזעצונג.

אין 1938, ווען אין היטלער־דייטשלאנד האבן זיך אנגעהויבן די יידישע פאגראמען און אף די שייטערס האט מען עפנטלעך פארברענט ביכער פון אווטארן, וועלכע זיינען געווען ניט צום הארצן די פאשיסטן, שאפט לייב קוויטקא די ליד „פושקין און היינע“, וועלכע איז פול מיט ווייטיק און פארביטערונג. אין דער ליד ווערט געשילדערט די באגעגעניש בא לענינס מאוזאליי צווישן ביידע מערקווירדיקע פאעטן פון זייערע פעלקער. איינגיכן האט די ליד איבערגעזעצט אף רוסיש סערגיי מיכאלקאוו.

די פראגרעסיווע מענטשהייט האט אפגעמערקט זומערצייט 1939 פושקינס 140־יאריקן געבורטסטאג. האגאם די צייט איז געווען אן אומרויקע, דאך איז די צאל איבערזעצונגען אף יידיש פון פושקינס ווערק געשטיגן אין פארגלייך מיטן 1938 יאר. אין פארלאג „דער עמעס“ גייען ארויס איינע נאך דער

[1] Б. Слуцкий. Пушкин и еврейская поэзия. Литературный Ленинград, 23 декабря 1936.

אַנדערע „בעלקינס דערציילונגען", „דער שאָס", „דער באַגראָבער", „די זאַווערוכע" אין דאָוויד האָפשטיינס איבערזעצונג. עס אילוסטרירן די דערציילונגען די קינסטלער נ. פּיסקאַריאָוו און אי. רערבערג. אין זעלבן פאַרלאַג און אין זעלבן יאָר איז דערשינען אויך „די רוסאַלקע" אין האָפשטיינס איבערזעצונג. אין פאַרגלייך מיט דער קיִעווער אויפלאַגע האָט דער איבערזעצער אַריינגעטראָגן עטלעכע מערקבאַרע איסבעסערונגען.

אין 1939 האָט איציק פעפער געשאַפן זיין ליד וועגן פושקינען „זיי געזונט, יאַם!", וועלכע איז געוואָרן באַוווּסט דעם ברייטן סאָוועטישן לייענער אין וואַסילי קאַזינס איבערזעצונג.

אין זעלבן יאָר איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן זעליק אַקסעלראָדס ליד, געווידמעט פושקינען, „אין דעם פעלד דעם ריינעם". שמואל האַלקין האָט אַרויסגעלאָזט אין 1939 אין פאַרלאַג „דער עמעס" זיין איבערזעצונג פון פושקינס צוויי קליינינקע טראַגעדיעס: „אַ מאָלצייט בייס דער פּעסט" און „מאָצאַרט און סאַליערי". די דאָזיקע ווערק האָבן פריִער שוין געקלונגען אין יידיש אין ד. האָפשטיינס איבערזעצונגען. ס'איז אַנטשטאַנען אַ שעפערישער שטרייט צווישן צוויי גרויסע נאַציאָנאַלע פּאָעטן. אויב דאָוויד האָפשטיין האָט געשטרעבט איבערגעבן די לייכטקייט, די צוטריטלעכקייט פון פושקינס פערז, זיין נאָענטקייט צו דער רייד־שפּראַך, האָט שמואל האַלקין צוגעצויגן אין דער ערשטער ריי די פילאָסאָפישע ריכטונג פון פושקינס פּיעסעס.

דאָס יאָר 1940 איז דאָס לעצטע יאָר, ווען אין סאָוועטנפאַרבאַנד זיינען פושקינס ווערק דערשינען אַף יידיש.

אין פאַרלאַג „דער עמעס" גייען אַרויס אין עזראַ פינינבערגס איבערזעצונג פושקינס פיר מייסעלעך: „דאָס מייסעלע וועגן דעם פישער און דעם פישעלע", „דאָס מייסעלע וועגן דעם גאַלעך און זיין אַרבעטער באַלדאַ", „דאָס מייסעלע וועגן דער טויטער פרינצעסן און וועגן די זיבן גיבוירים" און, לעסאָף, „דאָס מייסעלע וועגן דעם גאָלדענעם האָנעכל". דער רעדאַקטאָר איז געווען נאָכעם אויסלענדער. די אויסגאַבע איז געווען אַן אילוסטרירטע.

דער לעצטער לויט דער צייט פושקינד בוך אַף יידיש האָט געטראָגן דעם נאָמען „סאַטירע". ער האָט געציילט 283 זייטן און איז באַשטאַנען פון 124 לידער, פון דער פּאָעמע „גאַווריליאַדע" און פון דעם „מייסעלע וועגן דעם גאַלעך און זיין אַרבעטער באַלדאַ". די איבערזעצונגען פון די דאָזיקע ווערק האָט צוגעגרייט שמואל העלמאַנד. דער בוך האָט דערזען די ליכטיקע שיין אין קיִעוו אינעם פאַרלאַג אוקרנאַצמינדפאַרלאַג.

צום שלוס וועלן מיר דערמאָנען די אַלגעמיינע צאָל עקזעמפּליאַרן פון פושקינס ווערק אַף יידיש, וועלכע זיינען דערגאַנגען צום לייענער אין די פאַרמילכאָמע־יאָרן: אין 1937 זיינען זיי דערשינען אין אַ טיראַזש פון 33 טויזנט עקז., אין 1938—פון 4500 עקז., אין 1939 — פון 25 טויזנט עקז. און אין 1940 — פון 7 טויזנט עקזעמפּליאַרן.



## אלעקסאנדער פושקין

# לידער

## אין דער איבערזעצונג פון דאַוויד האָפשטיין

### צו טשאאדײַעוון

פון האָפענונג, פון רום, פון ליבע
ניט לאַנג האָט אונדז דער טרוים געהילט,
ווי נעפּלען אין פרימאָרגנס טריבע,
צעשוווּמען איז די יונגע שפּיל.
נאָר ס׳זידן נאָך אין אונדז באַגערן,
און אונטער לאַסט פון מאַכט און שאַנד
די רופן פון דעם פאָטערלאַנד
מיט הייסן אומגעדולד מיר הערן.
מיר האָפן, וואַרטן אויף דער רעגע
פון הייליקער, פון פרײַער מאַכט,
ווי א פאַרליבטער הייס דערוואַרט
פון דער באַגעגעניש די רעגע.
ביז וואַן עס ברענט אין אונדז דער פלאַם,
ביז וואַן פאַר ערע הערצער לעבן,
מײַן פרײַנט, קום שענק דעם פאָטערלאַנד
די קראַפט פון זעל, דאָס שענסטע שטרעבן
אָ, כאַווער, גלייב, דעם כוישעך טרײַבט
די שײַן פון גליקלעכן באַגינען,
ס׳וואַכט רוסלאַנד אויף, די קרעפטן קלײַבט,
די זעלבסטמאַכט שטירצט, און אויף רויִנען
די נעמען אונדזערע פאַרשרײַבט!

1818

### א פייגעלע

דאָ, אין דער פרעמד, איך היט געטרײַער
דעם אַלטן מינהעג פון מײַן היים:
פון שטײַג א פייגעלע באַפרײַ איך,
און כ׳פײַער פרילינג אין געהיים.
מײַן האַרץ נאָך קאָן פון טרייסט געניסן;
פאַרוואָס זיך קלאָגן הײַנט אויף גאָט?!
כ׳קאָן א באַשעפעניש פון טפיסע
אַרויסלאָזן אויף גאָטס באַראָט.

1823

* * *

נאַרט דיך אָפּ דאָס שווערע לעבן,
בײַזער זיך ניט, טרויער טרײַב!
קומט דער אומעט — רויִק בלײַב:
גלייב, דער טאָג פון פרייד איז נעבן.

ס׳לעבט דאָס האַרץ אין צוקונפט נאָר;
טרויעריק דער הײַנט גייט איבער:
אַלץ פאַרבײַ גייט, אויס און גאָר,
אַלץ, וואָס פעלט זיך — ווערט אונדז ליבער.

1825

## א ווינטער־אָוונט

דער געוויטער הימלען כווישעכט,
שניי־וויכערס ער דרייט געשווינד;
ווי א כײַע, אָט ער רוישט דאָרט,
אָט צעוויינט זיך, ווי א קינד,
אױף דעם אַלטן דעכל וועט ער
באַלד די שטרוי א טרייסל טאָן,
ווי א דורכגייער א שפּעטער,
אונדז אין פענצטער קלאַפּט ער אָן.

אונדזער שטיבעלע דאָס אַלטע
איז אין טרויער אײַנגעהילט.
וואָס זשע זיצסטו דאָרט, מײַן אַלטע,
בא דעם פענצטער אײַנגעשטילט?
צי דאָס ברומען פון געוויטער
האָט, מײַן פרײַנט, דיך אײַנגעמידט,
צי צום שלאָף די שפּינראָד ציט דיך
מיט איר זשומען, מיט איר ליד?

לאָמיר טרינקען, פרײַנדין עכטע
פון מײַן אָרעמער יוגנט־פּײַן,
טרינק פון צאָרעס; וווּ ז׳דאָס קווערטל?
אפן האַרץ וועט גרינגער זײַן.
זינג א ליד, ווי ס׳לעבט א פויגל
פרײַ אין יאַמען־ווײַטן לאַנד;
זינג א ליד מיר, ווי א מיידל
איז צום ברונעם פרי געגאַן.

דער געוויטער הימלען כווישעכט,
שניי־וויכערס ער דרייט געשווינד;
ווי א כײַע, אָט ער רוישט דאָרט,
אָט צעוויינט זיך, ווי א קינד.
לאָמיר טרינקען, פרײַנדין עכטע
פון מײַן אָרעמער יוגנט־פּײַן,
טרינק פון צאָרעס; וווּ ז׳דאָס קווערטל?
אפן האַרץ וועט גרינגער זײַן.

1825

* * *

ניט זינג, דו שיינהײַט, נעבן מיר
פֿון גרוזיע די טרויער־לידער:
א ווײַטן ברעג זיי מאָלן מיר,
אַן אנדער לעבן זע איך ווידער.

אַ, יאָ, איך זע עס, דאָס געזיכט
פֿון דעם פֿארלאָזטן ווײַטן מיידל,
און סטעפּ, און נאכט, לעוואָנע־ליכט,
דײַן ליד דערמאָנט מיר אלטע ליידן.

דאָס ליבע, פֿײַנפֿולע געשטאלט
פֿארגעס איך, ווען כ׳דערזע דײַן פּאָנעם;
נאָר אז דו זינגסט, איך זע עס באלד,
און אלטע ליידן זיך דערמאָנען.

ניט זינג, דו שיינהײַט, נעבן מיר
פֿון גרוזיע די טרויער־לידער:
א ווײַטן ברעג זיי מאָלן מיר,
אַן אנדער לעבן זע איך ווידער.

1828

## ווידערקאָל

צי הוילט א כײַע טיף אין וואלד,
א האָרן שאלט, א דונער פֿאלט,
א מיידל זינגט, — דו ענטפֿערסט באלד
אױף יעדן קלאנג,
אױף יעדן בייג, אױף יעדן פֿאלד
אין לופֿט־געהאנג.

נעמסט אויף פֿון דונערן דעם קנאל,
דעם רויש פֿון הויכן וואסערפֿאל,
פֿון פֿריִע פּאסטעכער דעם שאל —
מיט קלאנג־געוועט;
אליין אָן מיטקלאנג איבעראל...
ווי דו, פּאָעט.

1831

## לויט אראבישן

באָכער צארטער, באָכער ליבער,
שעם זיך ניט, געפֿעלסט דאָך מיר;
ביידע ברענען מיט איין פֿיבער,
מיט איין לעבן לעבן מיר.
זאָל מען לאכן, ס׳ארט מיך ווייניק —
זע, מיר זײַנען זאלבעצוויי,
פּונקט צוויי ניסעלעך פֿאריייניקט,
וואָס איין שאָלעכץ ווארעמט זיי.

1835

●

# מערקווירדיקע ביאָגראַפיעס

שלוימע ווערכאָווסקי

## איך גיי אף א טאַראַן!

א טאראַן אינדערלופטן איז א ספּעציעל מיטל פון שלאַכט. דער פּליער, אויסניצנדיק אַלע אנדערע מעגלעכקייטן אף צו פארניכטן דעם סוינעס עראָפּלאַן, דערלאַנגט א קלאַפּ איבער אים מיט דער אייגענער מאַשין. צומאָל מיט דער פּריַיז פונעם לעבן דערלאָזט ניט דער פּליער צו באָמבארדירן אונדזערע מיליטער־קויכעס, אָדער ער ראַטעוועט א כאַווער, פארניכטעט דעם סוינעס לופט־פּיראַט. דערביַי קאָמבינירט זיך דער העראָיזם פונעם פּליער, זיַין מוט, דרייסטקייט און זעלבסט־אָפּפערונג מיט א פּינקטלעכער אויסרעכענונג און אויסגעהאַלטנקייט, מיט מיַיסטערישער טעכניק פון פּילאָטאַזש. דאָס איז איינע פון די סיבעס, פארוואָס די מערהייט פּליער, וועלכע האָבן באַניצט דעם טאראַן, זיַינען ניט אומגעקומען. זיי האָבן געראַטעוועט זייערע עראָפּלאַנען, זיך אומגעקערט אף דער באַזע און ווידער אויסגעפילט שלאַכט־אויפגאַבעס.

דעם ערשטן אין דער געשיכטע פון דער אוויאַציע טאראַן אינדערלופטן איז, ווי באַווּסט, באַגאַנגען פּיאָטער נעסטעראָוו, בייס דאָס רוסישע כאַיל האָט זיך דערנענטערט צו דער שטאָט לוואָוו אפן רוסיש־עסטרײַכישן פראָנט. דאָס איז געשען דעם 8 סענטיאַבער (26 אווגוסט) 1914 12 אזייגער מיט 5 מינוט אין ראַיאָן פון דער שטאָט זשאָלקעוו (איצט נעסטעראָוו) אף דער הייך פון 600 מעטער. מיט די רעדער פון זיַין „מאָראַן" האָט נעסטעראָוו א קלאַפּ געטאָן דעם צווייערטעררדיקן עסטרײַכישן עראָפּלאַן „אַלבאַטראָס", וועלכן עס האָבן פּילאָטירט דער באַראָן ראָזענטאַל און פראַנץ מאַלין.

דער פייַנטלעכער אויסשפּירער איז אראָפּגעקלאַפּט געוואָרן. דער רוסישער פּליער איז העלדיש אומגעקומען, אויספילנדיק זיַין שלאַכט־כויוו.

אין מאַרט 1915 האָט דעם טאראַן איבערגעכאַזערט דער שטאַב־ראָטמיסטער א. א. קאַזאַקאָוו. ער האָט אויך מיט די רעדער פון זיַין „מאָראַן" דערלאַנגט א קלאַפּ איבערן פליגל פונעם פייַנטלעכן עראָפּלאַן. דער טאראַן איז דאָס מאָל אויסגעפילט געוואָרן פּינקטלעכער: דער קעגנער איז אראָפּגעפאַלן אף דער ערד, און קאַזאַקאָווס „מאָראַן" האָט בעשאָלעם געלאַנדעט מיט א צעשעדיקטן פּראָפּעלער און שאַסי.

דעם 19 אווגוסט 1917 איז דער פּאָדפּאָרוטשיק א. פּ. טשודנאָווסקי אריַינגעטראָטן אין א שלאַכט מיטן קעגנערס עראָפּלאַן. באַ טשודנאָווסקין איז קאַליע געוואָרן דער קוילנוואַרפער. ער האָט באַשלאָסן אָנווענדן א טאראַן און אראָפּגעקלאַפּט דעם עסטרײַכישן עראָפּלאַן. די דאָזיקע שלאַכט איז פאָרגעקומען איבער דער פייַנטלעכער טעריטאָריע. די אומשטאַנדן פון טשודנאָווסקיס אומקום האָבן באַשטעטיקט עסטרײַכישע קריגס־געפאַנגענע.

אזוי איז דער טאראַן געוואָרן אַן עפעקטיוו מיטל פון פירן א לופט־שלאַכט.

דעם 15 אווגוסט 1919 האָט דער עקיפּאַזש פון רויטע מיליטערישע פּליער אין באַשטאַנד פונעם פּליער שיראָקאָוו און דעם פּליער־באָבאַכטער שטשערבינאַ אָפּגעקלאַפּט דעם אָנפאַל פון דריַי וויַיס־גוואַרדייִשע עראָפּלאַנען. שוין פון די ערשטע מינוטן פון דער שלאַכט האָט די איניציאַטיוו פאַרכאַפּט שיראָקאָוו: דרייסט אַטאַקירט דעם סוינע, געניט מאַנעווּרירנדיק, אָנגעבונדן אים זיַין ווילן. אויסניצנדיק דעם פאָרצוג אין דער הייך, האָט שיראָקאָוו אריבערגעפירט זיַין עראָפּלאַן אין פּיקירונג און אונטער א ווינקל פון 15—20 גראַדוס דורכגעפירט א טאראַן קעגן דעם פייַנט.

פאַר די יאָרן פון דער גרויסער פּאַטערלענדישער מילכאָמע זיַינען באַגאַנגען געוואָרן העכער 600 לופט־טאראַנען. 34 פּליער האָבן אָנגעווענדט דעם טאראַן צוויי מאָל. דער העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד אַלעקסיי סטעפּאַנאָוויטש כלאָביסטאָוו האָט דורכגעפירט דריַי טאראַנען, און דער העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד באָריס איוואַנאָוויטש קאָווזאַן — פיר.

אינעם ערשטן טאָג פון דער מילכאָמע זיַינען פאַרפיקסירט געוואָרן 19 לופט־טאראַנען. אין יול 1941 האָבן אונדזערע סאָקאָלן דורכגעפירט מער פון 50 טאראַנען.

פאַר דער פאַרניכטונג פון פאַשיסטישע עראָפּלאַנען מיט דער הילף פון לופט־טאראַנען האָבן 85 סאָוועטישע פּליער באַקומען דעם טיטל העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד.

מיר װעלן דערצײלן װעגן דעם ערשטן פליִער־ייִד, װעלכער איז באַגאַנגען אַזאַ העלדנטאַט.

שאַבעס דעם 19 סענטיאַבער 1942 האָט דער באַטאַליאָן־קאָמיסאַר לעװ איסאַקאָװיטש בינאָװ באַקומען אַ שלאַכט־אױפֿגאַבע — צודעקן מיט אַ גרופּע פליִער די אַנגריף־אַקציעס פֿון די יאַבאַשע־טײלן אַף אײנעם פֿון די װיכטיקסטע פראָנט־באַצירקן. בינאָװן האָבן אַטאַקירט צװײ פאַשיסטישע פאַרניכטלער „מע־110". ער איז דרײסט אַרײַנגעטראָטן מיט זײ אין אַ שלאַכט. די דײַטשן האָבן זיך געיאָגט נאָכן קאָמיסאַר עטלעכע מינוט, ביז װאַנען אײנער פֿון זײ איז אַראָפּגעקלאַפּט געװאָרן מיצד בינאָװס קױלנװאַרפער און זיך אַרײַנגעשניטן אין דער ערד.

די באַאָבאַכטער אַף דער יאַבאַשע און די פליִער האָבן בױלעט געזען דעם גאַנג פֿון דער שלאַכט. דער קאָמיסאַר בינאָװ איז דרײסט געגאַנגען אַף אַ טאַראַן פֿון דעם צװײטן פײַנטלעכן אַעראָפּלאַן. ער האָט האַסטיק איבערגערוקט דאָס הענטל פֿונעם גאַז, מיטן קאָרפּוס פֿון זײַן אַעראָפּלאַן אַ קלאַפּ געטאָן דעם סוינע, און נאָך אײן שפּאַרבער מיטן פאַשיסטישן האַקנקרײץ האָט זיך אַרײַנגעגראָבן אין דער ערד. דער קאָמיסאַר האָט זײַן פאַרניכטלער אַװעקגעזעצט אַף אונדזער טערי־טאָריע.

לעװ איסאַקאָװיטש בינאָװ, אַ זון פֿון אַ שנײַדער פֿונעם דאָרף יאַרילאָװיטשי, טשערניגאָװער געגנט, אַ קאָמיוגיסט פֿון די צװאַנציקער יאָרן, איז געבױרן געװאָרן דעם 22 אױגוסט 1909. געװען אַ לערן־ייִנגל, דערנאָך אַן אַרבעטער אַף דער לענינגראַדער פאַבריק „סקאָראָכאָד". דער לענינגראַדער שטאָטקאָם פֿון דער פּאַרטײ האָט געשיקט דעם יונגן קאָמוניסט אין 1931 אין דער מיליטעריש־טעאָרעטישער פליִער־שול פֿונעם לענינגראַדער מיליטערישן קרײַז.

שפּעטער, אין 1934, האָט ער פאַרענדיקט די דריטע מיליטערישע פליִער־שול אין דער שטאָט טשקאַלאָװ. ביז יוני 1938 געדינט אין די מיליטערישע לופט־קויכעס אינעם סיבירער מיליטערישן קרײַז — געװען דער קאָמאַנדיר פֿון אַ רינג. אין 1939 פאַרענדיקט קורסן פֿון פליִער־קאָמיסאַרן בא דער כאַרקאָװער אַװיִא־שול. געװען אַ מיליטערישער קאָמיסאַר פֿון די עסקאַדריליעס פֿונעם 36־טן און 82־טן פאַרניכטלער־אַװיִאַפּאָלקן. אָנהײבנדיק פֿון יול 1941 — קאָמיסאַר פֿון דער עסקאַדריליע פֿונעם 82־טן אַװיִאַפּאָלק בא דער סטאַװקע פֿונעם הױפּטקאָמאַנדיר פֿון דער סאָװעטישער אַרמײ. פֿון יאַנװאַר ביז יול 1942 — אַ צוהערער אַפֿן פאַקולטעט פֿון קאָמיסאַרן פֿון אַװיִאַפּאָלקן בא דער קאַטשינער רױטפּאָניקער אַװיִא־שול פֿון פּילאָטן. שפּעטער — מיליטערישער קאָמיסאַר פֿונעם 291־טן פאַרניכטלער־אַװיִאַפּאָלק.

פאַר העראָיִזם, מוט און געװאַגטקײַט, װעלכע ער האָט אַרױסגעװיזן אין די שלאַכטן מיט די דײַטשישע אָקופּאַנטן, איז דער קאָװאַלער פֿונעם אָרדען פֿון דער רױטער פאָן ל. אי. בינאָװ באַלױנט געװאָרן נאָכן טױט, דעם 30 יאַנװאַר 1943, מיטן אָרדען פֿון דער פאָטערלענדישער מילכאָמע, ערשטע



ל. אי. בינאָװ

מאַדרײגע. אומגעקומען איז לעװ איסאַקאָװיטש (זײַענדיק שױן קאָמאַנדיר פֿונעם 512־טן פאַרניכטלער־פּאָלק) בעשאַס ער האָט מיט זײַנע פליִער דורכגעפירט אַן אָפּעראַציע קעגן די אַרומגערינגלטע יאַבאַשע־קויכעס פֿונעם סוינע הינטער סטאַלינגראַד.

זונטיק דעם 22 אױגוסט 1943 האָט דער גװאַרדיע־קאַפּיטאַן געדאַליע דאַװידאָװיטש מיקיטיאַנסקי, קאָמאַנדיר פֿון אַן עסקאַדריליע פֿונעם 100־טן גװאַרדײיִשן פאַרניכטלער־אַװיִאַפּאָלק פֿון דער 9־טער גװאַרדײיִשער פאַרניכטלער־אַװיִאַדיװיזיע פֿון דער 8־טער לופט־אַרמײ אַפֿן דאָרעם־פראָנט דורכגעפירט אַ טאַראַן איבער אַ דײַטשישן באָמבאַרדירער און איז אומגעקומען.

דער אָנטײלנעמער אין אָט דער שלאַכט, איצט העלד פֿון סאָװעטנפאַרבאַנד גענעראַל־פּאָלקאָװניק פֿון אַװיִאַציע ג. אָ. דאָלניקאָװ דערמאָנט זיך: „דער כוידעש אױגוסט פֿון 1943 איז אָפּאָנעם געװען די סאַמע אָנגעשטרענגטע פאַר אונדז צײַט אין משך פֿון דער גאַנצער מילכאָמע. פאַר אײן כוידעש, פֿונעם 3 אױגוסט ביזן 1 סענטיאַבער, האָט אונדזער פּאָלק געהאַט 897 שלאַכט־פליגן, אַראָפּגעקלאַפּט 63 אַעראָפּלאַנען פֿונעם קעגנער.

אָבער אונדזערע פילצאָליקע ניצכוינעס האָבן געקאָסט ניט װײניק פאַרלוסטן. פאַר אָט דעם כוידעש האָט דער פּאָלק פאַרלױרן 15 אַעראָפּלאַנען און 4 פליִער. באַזונדערס שװער האָט איבערגעלעבט דער פּאָלק דעם אומקום פֿונעם קאָמאַנדיר פֿון דער עסקאַדריליע קאַפּיטאַן מיקיטיאַנסקי.

אין יענעם טראַגישן טאָג האָבן די קאַמפּס־אַקציעס זיך אָנגעהױבן אינדערפרי. מיר האָבן צוגעדעקט אונדזערע מיליטער־קויכעס אין ראַיאָן פֿון



ג. ד. מיקיטיאנסקי

די יישובים קאַלינאָווקע, קריניטשקאַ, אַרטיאָמאָווקע, אַלעקסייעווקע. די צודעקונגס־גרופּעס האָבן רעגולער זיך געביטן אינדערלופֿטן. די פֿאַשיסטישע פֿליִער האָבן עשעלאָנענווײַז, מיט גרויסע גרופּעס באָמבאַרדירער אין דער באַגלייטונג פֿון פֿאַרניכטלער אָן אויפֿהער זיך געריסן צו די פּאָזיציעס פֿון די סאָוועטישע טיילן און פֿאַרייניקונגען. די קאָמאַנדשאַפֿט האָט געפֿאָדערט פֿאַרשטאַרקן דעם ווידערשטאַנד, ניט דערלאָזן, אַז דער פֿײַנט זאָל באָמבאַרדירן אונדזערע מיליטער־קויכעס. ניט געקוקט אויף דער קאָלאָסאַלער אָנשטרענגונג און מידקייט, האָבן מיר זיך געריסן אין שלאַכט.

און אָט, 10 אַזייגער אינדערפֿרי, דעם 22 אויגוסט 1943, איז אויפֿגעפֿלויגן דאָס אָרדנטלעכע זעקסטל אויף צודעקן די מיליטער־קויכעס. דעם קאָמאַנדיר פֿון דער עסקאַדריליע קאַפּיטאַן מיקיטיאַנסקין האָבן מיר אַלע ליב געהאַט. דאָס איז אַ באַשיידענער, גראַמאָטנער פֿליִער, איינער פֿון די בעסטע שלאַכט־קאָמאַנדירן.

צוזאַמען מיט מיקיטיאַנסקין איז געפֿלויגן דער יִונגערער לייטענאַנט באָריס ליכאַנאָס, וועלכער איז אָנגעקומען אין פּאָלק ניט לאַנג צוריק. ווען זיי זײַנען צוגעקומען צום אָנגעמערקטן ראַיאָן, האָט זיך גלײַך פֿאַרבונדן אַ שלאַכט מיט אַ 15 „יונקערסן", וועלכע עס האָבן צוגעדעקט זעקס „מס־109".

דאָס איז געווען אַ קורצער, אָבער אַן אַנטשלאָסענער געראַנגל. שוין אין דער ערשטער אַטאַקע איז זיך צעפֿאַלן די קאַמפּס־אָרדענונג פֿון די באָמבאַרדירער. נאָך איין דרייסטע אַטאַקע — און ס'איז אונטערגעצונדן געוואָרן פֿון אַ נאָענטער דיסטאַנץ אַ „יו־87", וועלכער איז ווי אַ פּאַקעל געפֿאַלן צו דער ערד, צעשיטנדיק זיך אינדערלופֿטן...

ווו זשע איז מיקיטיאַנסקי?.. עטלעכע געוואַגטע און אַנטשלאָסענע אַטאַקעס פֿונעם קאָמאַנדיר פֿון דער עסקאַדריליע האָבן זיך פֿאַרענדיקט מיט נאָך איין אַראָפּגעקלאַפּטן שפּאַרבער, אָבער אויך מיקיטיאַנסקיס אַעראָפּלאַן האָט אָנגעהויבן ברענען. דאַן האָט ער זײַן ברענענדיקע מאַשין אַ לאָז געטאָן צו דער גרופּע באָמבאַרדירער.

אַזוי איז העראָיִש אומגעקומען אונדזער באַליבטער קאָמאַנדיר. מיר ווייסן ניט, ווו עס איז זײַן קייווער, אָבער דער אָנדענק וועגן אים לעבט אין די הערצער פֿון די וועטעראַנען..."

געדאַליע דאַווידאָוויטש מיקיטיאַנסקי איז געבוירן געוואָרן אין 1914 אין אָדעס. פֿאַרענדיקט אַ זיבניאָריקע שול, אַ פֿאַבריק־זאַוואָדישע שול און דרײַ קורסן פֿון אַן אַרבפֿאַק. אין 1937 האָט ער פֿאַרענדיקט די 2־טע מיליטערישע אַוויִאַ־שול אין באָריסאָגלעבסק. געדינט אין די אַוויִאַ־טיילן פֿונעם טראַנסקאַווקאַזער מיליטערישן קרײַז.

געדאַליע מיקיטיאַנסקי איז אויף אייביק פֿאַרבליבן אַ יונגער און אומשטערבלעכער.

דעם 22 יון 1941 האָט יורי בונימאָוויטש אָנגעהויבן זײַן מיליטערישע ביִאָגראַפֿיע. דער קאָמאַנדיר פֿון אַ רינג פֿונעם 1־טן גוואַרדייִשן מינען־טאָרפּעדן־פּאָלק אויפֿן באַלטישן פֿלאָט יורי בונימאָוויטש האָט צו אָקטיאַבער 1943 דורכגעפֿירט 98 שלאַכט־פֿלוגן, דערטרונקען 6 טראַנספּאָרט־טאַנקערס, צוויי וואַך־שיפֿן מיט אַן אַלגעמיינעם טאָנאַזש פֿון 38.700 טאָן, פֿאַרניכטעט עטלעכע אַעראָפּלאַנען אויף די אַעראָדראָמען, אַראָפּגעקלאַפּט 3 אַעראָפּלאַנען אין לופֿט־שלאַכטן.

אין אַ לויטערן פֿראָסטיקן טאָג פֿונעם 13 יאַנואַר 1944 איז דער יאַם־פֿליִער גוואַרדיע עלטערער לייטענענט יורי עמאַנויִלאָוויטש בונימאָוויטש אַרויסגעפֿלויגן אויף אַן אויסשפּירונג, וועלכע מע פֿלעג אָנרופֿן „פֿרײַער יאַגד". אַזאַ אַרויספֿלי איז געווען מער ענלעך אויף אַ שווערער אַרבעט, איידער אויף אַ שלאַכט־אָפּעראַציע.

דער באַלטישער יאַם איז געווען רויִק און ניט צוגעזאָגט קיין שטורעם. דער עקיפּאַזש האָט געזוכט אין די אומענדלעכע ראַכוועסן שיפֿן פֿונעם קעגנער. בײַסן אומקערן זיך פֿון דער פֿאַרגעבונג האָט פּלוצעם בונימאָוויטשעס „דב־3" אַטאַקירט אַ גרופּע „מעסערשמיטן". ווי שפּאַרבערס האָבן זיי זיך אַרופֿגעוואָרפֿן אויף דער מאַשין. בונימאָוויטש האָט, מאַנעווריִרנדיק, אָפּגעפֿירט זײַן ראַקעטן־טרעגער פֿון אַ דירעקטן קלאַפּ. די פֿאַשיסטישע פֿליִער האָבן זיך איבערגעבויט און אָנגעהויבן אַטאַקירן פֿון אַלע זײַטן. פֿיר קעגן איינעם — דאָס איז צופֿיל. יורי האָט אַלץ פֿאַרשטאַנען.

דער געראַנגל איז געווען אַ קורצער און אַכזאָריעסדיקער. זײַענדיק באַשאָטן פֿון דער זײַט און פֿון אונטן, האָט יורי געריכטעט זײַן מאַשין פֿראָנטאַל צו דעם פֿירנדיקן פֿאַרניכטלער. אויסערגעוויינלעך שנעל האָט זיך דערנעענטערט די ערד. מיט יעדער רעגע איז געוואַקסן דער פֿליגל מיטן שוואַרצן קרייץ, דער הימל איז, דאַכט זיך, געווען ענג פֿאַר צוויי אַעראָפּלאַנען. מיט אַ פֿיִערדיקן

בליץ האָבן אויפגעפלאַקערט אינעם הימל און א פאַל געטאָן אויף דער פאַרפרוירענער ערד ביידע אעראָפּלאַנען.

יורי עמאַנויִלאָוויטש בונימאָוויטש איז געבוירן געוואָרן דעם 13 מאַרט 1919 אין װלאַדיקאַווקאַז (איצט אָרדזשאָניקידזע), צאָפן־אָסעטינער אַסס״ר, אין א מישפּאָכע פון אן אַרבעטער־אײַזנבאַנער. געלערנט זיך אין דעם פּיאַטיגאָרסקער אעראָקלוב, אָנהייבנדיק פונעם 1938, געדינט אין מיליטערישן יאַם־פלאָט. אין 1940 פאַרענדיקט די יעיסקער מיליטעריש־יאַמישע אוויִאַ־שול.

דעם טיטל העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד האָט מען בונימאָוויטשן צוגעייגנט דעם 22 יאַנוואַר 1944. ער איז געווען באַלוינט מיט א לענין־אָרדען, מיט דרײַ אָרדענס פון דער רויטער שלאַכט־פאָן, מיט מעדאַלן. ער איז געבראַכט געוואָרן צו קווורע אין א ברידער־קייווער אין לענינגראַד. מיטן נאָמען פונעם העלד איז אָנגערופן א גאַס אין פּיאַטיגאָרסק, סטאַווראָפּאָליער קאַנט.

פון דער לופטן האָט דאָס מיליטער פונעם 1־טן ווײַסרוסישן פראָנט צוגעדעקט די אוויִאַציע פון דער 16־טער לופט־אַרמיי, אין וועלכער עס איז אַרײַנגעגאַן דער 233־טער פאַרניכטלער־אוויִאַפּאָלק.

אין א לויטערן פראָסטיקן אינדערפרי, דעם 19 פעוורואַל 1945, האָבן צוויי פּירלינגען „יאַק־3" פון אָט דעם פּאָלק אָנטיילגענומען אינעם אָנגריף פון אונדזערע מיליטער־קויכעס דאָרעמדיקער פון שטאַרגאַנדט (דײַטשלאַנד). אָנגעפירט מיט דער גרופּע האָט דער עלטערער לייטענאַנט ג. ס. אַכמעטאָוו, דער פאַרזיסגייענדיקער איז געווען דער לייטענאַנט א. מ. יערשאָוו. אויף דער הייך פון 2500 מעטער זײַנען פון הינטער די כמאַרעס פּלוצעם אַרויסגעפלויגן זעקס „פאָקע־וואָלף 190".

אין אָט דער שלאַכט האָט באַזונדערס זיך אויסגעצייכנט דער לייטענאַנט יערשאָוו, וועלכער האָט מיטן פײַער פונעם האַרמאַט אַראָפּגעקלאַפּט איין „פאָקע־וואָלף" און דעם צווייטן טאַראַנעוועט מיט א קלאַפּ פונעם פליגל איבער דעם עק־פלאַך. ניט האָבנדיק קיין פאַרלוסטן, האָבן די זיגער זיך אומגעקערט אויף זייער אעראָדראָם.

אין עטלעכע טעג אַרום, דעם 23 פעוורואַל, אינעם 27־טן יאָרטאָג פון דער אַרבעטער־פּויערישער רויטער אַרמיי, זײַנען די פליִער אַכמעטאָוו, יערשאָוו און אַנדערע באַלוינט געוואָרן לויטן באַפעל פון דער קאָמאַנדשאַפט פונעם פּאָלק פאַר מוט און געוואַגטקייט מיט פּאַטאָ־אַפּאַראַטן.

פונעם 5־טן ביזן 8־טן מאַרט 1945 האָט א. מ. יערשאָוו אַראָפּגעקלאַפּט דרײַ אעראָפּלאַנען



א. מ. יערשאָוו

פונעם קעגנער. דעם 10 מײַ איז ער באַשטימט געוואָרן אַלס שטעלפאַרטרעטער פונעם קאָמאַנדיר פון דער עסקאַדריליע.

פאַר די קאַמפּס־אָפּעראַציעס אין דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע איז א. מ. יערשאָוו באַלוינט געוואָרן מיט אָרדענס פון דער רויטער פאָן און מיט א סאַך מעדאַלן.

אַלעקסאַנדער מיכײַלאָוויטש יערשאָוו איז געבוירן געוואָרן דעם 1 מײַ 1923 אין א ייִדישער מישפּאָכע אין קיִעוו. אין 1939 האָט ער פאַרענדיקט אין מאָסקווע א צעניאָריקע שול, שפּעטער די באָריסאָגלעבסקער אוויִאַ־שול אויף וו. פּ. טשקאַלאָווס נאָמען. נאָך דער מילכאָמע געאַרבעט אינעם מיניסטעריום פון אוויִאַציע־אינדוסטריע. געשטאָרבן דעם 22 יון 1950.

אַזאַ איז געווען אַלעקסאַנדער מיכײַלאָוויטש יערשאָוו. אַלס אַזעלכע לעגענדאַרע פּאַטריאָטן פונעם סאָציאַליסטישן היימלאַנד געדענקען מיר אַלע העלדן, וועלכע האָבן מיט דער פּרײַז פון זייער לעבן דערנעענטערט דעם זיג איבערן פאַשיזם.

די סאָוועטישע סאָקאָלן זײַנען געגאַנגען אויף א טאַראַן אַנטשלאָסן, ניט אָפּשטעלנדיק זיך פאַר קיין זאַך, אַרויסווײַזנדיק מוסטערן פון העראָיִזם.



## „העברעיִשע אינקונאַבולן"




אין „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 7 פאַרן 1987 איז געווען פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל „קאָלאָפאָנען פון העברעיִשע אינקונאַבולן". דער מעכאַבער פונעם אַרטיקל, שימען יאַקערסאָן, אַרבעט אַלס היטער פון די העברעיִש־ייִדישע פאָנדן אין דער ביבליאָטעק פון דער לענינגראַדער אָפּטיילונג פונעם אַקאַדעמישן אינסטיטוט פאַר מיזרעך־קענטעניש.

מיט דרײַ יאָר צוריק האָט ש. יאַקערסאָן אַרויסגעלאָזט אַ „קאַטאַלאָג פון העברעיִשע אינקונאַבולן" פון דער זעלבער ביבליאָטעק. איצטער איז דערשינען נאָך איין בוך, וואָס דער צונויפשטעלער איז שימען יאַקערסאָן: „העברעיִשע אינקונאַבולן. באַשרײַבונג פון עקזעמפּליאַרן, וואָס היטן זיך אָפּ אין די ביבליאָטעקן פון מאָסקווע און לענינגראַד"[1].

די דאָזיקע אַרבעט איז אַ וועזנטלעכער בײַטראָג אין דערלערנען די פּאָטערלענדישע קאָלעקציעס פון אַלטע ביכער־מוסטערן, ווי ביכלאַל אײנעם סאָוועטישן בוך־וועזן.

דער בוך איז צונויפגעשטעלט אין אַ קאַטאַלאָגפאָרם און אַנטהאַלט אַ באַשרײַבונג און אַ בוכקענטעניש־כאַראַקטעריסטיק פון ייִדישע אַלטערטימלעכע ביכער און באַזונדערע טיילן פון אַזעלכע ביכער, וואָס היטן זיך אָפּ אין די גרעסטע ביבליאָטעקן פון פססר. אין קאַטאַלאָג זײַנען אײַנגעשלאָסן אינקונאַבולן פון פּריוואַטע קאָלעקציעס, וועמענס אייגנטימער זײַנען געווען לײַדנשאַפטלעכע שעצער פונעם ייִדישן געדרוקטן וואָרט: מויִשע־אַריִע־לייב פרידלאַנד, דאַניִעל כוואָלסאָן און דאָוויד גינצבורג (אַלע דרײַ האָבן געלעבט אין פּעטערבורג אין XIX יה.), ווי אויך עקזעמפּליאַרן, וואָס זײַנען אַרײַנגעפאַלן אין די פאָנדן צופעליק.

דער קאַטאַלאָג איז פאַנאַנדערגעאַרבעט לויטן געאָגראַפיש־כראָנאָלאָגישן פּרינציפּ. געאָגראַפיש זײַנען אַלע אויסגאַבעס פאַנאַנדערגעטיילט לויט דרײַ לענדער, פונוואַנען ס'נעמט זײַן אָנהייב דאָס ייִדישע דרוק־וועזן: איטאַליע, פּאָרטוגאַליע און טערקײַ. באַזונדערס רײַך זײַנען פאָרגעשטעלט אַלטע ייִדישע ביכער, וואָס זײַנען פּראָדוצירט געוואָרן אין איטאַליע. דאָס האָט געשטויסן דעם צונויפשטעלער פונעם קאַטאַלאָג צו פאַנאַנדערטיילן די איטאַליעניש־ייִדישע אינקונאַבולן און פּראַגמענטן לויט די שטעט, אין וועלכע זיי זײַנען געוואָרן געדרוקט (רוים, מאַנטוּיִאַ, פערראַראַ, באָלאָניע אאַ.). אַזאַ פאַנאַנדערטיילונג איז אויך אָנגעווענדט אינעם פּאָרטוגאַלישן אָפּטייל פון דעם קאַטאַלאָג (ליסאַבאָן און לעיִריִאַ). צו דער באַשרײַבונג פון אויסגאַבעס, וועלכע עס האָבן אַרויסגעלאָזט דרוקערײַען פון איין שטאָט, ווערט אינעם בוך געגעבן אַ קורצע היסטאָרישע מיטיילונג וועגן דער שטאָט גופע און אָנגאַבן וועגן דעם ביכערדרוק אין איר ביכלאַל, און וועגן דעם ייִדישן ביפּראַט.

די ביבליאָגראַפישע באַשרײַבונג פון יעדן עקזעמפּליאַר שליסט אײַן דעם נאָמען פונעם מעכאַבער, דעם טיטל, דעם נאָמען פונעם איבערזעצער אָדער פאַרטײַטשער, דאָס אָרט, ווו דער בוך איז דערשינען, און די נעמען פון מענטשן, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אינעם אַרויסגעבן דעם בוך — טיפּאָגראַפן, קאָרעקטאָרן אאַ. — ווי אויך די דאַטע לויט דער ייִדישער און אַלגעמיין אָנגענומענער צײַט־רעכענונג. כוץ דעם, ברענגען די ביבליאָגראַפישע באַשרײַבונגען פאַרשיידענע אָנגאַבן פונעם פּאָליגראַפישן שטאַנדפּונקט: כאַראַקטעריסטיק פונעם שריפט, טעכנישע באַזונדערקײַטן, דעקאָראַטיווע אויספורעמונג אאַוו. זייער וויכטיק זײַנען אין דער באַשרײַבונג פון אַ צאָל אינקונאַבולן די צענזאָרישע, באַזיצערישע און טיפּאָגראַפישע פאַרנאָטירונגען, ווי אויך עקסליבריסן און שטעמפּלען. די ציטאַטעס פונעם טעקסט אין העברעיִש פאַרהיטן די אָרטאָגראַפיע, דעם סינטאַקסיס און אַנדערע ספּעציפישקײַטן. אַ באַזונדערן אינטערעס וועלן באַם לייענער פונעם בוך געוויס אַרויסרופן די רוסישע איבערזעצונגען פון קאָלאָפאָנען אין די אינקונאַבולן.

זייער אָרגאַניש דערגאַנצט דעם קאַטאַלאָג אַ וועזנטלעכער און גוט דורכגעטראַכטער צוקלײַב

[1] Еврейские инкунабулы. Описание экземпляров, хранящихся в библиотеках Москвы и Ленинграда. Составитель С. М. Якерсон. — Л.: Библиотека Академии наук СССР, 1988.

פון אינפאָרמיר־מאַטעריאַלן, וואָס עס פאַרלײַכטערט דאָס באַניצן זיך מיט אים: די נעמען פון אווטאָרן, קאָמענטאַטאָרן, איבערזעצער, טיפּאָגראַפן, קאָרעקטאָרן, אײגנטימער, צענזאָרן אאַוו., פאַראַן אַן אָנווײַזער פון די קעפּלעך, אַ כראָנאָלאָגישער אָנווײַזער.

די לעצטע 63 זײַטלעך אינעם בוך זײַנען פאַרנומען מיט אילוסטראַציעס פון טעקסטן פון די אינקונאַבולן, וועלכע זײַנען באַשריבן. זיי גיבן אַ מעגלעכקײַט צו דערלערנען קאַלערליי ייִדישע שריפטן און די פּאַליגראַפישע קונסט פון די שעפער פון אָט די גרויסע אוצרעס.

## „ביבלישע געשיכטעס"




אין מאָסקווער פאַרלאַג פון פּאָליטישער ליטעראַטור איז דערשינען אין דער רוסישער איבערזעצונג דער בוך „ביבלישע געשיכטעס".[1] דער אווטאָר פונעם בוך איז דער באַוווסטער אונגאַרישער פילאָסאָף גוסטאַוו געטשע, וועלכער פירט אָן מיטן אָפּטייל פון טעאָריע פון רעליגיע אינעם אינסטיטוט פאַר פילאָסאָפיע בא דער אונגאַרישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע.

דער דאָזיקער בוך איז שוין געווען צוויי מאָל אַרויסגעגעבן אין אונגאַרן און האָט באַוויזן צו דערוואַרבן אַ גרויסן לייענער־אינטערעס. איצט וועט אויך דער סאָוועטישער לייענער (דער טיראַזש פונעם בוך איז 200 טויזנט עקזעמפּליאַרן) באַקומען אַ מעגלעכקײַט נאָכאַמאָל זיך אײַנטונקען אין דער וועלט פון ביבלישע מעסירעס. גוסטאַוו געטשע האָט אין אַ פּאָפּולערער פאָרם, אַלגעמיין צוטריטלעך, געבראַכט אַן איבערדערציילונג פון פיל טאַנאַך־ביכער, אָפּשאַצנדיק זיי פונעם היסטאָריש־פילאָסאָפישן און קינסטלערישן שטאַנדפּונקט.

אָבער די ווערט פון דער אויסגאַבע באַשטייט אַמערסטן אין דעם, וואָס דער מעכאַבער, אַ פילאָסאָף לויטן פאַך, פּרוּווט אַמווייניקסטנס באַרירן די פּראַגעס וועגן דער היסטאָרישקײַט פון די אָדער יענע פּערסאָנאַזשן אָדער וועגן דער עמעסדיקײַט פון די אָדער יענע ביבלישע געשעענישן — ער מאַכט אַ טיפן פילאָסאָפישן אַנאַליז, שטרעבנדיק אָפּזוכן די ערדישע וואָרצלען פון די ביבלישע מעסירעס.

מע דאַרף באַמערקן, אַז גוסטאַוו געטשע באַטראַכט דעם קאַטוילישן וואַריִאַנט פון דער ביבל, דעריבער שפּאַרט ער זיך אָן אָף קאַטוילישע טראַדיציעס אין זײַן ביבלעיִסטישן צוגאַנג. אָבער איינעם פאָרוואָרט צו דער רוסישער אויסגאַבע שטרײַכט ער אונטער: „די ביבל ווי אַ דענקמאָל פון אַלטערטימלעכער ליטעראַטור האָט אַן אוניווערסאַלע מענטשלעכע ווערט, און זי איז ניט קיין אייגנטום פון איין פאָלק אָדער בלויז פון גלויביקע". זייער דײַטלעך ווײַזט דער אווטאָר די ראָליע, וועלכע עס האָט געשפּילט און זעצט פאָר צו שפּילן דער סייפער־האַספאָרים אין דער אַלוועלטלעכער קולטור.

באַזונדערס ווערטפול איז דאָס, וואָס אין אָנהייב פונעם בוך פירט דער אווטאָר אַרײַן זייער טאַקטיש דעם לייענער אין דער וועלט פון דער ביבל, גיט אים אַ מעגלעכקײַט באַנעמען דעם באַגריף פונעם שטאָף, וועלכן עס שטייט פאָר צו באַהאַנדלען, אַנטפּלעקט פאַר אים די קאָמפּליצירטע סטרוקטור, די באַזונדערקײַטן פונעם ביבלישן לאָשן, דערציילט אויספירלעך די געשיכטע פון אירע איבערזעצונגען.

גוט זײַנען געשילדערט אינעם בוך די מינהאָגים און טראַדיציעס פון די אַלטערטימלעכע ייִדן.

דער אווטאָר גיט אַ כאַראַקטעריסטיק פון יעדן פון די כומעש־ביכער. דעם לייענער וועלן געוויס העלפן די בײַלאַגעס מיטן אינפאָרמיר־מאַטעריאַל: די כראָנאָלאָגיע פון דער אַלט־טעסטאַמענט־געשיכטע, די כראָנאָלאָגיע פון דער עוואַנגעלישער געשיכטע, די סטרוקטור פון די נעוויִים־ביכער, ווי אויך דער אָנווײַזער פון די נעמען פון ביבלישע פּערסאָנאַזשן.

דער נײַער בוך וועט בעלי־סאָפּעק ווערן אַ וועזנטלעכער בײַטראָג אין דער ביבלעיִסטיק.

דמיטרי יושקאָווסקי

[1] Гече Г. Библейские истории. — М.: Политиздат, 1988.

# ציטאַטעס פון דער סאָוועטישער פּרעסע

די „פּראָטאָקאָלן פון זיקני־ציון” זײַנען, ווי באַוווּסט, דעמאַסקירט געוואָרן אַלס פעלשונג. אָבער דער דאָזיקער פאַקט שטעלט ניט אָפּ, לאָמיר זאָגן, דעם פּובליציסט וו. בעגון, וועלכער שטיצט זיך אין זײַנע אַרטיקלען אויף דעם פּראָוואָקאַטאָרישן ווערק. דאָס איז אָבער בלויז איינע פון די אַנטדעקונגען פונעם מינסקער „געלערנטן”. די צווייטע (אין זשורנאַל „נאַש סאָוורעמעניק” נום. 11, 1988) האָט מיך דערשיטערט אומפאַרגלײַכלעך מער: עס באַקומט זיך, אַז בײַ די ייִדן איז ניט געווען קיין פילאָסאָפיע, קיין קינסטלערישע ליטעראַטור און מוזיק, קיין מײַסטערס, וועלכע האָבן געשאַפן אויף דעם פעלד פון דער ייִדישער נאַציאָנאַלער קולטור. גאָרנישט איז ניט געווען. די דאָזיקע ווערטער — „נאַציאָנאַלע קולטור”, ווען ס׳גייט א רייד וועגן דער ייִדישער נאַציאָנאַלער קולטור, — נעמט וו. בעגון אין גענדזנפיסלעך. „און יענע געניאַלע מענטשן צווישן די ייִדן, וועלכע האָבן באַרײַכערט די וועלטקולטור, — זעצט ער פאָר, — האָבן געשאַפן זייערע ווערק אויפן נאַציאָנאַלן יסוד פון דער דײַטשישער, האָלענדישער, ענגלישער, רוסישער און אַנדערע קולטורן”.

איך וויל אָבער ברענגען כאָטש איין „קליינע דעטאַל” פון דער ייִדישער נאַציאָנאַלער קולטור — די ביבל. און ניט נאָר דעם אַלטן טעסטאַמענט, וואָס האָט אַרײַנגענומען אין זיך א היפּשע צאָל קולטורדענקמעלער. אין אַן אַרטיקל פון ס. ס. אַווערינצעוו לייענען מיר: „די ביבלישע טעקסטן..., וועלכע זײַנען אַנטשטאַנען אין פאַרלויף פון העכער א יאָרטויזנטער (פון XIII — XII ביז דעם II יאָרהונדערט ביז אונדזער ערע), האָבן אײַנגעזאַפּט אין זיך טעקסטן פון סאַמע פאַרשיידנסטן כאַראַקטער (דערונטער פון פאָלקלאָרישן אָפּשטאַם): מיפן, אוראַלטע פאָלקס־לעגענדעס, פראַגמענטן פון כראָניקעס, געזעצגעבערישע דענקמעלער, ריטועלע פאַראָרדענונגען, ניצאָכן, כאַסענע־ און אַנדערע ריטועלע ניגונים, ווערק פון א רעליגיעז־פילאָסאָפישן כאַראַקטער” („מיפן פון די פעלקער אין דער וועלט”). אין אַן אַנדער אָפּהאַנדלונג שרײַבט ס. אַווערינצעוו וועגן דעם „טויזנטיאָריקן אויצער פון דער יודאַיִסטישער ליטעראַטור”. איבערגייענדיק צו דער פרייקריסטלעכער ליטעראַטור, באַמערקט ער: „...ס׳איז אומבאַשטרײַטבאַר, אַז די פאַרערונג פאַר דער ביבל איז געווען דער שטאַרקסטער פאַקטאָר פונעם ליטעראַרישן פּראָצעס פון די דאָזיקע יאָרהונדערטער” („געשיכטע פון דער ליטעראַטור”). אַן אײדעס וועגן דער ייִדישער קולטור איז ניט נאָר דער אַלטער, נאָר אויך דער נײַער טעסטאַמענט. איך פאַרשטיי, אַז וו. בעגונען וועט דאָס אַלץ ניט זײַן אָנגענעם, אָבער א פאַקט בלײַבט א פאַקט. פּונקט ווי דאָס, אַז אַלע סאַמע באַוווּסטע, טאַלאַנטפולסטע דײַטשישע, האָלענדישע, ענגלישע, רוסישע אאַוו. שריפטשטעלער און קינסטלער האָבן געשאַפן אויפן יסוד פון ביבלישע סוזשעטן. און קיינער, אַגעוו, רופט זיי אירא־ניש ניט אָן „פריידיקער פון אָט דער (לייען: ייִדישער) קולטור”, באַשולדיקט זיי דערבײַ ניט אין דעם, אַז זייערע „סטאַראַניעס” זײַנען געריכטעט דער רועך ווייסט וווהין.

ס׳איז, פאַרשטייט זיך, מאָדנע, וואָס עס קומט אויס צו דערמאָנען דעם „קענער” פון ייִדישער קולטור וו. בעגונען אַזעלכע אַלעפבייס־עמעסן...

טאַטיאַנאַ איוואַנאָוואַ (זשורנאַל „אָגאָניאָק”, נום. 11, 1989)

דעמאָקראַטיע, עפנטלעכקײַט — דאָס איז א מעכטיקער גלאָק. און הײַנט האָט יעדערער פון אונדז דאָס רעכט א קלינג טאָן אין אים. די פראַגע שטייט אָבער אין דעם — צוליב וואָס? מיר האָבן נישט קיין רעכט ניט צו באַמערקן, אַז אין אָט דעם גלאָק קלינגען ניט נאָר קעמפער פאַר דער איבערבויונג. אין אים קלינגען מעטורעפדיק אויך יענע קלינגער, וועלכע האָבן זיך צוגעשאַרט צו דער איבערבויונג און זײַנען ווײַט פון אירע עכטע צילן. אָט די אומענדלעכע גלאָקן־קלינגערײַ דעזאָריענטירט, פאַרטויבט די מענטשן. זי פירט צו א סיטואַציע, ווען די בויי־רישטעוואַניעס, וועלכע מיר שטעלן אויף, די ביניאָנים פון דער איבערבויונג באַקומען שטריכן פון דעם ביבלישן באָוול־טורעם. און מע האָט אים, ווי באַוווּסט, ניט געקאָנט פאַרענדיקן, ווײַל די בויער האָבן אָנגעווירן די אַלגעמיינע שפּראַך.

(נאָטיצן פונעם פּלענום פון צק פון דער קאָמפּאַרטיי פון ליטע. צײַטונג „פּראַוודאַ” פאַרן 22 פעוורואַל 1989)

די רעדאַקציע פון דער רעפּובליקאַנישער צײַטונג „פּראַוודאַ בוריאַטיִי” האָט געעפנט אויף אירע שפּאַלטן א הינטער־אויגיקן פאַקולטאַטיוו אויף צו דערלערנען די בוריאַטישע רייד־שפּראַך. עס פירט מיט אים אָן דער דאָקטאָר פון פילאָלאָגישע וויסנשאַפטן ס. בודאַיעוו.

ניט ווייניק אינטערעסאַנטע ידיעס וועגן דער געשיכטע פונעם פאָלק און פון דער שפּראַך אַנטהאַלט דאָס אַרײַנפיר־אַרטיקל „א וואָרט וועגן דער בוריאַטישער שפּראַך”.

ס. בודאַיעוו בויט זײַן הינטער־אויגיקן פאַקולטאַטיוו אויפן יסוד פונעם הײַנטצײַטיקן בוריאַטישן אַלעפבייס. דער קורס פון דערלערנען די שפּראַך איז אויסגערעכנט אויף א יאָר צײַט. די צײַטונג קלײַבט זיך פּובליקירן די „לימודים” צוויי מאָל אין וואָך.

(צײַטונג „איזוועסטיאַ” פאַרן 20 פעוורואַל 1989)

■ ■ ■

שימען סאַנדלער

# א באַזוך אין ייִסראָעל

נאָכן פײַערלעכן מיטינג אין וואַלד אפן נאָמען פון דער סאָוועטישער ארמיי ווערן מיר איינגעלאַדן קיין יערושאַלאַיִם אף א צוזאַמענטרעף מיט פאָרשטייער פון פאַרשיידענע ייִדישע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע טרעטן ארויס פאַר אָפּרופן די ייִסראָעלדיקע ארמיי פון די אָקופּירטע טעריטאָריעס, פאַר אָנהייבן אונטערהאַנדלונגען מיט דער אָרגאַניזאַציע פאַר באַפרײַען פאַלעסטינע, פאַר א פרידלעכער לייזונג פון דעם ייִסראָעל־אַראַבישן קאָנפליקט.

ביזן 1967 איז יערושאַלאַיִם געווען צעטיילט אף צוויי טיילן: מײַרעוו־יערושאַלאַיִם האָט זיך געפונען אונטער דער אַדמיניסטראַציע פון ייִסראָעל, מיזרעך־יערושאַלאַיִם — פון דעם יאַרדאַנישן קיניגטום. בעשאַס דער זעקסטאָגיקער מילכאָמע (1967) האָט די ייִסראָעלדיקע ארמיי פאַרנומען דעם אַראַבישן טייל, און אין אויגוסט 1980 האָט די בעגין־רעגירונג דורכגעפירט אין דער קנעסעט א געזעץ, לויט וועלכן גאַנץ יערושאַלאַיִם ווערט פּראָקלאַמירט אַלס „אייביקע און אייניקהײַטלעכע הויפּטשטאָט פון ייִסראָעל".

פון דעמלט אָן האָבן די ייִסראָעלדיקע רעגירונגען פאַרשטאַרקט די מיטלען אף אָפּצווישן דעם אַראַבישן כאַראַקטער פון מיזרעך־יערושאַלאַיִם. אַרום דעם אַראַבישן שטאָט־טייל האָט מען אויסגעבויט א גאַנצע סיסטעם פון ייִדישע קוואַרטאַלן און ייִשווים. אַדאַנק אַזעלכע און ענלעכע מאָסמיטלען ווערט געשאַפן דער אײַנדרוק, אַז ביידע שטאָט־טיילן האָבן זיך שוין פולשטענדיק צונויפגעשמאָלצן, און דער מער פון יערושאַלאַיִם טעדי קאָלעק האָט געהאַלטן פאַר מעגלעך צו דערקלערן, אַז די אַראַבישע אײַנוווינער האָבן, קלומערשט, האַסקאָמעדיק מיט דעם „אַנשלוס" שאָלעם געמאַכט.

אָבער גאַנץ גיך האָבן זיך סײַ קאָלעק און סײַ די רעגירונג געמוזט איבערצײַגן, אַז זיי האָבן זיך שטאַרק טועה געווען, און אַז די אַראַבישע באַפעלקערונג פון מיזרעך־יערושאַלאַיִם האָט זיך קלאָל ניט אָפּגעזאָגט פון אירע לעגיטימע רעכט. אף די פּלעצער און גאַסן פון מיזרעך־יערושאַלאַיִם, ווי אף די אַנדערע אָקופּירטע געביטן, האָט זיך צעפלאַקערט די „אינטיפאַדאַ" — דער אַלפאָלקישער אופשטאַנד קעגן דער אָקופּאַציע. די גאַנצע אַראַבישע באַפעלקערונג, אײַנגעשלאָסן זקיינים, פרויען און, הויפּטזאַכלעך, 10—18־יאָריקע יוגנטלעכע און קינדער, איז אַרויס אף די גאַסן, פאַרפלייצט די פּלעצער מיט שטורמישע פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציעס. בויקאָטירן די רעגירונגס־באַפעלן, זאָגן זיך אָפּ צו צאָלן שטײַערן, שטעלן א פאַרביסענעם ווידערשטאַנד דער ארמיי, וועלכע איז באַרופן אונטערצודריקן מיט געוואַלט דעם אופּברויז פון די מאַסן.

איינגיכן איז אויך אונדז אויסגעקומען זיך איבערצײַגן, ווי געשפּאַנט עס איז דאָ די לאַגע. באַם אַרײַנפאָר אין שטאָט האָט א מיליטער־פּאָסט אָפּגעשטעלט אונדזער אווטאָבוס און פאַרקערעוועט אים אף אַן אומוועג קיין מײַרעוו־יערושאַלאַיִם — דער אַרײַנפאָר אין דעם מיזרעך־טייל איז פאַרבאָטן, דאָרט איז אומרויִק, מע דערוואַרט א מאַסן־אופּטריט קעגן דער אָקופּאַציע...

און אָט זײַנען מיר אין יערושאַלאַיִם — איינער פון די סאַמע אוראַלטע שטעט אפן נאָענטן מיזרעך.

## א ביסעלע געשיכטע און א קאַפּעלע הײַנטצײַטיקייט

די ערשטע ידיעס וועגן יערושאַלאַיִם שטאַמען פון דעם צווייטן יאָרטויזנט פאַר אונדזער צײַט־רעכענונג. פאַר די פאַרגאַנגענע פיר טויזנט יאָר איז דער שטאָט אויסגעקומען צו געפינען זיך אין באַשטאַנד פון פאַרשיידענע מעלוכעס: 400 יאָר איז זי געווען דער מעלוכע־צענטער באַם אוראַלטן שיזועט יעווּסים; דערנאָך איז זי אײַנגענומען געוואָרן דורך דער ארמיי פונעם קיניג פון יעהודע דאָוויד האַמעלעך. און בעמעשעך פון אַן ערעך 500 יאָר געווען די הויפּטשטאָט פונעם אוראַלטן ייִדישן קיניגרײַך יעהודע און שפּעטער מער פון 200 יאָר — פונעם צווייטן יעהודע־קיניגרײַך; ווײַטער גייט אַרײַן יערושאַלאַיִם אין באַשטאַנד פון דעם אַלטערטימלעכן רוים, פון ביזאַנטיע, פון דעם אַראַבישן כאַליפאַט. אָנהייבנדיק פונעם 16־טן יאָרהונדערט און ביזן סאָף פון דער ערשטער וועלט־מילכאָמע, געפינט זיך יערושאַלאַיִם אונטער דער הערשאַפט פון דער אָטאָמאַנישער אימפּעריע, שפּעטער — אונטער ענגלאַנד, און לעסאָף ווערט אײַנגעשלאָסן אין יאַרדאַניע און אין ייִסראָעל... כויעך דעם, איז דאָך יערושאַלאַיִם די „הייליקע שטאָט"

ס אָ ף. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 5, 1989.

בא די גלויביקע פון דריי וועלטרעליגיעס — דער יודאיסטישער, דער קריסטלעכער און דער מוסולמענישער...

פארשטייט זיך, אז די רייכע היסטארישע פארגאנגענהייט האט ארופגעלייגט איר שטעמפל אף א סאך אויסערלעך־מאטעריעלע און אינערלעך־גייסטיקע דערשיינונגען אין דער דאזיקער אוראלטער שטאט.

...מיר זאגן ארויס דעם פארלאנג צו באזוכן אזעלכע היסטארישע ערטער ווי דעם קויסל־מאאראווי (דעם רעשט, ווי מע האלט, פונעם בייס־האמיקדעש), דעם איסלאמישן מעטשעט אל־אקסא, די רייכע קאטוילישע און פראוואסלאוונע קלויסטערס, דעם העברעישן אוניווערסיטעט אפן איילבערטן־בארג, די מאדערנע געביידע פון דער קנעסעט, דעם דענקמאל פאר די קדושים פון דער צווייטער וועלט־מילכאמע „יאד וואשעם" און א סאך אנדערע...

נאר היינט איז שאבעס. אלץ איז געשלאסן. די זיכערהייט־לאגע איז אויך ניט פויגלדיק. מיר מוזן זיך באנוגענען מיט באטראכטן די שטאט דורך דעם אווטאבוס־פענצטער און מיט די דערקלערונגען פון אונדזערער באגלייטער־גאסטגעבער (עמעס, זיי מאכן דאס זייער קוואליפיצירט, און מיר באקומען אן אינטערעסאנטע אינפארמאציע). אפילע אזא, ליידער, איבנפיקע באקאנטשאפט מיט דער שטאט מאכט אף אונדז א שטארקן איינדרוק.

די גאסן און געביידן צייכענען זיך אויס מיט דער פילגעשטאלטיקייט און רייכקייט פון סאמע פארשיידענע ארכיטעקטור־סטילן, מיט דעם אייגנארטיקן געשמעלץ פונעם אלטערטום און דער היינטצייטיקייט, פון אריענטאלישקייט און מאדערנער אייראפעישער מיזרעודיקייט. אונדזער כאשעווער דעלעגאציע־מיטגליד, דער מינסקער ארכיטעקטאר לעאניד לעווין קאן זיך ניט אפרייסן פונעם פענצטער און האלט אין איין פאטאגראפירן די אייגנארטיקע געביידעס. א באזונדערס אנגענעמען איינדרוק מאכט אף מיר דער ווארעמער, גאלדיק־מאטעווער פארבן־טאן בא די ווענט פון די הייזער. אונדזערע יִסראעלדיקע כאווירים דערציילן, אז דער מוניציפאליטעט זארגט פארן עסטעטישן אויסזען פון דער שטאט און פאדערט, אז די ווענט פון אלע הייזער זאלן אויסגעלייגט ווערן מיט באדעק־פליטעס פון בדוינלעך־העלן שטיין, וואס ווערט ארויסגעבאקומען אין די שטיינבערעכערייען צווישן די באענט ליגנדיקע פעלדזן־בערג. זעט אויס, אז דאס האט זיך אויך אפגעשפילט אין דער פאפולערער ליד וועגן דעם „גאלדענעם יערושאלאים" („ירושלים של זהב").

## „דאס שטריימל, האט זיך ארויסגעוויזן, איז שטארקער, טויזנט מאל שטארקער פאר זיי!" (י.־ל. פערעץ)

אין יערושאלאים הערשט דער שאבעס. די גאסן זיינען אויסגעהוילט, פוסט. קראמען, ווארשטאטן, רעסטאראנען, אנשטאלטן — אלץ פארמאכט. איך קוק, און מיר דוכט זיך, אז איך געפין זיך אף די שאבעסדיק פוסטע פארשלעפערטע געסלעך פון א פארמילכאמעדיק יידיש שטעטל ערגעץ אין וואלין אדער בעסאראביע... בלויז צייטנוויַיז באווייזט זיך אן אויסטערליש־פארצייטיק געשטאלט פון א יעשיווע־באכער, פון אן עלטערן יידן, אדער פון א כיידער־יינגל, מיט די בא אונדז שוין לאנג פארגעסענע שטריימלעך, זשופיצעס, ארבעקאנפעס, ווייסע זאקן, שטעקשיך, מיט די לאנגע בערד און געקרייזלטע פייעס. איך קוק און דערפיל זיך, ווי סע וואלט מיך עפעס א קישעפמאכער אריבערגעטראגן אין דער אלטער, לײדער אויך פארשוווּנדענער וועלט פון באשעוויס־זינגערס ראבאנישע הויפן, מיט די כסידים, יעשיוועס, שאמאסים, גאבאים און אנדערע קליי־קוידעש מיקאל־האמינים...

און דער איינדרוק איז ניט קיין צופעליקער. יערושאלאים איז טאקע דער צענטער פון יידישן קלעריקאליזם, און ניט פאשעט קלעריקאליזם, נאר טאקע קעמפעדישן, אגרעסיוון קלעריקאליזם, וואס שטרעבט ארופצוצווינגען דעם רעליגיעזן לעבנשטייגער אף אלע און אויסנאם בירגער און פארוואנדלען די יונגע מעדינע אין א טעאקראטישער מעלוכע מיט די ראבאנים אין דער שפיץ. און מע דארף זאגן, אז דאס געלינגט זיי גארניט אזוי שלעכט.

די הערשנדיקע קרייזן באטראכטן די פארשיידענע קלעריקאלע פארטייען און פארטייעלעך אלס זייערע טרייע העלפער, און צאלן דערפאר מיט דער פולער האנט. די מיטגלידער פון דעם ראבינאט און עטלעכע הונדערט אנדערע ראבאנים ווערן אויסגעהאלטן אף מעלוכישער קאסט. גרויסע געלט־סומעס ווערן פון דעם מעלוכע־בודזשעט אויסגעגעבן אף אויסהאלטן יעשיוועס און אנדערע רעליגיעזע אנשטאלטן. די ראבאנים און רעביים, פון זייער זייט, האלטן אונטער די אנטי־אראבישע פאליטיק פון די הערשנדיקע קרייזן, ארגאניזירן גוט־באוואפנטע אטריאדן פון רעליגיעזע פאנאטיקער — די אזויגערופענע „גוש עמונים" — אטריאדן, וועלכע באזעצן זיך אין ספעציעלע מיליטאריזירטע יישווים אף די אקופירטע שטאכים, און באטייליקן זיך אקטיוו אין אלע מיליטערישע אקציעס קעגן דעם אופשטאנד פון די פאלעסטינער. די קלעריקאלן ברייטערן אויס זייער איינפלוס קימאט איבער אלע געביטן פון דעם געזעלשאפטלעכן לעבן, שוין אפגערעדט אין שייכעס מיט מישפאכע און ציוויל־רעכט: כאסענע, געט, געבורט, קוורע — אלץ, „פונעם וויגעלע ביז צום גריבעלע", איז אונטערגעארדנט דעם ראבינאט און זיינע מיטלאלטערלעכע טאקאנעס, געשטיצטע אף אפגעלעבטע רעליגיעזע פרינציפן פון דער האלאכע — דעם געזעצגעבערישן טייל פונעם טאלמוד.

די קליי־קוידעש־פארטייען האלטן אין זייערע הענט דאס מיניסטעריום פאר קולטור און בילדונג און טוען אלץ, קעדיי דורכזאפן סיי די בילדונג, סיי די קולטור מיט רעליגיעזן אינהאלט און גייסט. די ראדיא און טעלעוויזיע־פראגראמען גיבן איבער קאפיטלען פונעם טאנאך און פון דער געמארע, וואס ווערן אונטערגעטראגן אין אן אויסשליסלעך ראבאנישער באליכטונג. די שול־פראגראמען טיילן

אויס א גרויסע צאָל ספּעציעלע לימודים דעם רעליגיעזן אונטעריכט. אויסער דעם, איז מער ווי א העלפט פון די ליטעראַטור־ און געשיכטע־לימודים אײַנהאַלטלעך אויך פאַרבונדן מיט דער רעליגיעזער בילדונג און דערציִונג פונעם יונגן דאָר, אויך אין דער געזעצגעבונג דרינגען אַלץ מער אַרײַן רייַן רעליגיעזע פּרינציפּן, וואָס ווערן אַזוי־ אַרום אַרופגעצוווּנגען אויף דעם לעבנס־אויפן פון דער באַפעלקערונג.

אַזוי, למשל, איז זיי געלונגען דורכפירן אין קנעסעט א גאַנצע ריי געזעצן, וואָס ברייטערן אויס די קאָמפּעטענץ פון די ראַבאַנישע געריכטן. א ריי אַנדערע געזעצן זײַנען געריכטעט קעגן דער פרײַהייט פון אַבאָרטן, פון פאַלמעסן און אַנאַטאָמיזירן צוליב מעדיציִנישע צוועקן קערפּערס פון געשטאָרבענע אאַז״וו.

א באַזונדערס אַגרעסיוון קאַמף פירן זיי אונטער דעם לאָזונג פון „אָפּהיטן די הייליקייט פון שאַבעס”. אין די שאַבאָסים איז אָפיציעל פאַרבאָטן די אַרבעט פונעם געזעלשאַפטלעכן טראַנספּאָרט (אויטאָבוסן, טאַקסי אאַז״וו.), די פלוגן פון דער ייִסראַעלדיקער אַוויאַקאָמפּאַניע „על על”. די רעליגיעזע פאַנאַטיקער אָרגאַניזירן סקאַנדאַליעזע דעמאָנסטראַציעס און ווענדן אָן געוואַלט אויף ניט צו דערלאָזן, אַז שאַבעס זאָלן פאָרקומען טעאַטער־פאָרשטעלונגען אָדער קינאָ־סעאַנסן.

אין ייִסראָעל זײַנען אָבער פאַראַן געזעלשאַפטלעכע קרײַזן, דערונטער רעליגיעזע, וועלכע טרעטן אַרויס קעגן דעם דיקטאַט פון די פאַנאַטישע אָרטאָדאָקסן און שטרעבן צו פאַרווירקלעכן אין דער געזעלשאַפט די פּרינציפּן פון געוויסן־פרײַהייט און רעליגיעזער טאָלעראַנץ.

אָט אַזעלכע אַפּיקאָרסישע מאַכשאָוועס שווימען אויף אין די שאַבעסדיק־אויסגעהוילטע גאַסן פון דער הייליקער שטאָט ירושאָלאַיִם.

## עפּעס־וואָס וועגן די אַנטימילכאָמע־באַוועגונגען אויף דער ייִדישער גאַס אין ייִסראָעל

דער הויפּט־ציל פונעם באַזוך אין ירושאָלאַיִם איז געווען — זיך באַקענען נעענטער מיט דער טעטיקייט פון די אַנטימילכאָמע־באַוועגונגען. אין זיי באַטייליקן זיך מענטשן פון סאַמע פאַרשיידענע פּאָליטישע פּאַרטייען און אָנשויונגען: ציִעניסטן און קאָמוניסטן, קאָנסערוואַטאָרן און ליבעראַלן, גלויביקע און אַטעיִסטן. די דאָזיקע פילאַרטיקייט און דער ברייטער דיאַפּאַזאָן פון פּאָליטישער אָנגעהעריקייט באַווײַזן, אַז די שטרעבונג צו א שאָלעם־לייזונג פון דעם ייִסראָעל־אַראַבישן קאָנפליקט דרינגט אַלץ טיפער אַרײַן אין די סאַמע פאַרשיידענע שיכטן פון דער ייִסראָעלדיקער געזעלשאַפט און פאַרייניקט מענטשן, וואָס אין אַנדערע פראַגן שטייען זיי צומאָל אויף קעגנזעצלעכע פּאָזיציעס.

אין די צוזאַמענטרעפן האָבן זיך באַטייליקט אַקטיוויסטן פון די באַוועגונגען „יעש גוּוּל” („ס׳איז פאַראַן א גרענעץ”), „דיי לעקיבוש” („א סאָף צו דער אָקופּאַציע”), א פאָרשטייערן פון די פרויען־אָרגאַניזאַציעס, אַקטיוויסטן פון דער שאָלעם־באַוועגונג „שאַלאָם אַכשאַוו” („שאָלעם איצט”), מיטגלידער פון דער ייִסראָעלדיקער קאָמפּאַרטיי.

די קאָמוניסטישע פּאַרטיי איז די ערשטע, וועלכע איז אַרויסגעטראָטן קעגן מילכאָמעס, פאַר א פרידלעכער לייזונג פונעם אַראַביש־ייִסראָעלדיקן קאָנפליקט, די איינציקע, וואָס האָט פאַרורטיילט די אַגרעסיעס אין 1956 און 1967 און אין דער מילכאָמע קעגן ליוואַן.

דער אויסגעשפּראָכן אָפענער פאַרכאַפּערישער כאַראַקטער פון דער ליוואַנער אַוואַנטיור, די אַכזאָריעסדיקע שכיטעס אין די לאַגערן פון די פּאַלעסטינער פּליטים, די גרויסע צאָל געפאַלענע און פאַרוווּנדעטע ייִסראָעלדיקע סאָלדאַטן און אָפיצערן — דאָס אַלץ האָט באַוויגן א סאַך ייִסרעיילים רעווידירן זייער באַציִונג צו דער פּאָליטיק פון זייערע הערשער אין דער אַרמיי און אין ייִדישן ייִשעוו זײַנען אַנטשטאַנען פאַרשיידענע אַנטימילכאָמע־קאָמיטעטן און אָרגאַניזאַציעס, אַזעלכע ווי דער „קאָמיטעט קעגן דעם קריג אין ליוואַן”, „עלטערן קעגן דעם שווײַגן”, „סאָלדאַטן קעגן דעם שווײַגן”, „פרויען קעגן דער מילכאָמע אין ליוואַן” און אַנדערע. אַן אַקטיווע אַנטימילכאָמע־טעטיקייט האָט אַנטוויקלט די יוגנטלעכע באַוועגונג „יעש גוּוּל” („ס׳איז פאַראַן א גרענעץ”) און די באַוועגונג „שאַלאָם אַכשאַוו”. טויזנטער ייִסרעיילים האָבן אונטערגעשריבן ווענדונגען מיטן רוף אָפּצוזאָגן זיך פון אַקטיווער מיליטער־דינסט אין ליוואַן. הונדערטער סאָלדאַטן און אָפיצערן האָבן זיך טאַקע אָפּגעזאָגט צו דינען אין ליוואַן, העכער 160 פון זיי זײַנען פאַרמישפּעט געוואָרן דורך די מיליטערישע טריבונאַלן צו טפיסע. די שוידערלעכע שכיטעס אין די פּליטים־לאַגערן סאַברא און שאַטילא האָבן אַרויסגערופן אין דער געזעלשאַפט א מאַסן־פּראָטעסט, וואָס האָט געפונען זײַן אויסדרוק אין דער 400־טויזנטקעפּיקער פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציע אין טעל־אָוויוו (סעפּטעמבער, 1982). 30 טויזנט אַראַבישע בירגער האָבן זיך באַטייליקט אין אַן ענלעכער דעמאָנסטראַציע אין נאַצערעט.

דער אַלפאָלקישער אויפשטאַנד אין די אָקופּירטע געביטן האָט אַקטואַליזירט און אַקטיוויזירט די טעטיקייט פון די שוין פריִער אַנטשטאַנענע באַוועגונגען און גורים געווען דאָס אַנטשטיין פון אַריבער 50 נײַע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע טרעטן אַרויס פאַר אָפּרופן אַהיים די ייִסראָעלדיקע אַרמיי פון די פאַרכאַפּטע אין 1967 אַראַבישע טעריטאָריעס און פאַר לייזן אַלע פראַגן מיט פרידלעכע מיטלען.

וואָס שײַעך די שטימונגען, וואָס הערשן צווישן די פּאַלעסטינער, מיין איך, אַז א געוויסע פאָרשטעלונג קאָן מען באַקומען פון דעם אינטערוויו, וואָס עס האָט געגעבן די פּאַלעסטינער מאָלערן לײַלא אַ־שאַוואַ, די טאָכטער פונעם געוועזענעם מער פון דער שטאָט גאַזאַ. דער אינטערוויו איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אינעם ייִסראָעלדיקן זשורנאַל „כאַדאַשאָט שעל שאַבאַט” („שאַבעסדיקע נײַעס”) דעם 20 מײַ 1988. אויף דער פראַגע, צי דריקט זיך

אויס איר פאַלעסטינישקייט אין אירע קונסטשאַפונגען, האָט זי געזאָגט:

— יאָ, מײַן פאַלעסטינער גײַסט פילט זיך די גאַנצע צײַט אין מײַן שאַפן, איך קאָן דאָך ניט אונטערדריקן מײַנע געפילן בענעגייע דעם, וואָס עס געשעט איצט מיט מײַן לאַנד און מיט מײַן פאָלק... דאָס לעצטע בילד מײַנס הייסט „דרײַ מאַריִעס": די דרײַ מאַריִעס באַוויינען די קרייציקונג פון יעזוסן. איך האָב זיי אָנגעמאָלט ווי דרײַ פאַלעסטינער פרויען: איינע שטייט, די צווייטע האָט זיך אָנגעבויגן איבער דער דריטער מאַריִע, וועלכע זיצט אויף דער ערד און האַלט אין איר שויס איר טויטן זון. דאָס איז דאָך דאָס, וואָס עס קומט איצט פאָר — אומזיסט און אומעטיש געהאַרגעטע קינדער! מע דאַרף א סאָף מאַכן דערצו! די ייִסרעיילים דאַרפן זיך באַפרײַען פון אילוזיעס, קוקן מיט אָפענע אויגן און שאָלעם מאַכן מיט דעם פאַקט, אז מיר זײַנען א פאָלק, וואָס איז אויסגעוואָרצלט געוואָרן און האָט דאָס רעכט צו לעבן און עקזיסטירן... מיר, אלס פאַלעסטינער, איז זייער שווער צו מאַסקים זײַן מיטן פאַקט, אז אַלץ, וואָס עס האָט געהערט מיר און מײַן מישפּאָכע, איז אָפּגענומען געוואָרן בא אונדז און מע האָט עס אָפּגעגעבן עמעצן, וועלכער איז געקומען פון פוילן, דײַטשלאַנד אָדער אמעריקע. איר דאַרפט מיך איבערצײַגן מיט לאָגישע אַרגומענטן... די טײַנעס פון אײַער רעגירונג, אז זי קאָן ניט אָנערקענען די אָרגאַניזאַציע פאַר באַפרײַען פאַלעסטינע אלס פאָרשטייער פון דעם פאַלעסטינער פאָלק, איז אַן אַבסורד. איר האָט דאָך אונדז אויף די שטאָכים ניט איבערגעלאָזט קיין שום רעכט צו אָרגאַניזירן זיך פרײַ און לויט אונדזער ווילן. אַזוי אַרום איז געבליבן בלויז שטיצן די פּבאָ. א סאַך ייִסרעיילים וועלן אוודאי טײַנען, אז אַראַפאַט איז א טעראָריסט. נו, און ווער איז זײַנערצײַט געווען בעגין? און ווער איז געווען שאַמיר?.. איר דאַרפט סאָפּקאָלסאָף פאַרשטיין, וויאַזוי עס ווירקט אויף מיר אַזא מין בילד: באַם אַרײַנפאָר קיין גאַזאַ שטייט מייער קאַהאַנע אַליין, ווענדנדיק זיך צו די פאַרבײַפאָרנדיקע פאַלעסטינער, האַלט ער אין איין געוואַלדעווען דורך א רופּאָר־מעגאַפאָן „מאַפּיש פאַלעסטין!" (אויף אַראַביש באַטײַט עס: „פאַלעסטינע איז אויס!" „נידער מיט פאַלעסטינע!"). ווער האָט אים געגעבן דאָס רעכט אויף אַזעלכע כוצפּעדיקע אויסרופן? מײַן מישפּאָכע לעבט דאָ שוין הונדערטער יאָרן. איך ווייס, אז נאָכן פאַרעפנטלעכן דעם דאָזיקן אינטערוויו וועל איך באַקומען פון אים א בריוו מיט דראָונגען פערזענלעך מיר, פונקט ווי דאָס האָט זײַנערצײַט באַקומען מײַן פאָטער. אָבער אומזיסט זײַנען די דאָזיקע דראָונגען! איך וויל זיך פילן פרײַ אין מײַן היימלאַנד. איך וויל פראַנק און פרײַ גיין איבער די גאַסן, ניט מוירע האָבן, אז אָט וועט מען מיך אָפּשטעלן און פאָדערן פון מיר מײַן פערזאָן־שײַן. איך וויל פּאַשעט לעבן. צי דען האָב איך ניט דאָס רעכט דערצו?

אויסקעמפן אַזא רעכט פאַר דעם פאַלעסטינער פאָלק — אַזא איז דער זין און הויפּטציל פונעם אַלפאָלקישן אויפשטאַנד קעגן דער אָקופּאַציע פון די שטאָכים.

# אפן שיידוועג

אונדזערע מיטשפּרעכער דערציילן וועגן די שאַרפע כילוקעדייעס, וועלכע עס האָט אַרויסגערופן אין דער ייִסראָעלדיקער געזעלשאַפט די אַלץ דויערנדיקע אינטיפאַדאַ און דער דורכפאַל פון אַלע פּרווון צו דערשטיקן זי מיט מיליטערישער געוואַלט. עס ווערט אַלץ בולטער די טיפע צעשפּאַלטונג פון דעם ייִדישן יִשעוו אויף צוויי לאַגערן, וועלכע פאַרנעמען פּרינציפּיעל קעגנזעצלעכע פּאָזיציעס אין דער פראַגע וועגן דעם ווײַטערדיקן גוירל פון די אָקופּירטע טעריטאָריעס.

די הערשנדיקע קרײַזן בעראָש מיטן „ליקוד" און מיט דעם שפּאַרבערישן טייל פון דעם „מאַאַראַך", געשטיצט מיצאַד די סאַמע רעכטע שאָוויניסטישע קויכעס, ווילן אפילע ניט הערן וועגן אָנערקענען וועלכער־עס־איז רעכט פונעם פאַלעסטינער פאָלק אויף נאַציאָנאַלער זעלבסטבאַשטימונג. זיי טרעטן קאַטעגאָריש אַרויס קעגן יעדן געדאַנק פון אָפּרופן די אַרמיי פון די שטאָכים און שטרעבן מיט אַלע קויכעס אײַנצוגלידערן זיי אין באַשטאַנד פון דער מעדינע, צו שאַפן אַזוי אַרום „דאָס גאַנץ־איינהײַטלעכע גרויסע ייִסראָעל". פאַר די אַנדערהאַלבן מיליאָן אַראַבישע אײַנוווינער פון די שטאָכים ווערן פאָרגעזען פאַרשיידענע וואַריאַנטן פון א קורצער, אַרומגעשניטענער מוניציפּאַלער אויטאָנאָמיע אונטער דער אויפזיכט פון דער ייִסראָעלדיקער אַרמיי. די שפּאַרבער זײַנען אַנטשלאָסן פאָרצוזעצן די פּאָליטיק פון „אײַזערנער פויסט" לעגאַבע דעם פאַלעסטינער אויפשטאַנד, ניט רעכענענדיק זיך מיט די פּראָטעסטן אין לאַנד און אין אויסלאַנד.

אין קעגנזאַץ דערצו טרעטן אַרויס די ייִסראָעלדיקע שאָלעם־קויכעס פאַר אָפּרופן די אַרמיי פון די שטאָכים און זוכן וועגן צו א שאָלעמדיקער לייזונג פונעם קאָנפליקט. דער לאַגער פון שאָלעם כאַפּט אַרום א גאַנצע ריי פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע קויכעס, וועמענס שטעלונגען באַזירן זיך אויף פאַרשיידענע אידעאָלאָגישע, סטראַטעגישע און מאָראַלישע פּרינציפּן און אַרגומענטן.

דער באַוווסטער ייִסראָעלדיקער קלאַל־טוער פּראָפעסאָר יעשאַיאָו לייבאָוויטש, ענטפערנדיק אין אַן אינטערוויו אויף דער פראַגע, וויאַזוי ער שטעלט זיך פאָר די מעדינע אין 20 יאָר אַרום, דערקלערט: „איך בין קלאָל ניט זיכער, אז זי וועט אומבאַדינגט עקזיסטירן נאָך גאַנצע 20 יאָר. אויב עס וועט געשאַפן ווערן א רעגירונג, וואָס וועט זײַן טעטיק אין דער ריכטונג פון שאָלעם, צעטיילנדיק דאָס לאַנד צווישן ביידע פעלקער, איז פאַראַן אַן אויסזיכט, אז מעדינאַס־ייִסראָעל וועט עקזיסטירן. אויב ניט, האָט די דאָזיקע מעדינע קיין שום אויסזיכטן אויף צו עקזיסטירן" (פון דער צײַטונג „7 ימים", 5 פעווראַל 1988). דער ייִסראָעלדיקער זשורנאַליסט זעעוו שיף שרײַבט אין דער רוסיששפּראַכיקער ייִסראָעלדיקער צײַטונג „נאַשאַ סטראַנאַ" („אונדזער לאַנד") פאַרן 19 פעווראַל 1988:

„די שטאָכים זײַנען א לאַסט, וואָס ווערט מיט יעדן טאָג אַלץ שווערער און שווערער... עס קאָן

דאָך ניט א פּאָלק, וואָס ציילט 3,5 מיליאָן מענטשן, האַלטן אין שטענדיקער באַלאַגערונג א צווייט פאָלק, וואָס ציילט היינט 1,5 מיליאָן און מאָרגן — די גאַנצע צוויי מיליאָן. דאָס אונטערדריקן די אומרוען איז ניט און קאָן ניט זײַן ניצאָכן, סײַדן עס וועלן זיך אָנהייבן אונטערהאַנדלונגען מיט די פּאַלעסטינער. אין קעגנפאַל וועט זיך אָנהייבן א נײַע כוואַליע, א נאָך מער געפערלעכערע ווי די איצטיקע, און סאָפקאָלסאָף וועלן די אַראַבישע מעלוכעס אַרײַנגעצויגן ווערן אין א מילכאָמע קעגן אונדז".

אויך אינעם מיליטער שטײַגט די אומצופרידנקייט מיט דער איצטיקער לאַגע, ווען אָפיצערן און סאָלדאַטן ווערן געצוווּנגען צו פירן מילכאָמע קעגן פרויען און קינדער, אַנווענדן געווער קעגן דעמאָנסטראַנטן, דורכפירן אַרעסטן, אונטערזוכונגען, גײַרושים און אַנדערע ברוטאַלע פּאָליצײַישע אַקציעס.

דער גענעראַל אין רעזערוו דאָוו יירמיִאָו האָט זיך אָפּ אַן עפנטלעכער פאַרזאַמלונג אין כײַפע געווענדט צו די יעלנער פון דער ייִסראָעל-אַרמיי מיטן רוף, זיי זאָלן זיך אָפּזאָגן צו דינען אָפּ די אָקופּירטע געביטן. אין אַן אָפענעם בריוו, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין די צײַטונגען „דאַוואַר", „יעדיאָט כאַדאַשאָט" און „זאָ האַדערעך", באַדויערט ער, וואָס ער האָט זיך ניט אָפּגעזאָגט צו דינען נאָך בײַס דער מילכאָמע אין ליוואָן.

פאַר אַן אויספאָרשונג אין דער כײַפער פּאָליצײַ האָט ער דערקלערט: „ווען דאָס אָפּזאָגן זיך צו דינען אָפּ די שטאָכים וואָלט געוואָרן א מאַסן-טאַט, וואָלט עס עפשער געקאָנט אויסמײַדן דאָס פאַרוואַנדלען די ייִסראָעל-אַרמיי אין א טעראָריסטישן און אונטערדריקונגס-אינסטרומענט. איך רוף די סאָלדאַטן און אָפיצערן אין צאָהאַל אָפּזאָגן זיך פון דינען אָפּ די אָקופּירטע שטאָכים און אָפּשטעלן דאָס הארגענען דעם שאָלעם. מײַנע ווערטער זײַנען ניט געווענדט קעגן דער מעדינע, זיי זײַנען דאַפּקע געווענדט איר צו היילף" („דער וועג", 21 יון 1988).

די ייִסראָעלדיקע צײַטונגען ברענגען זייער אָפט רעשימעס פון סאָלדאַטן און אָפיצערן, וועלכע פאָלגן דעם רוף און ווערן פאַרמישפּעט אָפּ פאַרשיידענע טורמע-טערמינען. ניט געקוקט אָפּ דעם, וואַקסט די צאָל ייִסרעילים, וועלכע טרעטן אַקטיוו אַרויס קעגן דער אָקופּאַציע, און זייער אײַנפלוס כאַפּט אַרום אַלץ ברייטערע קרײַזן, דערין מענטשן, וואָס זײַנען גאַנץ פּאָפּולער. אזא איז, לעמאָשל, דער באַוווּסטער קענער פונעם ייִסראָעלדיקן פּאָלקלאָר, דער פּאָעט דאַן אַלמאַגאָר, וועלכער טרעט אַרויס אָפּ מיטינגען און אין דער פּרעסע מיט שאַרפע פּראָטעסט-רעדעס און פּראָטעסט-לידער קעגן דעם, וואָס עס קומט פאָר אָפּ די שטאָכים. אָט איז (אין מײַן איבערזעצונג) איינע פון זײַנע לידער, פאַרעפנטלעכט אין „כאָטאַם" („דער שטעמפּל") פאַרן 16 דעקאַבער 1988:

## אָ ט  ד י  ד אָ ז י ק ע  ס אָ ל ד א ט ן

אָט די דאָזיקע סאָלדאַטן,
די היסטאָרישע סאָלדאַטן
פון די ביכלעך פאַר די קינדער,
פון „זיכרוינעס פון בייס-דאָוויד",
וועלכע מיר האָבן געלייענט:
די אשורישע סאָלדאַטן,
און די באָוולשע סאָלדאַטן,
און די גריכישע סאָלדאַטן
און די רוימער —

ווי געהאַסט מיר האָבן זיי,
ווען געלייענט האָבן מיר,
ווי זיי קומען אין דעם דאָרף,
און זיי נישטערן און זוכן
אין די שטיבער און אין היילן
אָט דעם אַלטן מאַטיסיאָהו[1]
און די זין זײַנע די יונגע
די קאַנאָים[2].
ווי געווּנטשט מיר האָבן זיי,
אָט די דאָזיקע סאָלדאַטן,
באָר א דורכפאַל, א מאַפּאָלע...

אָט די דאָזיקע סאָלדאַטן
פון די פילמען פון דער יוגנט
וועגן וועלט-מילכאָמעס-שוידער,
קריגס-געפאַנגענע אין לאַגער,
וועגן שטעט אין אָקופּאַציע,
און אָטריאַדן פּאַרטיזאַנער,
אונטערערדישע גיבוירים —

אָט די דאָזיקע סאָלדאַטן,
ווי געהאַסט מיר האָבן זיי,
ווען געזען מיר האָבן זיי.
ווי זיי נישטערן אַדורך
הויז נאָך הויז און שטוב נאָך שטוב,
און דעם פּאַרטיזאַן זיי זוכן
וואָס פאַרוווּנדעט ליגט אין קעלער...

אָט די בריטישע סאָלדאַטן,
וואָס מיר האָבן זעלבסט געזען זיי,
ווי זיי טראָגן זיך אַרום
אין געפּאַנצערטע טאַנקעטקעס

[1] מאַטיסיאָהו — דער אָנפירער פונעם אופשטאַנד פון די ייִדן קעגן די גריכישע אָקופּאַנטן (167 יאָר פאַר דער נײַער צײַט-רעכענונג).
[2] קאַנאָים — דאָ מיטן באַטײַט „מיט לײַב און לעבן איבערגעגעבענע טרײַע פּאַטריאָטן".

און זיי שרײַען אין דעם רופאָר:
„דאָס ארויסגיין איז פארבאָטן!"
ווי דעם שאָכן פון זײַן הויז
רײַסן זיי מיט געוואלט ארויס
צום ארעסט און צום פארשפארן
הינטער שטעכלדראָט פון לאגער,
צום פארשיקן און פארטרײַבן
פונעם לאנד ארויס, ארויס...
— — — — — — — — — — — — —
אָט די דאָזיקע סאָלדאטן
פון די טעלעוויזיע־עקראנען...
מע צעטרײַבט דאָרט דעמאָנסטראציעס
פון קאָרייער און טשיליער
און פון דאָרעם־אפריקאנער.
אין די הענט — די פלאסטיק־שילדן,
שטורמען זיי מיט טרער־גראנאטעס
און מיט שטעקענעס, און שלאָגן
בירגער, יוגנטלעכע, פרויען
און סטודענטן...

אָט די דאָזיקע סאָלדאטן,
אָט די דאָזיקע סאָלדאטן,
וואָס מיר האָבן זיי געהאסט
פון קינדווײַז אָן,
און מיר האָבן זיי פאראכט
פון קינדווײַז אָן,
און געלערנט פײַנט צו האָבן זיי
פון קינדווײַז אָן, —
אָט די דאָזיקע סאָלדאטן
זײַנען איצטער —
די סאָלדאטן אונדזערע,
און די ברידער אונדזערע,
און די זין די אונדזעריקע.
מיר.

(געלייענט אף א צוזאמענטרעף פון אוויאציע־אָפיצערן אף א מיליטערישער אוויאבאזע, אָקטיאבער 1988).

דעם 20־טן מײַ, אין טאָג פון אונדזער ארויספאָרן פון ייִסראָעל צוריק אהיים, קויף איך אָפן אעראָדראָם עטלעכע צײַטונגען. איך קוק זיי דורך, און מײַן אופמערקזאמקײַט ציט זיך צו איינע פון די אָנגעזעענסטע און עלטסטע צײַטונגען אין ייִסראָעל „האארעץ". אף א גאנצער זײַט פון גרויסן פאָרמאט איז אין איר פארעפנטלעכט א דערקלערונג, וואָס פאָרמולירט זייער שאַרף די פאָזיציע און די פאָדערונגען פון די ייִסראָעלדיקע אנטי־אָקופאציע־קויכעס, וועלכע טרעטן דאָ ארויס אונטערן נאָמען „דאָס 21־טע יאָר".

די אויטאָרן פון דער דערקלערונג ווענדן זיך מיטן רוף איבערצוגיין פון דעקלאראטיווע פראָטעסטן צום פערזענלעכן אָנטייל פון יעדן ערלעכן ייִסראָעל־בירגער אינעם קאמף קעגן יעטווידער דערשײַנונג פון דעם אָקופאציע־רעזשים.

„זאָגט זיך אָפ פון וועלכע־ניט־איז טוריסטישע עקסקורסיעס און אויספלוגן אף די אָקופירטע שטאָכים! זײַט ניט קיין ניט־געבעטענע געסט! זוכט ניט קיין ביליקע מערק און אָפרו־ערטער אונטער דער שוץ פון ארמייִשע שפיזן! באטייליקט זיך ניט אין דער שענדלעכער עקספלואטאציע פון די פאלעסטינער ארבעטער! שטעלט צום שאנדסלופ און בויקאָטירט אונטערנעמונגען, ווו די פאלעסטינער האָבן ניט קיין מענטשלעכע ארבעטס־באדינגונגען און ווערן ניט־אָנשטענדיק באהאנדלט! גייט ניט פארבײַ פאלן, ווען איר זעט, ווי מע איזדיעקעוועט זיך איבער פאלעסטינער אף די גאסן פון אונדזערע שטעט! נעמט אָן אלע מאָסמיטלען, קעדיי צו מאכן א סאָף צו אזעלכע איזדיעקענישן! מע טאָר ניט שאָלעם מאכן מיט דער אונטערדריקונג, מיט די דערנידעריקונגען און מיטן טרעטירן די מענטשלעכע ווירדע פון די אײַנוווינער אף די שטאָכים! קעמפט קעגן די קאָלעקטיווע שטראָפן, גיירושים, ארעסטן אָן וועלכן־ניט־איז געריכט־אורטייל! מישט זיך פערזענלעך ארײַן אף די ערטער, ווו דאָס געשעט! קויפט ניט קיין סכוירעס, וואָס ווערן פראָדוצירט אין די מיליטאריזירטע ייִשווים אף די אָקופירטע שטאָכים! בויקאָטירט זיי און האלט ניט אונטער מיט זיי קיין שום עקאָנאָמישע באציִונגען און קאָנטאקטן! לאָזט זיך ניט אָפנארן, ווען מע וויל אײַך אײַנרעדן, אז ס'איז ניטאָ קיין שום אונטערשייד צווישן דעם ווידערשטאנד פונעם פאלעסטינער פאָלק קעגן דער אָקופאציע און דעם פאלעסטינער טעראָר, דאָס זײַנען פארשיידענע זאכן! פאָלגט ניט די באפעלן, ווען מע הייסט אײַך באטייליקן זיך אינעם פאטרולירן און אין אונטערדריקונג־אקציעס אף די אָקופירטע שטאָכים!.. דאָס אָפזאָגן זיך פון מיטארבעטן מיט די אָקופאנטן איז אונדזער מאָראלישער כיוו לעגאבע אונדזער ייִסראָעל־פאָלק און לעגאבע אונדזער אייגענעם געוויסן! לאָמיר קעמפן דערפאר, אז ייִסראָעל זאָל סײַ טעאָרעטיש, סײַ פראקטיש אינעם טאָגטעגלעכן לעבן אראָפגיין פון די אָקופאציע־פאָזיציעס און ארופגיין אפן וועג פון שאָלעם!"

אין דער צײַטונג זײַנען אָנגעגעבן די נעמען פון אלע 1500 מענטשן, וועלכע האָבן אונטערגעשריבן די דערקלערונג. די לייענער ווערן גערופן, זיי זאָלן צושיקן שריפטלעכע מעלדונגען וועגן זייער האסקאָמע און אונטערשטיצונג.

די לייענער פון די דאָזיקע שורעס, האָף איך, וועלן מיר מויכל זײַן די עפשער צומאָל צו גרויסע ציטאטעס, נאָר זיי גיבן א מעגלעכקײַט גענויער צו באקאנען זיך מיט די יעסוידעסדיקע פאָדערונגען און שטעלונגען פון דער ייִסראָעלדיקער אנטי־

אַקופּאַציע־באַוועגונג, מיט וועמענס פאַרשטייער מיר האָבן זיך געטראָפן אין ירושלאַיִם.

דער אופרוף פונעם „21־טן יאָר“ האָט געפונען א ברייטן אָפּקלאַנג. זײַענדיק שוין אינדערהיים, האָבן מיר פון דער פּרעסע זיך דערוווּסט, אז דעם 1 יוני 1988, ווען עס איז געוואָרן 21 יאָר זינט דעם אָנהייב פון דער „זעקסטאָגיקער“ מילכאָמע, איז אין טעל־אוויוו פאָרגעקומען א פילטויזנטקעפיקע פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציע. בעראָש פון איר זײַנען געגאַנגען פרויען אין שווארצע טרויערקליידער, טראָגנדיק טראַנספּאַראַנטן און לאָזונגען קעגן דער ווײַטערדיקער אַקופּאַציע פון די שטאָכים. א סאַך יונגע פּאָרלעך זײַנען געקומען מיט זייערע קינדער, אויסדריקנדיק דערמיט דעם ווונטש, אז זייערע זין און טעכטער זאָלן קיינמאָל ניט פאַרוואנדלט ווערן אין „קאַנאָנען־פלייש“ פאַר קומענדיקע מילכאָמעס. אין געשלאָסענע רייען האָבן מאַרשירט די „שמיניסטן“ — די ארויסלאָזניקעס און שילער פון די עלטערע אכטע גימנאַזיע־קלאַסן, וועמען עס שטייט פאָר אינגיכן צו מאָביליזירט ווערן אין דער ארמיי. זיי האָבן געטראָגן לאָזונגען: „זאָגט זיך אָפּ פון מיליטער־דינסט אויף די אַקופּירטע געביטן!“, „נידער מיט דער אַקופּאַציע!“, „קערט אום אונדזערע זעלנער צוריק אַהיים!“, „שיסט ניט און ווײַנט ניט!“, „פאַר א דויערהאַפטן שאָלעם צווישן ייִסראָעל און פּאַלעסטינע שוין איצט!“.

שפּעט באַנאַכט קערן מיר זיך אום קיין טעל־אוויוו. מיר געפינען זיך נאָך אַלץ אונטערן אײַנדרוק פון די נאָרוואָס דורכגעלעבטע געשעענישן — דעם פײַערלעכן מיטינג אינעם וואלד אפן נאָמען פון דער סאָוועטישער ארמיי, די צוזאמענטרעפן מיט פאָרשטייער פון די ייִסראָעלדיקע שאָלעם־קויכעס. מיר האָבן זיך נאָכאַמאָל איבערצײַגט, אז אין ייִסראָעל זײַנען פאַראַן ניט בלויז מיניסטאָרן מיט אַן „אײַזערנער פויסט“ און רעליגיעזע פאַנאַטיקער. מיט פרייד האָבן מיר פעסטגעשטעלט, אז עס איז פאַראַן אויך אַן אנדער ייִסראָעל, וועמענס בעסטע זין און טעכטער קעמפן שוין איצט פאַר א זיכערן שאָלעם, פאַרן וווילזײַן פוןביידע פעלקער אויף דער דאָזיקער אוראַלטער ערד.

---

# כראָניק

## א באַגעגעניש אין קולטור־צענטער

אין לאָקאַל פונעם מאָסקווער קולטור־צענטער אויף ש. מיכאָעלסעס נאָמען איז פאָרגעקומען א באַגעגעניש מיטן הויפּט־רעדאַקטאָר פון „סאָוועטיש היימלאַנד“ אַרן ווערגעליס. אין צושויער־זאַל האָבן זיך געפונען ייִדישע ליטעראַטן, קינסטלער, ארטיסטן, לייענער און ליבהאָבער פונעם ייִדישן וואָרט.

אַרן ווערגעליס האָט גערעדט וועגן די אקטיווע פּראָצעסן, וועלכע קומען פאָר אין אונדזער שעפערישער סוויווע און פאָדערן א פאַראַנטוואָרטלעכן צוגאַנג, האָבנדיק אין זינען די אויפגאַבן פון דער פּערעסטראָיקע. ענטפערנדיק אויף פראַגעס פון די בײַוועזנדיקע, האָט ער באַזונדערס אונטערגעשטראָכן די נויטווענדיקייט צו פאַרברייטערן און פאַרטיפערן די באַמיִונגען פון אַלע שעפער פון אונדזער קולטור און ליטעראַטור.

מיט גרויסן אינטערעס זײַנען אויפגענומען געוואָרן אַרן ווערגעליסעס נײַע לידער, וועלכע ס׳האָט געלייענט אַליין דער אווטאָר, ווי אויך די זינגלידער אויף זײַנע ווערטער אין דער אויספירונג פון דער אקטריסע אַלעקסאַנדרע גאַרעליק.




פראָפ. נ. מ. ניקאָלסקי

# דאָס אוראַלטע פאָלק ייִסראָעל

## 10. דער קורבן פון מאלכעס יעהודע

אין הונדערט יאָר אַרום נאָכן קורבן פון שאָמרוין איז אויך דאָס קליינע קיניגרייַך יעהודע געווען גאָר נאָענט צום אונטערגאַנג. פון צאָפן האָט עס געהאַט אזא מעכטיקן שאָכן, ווי די מעלדכע פון אַרעם־נאַהאַרים (מעסאָפּאָטאַמיע), בעראָש פון וועלכער ס׳זייַנען אין יענער צייַט געשטאַנען די קיניגן פון באָוול. צו דאַרעם־צו האָבן זיך די געגנטן געפונען אין די הענט פון פּאַרע. די מיצרים האָבן זיך שוין לאַנג געקליבן ארויסטרעטן קעגן די צאָפנדיקע שכיינים פון יעהודע, ווייַל די אשורער האָבן שוין לאַנג געהאַט אייַנגענומען דעם גאַנצן פיניקיישן ברעג פון מיטללענדישן יאם, און דער גאַנצער האַנדל פון מיצראַיִם איז געווען אין א גרויסער סאַקאָנע. א האַרטנעקיקן קאַמף האָבן געמוזט אויסהאַלטן די מיצרים, קעדיי אייַנצוהאַלטן זייער מאַכט און רייַכקייַט. און אָט דאָס קליינע קיניגרייַך יעהודע איז געווען צונויפגעדריקט צווישן די צוויי דאָזיקע ריזן. ניטאָ, דוכט זיך, פאַר אים קיין רעטונג: „אָדער דער, אָדער יענער שאָכן וועט אים אייַנגיכן מוזן אייַנשלינגען. אין אזא שווערער צייַט פון געדריקטער אָנגעשפּאַנטער שטימונג האָבן זיך פיל פון די בניי־יעהודע פאַרטראַכט וועגן דער שווערער לאַגע און געזוכט מיטלען, וויאַזוי צו געפינען פון איר אַן איסוועג. די קויהאַנים פון בייס־האַמיקדעש האָבן געמיינט, אז זיי האָבן געטראָפן די עמעסע סיבע, אז זיי זייַנען דערגאַנגען, פאַרוואָס איז אומגעקומען עפראַיִם, און וואָס דאַרף טאָן יעהודע, קעדיי איסצומייַדן דעם זעלבן אומגליקלעכן גוירל. זיי האָבן געזאָגט, אז דער גאַנצער אומגליק איז אָנגעקומען אף עפראַיִמען דערפאַר, וואָס ער האָט ניט אָנערקענט יאַהווע פאַר דעם איין־און־אייַנציקן גאָט פון ייִסראָעל און זייַן בייס־האַמיקדעש אין יערושאָלאַיִם פאַרן איקער מאָקעם־קוידעש פון ייִסראָעל. זיי האָבן געזאָגט, אז גאָט האָט קעסיידער אייַנגעטייַנעט מיט די אַקשאָנים, די בניי־עפראַיִם: דינט ניט קיין אַנדערע געטער, כוץ יאַהווע, וועלכער האָט אייַך אויסגעלייזט פון מיצראַיִם, — און זיי האָבן ניט געפאָלגט און געטאָן אַלץ לויט זייערע אַלטע געוווינהייַטן, זיי האָבן אָפּגעגעבן קאָוועד יאַהווע, אָבער געדינט אויך אַנדערע געטער, און אזויווי זייערע אָוועס האָבן געטאָן, אזוי האָבן אויך געטאָן די קינדער. און דערפאַר, פלעגן זאָגן די קויהאַנים, איז יאַהווע אַרייַן אין גרויסן צאָרן אף ייִסראָעל און האָט אָפּגעקערט זייַן פּאָנעם פון אים, און ס׳איז איצט מער ניט פאַרבליבן, ווי דער אייַנציקער שיווע׳ט יעהודע. אזוי האָבן געדענקט די קויהאַנים פון יערושאָלאַיִם, און אין איין פּראַט זייַנען זיי גערעכט געווען. וואָלט עפראַיִם געהאַלטן פאַר דעם הויפּט־גאָט יאַהווע און פאַר דעם הויפּט־מאָקעם־קוידעש דעם בייס־האַמיקדעש אין יערושאָלאַיִם, וואָלט, פאַרשטייט זיך, געקומען א סאָף צו דער צעטיילונג פון די שוואָטים; די בניי־עפראַיִם וואָלטן זיך צוגעווינט גיין

פאַרזעצונג. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד” נום. 1—5, 1989.

קיין יערושאָלאַיִם דינען גאָט און זיי וואָלטן זיך גיך איַינגעלעבט מיטן געדאַנק, אַז דער עמעסער קיניג פון ייִסראָעל איז טאַקע דער קיניג פון יעהודע, ווײַל צו אים געהערט דער בייס־האַמיקדעש און אין זײַן לאַנד איז דאָס וווינאָרט פון יאַהווע. און דאָס גאַנצע פאָלק ייִסראָעל וואָלט זיך דעמלט פאַרייניקט אונטער דער מאַכט פון איין קיניג, זייער מעלוכע וואָלט געוואָרן פיל שטאַרקער און וואָלט געקאָנט מיט מער זיכערקײַט קעמפן קעגן די סאָנים און די קויהאַנים פון יערושאָלאַיִם וואָלטן אויך ניט צוגעלייגט דערצו: אַלע קאָרבאָנעס וואָלט מען געבראַכט אין בייס־האַמיקדעש, און דאָס וואָלט געווען לעטויוועס די קויהאַנים פון יערושאָלאַיִם, אַזוי האָבן געטראַכט די קויהאַנים. איצטער, ווען מאַלכעס יעהודע איז שוין אויך געשטאַנען נאָענט פאַר א געפאַר, האָבן זיי געהאַט בעדייע דורכצופירן אין מאַלכעס יעהודע אָט די וויכטיקע רעפאָרם, וועלכע האָט זיך ניט איַינגעגעבן אין עפראַיִם.

אין מאַלכעס יעהודע האָבן די קויהאַנים פון יערושאָלאַיִם אויך געהאַט גאַנץ גענוג קעגנער. אין בעער־שעווע, כעווראָן, גאַוואָא, אין בייס־לעכעם און אַנדערע שטעט זײַנען נאָך פון אַמאָליקע יאָרן געווען אייגענע הייליקײַטן; די קויהאַנים פון די דאָזיקע הייליקײַטן האָבן געהאַט א גאַנץ גרויסע מאַכט, האָבן באַזיצט גרויסע נאַכלעס, זײַנען קנאַפּ וואָס געווען אונטערטעניק דעם קיניג פון יעהודע און האָבן געלעבט ווי זעלבשטענדיקע סאָרים. אין יערושאָלאַיִם גופע האָבן די קויהאַנים פון בייס־האַמיקדעש אויך געהאַט א סאַך קעגנער: דאָס זײַנען געווען די קויהאַנים פון פאַרשיידענע געטער, וועלכע די קיניגן פלעגן איַינפירן בא זיך, וועלנדיק נאָכמאַכן זייערע אויסלענדישע שכיינים. ס׳זײַנען געווען קויהאַנים פון פיניקיישן באַאַל, מוילעך, אַשטאָרעס, און פון דער זון און פון דער איבעריקער הימלשער אַרמיי. כוץ דעם, האָט יעדע גאַס געהאַט איר מיזבייעך לעקאָוועד דעם גאָט־באַשיצער פון דער דאָזיקער גאַס אָדער קוואַרטאַל. די גרויסע צאָל קויהאַנים פון אָט די אַלע געטער האָבן געהאַט פּאַרנאָסע פון דעם זעלבן מעקאָר, ווי די קויהאַנים פון בייס־האַמיקדעש, פון דעם קיניגס גנאָד. די קויהאַנים פון נאַציאָנאַלן גאָט יאַהווע האָט דאָס ניט געלוינט, און זיי האָבן זיך געפילט באַליידיקט דערמיט, וואָס זיי מוזן זיך טיילן מיט די קויהאַנים פון פרעמדע געטער, מיט די סטידים פון קיניג. און איצטער, ווען מאַלכעס יעהודע האָט זיך באַזונדערס גענייטיקט אין אייניקײַט און אין א שטאַרקער קיניגלעכער מאַכט, האָבן די קויהאַנים פון יאַהווע געפרוּווט נאָכאַמאָל נוּיטן דעם קיניג איַינצושטעלן, אַז דינען מעג מען נאָר יאַהווע, און ניט קיין אַנדערע געטער. אַזעלכע פרווון זײַנען שוין געמאַכט געוואָרן צוויי מאָל: ווען דער קיניג יעהאָשאָפאַט האָט פאַנאַנדערגעשיקט דעם „סייפער האַבריס“, אין וועלכן ס׳איז געווען געשריבן, אַז יאַהווע איז דער איין־אייציקער גאָט פון ייִסראָעל, און קיין אַנדערע געטער טאָר ייִסראָעל ניט האָבן, און דאָס צווייטע מאָל, ווען דער קיניג כעזקיִאָהו, וועלכער איז געווען אָנגעשראָקן מיטן כורבן פון שאָמרוין, האָט געפרוּווט פאַרניכטן אַלע אָרטיקע געצן־בילדער, נאָר דאָס ערשטע מאָל האָבן זיך די אָרטיקע קויהאַנים פאַשעט גאָרניט גערעכנט מיט די געבאָטן פונעם פאַנאַנדערגעשיקטן בוך, און דאָס צווייטע מאָל האָט מען, גלײַך נאָך דעם קיניגס באַפעל צו צעשטערן די אַלטע הייליקײַטן, זיי באַלד אויפגעריכט צוריק.

אין 640־טן יאָר איז געוואָרן קיניג אין יעהודע יאָשיִאָהו, וועלכער איז אַלט געווען אכט יאָר. די קויהאַנים פון יאַהווע האָבן פון אָנהייב אָן געזאָרגט וועגן דעם קינד און איַינגעפלאַנצט אין אים דאָס געפיל פון איבערגעגעבנקײַט צו יאַהווע. אַז יאָשיִאָהו איז עלטער געוואָרן און געוואָרן א דערוואַקסענער מאַן, האָט ער זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַן איבערגעגעבנסטן דינער פון יאַהווע און האָט באַשלאָסן איבערצומאַכן און פאַריכטן דעם בייס־האַמיקדעש. בעשאַס ס׳איז פאָרגעקומען די אַרבעט אין בייס־האַמיקדעש, האָט מען איבערגעגעבן דעם קיניג, אַז דער קויהען גאָדל כילקיִאָהו האָט געפונען אין בייס־האַמיקדעש א סייפער, וואָס מע ווייסט ניט, פונוואַנען האָט ער זיך דאָרט גענומען; ס׳האָט זיך פאַרשפּרייט א קלאַנג, אַז דער דאָזיקער סייפער איז מיט א נעס אַרײַנגעפאַלן אין בייס־האַמיקדעש, אַז דאָס איז א סייפער־טוירע פון יאַהווע. מע דאַרף מיינען, אַז די קויהאַנים אַליין האָבן טאַקע אָנגעשריבן דעם בוך, און דערנאָך האָבן זיי געטאָן לויטן מינהעג פון מיצראַיִם: דאָרט פלעגט מען יעדן נײַעם געזעץ אַוועקלייגן אין טעמפּל פון גאָט פון מישפּעט און עמעס טאָט צו די פיס פון זײַן סטאַטוע און דערנאָך פלעגט מען פײַערלעך דערקלערן דעם פאָלק, אַז צופוסנס בא גאָט האָט מען געפונען א נײַעם בוך מיט געזעצן, אָנגעשריבן, געוויינלעך, פון גאָט אַליין. כילקיִאָהו האָט איבערגעגעבן דעם סייפער דעם קיניגלעכן סויפער (סעקרעטאַר) שאָפן, און שאָפן האָט אים פאָרגעלייענט פאַרן קיניג. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין דעם דאָזיקן סייפער זײַנען פאַרשריבן מיצוועס און דינים, וועלכע דאָס פאָלק האָט געדאַרפט אָפּהיטן אין דעם לאַנד, וואָס יאַהווע האָט אים אָפּגעגעבן. מע האָט געדאַרפט צעשטערן אַלע ערטער, ווו די פריִערדיקע איַינוווינער פון קנאַאַן האָבן געדינט זייערע געטער, אַלע באַמעס, הייליקע וועלדלעך, הייליקע מאַציייוועס, אַלע מיזבייכעס, דינען דאַרף מען נאָר איין יאַהווע און נאָר אין איין אָרט, דאָרט, ווו יאַהווע וועט אויסוויילן פאַר זײַן וווינאָרט. אין דעם אָרט מוז מען ברענגען אַלע קאָרבאָנעס אין

אַלע יאָמטויווים, און אויב עמעצער וועט שעכטן א רינד אָדער א ציגנבאָק בא זיך אינדערהיים און וועט אים אופעסן, וועט עס שוין זײַן ניט קיין קאָרבן, נאָר פּאָשעט א סודע פאר זיך. מע דארף אומברענגען אַלע געווײַים פון פרעמדע געטער, אַלע קישעפ־מאכער, אַלע באַשווערער. ס'דארפן פארבלײַבן נאָר די קויהאנים פון יאַהווע.

אין סייפער־טוירע איז אויך געווען אָנגעוויזן, וויאזוי מע דארף פײַערן די יאָמטויווים און ברענגען קאָרבאָנעס; כוץ דעם, זײַנען געווען איבערגעכאזערט — מיט קליינע ענדערונגען — די געזעצן וועגן מישפּעט אין די ציוויל־כוקים פון סייפער־האבריס. דעם קיניג האָט מען אײַנגערעדט, אז ער זאָל זיך אָפּשרײַבן דעם סייפער פאר זיך (דער סייפער גופע דארף זײַן בא די קויהאנים), און זאָל אים לייענען די גאנצע טעג פון זײַן לעבן, און זאָל זיך ניט אָפּקערן פון דעם געזעץ ניט אַף רעכטס, ניט אַף לינקס. פארן אויספירן דעם געזעץ האָט יאַהווע צוגעזאָגט דעם פאָלק אַלדאָס גוטס: „איך וועל שיקן אַף דײַן ערד רעגן אין דער צײַט, דעם פרי־רעגן (יוירע) און דעם שפּעטיקן רעגן (מאלקאָש), און דו (ייסראָעל) וועסט אראָפּנעמען דײַן ברויט, דײַן ווײַן און דײַן אייל. פאר דײַן פי אין דײַן פעלד וועל איך געבן גראָז, און דו וועסט עסן דײַנע פי און זיך אָנזעטיקן... יאַהווע וועט צעשלאָגן די סאָנים, וועלכע וועלן אופשטיין קעגן דיר, מיט איין וועג וועלן זיי ארויסטרעטן קעגן דיר און מיט זיבן וועגן וועלן זיי אנטלויפן פאר דיר; יאַהווע וועט פארטרײַבן אַלע פעלקער פון דײַן פּאָנעם, און דו וועסט בײַקומען פעלקער גרעסערע און שטארקערע פאר דיר; יעדעס אָרט, ווו ס'וועט טרעטן דײַן פוס, וועט זײַן דײַנס, פון מידבער ביז לעוואנאָן, פון טײַך פּראָס ביזן מײַרעוו־יאם וועלן זײַן דײַנע גרענעצן". נאָר אויב די געזעצן פון דעם נײַעם סייפער וועלן ניט אויסגעפירט ווערן, דאן שרעקט יאַהווע מיט אַלערליי קלאָלעס: „אָנקומען וועלן אַף דיר אָט די אַלע קלאָלעס: פארפלוכט וועסטו זײַן אין שטאָט און פארפלוכט וועסטו זײַן אין פעלד, פארפלוכט וועלן זײַן דײַנע שפּײַכלערס און דײַנע שפּײַז־אַלמערס; פארפלוכט איז די פרוכט פון דײַן לײַב און די פרוכט פון דײַן ערד, די פרוכט פון דײַנע רינדער און שעפסן... יאַהווע וועט אָנשיקן אַף דיר שווינדזוכט, היץ־קראנקהײַטן, קאדאָכעס, בראנד־פיבער, טריקעניש, גליִענדיקע ווינטן און געלבזוכט. די הימלען איבער דײַן קאָפּ וועלן ווערן ווי קופער און די ערד אונטער דיר ווי אײַזן, אָנשטאָט רעגן וועט דיר גאָט שיקן שטויב, און זאמד פון הימל וועט פאלן אַף דיר, ביז דו וועסט ניט פארניכטעט ווערן. יאַהווע וועט אָנשיקן אַף דיר א פאָלק פונדערווײַטנס, פון עק וועלט, זײַן שפּראך וועסטו ניט פארשטיין, ער וועט דיך דריקן אין אַלע דײַנע ווינערטער, ביז ער וועט ניט צעשטערן אין דײַן גאנץ לאנד אַלע דײַנע הויכע און פעסטע מויערן, אַף וועלכע דו האָפסט, און דו וועסט צעשפּרייט ווערן צווישן אַלע פעלקער פון דער ערד. און אזויווי יאַהווע האָט זיך געפרייט, ווען ער האָט דיר גוטס געטאָן און געטאָן דיך פארמערן, אזוי וועט זיך פרייען יאַהווע, ווען ער וועט דיך פארטיליקן און פארניכטן. פארטריבן וועסטו ווערן פון דעם לאנד, וואָס יאַהווע האָט דיר אָפּגעגעבן"[1].

אז יאָשיִיאָהו האָט אויסגעהערט די ווערטער פון דעם נײַעם סייפער, האָט ער פאר שרעק, וואָס ביז איצט האָט מען ניט אָפּגעהיט דעם דאָזיקן געזעץ, צעריסן אַף זיך זײַנע קליידער; ער



א לײמען ברעטל פון באַוול, וואָס דערציילט וועגן דעם פארכאפּן פון נינעוויִע מיצאַד נאבאָפּאלאסאר:

---

[1] אָט דער סייפער געפינט זיך אין „דוואָרים" קאפיטלעך 12—26; קעדיי דער נײַער סייפער זאָל אויך אזוי געאכטעט ווערן, ווי דער סייפער־האבריס און די אסערעס האדיבערעס, האָט מען דערנאָך צוגעשריבן, אז דעם סייפער האָט מױשע געגעבן דעם פאָלק ייִסראָעל פארן ארײַנגיין אין דעם לאנד קנאאן.

האָט גלײַך געשיקט כילקיאָהו, שאָפֿענען מיט צװײ מעקוראָװים צו דער נעװיִע כולדע, דער פֿרױ פֿון קיניגלעכן באַאַמטן שילעם, פֿרעגן זי װעגן די װערטער פֿון סײפֿער: „גרױס איז דער צאָרן פֿון גאָט אױף אונדז, װײַל אונדזערע אָװעס האָבן זיך ניט צוגעהערט צו די רײד פֿונעם דאָזיקן סײפֿער". כולדע האָט געפֿרעגט יאַהװע און געגעבן אָט דעם ענטפֿער: „אַזױ זאָגט יאַהװע: איך װעל ברענגען אַן אומגליק אױף אַלע אײַנװױנער פֿון דעם דאָזיקן לאַנד, אַלע קלאָלעס פֿונעם סײפֿער, װאָס דער קיניג פֿון יעהודע האָט געלײענט, װעל איך אױף זײ אָנשיקן דערפֿאַר, װאָס זײ האָבן מיך פֿאַרלאָזט און געריכערט צו פֿרעמדע געטער. דערפֿאַר אָבער, װאָס דער קיניג פֿון יעהודע האָט טשוװע געטאָן פֿאַר יאַהװע און האָט צעריסן זײַנע קלײדער, װעט ער בעשאָלעם אַװעקגײן צו זײַנע אָװעס, און זײַנע אױגן װעלן ניט זען די צאָרעס, װעלכע גאָט װעט אָנשיקן אױפֿן דאָזיקן אָרט". נאָך אָט דער טשוװע איז דעם קיניג מער ניט געבליבן, װי באַװיליקן יאַהװע און שטרענג אָפּהיטן זײַן ראַצױן, װעלכער איז אױסגעדריקט אין דעם נײַעם סײפֿער. מע האָט צונױפֿגערופֿן אַלע אײַנװױנער פֿון יערושאָלאַיִם אין בײס־האַמיקדעש, און דאָרט האָט דער קיניג, אַרומגערינגלט פֿון זײַנע הױף־לײַט, די קױהאַנים און נעװיִים פֿון יאַהװע, איבערגעלײענט אױפֿן קאָל דעם סײפֿער, װעלכן מע האָט געפֿונען אין בײס־האַמיקדעש. דערנאָך, שטעלנדיק זיך מיטן פּנים צום אָרן, האָט דער קיניג געשװױרן אָפּהיטן דעם געזעץ, און דאָס גאַנצע פֿאָלק האָט נאָכגעזאָגט נאָכן קיניג די שװוּע. דערנאָך האָט מען אָנגעהױבן אָפּרײניקן דעם בײס־האַמיקדעש. מע האָט פֿון הײכל אַרױסגעטראָגן אַלע כײלים, װאָס זײַנען געװען געמאַכט צו דינען באַאַלן, אַשטאָרעס און דעם הימלשן כאַיִל, אַלע זײערע געשטאַלטן און הײליקע קײלים, די פֿערד און דעם רײַטװאָגן פֿון דעם גאָט פֿון דער זון; דאָס אַלץ האָט מען אַרױסגעטראָגן אױסער דער שטאָט יערושאָלאַיִם, אין טאָל קעדראָן, און דאָרט עס פֿאַרברענט; דער טױפֿעס, די הײליקײַט פֿון מױלעך, װאָס האָט זיך געפֿונען אין טאָל בען־הענאָם, איז צעשטערט געװאָרן, און מע האָט עס געמאַכט פֿאַר אַן אָרט אױף אָפּצװואַרפֿן אַהין מיסט. דערנאָך איז אױך געקומען די צײַט פֿון די באַמעס, לעכאַטכילע אין יערושאָלאַיִם, דערנאָך אױך אין דער פּראָװינץ: די מיזבײכעס אױף די באַמעס זײַנען צעשטערט געװאָרן, די הײליקע בײמער פֿאַרברענט, די מאַצײװעס צעבראָכן, די הײליקע װעלדלעך אױסגעהאַקט, די קױהאַנים פֿון אַלע צעשטערטע הײליקײַטן האָבן פֿאַרלױרן זײערע שטעלעס און פּאַרנאָסעס, נאָר אײניקע קױהאַנים פֿון די באַמעס האָבן באַקומען שטעלעס באַם בײס־האַמיקדעש, אַלע שײדים־באַשװערער און אַנדערע קישעפֿמאַכער זײַנען אױסגעהאַרגעט געװאָרן. נאָכדעם װי דאָס אַלץ איז אָפּגעטאָן געװאָרן, האָט מען געפּײַערט דעם כאַג־האַפּײסעך שטרענג לױטן נײַעם געזעץ, װי ס'איז נאָך קײנמאָל ניט געפּײַערט געװאָרן ביז דעם טאָג.

די קױהאַנים פֿון יאַהװע האָבן דערגרײכט זײער ציל: אױסער דעם בײס־האַמיקדעש אין יערושאָלאַיִם איז מער קײן הײליקײַטן ניט פֿאַרבליבן. זײערע פּאַרנאָסעס זײַנען מיטאַמאָל אױסגעװאַקסן, נאָר ניט לאַנג האָט געדױערט זײער סימכע. אין פֿיל ערטער האָט דאָס פֿאָלק באַװײנט זײַנע פֿריִערדיקע געטער, און װי נאָר יאָשיִאָהו איז געשטאָרבן, זײַנען אין אַ סאַך ערטער אין דער פּראָװינץ צוריק אױפֿגעריכט געװאָרן די באַמעס. די מאַכט פֿון דעם קיניג פֿון יעהודע איז אַדאַנק דער דורכגעפֿירטער רעפֿאָרם ניט גרעסער געװאָרן, און די אומצופֿרידנקײַט פֿון פֿאָלק איז געװאַקסן. באַ אַזעלכע אומשטאַנדן איז שװער געװען פֿאַר יעהודע קעמפֿן קעגן זײַנע סאָנים, און דער אומגליקלעכער יאָשיִאָהו איז דערהאַרגעט געװאָרן אין אַ שלאַכט מיט די מיצרים; זײַן יױרעש האָט פּאַרע גענומען אין געפֿענקעניש, און אױף דעם לאַנד יעהודע האָט ער אַרױפֿגעלײגט צינגש. די רעפֿאָרם האָט געבראַכט נוצן מער ניט װי די קױהאַנים, אָבער ניט דעם קיניג; ניט געהאָלפֿן האָט זי אױך דעם פֿאָלק.

גראַדע אין יאָשיִאָהוס צײַטן האָט געלעבט דער פֿאָלקס־נאָװי צעפֿאַניע. אין זײַנע רעדעס האָט ער געשטראָפֿט יערושאָלאַיִם פֿאַר די זעלבע זינד, װעגן װעלכע ס'האָבן גערעדט אױך די פֿריִערדיקע נעװיִים. אין דער צײַט, װען יאָשיִאָהו האָט געזוכט צו געפֿינען כעסעד באַ יאַהװע און פֿלעגט פֿאַרניכטן די אַלטע הײליקײַטן מיט זײערע נעװיִים, האָט ער אַרײַנגעפֿירט אַ נײַעם געזעץ, אַז מע דאַרף דינען נאָר אײן יאַהװע. אין דער זעלבער צײַט האָט צעפֿאַניע אַלץ געטײַנעט, אַז יערושאָלאַיִם איז שױן אַלצײַנס פֿאַרפֿאַלן, װײַל ער היט ניט אָפּ דעם אײביקן געזעץ פֿון גערעכן יױשער. „װײ איז דער האַרטנעקיקער, אומרײנער, דער שטאָט פֿון גװאַלדטאָטן! אירע סאָרים זײַנען געגליכן צו ברומענדיקע לײבן, אירע שאָפֿטים — צו נאַכט־װעלף; אירע נעװיִים זײַנען לײַכטזיניקע פֿאַלשע מענטשן; אירע קױהאַנים פֿאַרשװעכן די הײליקײַט און זינדיקן קעגן געזעץ!" נאָר דאָס, װאָס האָט גערעדט צעפֿאַניע, איז נאָך גאָרניט אין פֿאַרגלײַך מיט די רעדעס פֿון דעם לעצטן גרױסן נאָװי פֿון יעהודע, ייִרמעיאָהו.

ייִרמעיאָהו האָט געשטאַמט ניט פֿונעם פּאָשעטן פֿאָלק; ער האָט געהאַט אַ קלײנע נאַכלע אין אַנאַטאָס ניט װײַט פֿון יערושאָלאַיִם; נאָר מיט זײַן גאַנצן לײַב און נעשאָמע איז ער געװען איבערגעגעבן דעם פֿאָלק. ער האָט הײס געליבט זײַן פֿאָטערלאַנד און איז גרײט געװען מאַקריװ



ייִדן־פּליטים, וואָס שפּילן אַף לירעס. אַן אַשורישער רעליעף

צו זײַן זײַן לעבן פאַר אים, און אים איז אויסגעקומען איבערצולעבן די לעצטע פערציק יאָר פונעם קיום פון מאַלכעס יעהודע און מיט זײַנע אויגן צוזען די אַלע צאָרעס, וואָס דאָס פאָלק האָט געליטן, און דעם ביטערן גאָלעס, אין וועלכן ס׳איז אויך אים אויסגעקומען צו גיין. ייִרמעיאָהו האָט דאָס אַלץ געזען, ער האָט געפילט, אַז דער ביטערער גוירל פון יעהודע איז אומפאַרמײַדלעך, ער האָט געפילט, אַז ער מוז קעסיידער און שטענדיק ריידן וועגן דעם נאָענטן כורבן, און זײַן האַרץ האָט זיך בא אים געריסן אַף שטיקער. דאָס איז געווען אַ ווייכער, האַרציקער מענטש, נאָר ניט וועגן ליבע און שאָלעם איז אים אויסגעקומען צו ריידן.

ייִרמעיאָהו איז געוואָרן אַ נאָווי נאָך אין זײַנע יונגע יאָרן. יאַהווע האָט זיך באַוויזן צו אים און האָט אים געזאָגט: „נאָך איידער איך האָב דיך באַשאַפן אין דײַן מוטערס בויך, און נאָך איידער דו ביסט געבוירן געוואָרן, האָב איך דיך אויסדערוויילט און באַשטימט, אַז דו זאָלסט זײַן מײַן נאָווי. זאָג ניט, אַז דו ביסט נאָך צו יונג, ווײַל איך בין מיט דיר, קעדיי דיך צו ראַטעווען. אָט גיב איך מײַנע רייד דיר אין מויל אַרײַן און איך שטעל דיך קעגן פעלקער און מעלוכעס, פאַרניכטן און צעשטערן, כאָרעוו מאַכן און נידערוואַרפן, בויען און שאַפן. דו וועסט זײַן ווי אַ פעסטונג און אַ פעלדז פאַר דעם קיניג פון יעהודע, פאַר זײַנע סאָרים און קויהאַנים, און פאַר דעם פאָלק פון זײַן לאַנד”. און ייִרמעיאָהו איז אויסגעקומען צו ריידן וועגן דעם כורבן און אונטערגאַנג פון זײַן פאָטערלאַנד פאַר די זינד פון קיניג און זײַנע מעקוראָווים. פאַר זײַנע שטראָף־רייד פלעגט מען אים געוואַלטיקן, רוידעפן: צוויי מאָל האָט מען אים אַרײַנגעזעצט אין אַ פײַכטער, פוילער טפיסע, און נאָר דער נאָמען פון אַ גאָטס־מאַן האָט אים געראַטעוועט פון טויט־שטראָף. נאָר די יעסורים, וועלכע ער האָט געמוזט איבערטראָגן צוליב די רעדיפעס, זײַנען געווען גאָרניט אין פאַרגלײַך מיט די יעסורים און לײַדן, וועלכע ער האָט געטראָגן אין האַרצן. ער האָט פאָרויסגעזען דעם אומפאַרמײַדלעכן כורבן און דעם נאָענטן טריומף פון אוילעס און בייז, און אים האָט זיך געוואָלט וויינען, נאָר ער האָט קיין טרערן ניט געהאַט. אומזיסט האָט ער געבעטן וועגן זיי, אויסרופנדיק: „אָ, ווען מײַן קאָפּ וואָלט געוואָרן וואַסער און מײַנע אויגן אַ קוואַל פון טרערן — טאָג און נאַכט וואָלט איך געוויינט איבער די דערהאַרגעטע פון מײַן פאָלק!” נאָר קיין טרערן איז ניט געווען, און דער נאָווי פלעגט קעסיידער אַלץ האַלטן איינע און די זעלבע שטראָף־רעדעס; ייִרמעיאָהו האָט געמיינט, אַז ער געפינט זיך שוין אינגאַנצן אין רעשוס פון יאַהווע, און ער קאָן שוין מער ניט ריידן דאָס, וואָס אים ווילט זיך, נאָר דאָס, וואָס ס׳ווילט יאַהווע. אין דעמלט האָט ער פאַרשאָלטן דעם טאָג פון זײַן געבורט: „פאַרפלוכט זאָל זײַן דער טאָג, ווען איך בין געבוירן געוואָרן, דער טאָג, ווען ס׳האָט מיך געבוירן מײַן מוטער, זאָל ער ניט זײַן געבענטשט! פאַרפלוכט זאָל זײַן דער מענטש, וואָס האָט געבראַכט מײַן פאָטער די בסורע: אַ זון איז דיר געבוירן געוואָרן — אָט האָט ער אים דערפרייט! פאַרוואָס בין איך ניט געשטאָרבן אין מײַן מוטערס בויך, און מײַן מוטער זאָל געווען זײַן מײַן קייווער? צו וואָס בין איך אַרויס פון מײַן מוטערס לײַב, קעדיי צו זען די יעסורים און צו לײַדן און צו פאַרברענגען אין שאַנד מײַנע טעג!” אַזוי האָט זיך ייִרמעיאָהו געפײַניקט זײַן גאַנץ לעבן, געברענט און געליטן, ביז ער איז אויסגעלאָשן געוואָרן, פאַרברענט פון יאַהוועס וואָרט.

די גאַנצע רעפאָרם, וואָס יאָשיִיאָהו האָט אַרײַנגעבראַכט, איז דורכגעגאַנגען פאַר ייִרמעיאָהוס אויגן; ער האָט זיך צוגעקוקט, ווען מע האָט געפונען די סייפער־טוירע, געזען, ווי אָנגעשראָקן איז געוואָרן דער קיניג, ווי מע האָט געשיקט אָנפרעגן וועגן דעם געפונענעם סייפער די נעוויִע כולדע; ער איז געווען אין בייס־האַמיקדעש, ווען דער קיניג האָט פײַערלעך געשווירן טרײַ אָפּהיטן דעם נײַעם געזעץ. „מוירעדיקע און שרעקלעכע מײַסים ווערן אָפּגעטאָן אין אונדזער לאַנד”, האָט ער געזאָגט, „די נעוויִים זאָגן פאַלשע נעוויִעס, די קויהאַנים — זיי גייען פאַריינס מיט זיי, און מײַן פאָלק — אים געפעלט עס”. און ווען אין קיניגלעכן פאַלאַץ און אין בייס־האַמידקעש זײַ־

נען נאָך אַלע מאָלע סימכע געווען, איז ייִרמעיאָהו געקומען אין בייס־האַמיקדעש און איז אַרויס־
געטראָטן מיט אַ שטראָף־רעדע קעגן דעם נײַעם געזעץ. „פאַרלאָזט זיך ניט אויף די איליוזאָרישע
רייד: אָט איז דער הייכל פון יאַהוועה, דער הייכל פון יאַהוועה, דער הייכל פון יאַהוועה! ניין, נאָר
דאַן וועל איך אײַך לאָזן אויף דעם אָרט, אין דעם לאַנד, וואָס איך האָב אָפּגעגעבן אײַערע אורעל־
טערן, ווען איר וועט טאַקע טאָן גוטס און אַרויסווײַזן אײַערע גוטע מײַסים, ווען איר וועט מיש־
פּעטן מיט גערעכטיקײַט, ניט באַדריקן קיין אָרעמאַן, קיין יעסוימים און אַלמאָנעס, ניט פאַרגיסן
קיין אומשולדיק בלוט. און איר גאַנוועט, גאַזלט, איר זײַט מענאַעף, רייכערט דעם באַאַל און אַנ־
דערע געטער, וועלכע איר קענט אַפילע ניט, און נאָכדעם האָט איר די האָזע צו קומען אַהער, אין
דעם הויז, וואָס טראָגט מײַן נאָמען, און זאָגן: מיר האָבן שוין זיך געזיכערט — און איר נעמט
זיך ווײַטער טאָן די זעלבע שלעכטע מײַסים! אַהער דאָס הויז, וואָס טראָגט מײַן נאָמען, איז גע־
וואָרן בײַ אײַך אַ הייל פאַר רויבער? און אַזויווי איר טוט אָט די אַלע מײַסים, טאָ הערט אויס די
רייד פון יאַהוועה: מיט דעם הויז, וואָס טראָגט מײַן נאָמען, וועל איך טאָן דאָס זעלבע, וואָס איך
האָב געטאָן מיט דעם הויז אין שילאָ, וואָס איז כאָרעוו געוואָרן, און פון אײַך וועל איך אָפּוועגדן
מײַן פּאָנעם, אַזויווי איך האָב אים אָפּגעווענדט פון אײַערע ברידער, די קינדער פון עפראַיִם". די
דאָזיקע דרייסטע רייד האָבן אַרויסגערופן אַ גרויסע אומצופרידנקײַט, די קויהאַנים האָבן זיך גע־
וואָרפן אויף ייִרמעיאָהון מיט צונויפגעדריקטע פויסטן; נאָר דעם נאָווי, אויף וועלכן ס'האָט גערוט
דער רועך פון יאַהוועה, האָט קיין זאַך ניט געקאָנט אָפּהאַלטן! „די נעוואָלעס פון דעם פאָלק וועלן
ווערן אַ רויב פאַר די פייגל פון הימל און פאַר די ווילדע כײַעס, און קיינער וועט זיי ניט אָפּ־
טרײַבן; און איך וועל אײַנשטילן אין די שטעט פון יעהודע און אין די גאַסן פון יערושאָלאַיִם
יעדע סימכע און פרייליכקײַט, די סימכע פון דעם כאָסן און די סימכע פון דער קאַלע, ווײַל אַ
וויסטעניש וועט ווערן פון דעם לאַנד!" — האָט ווײַטער געקלאָגט ייִרמעיאָהו. „אין יענע צײַטן —
אַזוי זײַנען די רייד פון יאַהוועה — וועט מען אַרויסוואַרפן פון די קוואָרים די ביינער פון די
קיניגן פון יעהודע און די ביינער פון זייערע סאָרים, די ביינער פון די קויהאַנים און די ביינער
פון די נעוויִים און פון די אײַנוווינער פון יערושאָלאַיִם, און מע וועט זיי צעוואַרפן פאַר דער זון
און דער לעוואָנע און פאַרן גאַנצן כאַיל פון הימל — זיי האָבן זיי ליב געהאַט און זיי האָבן זיי
געדינט: און צוריק וועט מען זייערע ביינער ניט צונויפקלײַבן און מע וועט זיי ניט מעקאַבער זײַן,
נאָר זיי וועלן ליגן, ווי מיסט אויפן פעלד". אָפּגעזאָגט די שטראָף־רייד און קלאָלעס, איז ייִרמעיאָהו
אַוועק. און דאָס מאָל האָט קיינער ניט געוואַגט אים צו פאַרהאַלטן.

און די צײַט איז אַלץ געגאַנגען, און פון יאָר צו יאָר איז אַלץ קלאָרער געוואָרן, אַז דער
נאָווי איז געווען גערעכט. ניט בעשאָלעם איז יאָשיִאָהו געשטאָרבן, ווי ס'האָט אים פאָרויסגעזאָגט
כולדע, נאָר ער איז געפאַלן אינעם קאַמף מיט די מיצרים; די סאָרים האָבן אַוועקגעזעצט אויפן טראָן
זײַן זון, ייִהאָאַכז, נאָר ער איז אַרײַנגעפאַלן אין געפענקעניש צו די מיצרים, און פּאַרע האָט גע־
מאַכט פאַר אַ קיניג זײַן ברודער עלאיקים (ייִהאָיאָקים). נאָר צו דער צײַט האָט זיך פאַרענדיקט
דער לאַנגיאָריקער שטרײַט צווישן אַשור־באָוול און מיצראַיִם. אין 605־טן יאָר איז בײַ קאַרקאַמיש
פאָרגעקומען די ענדגילטיקע שלאַכט: די פאַרייניקטע קויכעס פון די קאַסידים און מידיער אונטער
דער אָנפירונג פון נאַווּכאַדנעצער, האָבן בײַגעקומען דאָס כאַיל פון פּאַרע נעכאָ. נאָך דעם ניצאָכן
איז נאַווּכאַדנעצער אַוועק צו יערושאָלאַיִם. ס'איז געקומען דער סאָף, — האָט געמיינט ייִרמעיאָהו
און אַזוי האָבן אויך געמיינט דער קיניג מיט די סאָרים. ייִרמעיאָהו האָט פאַרשריבן אין אַ בוך
זײַנע נעוויִעס און האָט געהייסן זײַן טאַלמיד, באָרעכן, איבערלייענען זיי אין בייס־האַמיקדעש פאַר
די סאָרים און דעם פאָלק. עפשער וועט דאָס פאָלק, אויסהערנדיק די נעוויִעס, קומען צום סייכל.
און יאַהוועה וועט אויף אים ראַכמאָנעס האָבן. אַזויווי די געפאַר איז געווען גרויס, האָט ייִהאָיאָקים
גויזער טײַנעס געווען, און אין בייס־האַמיקדעש האָט זיך צונויפגעקליבן צוליב דעם טאָנעס אַ
גרויסער אוילעם. באָרעך איז געקומען אַהין מיטן בוך פון ייִרמעיאָהוס נעוויִעס און האָט עס אויפן
קאָל איבערגעלייענט. דער בוך האָט זיך פאַרענדיקט מיט די דאָזיקע רייד: „דרײַ און צוואַנציק יאָר
האָט ייִרמעיאָהו געזאָגט נעוויִעס, פאַר אים האָבן פיל יאָרן געפרײדיקט אַנדערע נעוויִים, — נאָר
אַלץ איז געווען אומזיסט. און איצט האָט יאַהוועה פאַרלאָזן זײַן זווינאָרט, ווי אַ לייב, קעדיי צו
באַשטראָפן די זינדיקע ערד: יאַהוועה שיקט אָן אויף דעם לאַנד און זײַנע אײַנוווינער זײַן קנעכט
נאַווּכאַדנעצער, דעם קיניג פון באָוול; און דאָס גאַנצע לאַנד וועט כאָרעוו און רויִנירט ווערן,
און די פעלקער, וואָס לעבן דאָ, וועלן זיבעציק יאָר דינען דעם קיניג פון באָוול". דאָס איבער־
געלייענטע בוך האָט אויפגערודערט אַלע סאָרים און קויהאַנים; ווען מע האָט וועגן דער גאַנצער
מײַסע דערציילט דעם קיניג, האָט ער געהייסן ברענגען דעם בוך, האָט אים איבערגעלייענט און
גלײַך מיט די אייגענע הענט פאַרברענט אין פײַער און האָט געהייסן פאַרהאַלטן ייִרמעיאָהון מיט
באָרעכן. נאָר זיי האָבן זיך באַצײַטנס באַהאַלטן. באַם אַנטלויפן האָט ייִרמעיאָהו געהייסן איבערגעבן
דעם קיניג די דאָזיקע נעוויִע וועגן אים: „דו זיצסט אין אַ הויז פון צעדערביימער און דעריבער

מיינסטו, אַז דו קיניגסט? דײַן פֿאָטער האָט דאָך אויך געגעסן און געטרונקען, נאָר ער האָט געטאָן גערעכטיקײַט און כעסעד, און דײַנע אויגן און דײַן האַרץ זײַנען געווענדט נאָר אַף אומשולדיק בלוט צו פֿאַרגיסן, אַף צו רויבן און באַדריקן! דעריבער זאָגט יאַהווע וועגן יִהאָיאַקימען, דעם זון פֿון יאָשִיאָהון: ווײ איז צו דעם דאָזיקן מענטשן! מע וועט אים ניט באַווײנען: אַך, מײַן ברודער, אַך, מײַן האַר, נאָר ווי אַן אײזל וועט מען אים מעקאַבער זײַן, מע וועט אים אַרויסשלעפּן הינטער די טויערן פֿון יערושאָלאַיִם און אַוועקוואַרפֿן אַף דער היץ פֿון טאָג און דער קעלט פֿון נאַכט און קיין יוירעש וועט פֿון אים ניט בלײַבן אַף דאָווידס שטול". און דעם בוך האָט יִרמעיאָהו אָנגעשריבן אַפּדאָסנײַ און האָט צוגעגעבן נאָך פֿיל שרעקלעכע נעוויִעס.

אינגיכן איז נאַווּכאָדנעצער צוגעטראָטן צו יערושאָלאַיִם. און יִהאָיאַקים האָט געמוזט זיך ראַטעווען דורך אַ גרויסן צינש. ער האָט אָנערקענט די אויבערהערשאַפֿט פֿון באָוולשן קיניג און האָט דרײַ יאָר אים געצאָלט צינש; דערנאָך האָט ער געפּרוּווט פֿאָטער ווערן פֿון דער אויבערהערשאַפֿט, דאַן האָט זיך נאָכאַמאָל באַ די מויערן פֿון יערושאָלאַיִם באַוויזן נאַווּכאָדנעצער, און יִרמעיאָהוס נעוויִע איז טײלווײַז מעקוּיעם געוואָרן. פֿאַר דער צײַט פֿון דער באַלאַגערונג איז יִהאָיאַקים געשטאָרבן, און זײַן זון יִהאָאַכין האָט זיך געמוזט אונטערגעבן. נאַווּכאָדנעצער איז געווען אומבעראַכמאָנעסדיק: יִהאָאַכינען, די סאָרים און די קריגסלײַט האָט ער אַוועקגעפֿירט פֿון יעהודע קיין באָוול; אין יעהודע איז פֿאַרבליבן נאָר די אָרעמע פּויערשע באַפֿעלקערונג, און דער בײסהאַמיקדעש, אַף וועלכן די מעכאַברים פֿונעם נײַעם געזעץ האָבן געלײגט אַזויפֿיל האָפֿענונגען, איז רויִנירט און צעראַבירט געוואָרן: דאָס גאַנצע גאָלד און אַלע גאָלדענע קײלים האָט מען צוגענומען ווי אַ רויב פֿון דעם גרויסן קיניג. איבער דעם רעשט פֿון יעהודע האָט נאַווּכאָדנעצער געמאַכט פֿאַר אַ קיניג יִהאָאַכינס פֿעטער, צאַדקִיאָהו, דעם זון פֿון יאָשִיאָהו. דאָס איז געשען אין 597־טן יאָר — דער ערשטער דונער־קלאַפּ, וואָס האָט געטראָפֿן יעהודע.

ס'זײַנען פֿאַרבײַגעגאַנגען פֿינף יאָר. פֿאַר דער צײַט האָט צאַדקִיאָהו געפֿירט אונטערהאַנדלונגען מיט פּאַרען, וועלכער האָט אים צוגעזאָגט אַרויסטרעטן מיט אַ מילכאָמע קעגן נאַווּכאָדנעצערן גלײַך, ווי צאַדקִיאָהו וועט מוירעד זײַן קעגן באָוול. מע האָט געמוזט אויספּרוּוון דאָס לעצטע מיטל און דאָ, אין דער צײַט פֿונעם אַנטשײדנסטן צוזאַמענשטויס מיט די באָוולים, האָבן דער קיניג מיט די סאָרים אײַנגעשטימט אַף דער גרעסטער האַנאָכע: זײ האָבן באַשלאָסן צו באַפֿרײַען אַלע זײערע יִדישע קנעכט, קעדײ די פּויערים זאָלן אויך פֿאַרטײדיקן דאָס לאַנד קעגן דעם סוינע, און זײ זאָלן אויפֿהערן צו מאַכן אומרוען קעגן זײערע האַרן. דער געזעץ וועגן באַפֿרײַען די קנעכט איז פֿײַערלעך דערקלערט געוואָרן פֿאַר יאַהווע: מע האָט געבראַכט אַ קאָרבן, און אַלע סאָרים זײַנען דורכגעגאַנגען צווישן די צעשניטענע כאַלאָקים פֿונעם קאָרבן־רינד, אַלס אַ צײכן, אַז זײ וועלן טרײַ אָפּהיטן דעם נײַעם געזעץ. דאָס איז געווען דער ערשטער צופֿאַל, ווען די קיניגן פֿון יעהודע האָבן געטאָן אַזוי, ווי ס'האָבן פֿאַרלאַנגט די נעוויִים. דער קיניג האָט געשיקט פֿרעגן יִרמעיאָהון, וואָס וועט איצטער זאָגן יאַהווע וועגן דעם גוירל פֿון יערושאָלאַיִם און יעהודע. נאָר יִרמעיאָהו האָט שוין לאַכלוטן אויפֿגעהערט צו גלײבן, אַז יעהודע קאָן נאָך געראַטעוועט ווערן, און ער האָט אויך גאַנץ ווייניק געגלײבט אין דער אויפֿריכטיקײַט פֿונעם קיניג און פֿון די סאָרים. די רייד פֿון יאַהווע ווערן ניט געענדערט, האָט ער געענטפֿערט, בעסער זיך אונטערגעבן די



רויִנען פֿון דער סינאַגאָגע אין קפֿאַר־נאַכום

קאסידים, וויַיל דער, וואָס וועט אויסמײַדן זייער שווערד, וועט סײַוויסײַ אומקומען פון הונגער און פײַער. ארויסגעוויזן האָט זיך, אז יִרמעיאָהו איז געווען גערעכט, וואָס ער האָט ניט געגלייבט די סאָרים; נאַוווכאַדנעצער האָט באַלאַגערט יערושאָלאַיִם; ווי נאָר אָבער ער האָט אראָפּגענומען די באַלאַגערונג, ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אז קעגן אים איז ארויסגעטראָטן מיצראַיִם, האָבן זיך די סאָרים באַרויִקט און גלײַך צוריק געמאַכט פאר קנעכט די אָקאָרשט באַפרײַטע פּויערים. דאַן האָט יִרמעיאָהו אַליין דערקלערט דעם קיניג און די סאָרים אין נאָמען פון יאַהווע: „איר האָט איצט טשוווע געטאָן און גערעכט געהאַנדלט, וואָס איר האָט באַפרײַט אַלע אײַערע יידישע קנעכט, און פאר מײַן פּאָנעם, אין בייס־האַמיקדעש האָט איר געשלאָסן אַן אָפּמאַך וועגן דעם. נאָר איצט האָט איר ווידער פארשוועכט מײַן נאָמען, אומקערנדיק צו זיך אײַערע קנעכט און שקלאַפֿנס, און מיט געוואַלט זיי גענויט ווערן צוריק אײַערע קנעכט. דערפאַר גיב איך פרײַהײַט איבער אײַך דער שווערד, דער מאַגייפע און דעם הונגער; אַלע מעלוכעס פון דער ערד וועלן ציטערן פון שרעק, קוקנדיק אויף אײַך; אײַך, סאָרים פון יעהודע, הויף־לײַט און קויהאַנים און צאַדקיִיאָהו, דעם קיניג פון יעהודע, און אַלע זײַנע מעקוראָווים גיב איך איבער אין די הענט פון אײַער פײַנט, אין די הענט פון באָוולשן קיניגס כאַיִל, וועלכער האָט איצט אָפּגעטראָטן פון אײַך". פאר אזא נעוויִע האָבן די סאָרים דערקלערט יִרמעיאָהון פאר א פאַרעטער און א בויגעד, מע האָט אים ארײַנגעוואָרפן אין א פײַכטער שמוציקער גרוב, און נאָר דאָס, וואָס פאר אים האָט זיך אָנגענומען דער קיניג, וועלכער האָט מוירע געהאַט פארן נאָווי, האָט אים געראַטעוועט פון טויט. יִרמעיאָהו איז געלונגען צו אנטלויפן, און פון זײַן נאַכלע אין אַנאַטאָס האָט ער זיך צוגעקוקט, ווי ס'ווערט מעקוייעם זײַן נעוויִע.

נאַוווכאַדנעצער האָט גויווער געווען די מיצרים, האָט זיך גלײַך אומגעקערט צו יערושאָלאַיִם און האָט באַלאַגערט די שטאָט. נײַן כאַדאָשים האָט געדויערט די באַלאַגערונג; קעדיי צו פאַר־טיידיקן די שטאָט, האָט מען צעבראָכן די הײַזער פון די סאָרים און די קיניגלעכע פּאַלאַצן און פון זיי געמאַכט נײַע באַפעסטיקונגען, מע האָט זיך געשלאָגן טאָג און נאַכט, נאָר מע האָט זיך געמוזט אונטערגעבן. נאַוווכאַדנעצער האָט פארשאָטן די וואַסערלייטונגען, האָט ניט דורכגעלאָזט אין שטאָט קיין עסנוואַרג; מע האָט זיך געפּרוּווט ארויסרײַסן פון שטאָט, נאָר ס'האָט זיך ניט אײַנגעגעבן. דאָס גאַנצע כאַיִל, וואָס איז ארויס פון שטאָט, מיט צאַדקיִיאָהו און זײַנע זין, זײַנען ארײַנגעפאַלן אין געפענקעניש; צאַדקיִיאָהוס זין האָט מען דערהאַרגעט פאר אים אין די אויגן, אים אַליין האָט מען אויסגעשטאָכן די אויגן און אוועקגעפירט אין געפענקעניש קיין באָוול. יערושאָלאַיִם האָט מען פארברענט, אין פײַער איז אויך פארברענט געוואָרן דער בייס־האַמיקדעש, די קיניגלעכע פּאַלאַצן און אַלע הײַזער פון שטאָט; די גאַנצע קיילים פון בייס־האַמיקדעש, וועלכע זײַנען פאַר־בליבן נאָך דעם ערשטן צעראַבעווען דעם בייס־האַמיקדעש, האָט מען צוגענומען קיין באָוול. אויך אַלע אײַנוווינער פון יערושאָלאַיִם און די לעצטע רעשטלעך פון דער אַריסטאָקראַטיע זײַנען אוועק־געפירט געוואָרן אין גאָלעס; געבליבן זײַנען מער ניט ווי די ערדאַרבעטער און די אַרבעטער פון די ווײַנגערטנער. דאָס איז געווען דער סאָף פון קיניגרײַך יעהודע. פון יערושאָלאַיִם זײַנען פארבליבן כורוועס...

אַך, ווי איינזאַם איז געוואָרן מײַן שטאָט, וואָס איז אמאָל אזוי פארפולט געווען מיט מענטשן!
אַן אַלמאָנע, וואָס געפינט ניט קיין טרייסט, איז זי געוואָרן, און אמאָל איז זי געווען אזוי גרויס!

די קיניגן פון אַלע שטעט געפינט זיך איצטער אונטער א פרעמדן יאָך!
זי וויינט און וויינט גאַנצע נעכט, טרערן רינען איר איבער די באַקן.
ניטאָ קיינער, ווער זאָל זי טרייסטן, אַלע, וואָס האָבן זי ליב געהאַט, זײַנען פארשוווּנדן,
אַלע טרײַע פרײַנט האָבן בויגעד געווען און זײַנען געוואָרן אירע פײַנט.
דערשלאָגן איז יעהודע, געשמידט אין שווערע קייטן,
פּײַניקט ער זיך אין דער פרעמד און געפינט ניט קיין מאָקעם־מענוכע,
אראָפּגעריסן איז פון ציִענס טאָכטער די קרוין פון איר שיינקײַט!
אויסגעפירט האָט יאַהווע, וואָס ער האָט פארטראַכט, זײַן וואָרט האָט זיך אויסגעלאָזן מיט מײַסים
און דײַן סוינע איז שטאָלץ מיט זײַן זיג, ס'שטאָלצירן זײַנע הערשער...
רוף זשע צו יאַהווע, דו טאָכטער פון ציִען, וואָס ליגט פארשמוצט אויף דער ערד,
זאָלן טאָג און נאַכט זיך גיסן טרערן, ווי א טײַך,
פארזוך ניט קיין שלאָף און קיין רו און מאַך ניט צו דײַנע מידע אויגן,
גיב א קוק, אָ יאַהווע, דער גאָט פון ציִען, וואָס האָסטו אופגעטאָן אין דײַן גרימצאָרן!
צי איז דאָס מעגלעך, אז מוטערס זאָלן זיך דערנערן מיט זייערע אייגענע קינדער?
צי איז דאָס מעגלעך, אז אין דײַן הייליק הויז זאָלן געטייט ווערן קויהאַנים און נעוויִים?

אין די גאסן וואלגערן זיך מייסים, אלט און יונג ליגן דאָ צוזאמען,
מיידלעך און באָכערים — אַלע דערהאַרגעט פון שווערד.
אויף קיינעם האָסטו קיין ראַכמאָנעס ניט געהאַט אין דעם טאָג פון דײַן צאָרן,
ווי אויף א יאָמטעוו האָסטו זיי צונויפגערופן פון אַרום און אַרום —
זיי זײַנען געקומען — און קיינער האָט ניט אויסגעמיטן און זיך ניט געראַטעוועט פון דײַן צאָרן[1].

הערנדיק דעם יאָמער און געוויין, הערנדיק, ווי ראָכל באַוויינט אירע זין און קאָן זיך ניט טרייסטן, ווײַל זיי זײַנען ניטאָ, האָט דאָ ערשט יִרמעיאָהו געפונען טרייסטווערטער. יאַהווע זאָגט אַזוי: „האַלט אָפּ דײַן שטים פון געוויין, טריקן אויס דײַנע אויגן פון טרערן: דו וועסט באַלוינט ווערן פאַר דײַנע לײַדן, ס'איז דאָ א האָפענונג אין דער צוקונפט. צי איז דען ניט עפראַיִם מײַן טײַערער זון, צי איז ער דען ניט מײַן ליבלינגס־קינד? איך דערבאַרעם זיך איבער אים און איך מוז אויף אים ראַכמאָנעס האָבן! קער זשע זיך אום, טאָכטער פון ציִען, קער זיך אום אין דײַנע שטעט צוריק. און אומקערן וועט זיך אַהיים יעהודע און וועט זאָגן: זאָל דיך גאָט בענטשן, וווינונג פון צאַדעק, הייליקער באַרג. און איך וועל שליסן מיט יעהודע א נײַעם בונד, איך וועל אַרײַנלייגן מײַן געזעץ אין זײַן האַרצן, און ער וועט ווערן מײַן פאָלק, און איך וועל זײַן זײַן גאָט. און דער גאַנצער טאָל, וועלכער איז באַדעקט מיט מייסים און אַש, וועט ווערן א הייליק לאַנד פון יאַהווע, וועט קיינמאָל ניט כאָרעוו און ניט צעפאַלן ווערן“. די דאָזיקע רייד האָט יאַהווע געזאָגט אין כאַלעם דעם נאָווי; נאָר דער כאָלעם איז, לײַדער, קיינמאָל ניט פאַרווירקלעכט געוואָרן. עמעס, די בנײ־יעהודע האָבן זיך צוריקגעקערט פון גאָלעס, נאָר די נײַע געזעלשאַפט, וועלכע זיי האָבן געגרינדעט, איז קלאָר ניט געווען ענלעך צו דעם אידעאַל, וועלכן ס'האָבן זיך געמאָלט יעשײַע און יִרמעיאָהו. די טאָכטער פון ציִען האָט שוין קיינמאָל ניט באַקומען צוריק די שיינקײַט, וועלכע זי האָט געהאַט אין די טעג פון דאָוויד און שלוימע.

אוועקגייענדיק אין גאָלעס, האָבן די סאָרים און קויהאַנים מיט אַגמעסנעפעש דערמאָנט זיך אָן די פאַרגאַנגענע טעג פון זייער גרויסקײַט, און זיי זײַנען אַלץ מער און מער געקומען צו דער איבערצײַגונג, אַז יאַהווע האָט זיי געשטראָפט פאַר זייערע מײַסים: ער האָט זיי געגעבן א לאַנד, און זיי האָבן בויגעד געווען אין אים און ניט געדינט אים. און אײַנטראַכטנדיק זיך אין דעם סייפער האַטוירע פון יאָשיִאָהו, האָבן זיי אין אים אָנגעהויבן צו געפינען א סאַך נעווייִשע רייד און נוצלעכן מוסער. אַמאָל, ווען מיר וועלן זיך אומקערן צוריק, האָבן זיי געטראַכט, וועלן מיר אָפּהיטן דעם געזעץ, קעדיי נאָכאַמאָל ניט צו פאַרלירן דאָס שיינע לאַנד, וואָס יאַהווע נעמט איצטער אָפּ בא אונדז. און אין גאָלעס איז פון די טרייסטרעדעס, וועלכע געפינען זיך אין יאָשיִאָהוס געזעץ, פאַרפאַסט געוואָרן א טפילע, וועלכע מע זאָגט נאָך אַדהײַעם באַם דאַווענען אין די שולן און וועלכע וועקט נאָך אַדהײַעם בא די צוהערער אַלטע געדאַנקען, ניט פאַרווירקלעכטע האָפענונגען און א בענקעניש נאָך דעם הייליקן ציִען. „שמאַ יִסראָעל, הער אויס, יִסראָעל: יאַהווע איז דײַן גאָט, יאַהווע איז אײן־אײנציקער, האָב ליב דײַן גאָט מיט דײַן גאַנצן האַרצן, מיט דײַן גאַנצן נעפעש און מיט דײַן גאַנצער קראַפט, און זאָלן די ווערטער, וועלכע איך פאַרזאָג דיר איצטער, זײַן אין דײַן האַרץ און כאַזער זיי איבער פאַר דײַנע קינדער און זאָג זיי די דאָזיקע ווערטער בײַס דו זיצסט אין דײַן הויז, בײַס דו גייסט אין וועג, בײַס דו לייגסט זיך שלאָפן און בײַס דו שטייסט אויף. און בינד זיי אַרום אַרום דײַן האַנט, קעדיי דו זאָלסט זיי געדענקען, און זאָלן זיי ווי א באַנד זײַן פאַר דײַנע אויגן; שרײַב זיי אויך אויף די מעזוזעס פון דײַנע טירן און טויערן... הער אויס, יִסראָעל, שמאַ יִסראָעל...“

(פאָרזעצונג קומט)

[1] א פרײַע איבערזעצונג פון פּסוקים פון „איכה“.



# אין קלוב „שטערן"



אמאָל האָט זי געזונגען דער גרויסער ייִדישער ארטיסט שלוימע מיכאָעלס, און הײַנט האָט דער אוילעם אין אופא זי געהערט אין דער אויספילונג פון יונגע זעלבסטעטיקע זינגער.

די לעקציע, געווידמעט דער געשיכטע פונעם מאָסקווער ייִדישן מעלוכישן טעאטער, וועלכע איז פאָרגעקומען אין אופא, אינעם קלוב פון דער ייִדישער קולטור „שטערן", האָט צוגעצויגן א גרויסן אוילעם און איז געוואָרן א געשעעניש אינעם קולטור־לעבן פון דער שטאָט.

דער לעקטאָר יויסעף מוראווין האָט אין מעשעך פון פיל יאָרן דערלערנט די געשיכטע פונעם טעאטער און צונויפגעקליבן א רײַכן מאטעריאל וועגן די אקטיאָרן און וועגן דעם רעפערטואר. דער דאָזיקער מאטעריאל האָט געגעבן א מעגלעכקײַט צוגרייטן פאר דער לעקציע א פאָטאָ־סטענד און סלײַדן, אף וועלכע עס זײַנען פאָרגעשטעלט געוואָרן סצענעס פון די ספעקטאקלען, ווי אויך אוניקאלע פאָנאָגראמעס פון פראגמענטן פון די שטעלונגען אינעם גאָסעט.

א סיורפריז איז פאר די צוהערער געווען א פריילעכע ליד פונעם ספעקטאקל „פריילעכס".

מאריע העלפאנד,
שט. אופא



# עליע גאָרדאָן

די סאָוועטישע ייִדישע ליטעראַטור האָט געליטן אַ שווערן פאַרלוסט — נאָך אַ לאַנגדויערנדיקער קראַנקהײַט איז אין מאָסקווע געשטאָרבן אײנער פון די עלטסטע ייִדישע שרײַבער עליע גאָרדאָן.

געבוירן אין דער אַלטער ייִדישער קאָלאָניע זעליאָנאָפּאָל, קאַטערינאָסלאַווער גובערניע, האָט ער פון קינדווײַז אָן געאַרבעט אין דער לאַנדווירטשאַפט, דערנאָך זיך דערצויגן אין אַ קינדערהיים, געלערנט זיך אין אַרבפאַק פונעם אָדעסער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט, אין מאָסקווער פּעדינסטיטוט אָף לענינס נאָמען, אין דער אַספּיראַנטור פון דעם דאָזיקן אינסטיטוט.

ע. גאָרדאָנס ערשטער בוך דערציילונגען „אָף גרינער ערד" איז דערשינען אין 1930. אַנערקענונג אַלס פּראָזאַיִקער, וועלכער איז געקומען מיט אַ נײַער פאַר דער ייִדישער ליטעראַטור טעמע וועגן דעם לעבן פונעם ייִדישן פּויערטום ביז און נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, האָט אים געבראַכט די גרעסערע דערציילונג „ווילדגראָז". די ליטעראַטור־קריטיק און די לייענער האָבן מיט אינטערעס אופגענומען אויך זײַנע ווײַטערדיקע ווערק — „אינגול־באָיאַר", „דרײַ ברידער" און אַנדערע, וועלכע זײַנען געווען געווידמעט דעם גורל פונעם ייִדישן פּויערטום.



אין די לעצטע יאָרן האָט דער שרײַבער געאַרבעט איבערן ראָמאַן „אונטער דער הייסער זון", וועלכער איז דערשינען אויך אין דער איבערזעצונג אָף רוסיש.

עליע גאָרדאָן איז בײַס דער גרויסער פּאַטערלענדישער מילכאָמע געווען אַ מיטאַרבעטער פון פראָנט־צײַטונגען, זײַנע רעפּאָרטאַזשן וועגן דער העלדישקײַט פון די סאָוועטישע אָפיצערן און סאָלדאַטן האָבן זיך געדרוקט אין דער צײַטונג „אייניקײַט" און אין דער רוסישער פראָנט־פעריאָדישער פּרעסע. אָפן סמאָך פון די פּערזענלעכע איבערלעבונגען דירעקט אָפן פראָנט האָט ער אָנגעשריבן אַ דערציילונג „דעם גענעראַלס מוטער". אין דער גרעסערער דערציילונג „פון אָנהײב זײַנען זיי געווען אינצווייען..." האָט ער זיך נאָכאַמאָל אומגעקערט צו דער דאָרפישער טעמע און באַוויזן די שוועריקײַטן און ערנסטע פּראָבלעמען, מיט וועלכע עס האָט זיך צונויפגעשטויסן דאָס דאָרף, אופשטעלנדיק די לאַנדווירטשאַפט.

די סאָוועטישע מעלוכע האָט הויך אָפּגעשאַצט עליע גאָרדאָנס בײַטראָג אין דער אַנטוויקלונג פון דער ליטעראַטור, ער איז באַלוינט געוואָרן מיטן אָרדען פון דער רויטער אַרבעטס־פאָן.

ערע זײַן אָנדענק!

# אוראָן גוראַלניק

ס'איז געשטאָרבן אוראָן גוראַלניק. אין מעשעך פון אַ סאָך יאָרן פלעגט זײַן נאָמען אָפט זיך באַווײַזן אָף די זײַטלעך פון „סאָוועטיש היימלאַנד". דאָס ערשטע ווערק, וואָס ער האָט אָפּגעדרוקט אָף ייִדיש, איז געווען אַן אויטאָביאָגראַפישע דערציילונג „נעכטן, הײַנט, מאָרגן..." („ס. ה." 1973—1974). די דאָזיקע זיכרוינעס זײַנען געווען ווי אַן אַרײַנפיר צו דער אַקטיווער טעטיקײַט פונעם דאָקטאָר פון פילאָלאָגישע וויסנשאַפטן, פּראָפעסאָר אוראָן גוראַלניק אין אונדזער זשורנאַל.



אָנהייבנדיק פונעם 1946, האָט אוראָן גוראַלניק געאַרבעט אין אינסטיטוט פון דער וועלט־ליטעראַטור אָף מ. גאָרקיס נאָמען, געווען אַן אויטאָר פון וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען איבער דער געשיכטע פון דער רוסישער ליטעראַטור און קריטיק (הויפּטזאַכלעך וועגן דאָסטאָיעווסקין, טשערנישעווסקין, דאָבראָליובאָוון).

געבוירן אין וויניצע אין 1921 און פאַרענדיקט די אָרטיקע ייִדישע מיטלשול, האָט אָ. גוראַלניק זיך אָנגעהויבן דרוקן אין דער ייִדישער קינדער־צײַטונג „זײַ גרייט" נאָך אין 1934. נאָכן אומקערן זיך פון דער מילכאָמע האָט ער געדרוקט אין דער צײַטונג „אייניקײַט" אַרטיקלען וועגן בעלינסקין און פּיסאַרעוון.

אוראָן גוראַלניק האָט פאַרעפנטלעכט אין „סאָוועטיש היימלאַנד" העכער דרײַ צענדליק קריטישע אַרטיקלען, אָפּהאַנדלונגען, רעצענזיעס אָף פאַרשיידענע טעמעס, וועלכע מע זאָל זיי אופזאַמלען אינאיינעם, וואָלט זיך באַקומען אַ היפּשער באַנד. ער האָט געשריבן וועגן באַזונדערע שרײַבער און זייערע ביכער, וועגן אַקטועלע פראַגן פון דעם ליטעראַרישן לעבן, וועגן די צווישנבאַציִונגען און קאָנטאַקטן פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור מיט די ליטעראַטורן פון אַנדערע פעלקער, וועגן נײַע דערשײַנונגען אין דער וועלט־ליטעראַטור.

מיטן טויט פון אוראָן גוראַלניקן האָט די סאָוועטישע ליטעראַטור געליטן אַ גרויסן פאַרלוסט.

ערע זײַן אָנדענק!




# ПРОГРАММА

## ПО ЕВРЕЙСКОМУ (ИДИШ) ЯЗЫКУ ДЛЯ НАЧАЛЬНОГО ОБУЧЕНИЯ В РУССКОЯЗЫЧНЫХ ШКОЛАХ, КУРСАХ, ГРУППАХ, КРУЖКАХ

## СИНТАКСИС

### Словосочетание

Понятие о словосочетании как о соединении двух или нескольких слов, грамматически организованном и служащем для более точного обозначения предмета, качества или действия.

Образование словосочетаний по способам:

1. Сочинения, которое выражается интонацией перечисления, часто с использованием сочинительных союзов:

די מאַמעס און די טאַטעס, די זיידעס און די באָבעס.
סײַ די ייִנגלעך, סײַ די מיידלעך.
אי דער לערער, אי די קינדער.

2. Подчинения, выражающегося согласованием, управлением и примыканием.

При согласовании поясняющее (зависимое) слово имеет одинаковые с поясняемым словом лицо и число (если это главные члены предложения — подлежащее и сказуемое) или одинаковые не только лицо и число, но и падеж (если это определение — прилагательное и существительное). Примеры:

---

Продолжение. Начало см. «Советиш геймланд» № 5, 1989.

При составлении программы по синтаксису еврейского языка взята за основу статья Э. Фальковича «О языке идиш», помещенная в «Русско-еврейском (идиш) словаре» (М., «Русский язык», 1984), стр. 710—712.

איך שרײַב. זיי זינגען. דו טאַנצסט.
נײַנטער מײַ. דעם נײַנטן מײַ פֿײַערן מיר דעם טאָג פֿון זיג.
עס שטייט א דענקמאָל. צו דעם דענקמאָל לייגט מען בלומען.
א שיינע גאס. צו דער שיינער גאס איז גאנץ נאָענט.

При управлении поясняемое слово требует от поясняющего (подчиненного существительного, местоимения) определенного косвенного падежа с предлогом или без предлога. Примеры:

איך גיב דעם לערער א בוך

(Я даю учителю книгу). Глагол געבן (גיב) управляет винительным падежом בוך и дательным падежом второго объекта לערער.

מיר וואַרטן אויף אײַך

(Мы вас ждем). Глагол וואַרטן требует предлога אויף.

При примыкании поясняющим является неизменяемое слово (наречие или другие части речи в роли обстоятельства). Примеры:

| | |
|---|---|
| Он много читает | ער לייענט א סאך |
| Он читает наизусть | ער לייענט אויסווייניק |
| Он читает днем и ночью | ער לייענט טאָג און נאכט |

3. Параллелизмы как сочетания существительных в одинаковой форме, называющих один и тот же предмет и поясняющих друг друга:

| | |
|---|---|
| Еврей мудрец | א ייִד א כאָכעם |
| Жена умелица | א ווײַב א בעריע |
| Женщина врач | א פרוי א דאָקטער |

Разница между словосочетанием и предложением. Словосочетание состоит из главного и зависимого слова — оно просто называет предметы, действия, признаки. Предложение же служит для сообщения, для вопроса или восклицания — оно характеризуется интонационной и смысловой законченностью, имеет грамматическую основу.

Практические занятия по нахождению в различных текстах разных типов словосочетаний и самостоятельному составлению словосочетаний по способам сочинения, подчинения, параллелизмов.

## Простое предложение

Понятие о двусоставном и односоставном предложениях. Двусоставное предложение как характерное для еврейского языка. Русские односоставные предложения и их соответствия еврейским двусоставным: Стучат. Весь день шумят.

(Неопределенно-личные предложения переводятся, таким образом, предложениями с подлежащим, выраженным местоимением, и с глаголом в 3-м лице единственного числа).

Очень важно подчеркнуть еще некоторые отличия еврейского языка от русского при конструкции отдельных простых предложений:

Безличные предложения типа СВЕТАЕТ, ДОЖДИТ в еврейском языке имеют формальное подлежащее: עס טאָגט, עס רעגנט.

Подлежащее, выраженное личным местоимением דו, в разговоре иногда опускается:

ПРИДЕШЬ — УВИДИШЬ וועסט קומען — וועסטו זען

Другие личные местоимения не могут опускаться. Предложения типа

ИДУ ДОМОЙ; СМОТРЮ И ДУМАЮ

(т. е. в русском языке они употребляются без Я) в идише невозможны. Например איך גיי אהיים. Без местоимения איך воспринимаются как повелительное наклонение: ИДИ ДОМОЙ; СМОТРИ И ДУМАЙ.

Опущение местоимения עס в безличном предложении при изменении порядка слов. Русское безличное предложение:

ВЧЕРА СИЛЬНО ГРЕМЕЛО

переводится тогда двояко — и с עס и без עס:

עס האָט נעכטן שטאַרק געדונערט
נעכטן האָט שטאַרק געדונערט

В русском языке связка ЕСТЬ в составе именного сказуемого обычно опускается. Примеры:

Я (ТЫ, ОН) УЧИТЕЛЬ.
МЫ (ВЫ, ОНИ), УЧИТЕЛЯ.

В еврейском языке соответствующие личные формы глагола никогда не опускаются:

איך בין (דו ביסט, ער איז) א לערער.
מיר זײַנען (איר זײַט, זיי זײַנען) לערער.

Не опускается в еврейском языке также глагол-связка זײַן (БЫТЬ) или ווערן (СТАНОВИТЬСЯ) с именным сказуемым. Примеры:

ЛЮДИ УДИВЛЕНЫ — די מענטשן זײַנען פֿאַרוווּנדערט
РЕКА ПОКРЫТА ЛЬДОМ — דער טײַך איז באַדעקט מיט אײַז
ОН СКОРО СТАНЕТ ИНЖЕНЕРОМ — ער וועט אינגיכן ווערן אן אינזשעניער

Случаи опускания связки в еврейских пословицах, поговорках, народных песнях. Например:

МЕНЬШЕ НАРОДУ — БОЛЬШЕ ВЕСЕЛЬЯ — ווייניקער אוילעם — מער שׂימחה
ОН ЖЕНИХ, ОНА НЕВЕСТА — ער — חתן, זי — כּלה

Порядок слов в предложении

Подлежащее (группа подлежащего) — на первом месте, сказуемое — на втором, затем второстепенные члены. Например:

אלע אונדזערע שכנים גייען מאָרגן אין טעאַטער

(ВСЕ НАШИ СОСЕДИ ИДУТ ЗАВТРА В ТЕАТР)

Сохраняется второе место за сказуемым и при обратном порядке слов:

מאָרגן גייען אלע אונדזערע שכנים אין טעאַטער
אין טעאַטער גייען מאָרגן אלע אונדזערע שכנים

Подлежащее, в особенности личное местоимение или местоимение מען при инверсии (т. е. при обратном порядке слов) обычно ставится сразу после личного глагола:

דעם עמעס מעג מען זאָגן אפילע דעם אייגענעם טאַטן

(ПРАВДУ МОЖНО СКАЗАТЬ ДАЖЕ РОДНОМУ (СОБСТВЕННОМУ) ОТЦУ

מיך צו פאַרטיידיקן האָב איך קיין צונג אין מויל

(ЧТОБ СЕБЯ ЗАЩИТИТЬ, Я СЛОВ НЕ НАЙДУ — (букв.) У МЕНЯ НЕТ ЯЗЫКА ВО РТУ).

Конструкции предложений со сложным сказуемым (спрягаемая часть — личная форма глагола стоит на втором месте, а неспрягаемая часть может быть отделена от нее другими словами):

מיט איין פּאַר פּיס קאָן מען ניט טאַנצן אַף צען כאַסענעס

(ОДНОЙ ПАРОЙ НОГ НЕЛЬЗЯ ТАНЦЕВАТЬ НА ДЕСЯТИ СВАДЬБАХ)

הערשעלע האָט פֿונעם ערשטן טאָג קומען קיין גלופּסק באַקומען אַ קאַטער

(ГЕРШЕЛЕ С ПЕРВОГО ДНЯ ПРИХОДА В ГЛУПСК СХВАТИЛ НАСМОРК)

Конструкции предложений, в которых личная форма глагола может занять первое место (когда по смыслу или синтаксически предложение связано с предыдущим высказыванием). Например:

...מײַן ברודער עליע האָט פֿײַנט, אַז מע לאַכט פֿון אים, בייזערט ער זיך אַף מײַן שוועגערן בראָכע און פֿרעגט זי, וואָס זי לאַכט. לאַכט זי נאָך שטאַרקער. ווערט ער נאָך מער אין קאַס, לאַכט זי נאָך מער. (שאָלעם-אַלייכעם).

(...мой брат Эля не любит, когда над ним смеются, он обижается на мою невестку Броху и спрашивает ее, чего она смеется. А она смеется громче. Сердится он еще больше, смеется она пуще прежнего. (Шолом-Алейхем).

Функция частицы סע или עס в предложениях с глаголом, выдвигаемым на первое место(формально эта частица оставляет глагол на втором месте). Например:

עס איז ניטאָ קיין מײַלע אָן אַ כיסאָרן

(Нет достоинства без недостатка)

Конструкции предложений, в которых сказуемое — личная форма глагола с добавлением (это добавление может занять после глагола любое место):

ער שטעלט אָפּ דעם דאָקטער אין עק הויז

(Он останавливает врача у выхода из дома)

ער שטעלט דעם דאָקטער אָפּ אין עק הויז
אין עק הויז שטעלט ער דעם דאָקטער אָפּ

Конструкции предложений с частицей זיך при личной форме глагола (זיך обычно стоит сразу после этого глагола):

אַ יונג ביימעלע בייגט זיך, אַן אַלטס ברעכט זיך

(Молодое деревце гнется, старое ломается)

Если זיך является глагольным добавлением, она ставится между ним и личной формой:

אַ יונג ביימעלע בייגט זיך און גלײַכט זיך אויס

(Молодое деревце гнется и выпрямляется)

Конструкции предложений с отрицательной частицей ניט (она ставится после личного глагола):

אַ בלינדער זעט ניט

(Слепой не видит)

א טויבער הערט ניט

(Глухой не слышит)

Случаи отделения частицы ניט от личной формы глагола другим словом:

עס גייט שוין ניט קיין רעגן

(Дождя уже нет)

Отрицание ניט в сложных глагольных формах (оно стоит перед партиципом или инфинитивом):

נעכטן איז קיין רעגן ניט געווען

(Вчера не было дождя)

מאָרגן וועט אויך קיין רעגן ניט זײַן

(Завтра тоже не будет дождя)

Место согласованного определения в предложении (обычно оно предшествует определяемому существительному, располагаясь между артиклем или притяжательным местоимением и определяемым словом):

МОИ ДОРОГИЕ ТОВАРИЩИ — מײַנע טײַערע כאַווירים

ПЕРВЫЕ ЦВЕТЫ — די ערשטע בלומען

Конструкции предложений, в которых в целях выделения определение ставится после определяемого слова (артикль или притяжательное местоимение стоят и перед существительным и перед определением):

די כאַווירים די טײַערע

(Товарищи дорогие)

מײַנע כאַווירים מײַנע טײַערע

(Товарищи мои дорогие)

Практические занятия по выделению в текстах конструкций разных типов. Составление самостоятельно предложений с применением правил порядка слов. Перевод еврейских текстов на русский язык (и обратно) с анализом отличий грамматических форм.

### Сложное предложение

Сложносочиненные предложения без союзов. Например:

די זון איז שוין אויפגעגאַנגען, די פֿייגל זינגען

(Солнце уже встало, птицы поют)

Сложносочиненные предложения с сочинительными союзами. Примеры:

איך האָב שוין פֿאַרענדיקט, און דו ביסט נאָך ניט גרייט

(Я уже закончил, а ты еще не готов)

אָדער זיץ שטיל, אָדער גיי אַרויס

(Или сиди тихо, или выйди)

Сложноподчиненные предложения без союзов. Например:

איך קאָן נישט זען, ווי מע שלאָגט א קאַץ

(Я не могу видеть, как бьют кошку)

Сложноподчиненные предложения с подчинительными союзами или союзными словами. Типы придаточных предложений в сложноподчиненных предложениях:

Придаточно-подлежащее:

זאָל לייענען, ווער עס וויל

(Пусть читает, кто хочет)

Придаточно-сказуемое:

דאָס איז דאָס, וואָס ער לייענט

(Это то, что он читает)

Придаточно-дополнительное:

ער לייענט, וואָס מע גיט אים

(Он читает, что ему дают)

Придаточное места:

ער לייענט, ווו עס מאַכט זיך

(Он читает, где придется)

Придаточное времени:

ער לייענט, ווען ער איז פרײַ

(Он читает, когда свободен)

Придаточное образа действия:

ער לייענט, ווי מע הייסט אים

(Он читает, как ему велят)

Придаточное цели:

ער לייענט הויך, קעדיי אַלע זאָלן הערן

(Он читает громко, чтобы все слышали)

Придаточное причины:

ער לייענט, ווײַל ער איז פאַרכאַפּט פונעם ראָמאַן

(Он читает, потому что увлечен романом)

Придаточное условное:

ער לייענט, אויב מע שטערט אים ניט

(Он читает, если ему не мешают)

Придаточное сравнительное:

ער לייענט, פונקט ווי ער פאַרשטייט גאָרנישט

(Он читает так, словно ничего не понимает)

Придаточное уступительное:

ער לייענט, כאָטש מע הערט אים שלעכט

(Он читает, хотя его плохо слушают)

Придаточное определительное:

ער לייענט דאָס ביכל, וואָס איך האָב אים געשיקט

(Он читает книжку, которую я ему послал)

Место придаточного предложения (оно может, кроме определительного, стоять перед главным и после него).

Пояснительные предложения, входящие в сложное предложение

הייסט עס, דאָס הייסט (то есть) דעהײַנו (а именно)

Примеры:

„...דאָס הייסט, — רופט זי זיך אָן צו מיר, כאַווע הייסט עס: „וואָס זײַן טאַטע איז געווען, ווייס איך ניט און וויל ניט וויסן, בײַ מיר זײַנען אַלע מענטשן גלײַך, נאָר אַז ער אַליין איז אַ מענטש ניט קיין געוויינלעכער — דאָס ווייס איך פאַר געוויס...“ — „דעהײַנו, זאָג איך, וואָס פאַר אַ מין סאָרט מענטש איז ער?“ (שאָלעם־אַלייכעם, „טעוויע דער מילכיקער“)

(...Заявляет она мне, Хава то есть: «Кем был его отец, я не знаю и знать не хочу — для меня все люди равны. Но то, что сам он человек необыкновенный, это я знаю наверняка». — «А именно, говорю я, что же он за человек такой?»... (Шолом-Алейхем, «Тевье Молочник»).

Знаки препинания в сложносочиненных и сложноподчиненных предложениях.

Практические занятия по нахождению в текстах сложносочиненных и сложноподчиненных предложений. Составление сложносочиненных и сложноподчиненных предложений с союзами, союзными словами и без союзов.

● ● ●

Yakov Bronshtein (1906—1937), literary critic, holder of the Yiddish language and literature chair, Minsk Teacher Training Institute, researcher of Yiddish Sector, Byelorussian Academy of Sciences, prominent theoretist of RAPP (Russian Association of Proletarian Writers), victim of the stalinist repressions.

Issue No 6 carries the travel notes (started in issue No 5, 1989) by Shimen Sandler (Tiraspol), member of a Soviet delegation that visited Israel, presenting new chapters from professor N. M. Nikolsky's book "The Ancient Israel People", dealing with the destruction of the First Temple.

Two articles discuss the genocide of the Jewish people during the Second World War. Girsh Reles (Minsk) tells of the ghetto in Novogrudok (Byelorussia), of the underground organization acting there. Vitali Panov (Lvov) gives an account of the trial of a former politsai guilty of exterminating the Jewish population of Vishnevets.

The inset features the drawings of the young painters Stella Zak (Moscow) and Lev Filippov (Kiev), as well as original works made of bone by Boris Tselniker (Kishinev).

The June issue carries part 2 of the Yiddish syllabus for Russian speakers.

Also contained is information of the Jewish cultural life.



**Supplement to issues Nos 5—6**
**"Conversations about Yiddish" by Moisei Shapiro**

פאָטאָ־פאַקט



יעהודע מענוכין און וולאדימיר ספּיוואקאָוו אף דער בינע פון דער מאָסקווער קאָנסערוואטאָריע
בעשאס א פילאנטראָפּישן קאָנצערט

# RÉSUMÉ

## "Sovietish Heimland" ("Soviet Homeland")
## No 6, June, 1989

"Sovietish Heimland" June issue opens with materials dedicated to the birth centenary of the outstanding Jewish Soviet poet David Hofshtein (1889—1952). Born in the town of Korostyshev, not far from Kiev, D. Hofshtein spent his childhood years in the countryside.

Images of his childhood — fields, forests, remote villages, cart-roads, expectation of remarkable feats—were deeply imprinted in D. Hofshtein's poetry. In his article entitled "David Hofshtein's Path to the Poem 'October', which opens the jubilee section, Zalmen Libinzon (Gorky) shows that already the poet's first book "Roadside" embraced alongside landscape lyric poetry, social motives which found full expression in his later works.

The section also features the memoirs of the Jewish writer Itsik Kipnis about David Hofshtein, and D. Hofshtein's letter to Daniel Charny (1888—1953), the famous Jewish literary and public figure. In her memoirs the poet's widow Feiga Hofshtein deschribes the arrest of David Hofshtein in 1948.

.One of David Hofshtein's last poems "At My Window" is dedicated to A. S. Pushkin. It is not a chance relationship for D. Hofshtein won fame as one of the best translators of Pushkin's works into Yiddish. The current issue includes some of D. Hofshtein's translations from Pushkin.

Pushkin in Jewish literature is dealt with by the literary critic David Belkin (Gorki) in his article "Pushkin Speaks Yiddish". The author investigates the history of the translations of the works by the great Russian poet into Yiddish, discussing the works by Jewish poets dedicated to Pushkin.

The "New Stories" section carries the latest works by the Jewish prosaists Elisheva Kantsedik (Vilnius) and Yosif Burg (Chernovtsy). The magazine continues the publication of Sholom Aleichem's novel "Bloody Joke" (see Nos 1-12, 1988 and 1-5, 1989), as well as "Hard Years" (started in No 4, 1989) by Hershl Polyanker (Kiev).

Jewish Soviet poetry is represented in the current issue by the poems of Motl Gruvman (1916—1988) and the unpublished poems by Motl Grubyan (1909—1972) to commemorate the 80th birthday of the poet.

The magazine continues to publish memorial materials dealing with the fate of Jewish literary and public figures who fell victim during the stalinist repressions. The June issue carries articles devoted to David Bergelson, Alexander Brakhman and Yakov Bronshtein.

David Bergelson (1884—1952), classic of Jewish Soviet literature, published his first story "Around the Railway Station" in Warsaw in 1909. After the revolution, already a famous writer, he went to Berlin to return to the USSR in the late 1920s. His most famous works are: "Around the Railway Station", "Mirele", "Measure of Strictness", "On the Dnieper". Unlawfully arrested in 1949, David Bergelson was together with other prominent Jewish Soviet writers and poets, executed in 1952.

Alexander Brakhman (1897—1942), publicist, teacher, contributed articles on social-political and literary topics to the "Forpost" and "Visnshaft un Revolutsie" ("Science and Revolution") magazines.

Публикацией ранее неопубликованных стихотворений М. Грубиана журнал отмечает 80-летие со дня рождения поэта.

Журнал продолжает печатать материалы «К нашему мемориалу», рассказывающие о судьбе еврейских литераторов и общественных деятелей, репрессированных в годы сталинского режима. В шестом номере помещены статьи, посвященные Давиду Бергельсону, Александру Брахману и Якову Бронштейну.

Давид Бергельсон (1884—1952) — признанный классик еврейской литературы советского периода. Свое первое произведение — «У вокзала» — он опубликовал в Варшаве в 1909 году. После революции, будучи уже известным писателем, он уезжает в Берлин, но в конце 20-х годов возвращается в СССР. Наиболее известны его произведения «Вокруг вокзала», «Мирэлэ», «Мера строгости», «На Днепре». Давид Бергельсон был незаконно арестован в 1949 году и расстрелян в 1952 году вместе с другими ведущими еврейскими советскими писателями и поэтами.

Александр Брахман (1897—1942) — публицист, педагог, автор статей на общественно-политические и литературные темы в журналах «Форпост» и «Висншафт ун революцие» («Наука и революция»).

Яков Бронштейн (1906—1937) — критик, литературовед. Заведовал кафедрой еврейского языка и литературы в Минском педагогическом институте, был научным сотрудником еврейского сектора АН БССР. Известен как один из теоретиков РАПП.

В шестом номере завершается публикация путевых заметок Шимена Сандлера (Тирасполь) о поездке в Израиль в составе советской делегации (начало см. в № 5 за этот год). Журнал продолжает публикацию книги профессора Н. М. Никольского «Древний народ израиль». Очередные главы знакомят с периодом разрушения первого храма.

Две публикации посвящены геноциду еврейского народа во время Второй мировой войны. Гирш Релес (Минск) рассказывает о гетто в Новогрудке (Белоруссия), о действовавшей там подпольной организации. В статье Виталия Панова (Львов) рассказывается о суде над бывшим полицаем, виновным в уничтожении еврейского населения местечка Вишневец.

На вклейке представлены графические работы молодых художников Стеллы Зак (Москва) и Льва Филиппова (Киев), а также оригинальные произведения из кости, выполненные Борисом Цельникером (Кишинев).

В журнале публикуется вторая часть программы преподавания на языке идиш для русскоязычных учеников.

Публикуется информация о новостях еврейской культурной жизни.



**Приложение к №№ 5—6**
**Моисей Шапиро. Беседы о языке идиш**

# РЕЗЮМЕ

«Советиш геймланд» («Советская родина»)
№ 6, июнь, 1989

Июньский номер журнала открывается материалами, посвященными столетию со дня рождения выдающегося еврейского советского поэта Давида Гофштейна (1889—1952). Д. Гофштейн родился в местечке Коростышев, недалеко от Киева, свои детские годы провел в деревне.

Образы детства глубоко вошли в поэзию Гофштейна — леса и поля, глухие деревни, проселочные дороги и предчувствие необычных свершений. Залмен Либинзон (г. Горький), статья которого «Путь Давида Гофштейна к стихотворению «Октябрь» открывает юбилейную подборку материалов, показывает, что уже в первой книге поэта «Придорожье», наряду с пейзажной лирикой, присутствуют социальные мотивы. Автор статьи прослеживает развитие этих мотивов в творчестве поэта.

В подборку вошли также воспоминания еврейского писателя Ицика Кипниса о Давиде Гофштейне и письма Гофштейна к Даниэлу Чарному (1888—1953), известному еврейскому литературному и общественному деятелю. Об аресте Давида Гофштейна в 1948 году рассказывает в своих воспоминаниях вдова поэта Фейга Гофштейн.

Одно из последних стихотворений Давида Гофштейна «У моего окна» посвящено А. С. Пушкину, и связь эта не случайна — Гофштейн известен как один из лучших переводчиков Пушкина на идиш. В июньский выпуск журнала включены также стихотворения Пушкина в переводе Гофштейна.

Пушкинской теме в еврейской литературе посвящена статья литературоведа Давида Белкина (г. Горький) «Пушкин говорит на еврейском». Автор исследует историю переводов произведений великого русского поэта на идиш, рассказывает о произведениях еврейских поэтов, посвященных Пушкину.

Под рубрикой «Новые рассказы» читатель найдет последние произведения еврейских прозаиков Элишевы Канцедик (Вильнюс) и Иосифа Бурга (Черновцы). В номере продолжается публикация романа Шолом-Алейхема «Кровавая шутка» (начало см. в №№ 7—12 за 1988 и 1—5 за 1989 год). Читатель снова встретится с героями романа Гершла Полянкера (Киев) «Трудные годы» (начало см. в № 4 за 1989 г.).

Еврейскую советскую поэзию в номере представлят стихотворные циклы Мотла Грувмана (1916—1988) и Мотла Грубиана (1909—1972).

**СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД**

**(Советская родина)**

**Ежемесячный литературно-художественный журнал**

*На еврейском языке*

**Орган Союза писателей СССР**

**Издается с 1961 г.**

**Издательство «Советский писатель»**



Адрес редакции журнала:
101000, Москва, Центр, ул. Кирова, 17.

Телефоны:
главный редактор — 928-27-91
ответственный секретарь — 923-96-07

Художественная и техническая редакция
В. Соколова, Н. Завадская
Корректор Б. Гершман

Сдано в набор 31.04.89. Подписано к печати 25. 05. 89. Формат 70×108 1/16. Бумага типографская № 1. Печ. л. 11+0,25 вкл. (Усл. печ. л. 15,75). Бум. л. 5,5+0,125. Цена 70 коп. Зак. 1563.

Ордена Трудового Красного Знамени Московская типография № 7 «Искра революции» В/О «Совэкспорткнига» Государственного комитета СССР по делам издательств, полиграфии и книжной торговли.
121019, Москва, пер. Аксакова, 13.

Цена 70 коп.

70821

issn 0134—4315

# СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД

# СОВЕТСКАЯ РОДИНА

**В НОМЕРЕ:**



1989

№ 6